משה דלוזשנאָווסקי

# האַרבסט אין ווייננאָרטן

משה דלוזשנאָווסקי

# האַרבסט אין ווײַנגאָרטן

דערציילונגען און דראַמעס




בײַ דער
"געזעלשאַפֿט פֿאַר ייִדיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-איירעס

1956

# אינהאַלט:

## דערציילונגען:


דער צינז־איינמאָנער פון אַוויניאָן — 7
צווײ קאָטשן — 27
האַרבסט אין ווײנגאָרטן — 47
מאַסקעס — 89
דעם ציגלמאַכערס נדר — 99
אַ גאָלדענער רינג — 113
קונצנמאַכער — 123
די תליה — 131
דאָס אַלטע הויז — 141


## דראַמעס:


די איינזאַמע שיף — 147
דער בשמים־סוחר פון סאַפי — 243

# דער צינז־איינמאָנער פון אַוויניאָן

## א.

דער זון־זייגער אינעם גאָרטן פון פּאַלאַץ פון די פּויפּסטן אין דער פראַנצויזיש־פּראָוואַנסאַלער שטאָט אַוויניאָן האָט געוויזן, אַז די זון וועט זיך באַלד נייגן צו מערב־זייט.

די גלאָקן פון די קלויסטערס האָבן אומהיימלעך זיך געוויגט און מיט טיפע האַמערנדיקע קלאַנגען געוועקט די גלויביקע לייט צו דער תּפילה, וואָס דאַרף מיטן אָנקומענדיקן פאַרנאַכט אָפּגעגעבן ווערן צו גאָט. אין די שמאָלע גאַסן, אַרומגעצוימט מיט שטיינערנע מויערן, האָט געשווייבלט מיט גלחים, מאָנאַכן, נזירים — אַזעלכע וואָס באַדינען דעם פאָלק מיט תּפילות; אַזעלכע וואָס ליגן אין די מאָנאַסטירן אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, פּראַווען התבודדות און וואַנדערנדיקע הייליקע — דאָס לייב געהילט אין אַ העמדל, די לענדן — פאַרבונדן מיט אַ שטריק, באָרוועסע פיס און דער גוף איז אָפּגעשיידט פון די תּענוגי עולם־הזה.

דער צינז־איינמאָנער קלונימוס אַדראַטי האָט אַראָפּגענידערט די געדרייטע, שטיינערנע טרעפּ פון טורעם פון פּאַלאַץ, ווו ער האָט געהאַט אַ קורצע אוידיענץ ביי דעם שאַצער און צינז־איינזאַמלער פון פּויפּסט קלעמענט. די אוידיענץ איז געווען אַ אויסגעבעטענע מיט געוויין און טרערן. שאַרפע רייד זענען אין דער קורצער ווײַלע געזאָגט געוואָרן צום ייִדישן צינז־איינמאָנער קלונימוס אַדראַטי פון דער געטאָ פון דער שטאָט אַוויניאָן, וואָס ליגט אויפן לינקן זייט פון דעם טייך רהאָן. דער פּויפּסטלעכער פינאַנץ־שר האָט פאַרלאַנגט, די ייִדן אין אַוויניאָן זאָלן פאַרגרעסערן זייערע איינצאָלונגען פאַר דער שאַץ־קאַמער פון פּויפּסט אין וועמענס גנאָד זיי האָבן דאָס רעכט דאָ צו וווינען, און פּינקטלעך, אינעם באַ־

שטימטן טאָג פון יאָר זאָלן זיי צאָלן דעם קאַפּצינז. קלונימוס האָט מיט תחנונים־רייד געבעטן פאַרלייכטערונג, דעם קאָפּ געבויגן מען זאָל פאַרלענגערן דעם זמן פאַר דער איינצאָלונג, איינזעעניש זאָל מען האָבן מיט די ייִדן אין געטאָ. אַ שריפה האָט ערשט פאַרלענדט עטלעכע גאַסן, אַן עפּידעמיע האָט ערשט אַרויסגעריסן פון די שמאָלע ענגע געסלעך אַ סך יונגע לעבנס, אַזוי ווי דער האַרבסטיקער שטורעמווינט אין פּראָוואַנס רייסט אויס ביימער מיט די וואָרצלען.

די תחנונים־רייד פון קלונימוס אַדראַטי זענען געפאַלן אויף טויבע אויערן פון דעם פּויפּסטלעכן צינז־איינזאַמלער. ער האָט דעם ייִדישן פאָרשטייער געגעבן אָנצוהערן — פון גאַנץ פראַנקרייך האָט מען שוין פאַרטריבן די, וואָס גלויבן נישט אין יעזוסן. און דאָ האָבן נאָך די ייִדן רעכט צו טרייבן האַנדל, צו זיין געלט־טוישער, מאַכן חתונות, אויסאַרבעטן חפצים, טון פאַרשיידענע מלאכות, טרינקען וויין, זיך פּרוכפּערן און מערן, און האָבן אַפילו אַן אייגענעם נוסח צו זאָגן זייערע תפילות. זאָלן זיי דעריבער נישט פאַרגעסן, אַז דאָס אַלץ האָבן זיי צו פאַרדאַנקען דאָס הייליקע זיך־אָרט פון יעזוסעס העכסטע דינער — די פּויפּסטן. און זאָלן זיי, די ייִדן, די גאָלדענע דוקאַטן פון די אייזערנע טעפּ אַרויסנעמען, דעם זייד און בראָקאַט־שטיקער פון די באַהאַלטענע שאַפעס אין די קעלערן אַרויסגראָבן און די ליידיקע קאַסע פון פּויפּסט שאַץ־קאַמער אָנפילן...

מיט געמאָסטענע טריט, דעם שווערן קערפּער אָנגעלענט אויף אַ שטעקן, האָט קלונימוס אַדראַטי אַראָפּגענידערט די טרעפּ פון פּאַלאַץ. ער איז געווען געקליידט אין אַ בלוילעך סאַמעטענעם מאַנטל און אַ פאַרשפּיצטער סאַמעטענער הוט איז אים געלעגן אויפן קאָפּ. דאָס פּנים אַרומגערעמט אין אַ זילבער־גרויל‍עך בערדל איז געווען פול מיט קאַרבן. די הויט גאָלדיק־געלבלעך מאַט און אין די אויגן — טיפער טרויער. אים האָט באַגלייט אַ מאָנאַך אַ קאַרליק, וואָס איז געווען געהילט אין אַ ברוינעם כאַלאַט, פאַרבונדן מיט אַ שטריק, אויף די פיס סאַנדאַלן. דער קאַרליק איז געגאַנגען פאָרויס, ווי אַ האַר, און דער ייִד איז אים נאָכגעגאַנגען, ווי אַ קנעכט.

קלונימוס האָט ביי דעם טונקעלן ליכט זיך איינגעקוקט אין די פּרעכטיק־געוועבטע גאָבעלינען, וואָס זענען געהאָנגען אויף די ווענט אינעם דורכגאַנג פון פּאַלאַץ. די גאַמע קאָלירן האָט געבלענדט זיינע בליקן: — הייליקע פיגורן, מיט ליידנדיקע פּנימער און טרויעריקע אויגן, אַלע זענען זיי דורכגעזאַפּט מיט יסורים, וואָס זייער משיח איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט. ער האָט אויך געזען גאָ־בעלינען אין וועלכע עס גליט דאָס עולם־הזהדיקע לעבן: וויינגערטנער, וועב־שפּינדלען, יאַגד־סצענעס, פּרוכטן, פעלדער מיט זאַנגען.

דאָס קאַרליקל, אַ שוויגנדיקער, מיט אַ צעקנייטשטן פאַרמעט־פּנים, אַן

אויסגעדאַרטער, האָט שנעל אונטערגעשפּרונגען אויף די טרעפּ. ער האָט קלו־נימוסן אַרויסגעפירט אין הויף אַריין. די זון האָט מיט אירע לעצטע שטראַלן זיך צעברענט איבער די גאָלדענע צלמים פון די קלויסטערס, צונויפגעגאָסן זיך אין ברענענדיקן גאָלד. דער ייִד האָט געכאַפּט אַ קוק צו דער אונטערגייענדיקער זון און אויפגעציטערט. „עס איז שפּעט״ — האָבן זיינע ליפּן אַ שעפּטשע געטאָן — „שעהן גאַנצע האָט מען מיך געלאָזט וואַרטן אויף דער אוידיענץ, פאַרגעסן זיך. די טויערן פון געטאָ וועלן זיך באַלד שליסן״. דאָס קאַרליקל האָט אַ קוק געטאָן אויפן ייִד. ער האָט געלייענט דעם ייִדנס געדאַנקען. ער האָט אויפגעהויבן זיין אויסגעבלייכט פּאָר דער צייט געעלטערט פּנים, צוגעבויגט צו דעם הדרת־פּנים פון קלונימוס אַדראַטי און שטיל געזאָגט:

— דער חסד וויטער צו באַגלייטן דעם ייִדן, טוט זיך אָפּ פון מיר. גיי דיר דיין וועג!

— איך דאַנק פאַר דעם חסד — האָט קלונימוס געזאָגט.

דער קאַרליק האָט געהייסן דעם טויער־שליסער אַרויסלאָזן דעם ייִדן. קלו־נימוס האָט מיט זיין שווערן קערפּער גענומען שטעלן שנעלע טריט. ער איז אַדורך דאָס טויער פון פּאַלאַץ פון די פּויפּסטן, ווי דורך אַ פייערדיקער צוים.

ער האָט זיך געפונען אין געסל פון הייליקן דאַלמאַס דעם שווייגנדיקן.

דער טאָג האָט שוין געהאַלטן אין פאַרגיין.

פּויערים האָבן אויף צווי רעדערדיקע וועגענער, געשפּאַנט אין ריזיקע אָקסן, געצויגן פון די פעלדער אַהיים צו ווייב און קינד, צו וואַרעמער שטוב און נאַכט־רו. אַ פרוי האָט אין איר גערטנדל אויפגעקליבן די איילבירטן, וואָס דערווינט האָט אַראָפּגעשאָקלט פון די נידעריקע אַליוון־ביימלעך. אַ סטייע פייגל האָט זיך געטראָגן אונטערן הימל ווייט אַוועק פונעם טייך. די קלויסטער־גלאָקן האָבן איצטער געקלונגען מיט מאָנאָטאָנע טענער אין אַ פּאַטעטישן ריטם. מענער און פרויען זענען מיט אייליקע טריט געגאַנגען אין די קלויסטערס אַריין. אויף די פּנימער און אין די אויגן האָבן זיי געטראָגן דאָס געבעט, וואָס זיי זענען גרייט געווען אָפּצוגעבן דער הייליקער מאַריע. קלונימוס אַדראַטי האָט מיט שנעלע טריט געשפּאַנט איבער די גאַסן, וואָס האָבן געפירט צום געטאָ. זיין אָטעם איז געווען קייכנדיק שווער, זיין לייב איז אונטער די מלבושים געווען באַגאָסן מיט טייכן שוויס. ער האָט אויפגעכאַפּט די שפּאַטישע בליקן פון די שטאָטישע פאַרבייגייער. זיי האָבן זיכער געטראַכט: דער ייִד איילט איצטער פון אַ מסחרל, געבאָרגט געלט אַן איידלמאַן אויף גרויסע פּראָצענטער, אָדער ער האָט ערגעץ אָפּגעקויפט די טייערע קליידער, וואָפן און צירונג פון אַ פאַראָרעמטן שררה און ער וועט דערביי פאַרדינען אַ פאַרמעגן, אָדער — אפשר האָט ער גאָר דער ייִד אָפּגעקויפט די

נחלה פון אַ פאַרשטאָרבענעם, ער וועט אַרויסוואַרפן די יורשים, פאַרקויפן פאַר גוט געלט די נחלה און דאָס פאַרמעגן באַהאַלטן אין זיינע אייזערנע טעפּ. זיי האָבן אויך געשפּאָט פון זיין איילעניש. זיי האָבן גריילעך געוווּסט, מען וועט אים נישט אַריינלאָזן אין טויער פון געטאָ. זיי, די גלויביקע קריסטן, גייען שוין צו דער אָוונט־תפילה, און ער איז נאָך דאָ אין גאַס. ער וועט שוין באַקומען אַ גרויסע שטראָף: שמיץ אָדער געלט, אָדער גאָר תפיסה...

קלונימוס געמיט איז געווען אַ געבראָכנס. אין מוח האָט אים געהאַמערט: וואָס טוט מען? ווי נעמט מען אין דריי טעג אַרום די סומע געלט? די געטאָ איז שרעקלעך פאַראָרעמט געוואָרן. די שריפה און די מגיפה האָבן אַ תל געמאַכט פון יידישע לעבנס און פאַרמעגנס. דער עיקר האָט דעם יידישן צינז־איינמאָנער געפייניקט — אין דריי טעג אַרום, דער זמן פון דער איינצאָלונג דאָס יידישע צינז־געלט אין פויפּסטלעכן שאַץ־קאַמער, וועט ער, קלונימוס אַדראַטי פירן זיין איינציקע טאָכטער רחל צו דער חופה. יעדע פּרוטה האָט ער פאַרוואָנדן פאַר אַן אויסשטייער פאַר דער טאָכטער, אַפילו פרעמד געלט, פרעמדע צינזן האָט ער דערווייל אויסגעבאָרגט און זעט נישט קיין .אויסוועג, ווי אַזוי אין די דריי טעג צו באַקומען די סומע געלט, וואָס ער מוז איינצאָלן.

מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך געיאָגט דורך גאַס און געסל צו די שווערע טויערן פון געטאָ.

ביים טויער פון געטאָ אין אַוויניאָן זענען געשטאַנען דריי שומרים.

צוויי שומרים זענען געווען אין דינסט פון פויפּסט, און איין יידישער שומר, וואָס האָט געדאַרפט קענען אַלע יידישע איינוווינער ביי זייערע נעמען, שטאַנד און יחוס. די פויפּסטלעכע שומרים זענען געווען געקליידט אין קורצע סאַמעטענע הויזן, מיט וואָלענע רעק אויף די פּלייצעס, און אויף די קעפּ — קיילעכדיקע היט. אין די הענט האָט יעדער פון זיי געהאַלטן אַ דיקן שטעקן. דער יידישער שומר האָט געטראָגן אַ לאַנגן ראָק מיט אַ שפּיציק געלן הוט אויפן קאָפּ. אַ שטעקן איז אים נישט דערלויבט געווען צו האַלטן.

די צוויי שומרים האָבן זיך געדרייט הין און צוריק. עס איז זיי געווען לאַנג־ווייליק פון פוסט־און־פּאַסעווען, פון נישט האָבן אויף וועמען צו שרייען, פון נישט האָבן וועמען מכבד צו זיין מיטן שטעקן. דער יידישער איז געשטאַנען אַן אונטער־טעניקער און געוואַרט אויף באַפעלן.

צו זייערע אויערן איז דערגאַנגען דער רעש און הו־האַ פון די יידן אויף יענער זייט טויער. מען האָט זיך דאָרטן געאיילט צו דער אָרעמער וועטשערע, צו די עטלעכע שעה רו, וואָס די נאַכט וועט געבן. דער שניידער האָט ערשט אַוועקגעלייגט נאָדל און פאָדעם; דער שוסטער — דעם אָל און האַמער; דער

שערער — די שנייד־שער; דער חלפן האָט אין זיין בייטל באַהאַלטן מטבעות אין קופּער און זילבער. אין דער אַלטער שול האָבן זיך עטלעכע מנינים ייִדן צונויפגעזאַמלט צו מנחה און מעריב, דער שמש פון דער שול, האָט ערשט די חופה שטאַנגען אַרויסגענומען פון אַ ווינקל אין שול, פאַר אַ חתונה וואָס וועט היינט פאָרקומען. איצטער האָט ער די דאַווענער געטיילט סידורים, יעדע צען ייִדן אַ דיקן סידור.

די ייִדן האָבן זיך שוין אומגעקערט פון שטאָט אין געטאָ אַריין. ווי יעדן פאַרנאַכט, ווען די זון צעברענט זיך איבערן שפּיץ פון גאָלדענעם צלם אויפן טורעם פון פּלאַץ פון די פּויפּסטן, זענען זיי אויך היינט אין דער זעלבער צייט געקומען צו לויפן צעיאָכמערטע, פאַרהאַוועטע מיט זעק און פּעק פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס, מיט גרויס געאיילעניש האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין טויער פון געטאָ, געיאָגט זיך צו זייערע היימען.

— וואָס שטייט דאָרט אויף יענער זייט טויער די שיינע רחל, די טאָכטער פון ייִדישן ציינז־איינמאָנער קלומינוס אַדראַטי? — האָט אין פּויפּסטלעכער שומר געפרעגט ביים צווייטן.

— איר שיין געשניצט פּנים איז בלייך און טרויעריק — האָט געזאָגט דער צווייטער פּויפּסטלעכער שומר.

— די אויגן זיינען ביי איר צעשראָקענע ווי ביי אַ געיאָגטן הירש. זי קוקט מיט אַנגסטן צום טויער.

— איך וואָלט זיך נאָך אַלץ נישט אָפּגעזאָגט זי צו האַלטן אין מיין שויס — האָט דער ערשטער פּויפּסטלעכער שומר געזאָגט מיט אַ געזאַלצן געלעכטערל.

— איך וואָלט דאָס מיידל אויף אַ גאַנצע נאַכט אַרויסגענומען פון דעם ייִדישן שמוץ און זי אין מיין בעט געלייגט. אַזאַ טייבעלע קען דיר פאַרזיסן איין שעה זאָלסט געדענקען דאָס גאַנצע לעבן — האָט דער צווייטער געלאַכט.

— העי, ייִדן! — האָט דער פּויפּסטלעכער שומר זיך געוואָנדן צום ייִדישן טויער־היטער — וועמען דערוואַרט די שיינע רחל? זיכער נישט מער איר געליבטן זשאַן אַרמאַנסאַ!

— זי וואַרט אויף איר פאָטער קלונימוס דער ציינז־איינמאָנער. ער איז היינט אין מיטן טאָג געגאַנגען אויף אַן אוידיענץ צום שאַץ־מייסטער און ציינז־איינזאַמלער פון ערנווירדיקן פּויפּסט.

— איז ער נאָך נישט צוריקגעקומען? אָט שליסן מיר שוין דאָס טויער!

— ער איז נאָך נישט צוריקגעקומען — האָט דער ייִדישער טויער־היטער געענטפערט מיט טרויער אין זיין שטים — אָבער, יאָ... זעט אָט לויפט ער שוין. דאָרט זעט!

— עס איז צו שפּעט ייִד. ער איז נישט געקומען צו דער צייט! מיר וועלן אים נישט אַריינלאָזן אין טויער אומבאַשטראָפט.

— אַ פײַנער טאָג היינט — האָט דער צווייטער פּויפּסטלעכער שומר גענומען דעם שטעקן אונטערן אָרעם און זיך געריבן די הענט — נאָך פינף און צוואַנציק פונט וועלן אַריינפליסן אין די פּויפּסטלעכע אוצרות. זאָלן זיי נישט פאַרשפּעטיקן די ייִדן!

— אַ יאָ, ער לויפט דער קלונימוס. די פּאָלעס פון זיין מאַנטל פלאַטערן אין ווינט און זיין באָרד יאָגט נאָך דעם ווינט. ער ווייסט גאָרנישט וואָס אים דערוואַרט. מיר וועלן זיך מיט אים אַ שפּיל טאָן.

— האָט רחמנות — האָט דער ייִדישער טויער־היטער זיך געבעטן — אין דריי טעג אַרום פּירט ער זיין טאָכטער צו דער חופּה. איר חתן איז דער יונגער רופא דניאל, אַן אָנגעזעענער מאַן. קלונימוס האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט פאַר־שפּעטיקט. ער קומט אַלע מאָל אין צייט!

— מיר פרעגן דיך נישט קיין עצות — האָט דער ערשטער פּויפּסטלעכער שומר זיך געבייזערט — האָסט נישט קיין רעכט, אונדז צו זאָגן, וואָס מיר האָבן צו טאָן!

אַ פּרייכנדיקער, אָן אָטעם איז קלונימוס אַדראַטי אָנגעקומען צום טויער. ער האָט אויסגעשפּרייט זיינע הענט, ווי צו אַ תפילה און קוים געקענט אַרויסברענגען די ווערטער:

— אין אַ שליחות בין איך אין פּויפּסטלעכן פּאַלאַץ געווען. דעריבער האָבן זיך מיינע פיס פאַרשפּעטיקט. האָט רחמנות, איידעלע שומרים. איך זע דאָרט מיין טאָכטער רחל, זי קוקט זיך אויס די אויגן. לאָזט מיך אַהיים צו ווייב און קינד!

ביידע שומרים האָבן זיך צעלאַכט:

— עס איז אַ געזעץ. קיינער וועט דאָס געזעץ נישט איבערטרעטן. ייִדן מוזן ווערן אַריינגעטריבן אין געטאָ אין צייט. זעסט ייִד, דעם גאָלדענעם צלם אויפן קלויסטער פון הייליקן פּאָול. ווען די זון האַלט ביים אונטערגיין און ברענט דעם גאַנצן צלם דאַרפן די ייִדן אַריינגעטריבן ווערן אין טויער. איצטער קוק, בלויז דער שפּיץ פון צלם טונקט זיך קוים אין דער זון. דו האָסט פאַרשפּעטיקט. וועסט דערי־בער באַצאָלן פינף און צוואַנציק פונט שטראָף.

קלונימוס האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן צום צלם אויפן קלויסטער. ער האָט בלוטיק געווייטיקט איבער די רייד פון די שומרים און איבער דער סומע געלט, וואָס ער וועט מוזן באַצאָלן, און דאָ איז יעדער פּרוטה אַזוי טייער. ווו וועט ער נע־מען אַזוי פיל געלט? ער האָט אָבער גריילעך געוווסט, אַז עס וועט נישט העלפן זיין

## האַרבסט אין ווייַנגאָרטן

בעטן און וויינען, האָט ער דעריבער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט אַ פעסטער שטים געזאָגט:

— מיינע טאַשן און מיין בייטל זענען ליידיק. בלויז עטלעכע מטבעות וואַל־גערן זיך דאָרטן. זאָל ווער פון די שומרים מיטגיין מיט מיר אין הויז אַריין און איך וועל דאָס לעצטע פון מיין פאַרמעגן אַוועקגעבן פאַר דער שטראָף.

איינער פון די פויפסטלעכע שומרים האָט געעפנט דעם טויער. קלונימוס אַדראַטי איז געגאַנגען דער ערשטער, ווי אַ געפאַנגענער. נאָך אים איז געגאַנגען דער שומר מיטן שטעקן פעסט פאַרדריקט אין דער רעכטער האַנט. רחל איז אַנט־קעגנגעלאָפן דעם פאָטער. זי האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנט.

— איך בין געווען אַזוי באַזאָרגט — האָט זי געשעפּטשעט — מען האָט דיר נישט קיין שלעכטס געטאָן, פאָטער?

— ניין, מיין קינד. גאָט היט מיינע טריט איך זאָל נישט געשטרויכלט ווערן.

זיי זענען אַלע דריי צוגעקומען צום הויז פון ידישן צינז־איינמאָנער. קלוני־מוס און רחל זענען אַריין אינעווייניק. דער שומר איז געבליבן שטיין ביי דער הויז־טיר. נאָך אַ קליינע ווײַלע איז קלונימוס אַרויסגעגאַנגען. ער האָט איבערגעגע־בן דעם שומר אַ קליינעם בייטל און געזאָגט:

— גאָט איז מיין עדות, אַז איך גיב אַוועק די אָפּגעשפּאָרטע זילבערנע מטבעות פאַר דער אומגערעכטער שטראָף.

— זאָג נישט אומגערעכטע שטראָף, ייד! היט זיך! האָסט גליק, וואָס דו האָסט אַזאַ שיינע טאָכטער, די שענסטע אין דער ענגשאַפט פון געטאָ, ווען נישט, וואָלט איך דיך פאַר די רייד ווידער באַשטראָפט.

— פאָטער קום אַריין אין הויז — האָט זיך געהערט רחלס קלינגענדיק קול.

דער שומר האָט באַהאַלטן דעם בייטל געלט און איז אַוועק פון הויז. קלונימוס האָט אַ פאַרביטערטער געשעפּטשעט צו זיך אַליין:

— איך קען מער נישט זיין קיין שליח פאַר מיין עדה, איך קען נישט...

### ב

אין געטאָ פון אַוויניאָן איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיק גערודער. די ענגשאַפט איז געווען גרויס. די הייזער — צוזאַמענגעדריקטע, געבויט פון פעלדזן־שטיינער אין דער הויך, גאָרן איבער גאָרן, מיט קליינע פענצטערלעך, מיט אייזערנע טירן און טיפע קעלערן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי היילן פון רויבער. אין יעדן הויז האָבן געוווינט עטלעכע ייִדישע משפחות. די זון האָט נישט געקענט צוקומען צוליב די הויכע הייזער. די געסלעך זענען געווען שאָטנדיק און קיל.

אינעם גרויען פאַרטאָג, ווען די קלויסטער־גלאָקן האָבן גערופן צו דער פרי־מאָרגן־תפילה, זענען טייל ייִדישע סוחרים, חלפנים, בעלי־מלאכות אין געטאָ אַרויס פון די הייזער, מיט געאייל, מידקייט, טרויער און זאָרגן אין די אויגן. זיי האָבן זיך געפעדערט צו זיין פון די ערשטע דורכצוגיין דאָס טויער אין דער שטאָט אַריין.

אין יענעם פרימאָרגן האָבן זיך ביים טויער געטראָפן עובדיה דער שניידער, פנחס דער פעסל־מאַכער, טוביה דער חלפן.

— האָסט געהערט, וואָס עס האָט געטראָפן צו קלונימוס אַדראַטי — האָט עובדיה, אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט פריילעכע אויגן געזאָגט צו די אַנדערע צוויי — מ׳האָט אים אין פויפסטלעכן פּאַלאַץ אויפגענומען. ער האָט צוגעזאָגט, ער וועט היינט דעם קאַפּצינז פאַרן יאָר באַצאָלן פאַר אַלע איינוווינער אין דער געטאָ. דער צינז־איינזאַמלער פון פויפסט האָט אים געגלויבט קלונימוסן, נאָר ער האָט געפאָדערט אַ גרעסערן קאַפּצינז פאַר דעם נייעם יאָר.

— נאָך אַ גרעסערן? — האָט טוביה דער חלפן אויסגערופן מיט שרעק — איצט נאָך דער שריפה, נאָך דער מגיפה, ווען יעדע פּרוטה איז פאַרשוווּנדן פון אונדזער באַזיץ?

— יאָ, מען וועט מוזן דאָס שטיקל ברויט פון מויל אָוועקגעבן, אָבער גאָט וועט העלפן. פאַר יעדע צרה איז דאָ אַ טרייסט — האָט עובדיה זיך אַנגענומען ביים שפּיץ בערדל — די וועלט גייט נאָך נישט אונטער.

טוביה דער חלפן האָט זיך אָפּגעשטעלט, געכאַפּט דעם אָטעם. ער האָט געסאָפּעט מיט זיין שווערן קערפּער און ווייטער געפרעגט:

— ער צאָלט טאַקע אין דעם גאַנצן קאַפּצינז? און טאַקע פאַר אַלע איינוווינער?

— יאָ, אַזוי זאָגט קלונימוס.

— איז דאָך נישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי ער טוט דאָס? — האָט ווייטער דער חלפן גערעדט — אַ העלפט ייִדן האָבן געליטן פון דער שריפה. זיי האָבן נאָך היינט נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ. ביי תנחום דעם בעקער איז דער איינציקער זון געשטאָרבן, ביי שמעון דעם שוסטער איז אַלץ פאַרברענט געוואָרן, ביי אפרים דעם פּעל־הענדלער איז אַלץ אַוועק מיטן פייער. די אַלע האָבן דאָך נישט באַצאָלט זייערע צינזן היינט ווי אַזוי קען קלונימוס באַצאָלן דעם מס? פון וואַנען נעמט ער?

— ער וועט די קישנס פון קאָפּ אַוועקגעבן — האָט עובדיה גענומען אַ העכערן טאָן — דאָס העמד פון לייב. ווייל איז דער קהילה, וואָס האָט אַזאַ שליח ווי קלונימוס.

— אין צוויי טעג אַרום מאַכט ער חתונה די טאָכטער — האָט טוביה געזאָגט, און זיין שווערער קערפּער האָט זיך געוויגט גייענדיק — ער האָט זי אַרויסגעריסן פון די נעגל פון דעם פראַנצויזישן אַדלמאַן. דער יונג וואָלט נאָך זי געוווען פאַר־

פירט צום שמד. קלונימוס האָט וועלטן איינגעריסן, אין דער לעצטער שעה געראַ־טעוועט זיין איינציקע טאָכטער און ער וועט נאָך קריגן אַ פיינעם אידעם, דעם רופא דניאל. דאָס מזל רוט אויף קלונימוס הויז! איך בין דאָך אויך אַ חלפן. וואָס האָב איך? ער, קלונימוס, איז אַ פּרנס, אַנגעזען אין לייטנס אויגן. ווערט אויפגעגע־נומען אין פויפּסט־פּאַלאַץ. ער קען אַלץ דערגרייכן.

פּנחס דער פּעסל־מאַכער, אַ הויכער דאַרער ייִד מיט אַ שפּיציקן הוט אויפן קאָפּ, וואָס האָט אים געמאַכט נאָך העכער און דאַרער, האָט מיט אַ סודותדיק פּנים גערעדט שטיל:

— וועגן די נייע גזירה פון פאַרגרעסערן דעם קאָפּ־צינז, וועלן זיך די פּרנסים צונויפקומען צו אַן אַסיפה. זיי זענען נישט היינט אַרויסגעפאָרן אויף די ירידים זיך צו טרעפן מיט די אַנדערע פּרנסים פון קאַרפּאַנטראַס, אַרל, מאָנ־טעלימאַר, זיי בלייבן אין שטאָט ווייל גרויס איז די סכנה.

— אַז מיר לעבן אין חסד פון די ערווירדיקע פויפּסטן און קאַרדינאַלן פון אַוויניאָן — האָט טוביה געקרעכצט און זיין לעדערנער בייטל זיך געשאָקלט אויפן לייב — מוזן מיר אַלץ נאָכגעבן. עס וועט נישט העלפן קיין געוויין. זיי נעמען גרויסע צינזן און באַוואַכן דאָס מינדסטע טואונג, וואָס מיר טוען.

די דריי ייִדן זענען אַדורך דאָס טויער. זיי איז אַנטקעגן געקומען די גאַסן און געסלעך פון דער שטאָט, מיט דעם טומל פון אַ אויפוואַכנדיקן טאָג, פון די שטאָט־איינוווינער, וואָס האָבן זיך געפעדערט צו דער אַרבעט, האַנדל און אין דער קירך אַריין.

פון דער ווייטנס האָט דער גרינלעך־בלויער טייך רהאָן זיך געשלענגלט צווישן גרינס און אָליוון־ביימלעך, געפלייצט צום אָפענעם בעט פון מיטללענדישן ים. אַ פאַרטאָגיקער ווינט האָט געריסן, געבושעוועט איבער פעלד, שטאָק און שטייך.

— וואָס קען מען טאָן? — האָט עובדיה גערעדט פאַמעלעך — אין אַנדערע קהילות איז ייִדן נאָך ערגער. מען טרייבט זיי פון די ערטער, מען לאָזט זיי נישט האַנדלען, נישט אויספירן קיין מלאכות. מיר האָבן כאָטש די באַשיצונג פון דעם פויפּסט, פון די קאַרדינאַלן. זיי לאָזן אונדז האַנדלען, פאָרן אויף ירידים, דאַווענען, ווילן אייגענע פּרנסים, חתונה מאַכן אונדזערע קינדער און אויפשטעלן נייע דורות. מיר דאַרפן דאַנקען דעם באַשעפער פאַר דעם חסד, וואָס ער טוט מיט די ייִדן אין אַוויניאָן.

— איך מוז שוין גיין — האָט דער חלפן האַסטיק אַ זאָג געטאָן און פעסטער געדריקט זיין בייטל אויפן לייב — איך דאַרף היינט פרי אָפּנעמען אַ חוב פון אַ פראַנצויזישן באַלעבאָס. איך דאַרף אויך אָוועקבאָרגן אַ סכום געלט צו איינעם,

— ווער ווייסט צי יענער איז אַ בטוח. ער איז אַ קרוב פון אַ קאַרדינאַל און איך טאָר נישט פאָדערן קיין משכון.

— אייל זיך נישט אַזוי טוביה! — האָט פנחס אים געהאַלטן ביים אָרעם — דו ביסט דאָך אַן עושר. מען רעכנט דאָך דיך אַריין צווישן די משפּחות פון די צוויי הונדערט פונט העגט. איך און עובדיה, אָרעמע בעלי־מלאכות, וואָס זוכן עפּעס צו פאַרריכטן, אַן אַרבעט אויספירן, מיר געהערן דאָך אפילו נישט צו די משפּחות פון די פינף און צוואַנציק פונט העגט. דעריבער וואָס יאָגסטו אַזוי טוביה? דער מאָרגן איז דאָך סיי־ווי־סיי נישט אונדזערער!..

— צאָל איך דאָך דערפאַר אַ גרויסן מס — האָט טוביה אַ מאַך געטאָן מיט די הענט, ווי ער וואָלט געוויזן, אַז דאָס אַלץ איז שטאָט, די הייזער זענען פון זיינע שטייערן געבויט — היינט איז נישט קיין זוניקער טאָג, דאַרף מען זיך איילן, מען זאָל נישט חלילה פאַרשפּעטיקן און ווערן באַשטראָפט, אַזוי ווי עס האָט נעכטן גע־טראָפן קלונימוס אַדראַטי. אין אַ שליחות פאַרן כלל געגאַנגען, אַ מצווה געטאָן און נאָך געוואָרן באַשטראָפט...

די דריי ייִדן האָבן זיך צעשיידט. יעדער האָט זיך געלאָזט אויף אַ באַזונדערן וועג איבער דער שטאָט אַוויניאָן.

ג.

קלונימוס אַדראַטיס הויז איז געשטאַנען אין מיטן דער געטאָ.

דאָס איז געווען אַ הויכע, שטיינערנע געביידע, מיט צעוואָרפענע חדרים. פון איין חדר צום אַנדערן האָבן אין דער הויך געפירט קרום־געדרייטע טרעפּ. דעם אונטערשטן טייל האָט פאַרנומען דער חלפן קלונימוס מיט זיין ווייב און איינציקע טאָכטער רחל. קלונימוס איז געווען גערעכנט פאַר אַ גביר. ער האָט אויסגעבאָרגט געלט צו פראַנצויזישע שררים, צו לעביונגען, צו קאַרדינאַלן. לויטן געזעץ האָבן ייִדן נישט געטאָרט נעמען קיין וועקסלען, נאָר געבאָרגט אויפן וואָרט. קלונימוס פלעגט אויך אָפּקויפן טייערע מלבושים פון די גוייִשע אַדלליייט, ירושות, צירונג, אַנטיק־חפצים און דאָס באַהאַלטן אין די טיפע קעלערן פון זיין הויז.

ווייל ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מאַן, אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַן ער־לעכער, האָט אים די קהילה אין אַוויניאָן אויסדערוויילט פאַר איינעם פון די פופ־צן פּרנסים, וואָס האָבן געהאַט פאַרשידענע קהלשע אַמטן און דעם אויפזיכט איבער דעם ייִדישן לעבן אין געטאָ. די פּרנסים זענען זיך אָפט צונויפגעפאָרן אויף די ירידים אין די שטעטלעך, לעבן אַוויניאָן ביים קליינעם טייך דיוראַנס, וואָס איז

אין יענע צייטן געווען באַלייגט מיט שולן, בתי־מדרשים. אויף די ירידים האָבן זיי אויסגעאַרבעט די תקנות פאַרן ייִדישן לעבן אין די געטאָס, ווו דער פויפּסט פון אַוויניאָן האָט אין יענע דורות געהאַט אַ דעה. געגרופן האָט מען די פּרנסים דער „ועד אַרבע הארצות" פון פראַנקרייך. קלונימוסן האָט מען אָנגעטרויט דאָס שליחות איינצומאָנען די קאָפּ־שטייערן ביי די ייִדן אין געטאָ און דאָס געלט איבערגעבן אין דער שאַצקאַמער פון פויפּסט ווי אויסלייז־געלט פאַרן לעבן פון די ייִדישע נפשות.

די שטייערן האָט קלונימוס איינגעמאָנט לויט דער אָפּשאַצונג און לויטן ווערט פון דער משפּחה. פאַרמעגלעכע הענט — די וואָס האָבן פאַרמאָגט צוויי הונדערט פונט, האַלב־פאַרמעגלעכע אינעם ווערט פון הונדערט פונט און אָרעמעלייט, בעלי־מלאכות, גייערס, וואָס האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט.

אַ לאַנגע צייט האָט קלונימוס ערלעך און מיט אַ שטאַרקער האַנט אויסגעפירט דאָס שליחות פאַר קהל. עס איז אים זעלטן אויסגעקומען צו דראָען אַ ייִד אין געטאָ מיט חרם, כדי ער זאָל מודה זיין וויפל ער האָט פאַרדינט אינעם יאָר און נישט מינערן נישט אָפּנאַרן מיטן באַצאָלן דעם קאָפּ־צינז.

די הצלחה איז געלעגן ביי די שוועלן פון קלונימוס הויז.

זיין טאָכטער רחל איז געווען אַ זעלטענע יפת־תואר. ווען זי איז אַדורכגעגאַנגען די שאָטנדיקע געסלעך פון געטאָ האָט זי מיט איר אויסזען אָנגעצונדן גלוסטונג אין די אויגן פון די ייִדישע בחורים, פאַרוועבט און פאַרשפּינט חלומות אין זייערע הערצער. ווען דער חלפן האָט זי מיטגענומען אין שטאָט אַריין, האָט זי אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג. די שטאָטישע יונגעלייט האָבן וועגן איר גערעדט:

— זי איז די בלום פון געטאָ.

— עס איז אַ שאָד, וואָס אַזאַ רייצנדיקע, איידעלע פלאַנץ וועלקט אין שמוץ, אין ענגשאַפט.

— עס איז אַ מצווה זי אַרויסצורייסן פון ייִדישן הויז.

איינמאָל האָט קלונימוס זי מיטגענומען אין אַ הויז פון אַ פראַנצויזישן אַדלמאַן. ער האָט דאָרטן געדאַרפט אָפּקויפן די רייכע קליידער פון אַ פאַרשטאָרבענעם. האָט זיך דאָרט געפונען דער יונגער בחור זשאַן אַרמאַנסאָ, אַ קרוב פון פאַרשטאָרבענעם שררה. דער יונגערמאַן האָט דערבליקט דאָס ייִדישע מיידל. זי האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן, געטוליעט זיך צו איר פאָטער. ער האָט גענומען אַרומפּלאָטערן אַרום דעם חלפן און זיין טאָכטער. מיט בלומענדיקע רייד האָט ער איר געמאַכט קאָמפּלימענטן; זי איינגעלאַדן, זי זאָל אָפטער קומען אין שטאָט אַריין, באַזוכן זיין גאָרטן, זיצן אונטער די פאַרצווייגטעביימער, הערן אים שפּילן אויף דער פלייט. קלונימוס האָט אין יענעם טאָג אָפּגעקויפט די טייערע קליידער פאַר אַ שיבוש.

דער יונגער זשאַן איז געווען פאַרליבט פון רחלס שיינקייט און נישט געוואָלט הערן פון מסחר.

רחל האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט אָבער גוט געזען די אומ־רואיקייט פון דעם אײדלמאַן, זײַנע גליאיקע בליקן, זי האָט פאַרנומען זײַנע שיינע רייד. פון יענער שעה אָן האָט איבער איר גענומען פלאַטערן דער חלום פון אַ נייער כישופדיקער וועלט, וואָס פאַרמאָגט אַ סך רייץ און ווילזיין. די קראַפט פון דער שיינער וועלט האָט זי איבערגעוועלטיקט.

די הצלחה האָט זיך אָפּגעטאָן פון קלונימוס אַדראַטיס הויז. אומגליקן האָבן זיך צעלייגט אינעם שאָטן פון הויז.

## ד

זשאַן אַרמאַנסאָ האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ ייִדן פון קאַרפּאַנטראַס. ער האָט אָנגעטאָן אַ געלן שפּיציקן הוט אויפן קאָפּ, אַ דריי־פּערטלדיקן מאַנטל פאַרוואָרפן איבער די פּלייצעס און אין די פאַרנאַכטן, ווען די ייִדן האָבן זיך געשטופּט ביים טויער, וואָס שנעלער צו קומען צו ווייב און קינד, איז ער מיט זיי אַרײַן אין געטאָ. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די ווינקל־געסלעך ביז עס איז געוואָרן גוט פינצ־טער, דעמאָלט האָט ער זיך צוגעשליכט צו קלונימוס אַדראַטיס הויז, דורך אַ צייכן האָט ער רחלען געגעבן צו וויסן, אַז ער איז דאָ. זי איז שוין געקומען צום פריער באַשטימטן אָרט. מיט שיינע רייד האָט ער איר צוגערעדט איבערצוגיין אויף זײַן גלויבן, ער וועט מיט איר חתונה האָבן, זי וועט אַרויס פון דער ענגשאַפט, פון אַלערליי מגיפות, וואָס לויערן אויף די ייִדן אין געטאָ. זי וועט ווערן דערהייבן צום שטאַנד פון אַ פראַנצויזישער אַדעליקער פרוי.

זי האָט אין האַרצן איינגעוויגט זײַנע רייד, איינגעוויליקט. זי האָט אים נאָך נישט געגעבן קיין ענטפער.

פאַרשטעלט פאַר אַ ייִדישער סוחר פון קאַרפּאַנטראַס, האָט זשאַן אַרמאַנסאָ זיך אַרײַנגעגנבעט עטלעכע פאַרנאַכטן, צווישן די מויערן פון געטאָ.

רחל איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחלומטע, אַ פאַרבענקטע פאַרוועבט אין סודות.

ייִדן האָבן זיך עפּעס אָנגעשטויסן וועגן דעם פרעמדן ייִדישן סוחר פון קאַר־פּאַנטראַס. קיינער קען אים נישט. מסחרים פירט ער נישט. וואָס טוט ער דאָ?

די קרומע, ענגע פינצטערע געסלעך האָבן דערציילט דעם סוד פון די צוויי פאַרליבטע שאָטנס. די שטילע מורמלדיקע רייד פון זשאַן אַרמאַנסאָ און רחל אַדראַטי, זענען דערגאַנגען צו נייגעריקע אויערן.

אויך קלונימוס האָט זיך אָנגעשטויסן.

— וואָס איז דיר מיין טאָכטער? — האָט ער אַן אומרואיקער געפרעגט — אויף דיין פּנים ליגט דער שאָטן פון טרויער. זאָל איך אפשר רופן דעם יונגן רופא דניאל? ער וועט דיר העלפן.

זי האָט אויפגעצאַפּלט. זי האָט זיך געשראָקן פאַר דעם רופאס נאָמען, און דער נאָמען האָט איר געצערטלט. זי האָט אים ליב געהאַט דעם קלוגן דניאל, מיט דעם ווייסן הויכן שטערן, מיט דעם אויסגעאיידלטן פּנים, מיט זיינע רייד פול חכמה. זי האָט זיך געשראָקן פאַר זיין פאַרקריפּלט געשטאַלט, פאַר די הויקערדיקע פּלייצעס, וואָס אין זיי איז טיף געזונקען זיין שיינער קאָפּ. יעדן מאָל, ווען דער פאָטער האָט דערמאָנט זיין נאָמען אָדער ווען זי האָט אים געזען, האָט זי אויפגעצאַפּלט אין וויסטער שרעק. דער פאָטער האָט זי געוואָלט מיט אים חתונה מאַכן, ווייל דניאל איז געווען אַ חשובער מענטש, אַ רופא, אַ גרויסער געלערנטער, אַ זון פון רופא מרדכי ליווראָן פון מאָנטעלימאַר. רחל האָט מורא געהאַט צו ווערן זיין ווייב. ער וועט זי באַרירן, וועט איר לייב איינשרומפּן, די גלידער וועלן איר אָפּשטאַרבן, זי וועט מיט אים נישט אַרויסברענגען קיין דורות...

זי האָט געשוויגן.

— מען מורמלט, ווען איינעם אַ סוחר פון קאַרפּאַנטראַס, אַ יונגער, אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ פרעמד פּנים. מען האָט דיך מיט אים געזען, אָרעם ביי אָרעם.

זי האָט נישט געקענט לייקענען. איר קול האָט זיך געבראָכן צווישן ציטער און — בענקשאַפט.

— יאָ, פאָטער, דער סוחר פון קאַרפּאַנטראַס, איז דיר באַקאַנט. דאָס איז דער יונגער זשאַן אַרמאַנסאַ. ער האָט מיך ליב.

קלונימוס קערפּער האָט געזונקען צו דער ערד.

— אַ גוי. ער האָט דיך ליב... עס איז אַ צרה פאַר דער גאַנצער ייִדישער קהילה פון אַוויניאָן. און דו?

— איך... האָב אים אויך ליב.

— ברענג נישט דאָס וואָרט אויף דיינע ליפּן!

— ער וויל מיט מיר חתונה האָבן — אירע אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן — ער וויל מיך אַרויסנעמען פון דאַנען.

— נאָר איבער מיין טויטן קערפּער וועט ער דיר אַרויסנעמען פון דאַנען. נאָך היינט וועל איך די רייד דיינע צו אַ פויפסטלעכן דינער איבערגעבן. זיי וועלן אים אין זייער חרם לייגן, פאַר קומען אין געטאָ און דערנענטערן זיך צו אַ ייִדישער טאָכטער!

— טו דאָס נישט, פאָטער!

— צו דעם רופא דניאל דע ליווראָן, וועסטו זיך פאַרבינדן, רחל — איז דעם פאָטערס קול געוואָרן שטרענג — מיינע רייד וועסטו אויספאָלגן. ווילסט ברענגען אַן אומגליק אויף דער גאַנצער יידישער עדה אין אַוויניאָן? וועסט חתונה האָבן מיט אַ זייעריקן, נאָכדעם וועט ער דיר אַוועקוואַרפן און דו וועסט זיין פאַרשאָלטן פון אַלע וועלטן!

קלונימוס איז אַוועק צום הויז פון שררה אַרמאַנסאַ. ער איז געפאַלן צו די פיס פון יונגן זשאַן, באַוואַשן זיך מיט טרערן. געבעטן ער זאָל נישט ברענגען קיין אומגליק אויף זיין הויז. דער בחור, אַ פאַרליבטער, אַ פאַרבענקטער האָט נישט געוואָלט הערן. ער האָט זי ליב — האָט ער געזאָגט צום יידישן חלפן. ער, קלונימוס, דאַרף זיין גליקלעך, וואָס אַ פראַנצויזישער אַדלמאַן וועט אַרויסנעמען זיין טאָכטער פון דער אָרעמקייט, פון שמוץ און זי דערהייבן צו ווערן אַ דאַמע פון הויכן שטאַנד.

קלונימוס האָט אָנגעשלאָגן די טירן פון די קאַרדינאַלן. מען האָט אים דאָרט נישט צוגעלאָזט, ווייל אַ קלאַנג איז דערגאַנגען צו זייערע אויערן, אַז אַ קריסטלעכער יונגערמאַן, וועט איבעררײדן אַ יידיש קלוג מיידל, זי זאָל איבערגיין צו זיין גלויבן. קלונימוס, ווידער, האָט געטענהט פאַרקערט, אַז זשאַן וועט איבערגיין צו איר גלויבן. דאָס איז געווען זיין איינציקע רעטונג, אַזוי אַרום האָט ער געקענט צוקומען צו פאַרשטאָפּטע אויערן פון די גרויסע לייט. דאָס האָט אָבער אויך נישט געהאָלפן, האָט ער דעריבער געעפנט זיין בייטל. אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ האָב און גוטס, וואָס ער האָט זיין גאַנצן לעבן געזאַמלט, אַפילו דעם קאָפּצינז פון די יידן פון געטאָ, וואָס איז ביי אים געלעגן און וואָס ער האָט געדאַרפט צום באַשטימטן טערמין איינצאָלן אין דער פויפּסטלעכער שאַצקאַמער. אויך דאָס האָט ער אַוועקגעגעבן.

אינצווישן איז אין געטאָ אויסגעבראָכן אַ שריפה. די ביידע קוואַרטאַלן, וואָס די יידן האָבן באַוווינט אין אַוויניאָן, ביים לינקן ברעג פון טייך רהאָן, זענען געשטאַנען אין פלאַמען. אַ גליק איז געווען, וואָס גראָד האָט דעם שטורעם־ווינט נישט געבושעוועט און וואָס די שריפה איז אויסגעבראָכן ביינאַכט, ווען אַלע מענער זענען געווען אין דער הים. אַ סך האָב און גוטס פון דער צוזאַמענגעפרעסטער עדה איז אַוועק מיטן רויך...

אין איינעם אַ פאַרנאַכט ווען זשאַן אַרמאַנסאַ, פאַרשטעלט פאַר אַ יידישן סוחר פון אַן אַנדערער שטאָט, איז צוגעקומען צום טויער פון געטאָ, האָבן אים די פויפּסטלעכע שומרים פאַרהאַלטן. מען האָט אים פון דאָרטן אַוועקגעפירט, צו זייערן אַ חרם צוגעגרייט, מיט דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט געזאָלט זאָגן דעם יידישן מיידל, אַז ער איז גרייט איבערצוגיין אויף איר גלויבן.

רחל האָט אײַנגעשטומט אין זיך די בענקשאַפֿט צו דעם פּראָנצוויזישן אַדלמאַן, זשאַן אַרמאַנסאָ. די בלײַכקייט פֿון איר פּנים איז נישט פֿאַרשוווּנדן. דער טרויער אין אירע אויגן האָט געגליט טיף.

## ה

דניאל רופֿא איז געזעסן אין זײַן חדר, געלייענט אין אַן אויפֿגעוויקלטן פּאַרמעט אַ מעדיצינישן טראַקטאַט פֿון דעם דאָקטער גרשון בן חזקיה, אַ משורר, אַן אַסטראָנאָם, וואָס האָט אַמאָל געלעבט נישט ווײַט פֿון אַוויניאָן, אין אַ דערפֿל באוּם. אין דער הקדמה זאָגט דער מחבר, אַז ער האָט דאָס געשריבן אין אַ פֿינצטער־רער תּפֿיסה. דניאל איז געווען פֿאַרטיפֿט אין דער שריפֿט. עס האָט זיך דאָרט גערעדט וועגן רפֿואות, דער שײַנקייט פֿון אַ מענטשנס לעבן, ווי אַזוי דער מענטש־לעכער גוף קען דערגרייכן די שלימות פֿון געזונט. אויסהיטן זיך נישט צו לאָזן גיין אויף קרומע וועגן. און אָט, — ער, דניאל, פֿאַרפּלאָנטערט זיך אַליין אין אַ נײַער צרה, זײַן נידעריק הויקערדיק געשטאַלט איז געווען אין גאַנצן אַרײַנגערוקט אין דער הילצערנער הויכער שטול. פּאַסן שוואַרצע האָר זענען אים געפֿאַלן איבערן שטערן. אַ מוראדיקע אומרו האָט אים באַהערשט: אָט וועט בקרובֿ פֿאָר־קומען די חתונה צווישן אים און קלונימוס אַדראַטיס טאָכטער, די וואָס ער האָט ליב מיטן גאַנצן פֿײַער פֿון זײַן האַרץ. שוין יאָרן לאַנג, ווי ער גייט נאָך איר שאָטן, ציטערט אויף ווען ער זעט פֿאַרבײַגיין איר געשטאַלט, פֿאַרגייט אין פֿרייד, ווען ער הערט איר ריידן. פֿון זײַנע יונגע יאָרן אָן בענקט ער נאָך דעם שײַנעם מיידל. ער האָט קיינמאָל אַפֿילו נישט געחלומט זי צו דערגרייכן, הגם ער איז אַ דאָקטאָר אין דער קהילה פֿון אַוויניאָן, הגם ער שטאַמט פֿון גרויסן יחוס, אָבער זײַן הויכע פּלייצע, דער הויקער, וואָס פֿאַרקריפּלט אים, מאַכט אים שווידערלעך אויסזען. ווי אַזוי גייט ער זיך מיט איר פֿאַרבינדן? צי מעג ער דאָס טון? זי וועט דאָך אים נישט ליב האָבן, אַפֿילו נאָך דער חתונה. זי וועט ווײַכן פֿון זײַן פֿאַרקריפּלט לײַב. די בענקשאַפֿט צו יענעם, שײַנעם שלאַנקן, פּראַנצוי־זישן אַדלמאַן האָט זיך נאָך נישט אײַנגעשטילט אין איר געמיט. ער זעט דאָס אין אירע אויגן, כאָטש זי שמייכלט. זי פֿאַרשטעלט איר טרויער מיט אַ שײַנעם שמייכל. זי רעדט צו אים, דניאלן, מיט וואַרעמע רייד, רייד פֿון ליבשאַפֿט און פֿרייד. ער זעט אָבער איר טרויער, איר גערעַנגל. אירע יסורים, וואָס שפּאַרן אַרי־בער איר, ווי אַ פּולער בעכער ווײַן שפּאַרט אַריבער דעם ראַנד.

ער האָט אַוועקגעלייגט דעם פּאַרמעט פֿון האַנט, גענומען גיין איבערן זאַל הין און צוריק פֿאַרטיפֿט אין געדאַנקען:

צוליב דעם, וואָס מען האָט זי מיט געוואַלד אַוועקגעריסן פון אַן אויסגע־חלומטן גליק, וועט ער, דניאל, לעבן רואיק. צי מעג ער זיין צופרידן פון אַזאַ גליק, וואָס טראָגט אין זיך דער פאַרזיי פון אומגליק? און פאַרוואָס מעג ער נישט? ער האָט אַנומלט גערעדט מיט רחלען. זי איז קלוג. עס זעט אויס, אַז זי איז גרייט אויף אַ קרבן, כדי נישט אָנטאָן קיין בייז דער קהילה. ווי אַזוי קען ער, דניאל, זיך אָפּזאָגן פון דער הנאה, פון דער וווּנדערלעכער רו, וואָס עס וועט אים געבן, דאָס צוזאַמענבינדן זיך מיט רחלען? זי וועט מיט איר צערטלעכקייט באַרואיקן זיין געמיט, ער וועט זיך קענען אָפּגעבן מיטן שרייבן אַ ספר, אַ המשך פון דער שריפט פון דאָקטער ר׳ גרשון בן חזקיה, וועגן מעדיצינישע פראַגעס, וואָס יענער האָט נישט אינגאַנצן פאַרענטפערט.

ווי אַזוי קען ער אָננעמען איר קרבן? זיין גאַנצן לעבן וועט ער זיך מאַטערן, ער וועט אייביק מוזן געדענקען, אַז זי האָט זיך פאַר אים אָפּגעגעבן פאַר אַ קרבן. וואָס קען ער אָבער טון? אינגאַנצן זי פאַרלאָזן, וועט ער פאַרניכטעט ווערן פון בענקשאַפט און דאָס הויז פון קלונימוס אַדראַטי, וועט זינקען אין חרפה און אומגליק. יאָ, ער וועט חתונה האָבן מיט רחלען. ער וועט מיט איר גיין צו דער חופה. אפשר דאַרף עס אַזוי זיין ? אפשר מוז עס אַזוי זיין?..

## ד

נאָכדעם ווי קלונימוס האָט דעם פאַרנאַכט באַצאָלט די שטראָף, פאַר פאַר־שפּעטיקן זיך אויף דער אוידיענץ ביים פויפּסטלעכן שטייער־איינזאַמלער, האָט ער מיט אַ פאַרביטערט געמיט געגעסן אָוונטברויט. ער האָט פאַר קיינעם נישט אַרויסגעוויזן זיין טרויער, זיין שרעק. ער איז פרי געגאַנגען שלאָפן.

אין דער נאַכט האָט ער זיך געוואָרפן אויפן געלעגער. דער שלאָף האָט אים נישט גענומען. וואָס וועט ער מאָרגן טון? אַלעמען האָט ער שוין געלאָזט וויסן, אַז ער האָט איבערגעגעבן דעם גאַנצן קאָפּצינז אין פויפּסטלעכן שאַצקאַמער. בלויז אַ נייע גזירה האָט ער געבראַכט פון דאָרטן: פאַרגרעסערן דעם קאָפּצינז פאַרן נייעם יאָר. אין דער אמתן, אָבער, האָט ער דאָך געבעטן אַ פאַרלענגערונג פון דעם היי־יאָר קאָפּצינז, וואָס ער דאַרף אין דריי טעג אַרום, באַלד אין דער פרי איינצאָלן. ליידיק איז זיין בייטל. יעדע פרוטה האָט ער אַוועקגעגעבן צו ראַטעווען די טאָכטער פון שמד. דעם קאָפּצינז פון די ייִדן אין געטאָ האָט ער אַוועקגעגעבן כדי זי חתונה מאַכן. אין דריי טעג אַרום איז די חתונה און אין דריי טעג אַרום וועט אויך זיין, קלונימוס סוף. מען וועט אים אַריינוואַרפן אין תפיסה. ער וועט

דאָרט אָפּפּוילן אַלע זײַנע יאָרן, ווײַל אָרעם איז די קהילה. זיי האָבן נישט קיין געלט אים אויסצולייזן.

ער האָט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער און קיין רו נישט געפונען.

צומאָרגנס זענען זיך די פופצן פרנסים פון דער קהילה אין אַוויניאָן צו־זאַמענגעקומען אין דער גרויסער שול אויף אַן אַסיפה. זייערע שפּיציקע היטן האָבן אָנגעוואָרפן שאָטנס אויף די ווענט פון דער אַלטער שול. דער עלטסטער פון זיי, ר׳ עמנואל כרמי, האָט געעפנט די אַסיפה. ביי זיין רעכטער זייט איז אַ בלייכער געזעסן קלונימוס אַדראַטי.

ר׳ עמנואל כרמי האָט אויפגעהויבן זיין קול:

— מיט דאַנק און חסד זאָג איך די רייד צו אונדזער חשובן פרנס קלונימוס אַדראַטי, פאַר דער מי, פאַר זיין ערלעכער פּינקטלעכקייט, פאַר דעם, וואָס ער האָט אין צייט איינגעצאָלט דעם קאָפּ־מס פון אונדזער קהילה פאַרן גאַנצן יאָר און ער האָט אַראָפּגענומען פון אונדזערע פּלייצעס דעם יאָך און די מורא פאַר די שטרענגע בליקן פון דעם ערווירדיקן פויפּסט־דינער. געבענטשט זאָלן זיין די הענט פון אונדזער פרנס קלונימוס!

האָט זיך קלונימוס אויפגעשטעלט און געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול:

— ווען איך בין געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיטן ערווירדיקן פויפּסט־דינער, דעם חשובן צינזן־איינזאַמלער, האָט ער מיך געהייסן איבערגעבן די פרנסים פון דער קהילה אין אַוויניאָן, אַז באַשטימט איז געוואָרן באַשטימט פון דער פויפּסט־לעכער שאַצקאַמער, אַז פאַרן נייעם יאָר מוזן די ייִדן פאַרגרעסערן זייער קאָפּשטייער, מיט אַ דריטל די גרויס, ווי עס איז היינט! דאָס האָט ער מיר געזאָגט און נאָך האָט ער געזאָגט, אַז דאָס געלט מוז...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך אַוועקגעזעצט.

עס איז געוואָרן אַ גערודער צווישן די פרנסים. קעפּ האָבן זיך געשטרעקט איינער צום אַנדערן מיט דערשראָקענע בליקן, מיט בלייכקייט אויף די ליפּן, מיט שטומען ווייטיק:

— פאַרגרעסערן דעם קאָפּצינז?

— נאָך דער שריפה, נאָך דער מגיפה? די נויט ליגט אויף אונדזערע העלד־זער ווי אַ שאַרפער חלף. פון וואַנען וועט מען נעמען? מען קען דאָך נישט צונעמען דאָס קישן פון אונטער דעם קאָפּ, דעם ליידיקן טאָפּ פון דער קיך אַראָפּ, דאָס איינציקע קלייד פון לייב?

קלונימוס האָט געשוויגן. עמנואל כרמי האָט ווידער געלאָזט הערן זיין קול:

— מען טאָר נישט פאַרצווייפלען! מיט געוויין און טרערן וועלן מיר די גזירה אָפּשרייען! דאָס אויער פון ערווירדיקן פויפּסט קלעמענט איז נישט פאַר־

שטאָפּט פאַר דעם געשריי פון אונדזערע צרות! מיר וועלן אונדזער חשובן פּרנס קלונימוס שיקן פאַר אַ שליח ציבור. ער געפינט חן אין זייערע אויגן, ער וועט די גזירה אָפּשרייען.

— ניין, ניין! — האָבן קלונימוס הענט זיך געשטרעקט צו עמנואל כרמי און זיינע ליפּן זענען געווען ווייס — ניין. איך קען נישט זיין קיין שליח. איך קען נישט! איך קען נישט! מיינע פיס זענען מיד. מיין האַרץ שרומפּט איין! איך קען נישט! איך טאָר נישט מער. מיינע געדאַנקען זענען נישט ריינע, רעדן מיך אָן צו שלעכטע מעשים. גאָט זאָל מיך שומר ומציל זיין.

עמנואל כרמי האָט געשמייכלט און געזאָגט:

— קודם־כל וועלן מיר דיר ווינטשן מזל־טוב, קלונימוס! דיין טאָכטער רחל וועט שטיין אונטער דער חופּה מיט דעם רופא דניאל. דאָס מזל זאָל דיין הויז באַשיינען! נאָך דער חתונה וועלן מיר האָבן אַ גרויסע אַסיפה מיט די פּרנסים פון אַרל, קאַרפּאַנטראַס, מאָנטעלימאַר. לאָמיר האָפן, אַז גאָט וועט אונדז העלפן, מיר זאָלן געפינען חן אין די אויגן פון אונדזערע באַשיצער!

## ז

דעם טאָג פון רחלס חתונה מיט דניאלן, האָט קלונימוס כסדר געבעטן גאָט, עס זאָל אים נישט פאַרשטערט ווערן די איינציקע פרייד פון פירן זיין טאָכטער צו דער חופּה. מיט יעדער שעה, וואָס איז אָנגעקומען, האָט ער געדאַנקט גאָט, און מיט אַ צעבראָכן געמיט געבעטן נאָך, ביז פאַרנאַכט, די דינער פון פויפּסט זאָלן אים נישט קומען נעמען אין תפיסה אַריין פריער ווי נאָך דער חופּה.

די זון האָט זיך געלאָשן איבער די דעכער פון געטאָ אין אַוויניאָן. אין דער אַלטער שול האָט מען מסדר קידושין געווען רחלען מיט דניאלן. די שול איז געווען געפּאַקט פון יידן. דער רב האָט מיט אַ ווייך קול געמאַכט די ברכות. קלונימוס האָט געהאַלטן פאַרמאַכט די אויגן, זיין קערפּער האָט זיך געוויגט צווישן שרעק און פרייד. ער האָט געדאַנקט גאָט פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט געטון צו אים: ער האָט זיך געבראַכט פאַר אַ קרבן און זאָל דער קרבן זיין אָנגענומען...

ווען די טויערן פון געטאָ זענען שוין געווען געשלאָסן, איז אָנגעקומען דער קאַרליק מאָנאַך. הינטער אים זענען געגאַנגען דריי שומרים מיט שטעקנס אין די הענט. דעם מאָנאַכס פּנים איז געווען אָפּגעצערט, ווייס ווי קאַלך

און בייז ווי ביי אַ בין. זיי זענען אַדורכגעגאַנגען דעם טויער. דערנענטערט זיך צום הויז פון קלונימוס אַדראַטי. זיי זענען אַריין אינעווייניק.

קלונימוס איז געזעסן אין זיינע יום־טובדיקע קליידער לעבן דעם חתן אויבנאָן. אויפן טיש זענען געווען צעשטעלט אַלערליי מאכלים און דריי קלעז־מאָרים האָבן געשפּילט אַ ניגון. אַ חתונה־ניגון פון פרייד און טרויער.

דער מאַנאַך איז מיט פינצטערע בליקן, מיט שטילע דראָענדיקע טריט צו־געגאַנגען גאָר נאָענט צו קלונימוסן. אַלע פאַרזאַמלטע געסט האָבן איינגעהאַלטן זייערע אָטעמס. יעדער האָט געוווּסט, אַז אַ ניי אומגליק שפּרייט זיך אויס פאַר די אויגן. דער מאַנאַך האָט אַראָפּגענומען דעם זיגל פון אַ פּאַרמעט. אויסגעשפּרייט צווישן זיינע הענט און געלייענט מיט אַ דיק, פאַרלעגן קול:

„צו קלונימוס אַדראַטי, דער צינזן־איינמאָנער פון די יידן אין אַוויניאָן.

קלונימוס אַדראַטי דאַרף תיכף איבערגעבן די גאַנצע סומע געלט פון דעם קאָפּצינז פאַרן גאַנצן יאָר, צו די שליחים פון דער פויפּסטלעכער שאַץ־קאַמער. אויב ער טוט עס נישט תיכף דאַרפן די שליחים אים מיטנעמען און איבערגעבן אין דער תפיסה, ווו ער וועט ווערן איינגעשפּאַרט. קיין משפט וועט נישט אָפּגע־האַלטן ווערן איבער אים.

אונטערגעשריבן, דער שאַצמייסטער פון זיין הייליקן נאָמען".

קלונימוס האָט זיך אַ רואיקער אויפגעשטעלט. זיין ווירדיק הויך געשטאַלט איז עפּעס העכער און שטאָלצער געוואָרן אין דער מינוט. זיין פּנים האָט אויס־געדריקט די פרייד פון דעם מייסטער ווען ער פירט אויס זיין ווערק בשלימות. ער האָט געוואָרפן אַ לייטזעליקן בליק איבער דער גאַנצער שטוב, איבער דעם נייעם פאַרפאָלק און שטיל געשעפּטשעט אַ דאַנק צו גאָט, פאַר דעם חסד, וואָס ער האָט מיט אים געטאָן. ער האָט געזאָגט: — דער ווערט פון מיין הויז, די חפצים צוזאַמען מיט סחורות אין קעלער וועלן דעקן דעם קאָפּ־צינז פון אונדזער עדה. עמנואל כרמי קען שוין היינט אַלץ אויספאַרקויפן. פאַר מיין טייל וועל איך אָפּזיצן אין תפיסה.

דער ערשטער איז פון דער חתונה־שטוב אַרויסגעגאַנגען דער מאַנאַך, נאָכ־דעם קלונימוס דער צינז־איינזאַמלער פון די יידן אין אַוויניאָן, נאָכדעם די דריי שומרים. באַגלייט פון טרערנדיקע אויגן פון אַלע פאַרזאַמלטע. רחל האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, געוואָלט נאָכלויפן. מען האָט זי צוריקגעהאַלטן. זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און אויסגעשריגן:

— ער האָט זיך פאַר מיר אָפּגעגעבן אַ קרבן!..

# צוויי קאָטשן

## א

יעדן פרימאָרגן איז פּנחס זילבערינג געפֿאָרן אין זיין פֿאַבריק אַריין אין אַ קאָטש געשפּאַנט מיט צוויי געזונטע פֿערד. דער אָנטרייבער — אַ געזעצטער גוי מיט אַ רויט־אָנגעלאָפֿן פּנים פֿון ווינטן, קעלטן און רעגנס, מיט חשיבותדיקע וואָנצעס האָט געהאַלטן די לייצעס, וואָס זענען איבער די רוקנס פֿון די פֿערד געווען באַשלאָגן מיט זילבער, און מיט ווירדע געפֿירט זיין באַלעבאָס צום טויער פֿון דער פֿאַבריק.

פֿאַרן טויער פֿון דער פֿאַבריק זענען שוין געשטאַנען די וועבערס אָנגעטאָן אין פֿאַרפּעצטע רעקלעך, אין צעקנייטשטע קאַסקעטן. אויף די פּנימער זייערע — טעמפּקייט, אין די אויגן — שלאָף, אין די פֿינגער פֿון די הענט — נישט דעררויכערטע שטיקלעך מאַכאָרקע־סיגאַרעטן. זיי האָבן געוואַרט אויפֿן פֿרימאָרגן־פֿייף, וואָס דער פֿאַרריסענער קוימען פֿון דער פֿאַבריק, וועט אַ ליאַדע רגע איינשניידן די לופֿט. די קאָטש פֿלעגט כמעט שטענדיק אָנקומען גלייך מיטן פֿייף, ווען די אַרבעטער האָבן אין געאיילעניש זיך אַריינגעשטופּט דורכן טויער. די קאָטש האָט צוגעפֿירט דעם פֿאַבריקאַנט גלייך צום טיר פֿון קאַנטאָר.

צוויי מאָל אין טאָג האָט פּנחס זילבערינג דורכשפּאַצירט די לאַנגע זאַלן פֿון זיין פֿאַבריק. זיין הויכע געשטאַלט האָט זיך געוויגט גייענדיק, זיין פּנים, איינגערעמט אין אַ בכבודיקער באָרד, איז געווען געווענדט צו די אַרבעטער, וואָס זענען געשטאַנען ביי די וועבשטולן איבערגעבויגן איבער דעם נעץ פֿון פֿעדים און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פֿון דעם לענגלעכן שיפֿעלע מיט ניקלנע שפּיצן, וואָס איז מיט אַ שווינדלדיקער שנעלקייט געפֿלויגן צווישן דעם פֿעדים־געפֿלעכט, ווי אַ טאַנצנדיק שדל. פּנחס זילבערינג האָט געוואָרפֿן אַ בליק דאָ און אַ בליק דאָרט, אויפֿגעכאַפּט דרך־ארצדיקע באַגריסונגען, וואָס האָבן געפֿלאַטערט צו אים פֿון אַלע זייטן.

אין משך פון טאָג זענען צום קאָנטאָר פאַרפאָרן דראָשקעס מיט ייִדן סוחרים, מעקלערס פון נאָענט און פון ווייט. ייִדן, וואָס האָבן גערעדט ייִדיש מיט סאָמע פּאָסעכן, עס זאָל קלינגען ווי דייטש. זיי האָבן געטראָגן קורצע רעקלעך, טכוירענע פוטערס, האַרטע און ווייכע קאַפּעליושן אַריינגעוואָרפן גמרא־ווערטלעך אין מיטן ריידן וועגן גאַרן, וואָל און מאַנופאַקטור, געשאָטן מיט מילתא־בדיחותאס, גלייכ־ווערטלעך, דערציילט וווּנדער פון די וואַרעם־בעטער, ווּהין זיי לאָזן זיך אין די זומערן היילן די לייבער און דאָס געזונט. עס זענען אויך פאַרפאָרן צום קאָנטאָר ייִדן מעקלערס, מיט פאַרזאָרגטע פּנימער, אויך פריילעכע לונג־און־לעבערס. זיי האָבן מיטגעבראַכט זעקלעך ריינעם וואָל, געפאַרבטע גאַרן, מוסטערן פון געוואַנדן און דאָס אויסגעשפּרייט אויפן טיש פאַר פּנחס זילבערינגס אויגן, דערביי האָבן זיי באַוואָרפן מיט לויב־רייד די מוסטערן זייערע, פּנחס זילבערינגס אויסזען קיין עין־הרע און שטיל אונטערגעקרעכצט אויף דער בידנער פּרנסה זייערער — מעקלעריי.

פּנחס זילבערינג איז געזעסן ביי זיין גרויסן טיש, וואָס איז געווען אָנגע־וואָרפן מיט וואָל, פאַרבן, קאָלירטע בינטלעך פעדים און עטלעכע ספּרימלעך האָבן זיך געוואַלגערט אויפן טיש למראית־עין. ער האָט אויסגעהערט די רייד פון די סוחרים און די קרעכצן פון די מעקלערס. ער האָט בנעימותדיק אונטערגעברומט, אַ סימן ער הערט אויס וואָס זיי ריידן. ער האָט אויך אונטערגעזיפצט, אונטער־געהוסטלט, כדי זיי זאָלן נישט מיינען, אַז ביי אים דעם נגיד און פאַבריקאַנט רינט די שפע ביי די שוועלן ממש עמערווייז. אָט איז ער אויך שטענדיק פאַרטון אין זאָרגן. אָט מוז ער למשל מפרנס זיין עטלעכע הונדערט אַרבעטער, ייִדן און, להבדיל, ערלים. ער דאַרף זאָרגן, אַז עס זאָל יעדן פרייטיק זיין אין דער אייזערנער קאַסע געווּג מזומן אויסצוצאָלן די אַרבעטער זייערע שכירות. ער דאַרף למשל זאָרגן, אַז די סחורות וואָס ליגן אין די לאַגערן זאָלן פאַרקויפט ווערן, עס זאָלן אָנקומען באַשטעלונגען פון אַנדערע שטעט. ער דאַרף אויך זאָרגן וועגן זיין איי־גענעם געזונט, ווייל עפּעס אַ הוסטל דאַקוטשעט אים. דאָקטוירים הייסן מער נישט פאָרן אין דעם וואַרעם־באָד טשעכאָטשינעק, ווו ער קומט שוין מכמה יאָרן, נאָר קיין מאַרינבאַד הייסן זיי גאָר פאָרן...

— וואָל ווי זייד — וועקט אים אויף אַ מעקלער פון זיינע רעיונות — אײ ר' פּנחס נעמט נאָר אין האַנט אַריין אַ פּויסט וואָל, איר וועט דערפילן די גלאַט־קייט, ווי למשל... נו, טאַקע זייד. היינט די ריינקייט. עס קען געליפערט ווערן איז אַ צען טעג אַרום. אַ גלאַטקייט אַ ביסל, אַ תענוג אַפילו פאַר די אויגן.

פּנחס זילבערינג נעמט אַ גאָרזשקעלע וואָל אין האַנט אַריין. די גלאַטקייט יאָ... רחמנא־ליצלן, וואָס פאַר אַ זינדיקע געדאַנקען עס קומען אין קאָפּ אַריין,

די גלאַטקייט ווי ביי זיין יונג ווייבל, דער האַלדז, די אָרעמס... ער דאַרף טאַקי אויך זאָרגן וועגן איר געזונט, וואָס אַ מענטש דאַרף אַלץ זאָרגן היינטיקע צייטן, אַ קלייניקייט.

— מען שמועסט יאַקאַש, אַז ביעלסק און דאַנציק האָבן ביי אייך באַשטעלט אַ טראַנספּאָרט קאַמגאַרן — שלאָגן אָן די רייד פון אַ צווייטן מעקלער אין זיינע געדאַנקען — אייערע סחורות האָבן דאָך אַ שם־דבר אַ סך ווייטער אַפילו פון פּוילן. אַ קלייניקייט עפּעס די פירמע זילבערינג עט קאָמפּ.

פּנחס זילבערינג פאַרענדיקט די טראַנזאַקציעס מיט די מעקלערס. ער באַ־פעלט מען זאָל שפּאַנען די קאַטש, ער וועט אַהיים פאָרן צו מיטיק. ער איז עפּעס היינט אַביסעלע נישט מיט אַלעמען און אַ חוץ מזה, איז ער דאָך סך־הכל אַ גאַנץ יאָר נישט נאָך דער חתונה. טאַקע מיטן צווייטן ווייב, אָבער דאָך אַ באַלעבאָסטע אין שטוב, ביז איבער, מנע...

ווען די קאַטש מיט די צוויי פערד פירט צוריק פּנחס זילבערינגען צו זיין היים, קומט אים אויס כמעט אַלעמאָל צו באַגעגענען אַ צווייטע קאַטש פון דאָקטאָר סטעפּאַן נאַרעווסקי. אויפן מיט־וועג אין שטאָט באַגעגענען זיי זיך. די אָנטרייבערס — ביידע שטאָלצע, זיצן אויף די אויבן־אָן געזעסן, באַגריסן זיך מיט אַ פּאַכע פון די בייטשן. דער אָנטרייבער פון דעם דאָקטאָרס קאַטש גיט אַ העכערן קנאַל מיט דער בייטש אין דער לופט, ער איז פאָרט אַן אָנטרייבער פון אַ דאָקטאָר און אַ קריסטלעכער דאָקטאָר דערצו און יענער דאָרט פירט אַ ייִדישן פאַבריקאַנט אַ שאַכער־מאַכער. דער אָנטרייבער פון דעם ייִדס קאַטש לאָזט זיך אויך נישט שפּייען אין דער קאַשע. — ער וואַרט אַ קאַפּעטשקע ביז די צוויי חשובע לייט וועלן זיך באַגריסן, דערנאָך גיט ער אַ צי די לייצעס און די פערד לאָזן זיך ראַפּטום אין גאַלאָפּ.

אַ האַלבע מינוט געדויערט דאָס אַנטקעגנקומען פון די צוויי קאַטשן און די צוויי מענטשן פּנים־אל־פּנים. פון איין זייט — פּנחס זילבערינג, זיין זילבער־גרויע באָרד גיט אַ פלאַטער אין ווינט, ער נעמט אַראָפּ דאָס קיילעכדיקע שוואַרצע היטל פאַרן דאָקטאָר און באַגריסט אים. פון דער צווייטער זייט — זיצט אין דער ווייכקייט פון דער בלויער קאַטש דאָס הויך־געוויקסיקע געשטאַלט פון דעם דאָק־טאָר. זיין אויסגעקיילעכדיקט פּנים מיטן פּריצישן אויסזען איז אַרויסגעשטרעקט פון דער קאַטש, ווי די אומגעדולד אַליין וואָלט אים געטריבן, ווי אָט דאַרף ער אַ לייאַדע רגע אַראָפּגעשפּרינגען און באַזוכן אַ קראַנקן. אויך דער דאָקטאָר כאַפּט אַראָפּ פון קאָפּ דאָס זילבער גרוילעכע באַראַנקאָווע היטל און גריסט צוריק. ביי ביידן אין מוח לויפן אָן זיג־זאַגיקע געדאַנקען, הין און צוריק אין אַ געפלאָנטער. צי פון די קאַטשן, מיט די אויסגעפּאַשעטע פערד, צי ווער פון די ביידן פאַרמאָגט

מער רייכקייט, כבוד, מאַכט. אָט איז אַ ייִד וואָס האָט אין אַ פּוילישער שטאָט אַן עשירות, באַשעפטיקט הונדערטער אַרבעטער ייִדן און קריסטן און אָט איז דאָקטאָר סטעפאַן נאַרעווסקי, אַ פּוילישער פּריץ, היילט אָרעם און רייך, ייִד און קריסט, נעמט נישט קיין געלט ביי אָרעמעלייט, לאָזט זיך קושן די האַנט און זאָגט נאָך אַ טרייסט־וואָרט יעדן קראַנקן. ווער פון זייביידן פאַרמאָגט מער חשיבות?

די ביידע קאָטשן אין שטאָט זענען אַן אויפרייסעניש אין מענטשנס אויגן.

## ב

פּנחס זילבערינג האָט פיינט געהאַט שלימזלניקעס ביי זיך אין פאַבריק, אויב ער האָט געמוזט צונעמען אַ ייִדישן וועבער אַ שלימזל איז עס געווען אָדער בעל־כרחו, אָדער זכות־אָבות האָט געמוזט ביישטיין, אָדער גאָר דער רבי, צו וועלכן ביידע צדדים זענען געפאָרן, האָט גוזר געווען.

מיט גרויס מי און מאַטערניש איז אָנגעקומען שמואל־יצחק גראַנאַט צו אַרבעטן אין פּנחס זילבערינגס פאַבריק און אָנגעקומען איז ער נאָר דערפאַר, וואָס שמואל־יצחקס פאָטער, זלמן שוחט איז אויך געפאָרן צום זעלבן רבין אויסגעלייגט זיינע טענות און ווייטיקן: דער זון האָט עפּעס נישט קיין הצלחה, איז אַ מטופל מיט קינדער און צו וואָס ער נעמט זיך גייט אים מיט דער פּוטער אַראָפּ רחמנא־ליצלן. דער רבי האָט אויסגעהערט זלמן שוחטס היתכנס און צוגעזאָגט איבער־צוריידן מיט פּנחסן ער זאָל אים צונעמען אין דער פאַבריק אַריין.

דעם נאָענטסטן שבת חנוכה, ווען פּנחס זילבערינג האָט נאָך הבדלה זיך געזעגנט מיטן רבין און געוואָרט אויף דעם געגאַרטן וואָרט, „זיי מצליח״, אַרום וועלכן ער וויקלט זיך און גלעט עס שוין מכמה יאָרן, זינט די שפע האָט אָנגע־שפּאַרט ביי די שוועלן, האָט גאָר דער רבי זיך אַריינגעלאָזט מיט אים אין אַ שמועס וועגן זייטיקע זאַכן און צוגעקומען צו דעם, אַז ער זאָל צונעמען זלמן שוחטס זון שמואל־יצחקן אין פאַבריק אַריין, ווייל ער איז פון אַנשי־שלומינו, און אַ גרויסער אָרעמאַן.

פּנחס זילבערינג האָט זיך געפּרוווט ווערן און צונישט מאַכן די מציאה, וואָס דער רבי לייגט אים פאָר צו דער פּולער וואָך:

— יאָך האָב מיר מיין דרך אין געשעפטס־ענינים. ווי אַזוי קען איך צונעמען שמואל־יצחקן? ערשטנס שמועסט מען אין שטאָט, אַז ער טויג זיך נישט אַ קאָץ דעם עק צו פאַרבונדן, והשנית איז ער פון יענע לייט, וואָס ווילן פאַרבעסערן די וועלט, הגם ער דאַוונט אין שטיבל, היט אָפּ ייִדישקייט.

— נישקשה — האָט דער רבי גוטמוטיק געזאָגט — נעם אים צו אין דייַן פאַבריק. ער איז אַן ערלעכער ייִד, אַז ער וועט האָבן פּרנסה וועט ער נישט אין זינען האָבן צו פאַרבעסערן די וועלט און והשלישית, ווערסטו זיין מיט עטלעכע רענדלעך ווייניקער ווערט.

— ביי מיר האָבן ייִדן ברוך־השם פּרנסה — האָט דער פאַבריקאַנט געפּרוווט אַראָפּהאַנדלען — מער קען איך נישט טון. איך זאָל דאַרפן חלילה טרייבן מיין פאַבריק מיט אַזעלכע ווי דער שמואל־יצחק זאָל זיין, וועל איך דאַרפן די קאַפּאָטע פון זיך אַראָפּפאַרקויפן.

— פאַר דאָס וועט מען דיר אויף דער וואָגשאָל פון זכיות אַרויפלייגן מער רענדלעך.

און פּנחס זילבערינג האָט געפאָלגט. ער האָט גריילעך געוווסט, אַז דעם רבינס רייד זענען וואָגיק, אַז דער רבי זאָגט רענדלעך, וועט דער הימל געבן רענדלעך.

ער איז געווען אַ תקיף ביי זיך. ער האָט נישט געוואָלט איינגיין אויף קיין שום עצות, וואָס האָבן אויסגעזען אַביסל קרומלעך אין זיינע אויגן. ער האָט זיך אויך נאָכגעגעבן אַלץ אין דער וועלט: טייערע קליידער, טייערע ספרים, געגעסן געבראָטענע הינדלעך אין סאַמע מיטן־וואָך, געפאָרן יעדן זומער אויף אַ צוויי חדשים צייט אין וואַרעם־בעדער פון אויסלאַנד, ווו ער האָט געטרונקען שפּרודל־וואַסער פון הייסע און קאַלטע קוואַלן, וואָס שלאָגן אַרויס פון דער ערד און זיך געהיילט די געדערים, געזעסן אין אַ ווייכער שטול אין די דאָרטיקע פּאַרקן, הנאה געהאַט פון דער מוזיק, וואָס אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט יעדן נאָכמיטיק און געכאַפּט באַהאַלטענע בליקן אויף פרעמדע ווייבער.

ווען דאָס ערשטע ווייב זיינס איז אים געשטאָרבן, האָט ער זיך אינעם עלטער פון די מיט פופציק גענומען אַ יונגע מיידל פון זיין אייגענער פאַבריק אַרויס האָט ער זי אויסגעקליבן, צווישן זיינע ייִדישע אַרבעטאָרינס. ער האָט אויף דער שנעל דערבליקט אירע רויטע באַקן, די פולע בלוט־זאַפטיקע ליפּן, אירע פרומע אויגן, ווען זי הייבט אויף די ווייַס איבער זיי, שטראַלט אַרויס אַזאַ בלוילעך־גרינע ליכטיקייט, וואָס ער האָט ביי זיין ערשט ווייב נישט געזען. ער איז דעריבער אַליין געוואָרן דער שדכן, דער חתן, אַלץ מיט אַנאַנדער. ער האָט געפּראַוועט אַ גרויסע חתונה און זיך פאַרגענומען אויפצושטעלן דורות.

גוטע פריינט, זיינע אַרבעטער האָבן אים אַנטקעגן געטראָגן אַ שטילן, עניוות־דיקן מזל־טוב, געווונטשן אים ער זאָל וויסן פון בלויז נחת אויף די עלטערע יאָרן. פּנחס זילבערינג האָט אויסגעהערט די ווינטשעוואַניעס און בשעת־מעשה האַלב־ביזלעך, האַלב־גוטמוטיק אונטערגעברומט, וואָס דאַרף ער דאָס די ווינטשעוואַ־

ניעס, און האָט פרום אָפּגעענטפערט און געהייסן מכבד זיין מיט בראָנפן און לעקעך.

דאָס יונגע ווייבל האָט זיך באַוויזן אין די רייכע חדרים, אָן אויסגעפּוצטע, אַ פּעטלעכע, מיט אַ געלאָקטן שייטל איבער די האָר. זי האָט גאַנץ פּאַמעלעך אָנגע־הויבן זיך אַרומקוקן איבער דער רייכקייט, איינאָרדענונג און אַלץ באַטראַכט מיט אַ שטילער נייגעריקייט.

## ג

שבת נאָך הבדלה זענען צו פּנחס זילבערינגען אין די רחבותדיקע חדרים זיך צונויפגעקומען היימישע חסידים און אַנשי־שלומינו. אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען פאַרנומען מיט זיין פאַבריק, מיט תענוגי עולם הזה און נישט געהאַט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט אַ קאַפּעלע עולם־הבא. פאַרדאָס האָט ער געהאַט אַ טבע צו פּראַווען מלווה־מלכהס פאַר חסידים פון זעלבן „שטיבל" ווו ער האָט געדאַוונט.

די קאַנדעליאַברן אין די רייכע חדרים האָבן שימערירט מיט ליכטער, צע־ברענט זיך איבעם קרישטאָל מיט טויזנטער קאָלירן־בליציקע פייערלעך און איינ־געזאַפּט די גאַמעס קאָלירן פון די ווייכע טעפּיכער אויפן דיל. די ווייכע טעפּיכער האָבן אַריינגענומען די פיסטריט פון אויסגעטראָטענע שטיוול, די טריט פון אויס־געקרומטע, פאַרבלאָטיקטע שיך פון דעם היימישן עולם. די דינסטן פון הויז, און נאָכדעם דאָס יונגע ווייב, האָבן געקוקט קרום אויף די אָנגעלאָפענע, זשעדנע אויסגעהונגערטע יידן, וואָס צעלייגן זיך אין די טיפע שטולן, אויף די סאָפאָס, באַמבלען מיט די פינגער איבער די ווייסע טישטעכער, ברומען פאַרבענקטע ניגונים און קוקן מיט חוזק־בליקן אויף דער רייכקייט און ציכטיקייט פון הויז. זיי וואַרטן אויפן קאָכעדיקן באָרשטש, אויף די הערינג, חלות, אויף אַ היימיש שטיקל תורה, וואָס וועט דאָ ביים טיש געזאָגט ווערן.

דער באַלעבאָס איז געזעסן כמלך בגדוד אין אַ ווייכן פּלושענעם שטול, אָנגע־טאָן אין אַ זיידענעם שלאָפראָק, מיט גילדענע פראַנדזן און טראָלדן. ער האָט געטיילט פּאַפּיראָסן פון אַ זילבערנער סיגאַרעטן־טאַש און אַליין האָט ער געררוי־כערט אַ שמעקנדיקן ציגאַר, וואָס האָט מיט דעם פיינעם אַראָמאַט געמאַכט ניסן און הוסטן אַ טייל פון עולם, וואָס איז נישט געוווינט צו אַזעלכע עקזאָטישע ריחות. פּנחס זילבערינג האָט זיך פאַרענטפערט, אַז דעם ציגאַר רויכערט ער בלויז צו־ליבן געזונט.

— דאָקטוירים הייסן.

אַז דאָקטוירים הייסן איז נישט שייך, מוז מען אַלץ נאָכגעבן, אַלע תאוות אין דער וועלט מוז מען זיי נאָכגעבן, פּונקט ווי מען מוז דעם יצר־הרע אונטער־שטופּן פון צייט צו צייט קליינע עבירהלעך, ער זאָל זיך נישט צופיל טשעפּען.

אויך שמואל־יצחק, זלמן שוחטס זון, דער אויסגעבלייכטער יונגערמאַן מיטן פאַרחלומטן פּנים, פאַרטראַכטע אויגן, איז הייַנט געוועזן צו מלווה־מלכה אין פּנחס זילבערינגס חדרים. ער האָט שוין עטלעכע חדשים צייט געאַרבעט ביי אים אין פאַבריק אַלס אַ וועבער, אָבער זעלטן געהאַט איין גוטן טאָג. די אַרבעט איז אים געפאַלן פון די הענט. ער איז געשטאַנען צען שעה אַ טאָג, געבויגן איבער אַ גרויסער וועבשטול, צווישן גוייִם, ייִדן, לויפנדיקע פּאַסן, מאָטאָרן, שטיקנדיקע ריחות פון אויל, וואָל, קלעפּעכץ. די געדאַנקען זענען אים נישט געווען ביי דער אַרבעט, נישט דאָס געמיט, נישט זיינע כוחות און נישט זיין חלום. די וועבער האָבן געלאַכט פון זיין אומגעלומפּערטקייט, פון זיינע ניגונימלעך אָנגעזאָפּטע מיט טרויער. יעדעס מאָל האָט געפּלאַצט אַ פאָדעם אין דער „קעטע״. ער האָט זיך איינגעבויגן אויסצוזוכן דעם געפּלאַצטן פאָדעם צווישן דעם קנויל אין דער „קעטע״ און פאַרבונדן, כדי דאָס וועבעכץ זאָל ווייטער אָנגיין, איז ער שוין אַזוי געבליבן שטיין אַן איינגעבויגענער מיט די אויגן איינגעשפּיזט אין דעם ים פון פעדעם. איינעם שטיק געוואַנד וואָס ער האָט געוועבט זענען אַריין אַ סך פעלערן. ער האָט קיינמאָל נישט געקענט אויסמיידן די שאַרפע בליקן פון פּנחס זילבערינג, ווען יענער פלעגט זיך באַווייזן אין פאַבריק און באַקוקן אַ שטיק סחורה, וואָס איז גראָד אַראָפּ פון זיין וועבשטול.

— ביסט אַ לא־יצלח — פלעגט פּנחס אים צווואַרפן אַ זאָג — מאַכסט מיר קאַליע די סחורה. אַנדערע פאַבריקן דאָ אין שטאָט, דאַרפסטו גראָד אַרבעטן ביי מיר.

צווישן די ביידע איז נישט געווען קיין שלום. הגם פּנחס איז געווען דער גביר, האָט ער עפּעס זיך געשראָקן פאַר דעם ערלעכן בליק פון שמואל־יצחקן, פאַר זיין פאַרחלומטקייט. ער פלעגט יעדעס מאָל אַ מאַך טון מיט דער האַנט אין זיין זייט און אַרויסברומען:

— אַ שלימזל, ווייס איך וואָס.

הייַנט האָט ער אים דאָס ערשטע מאָל איינגעלאַדן צו מלווה־מלכה.

אין „שטיבל״ איז עס געווען ביים דאַווענען. ייִדן האָבן פּנחסן אונטערגע־טראָגן אַ ברייטן „גוט־שבת״. שמואל־יצחק האָט אָנגעקוקט זיין ברויטגעבער, ווי ער וואָלט אים הייַנט געזען צום ערשטן מאָל. פּנחס האָט אַ זאָג געטון כלאחר־יד:

— נו, פונדעסטוועגן מעגסטו הייַנט צוקומען צו מלווה־מלכה צו מיר. בישקשה, דו מעגסט.

שמואל־יצחק איז בלייך געוואָרן. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טון בקול־רם, אַז ער איז מוחל טובות, נאָר די אינעווייניקסטע הכנעה האָט גובר געווען איבער זיין שטאָלץ און ער האָט שטיל געענטפערט:

— אַ יישר־כוח!

ער איז געזעסן איצטער ביי דער מלווה־מלכה אַ שווייגנדיקער און זיינע געדאַנקען זענען געווען אַריינגעפלאָכטן אין די בלויע וואָלקנדלעך רויך, וואָס פנחס זילבערינג האָט אַרויסגעלאָזט פון מויל. ער איז געווען פאַרכישופט, שמואל־יצחק, פון דער מעכטיקייט פון זיין ברויטגעבער.

דעם אַש פון זיין ציגאַר האָט פנחס זילבערינג אַריינגעוואָרפן אין אַ קריש־טאָלענעם בעכער, וואָס איז געשטאַנען ספּעציעל פאַר אים. גראָד האָט שמואל־יצחק, וואָס האָט געדויכערט אַ סיגאַרעטל, זיך פאַרגעסן און דעם אַש פון זיין סיגאַרעטל אָפּגעשאָקלט אין דעם זעלבן קרישטאָלענעם אַש־בעכער, ווו דער ווייס־זילבערנער אַש פונעם ציגאַר איז געלעגן אין אַ פוכיקער פיינקייט. פנחס האָט עס שנעל באַמערקט און האַסטיק צוגערוקט דעם בעכער צו זיך מיט אַ קרומלעכן שמייכל אויפן פנים און מיט אַ ברום:

— אַ ציגאַר האָט נישט ליב, אַז מען מישט אויס זיין אַש מיט סתם אַ פּראָסטן פּאַפּיראָסל, וואָס האָט אַ קאַפּעטשקע אַן עיפּושדיקן ריח.

— למשל ווי אַ מענטש אַ שטייגער — האָט שמואל־יצחק געוואָלט איינפּע־דעמען אַ קלוגן זאַג, אפשר כדי בושא־חן צו זיין ביים פאַבריקאַנט און אפשר ווייל עפּעס אַ רעיון האָט זיך אָנגעשפּיצט טיף אין זיין מוח, געצאַפּלט זיך געוואָלט אַרויס אויף דער פריי — אַ מענטש האָט אויך נישט ליב, אַז מען פּאָרט אים צונויף מיט נישט זיינס גלייכן און עס איז נישט ריכטיק...

פנחס האָט איבערגעהאַקט דעם קלוגן געדאַנק מיט אַ ביטולדיקן מאַך מיט דער האַנט:

— נישט קיין משל און נישט קיין נמשל. דאָס איז אַש און אַש האָט אַ טבע, פאַרשטייסט, אַש... איי וואָס איז דאָ אַ סך צו ריידן. ביסט נישט קיין גרויסער בעל־דברן, שמואל־יצחק, אַזוי ווי דו ביסט אַ געוואָלדיקער בעל־מלאכה.

— כ'האָב נאָר געוואָלט נאָכזאָגן אַ שטיקל תורה, מאַ...

— תורה זאָגן דאַרף מען קענען.

שמואל־יצחק איז געוואָרן איינגעשרומפּן מיט זיין רעיון. פאַרשעמט געוואָרן אין די אויגן פון עולם און געפילט, אַז עס עקט זיך אים די וועלט. אויגן קוקן אויף אים מיט רחמנות און די זעלבע אויגן קוקן אויפן פאַבריקאַנט מיט אונטער־טעניקייט, געבעט. ער זאָל זיי נישט פאַרשעמען. אַ ווילדער פאַרלאַנג האָט זיך

אין אים, אָנגעצונדן: כאַפּן דעם אַש־בעכער און אַ שליידער טון אויפן דיל, אָדער אין פּנים פון באַלעבאָס און שוין אויפן אָרט, נישט וואַרטן קיין רגע.

אין דער מינוט האָבן די דינסטן אַריינגעבראַכט גרויסע פאָרצעלייענע וואַזעס מיט קאָכעדיקן באָרשטש, וואָס די פאַרע האָט פאַרריסן די נעזער, הערינג, חלות געהאַקטע־הערינג. נאָך די דינסטן איז געגאַנגען דאָס יונגע ווייב מיט די פרומע אויגן. זי האָט געהאַלטן די אויגן ברייט אָפן, נישט געקוקט אויפן עולם, נאָר געפילט, אַז באַהאַלטענע בליקן גרייכן צו איר שיינעם פּנים. פּנחס זילבערינג האָט עפּעס געמאַכט מיט די הענט, געקוקט אויף דער שלאַנקער געשטאַלט פון זיין ווייב, וואָס איר האַלדז איז אַזוי ווייס און פּעלדלט זיך ווי זייד. די אויגן ביי איר ברענען, גליִען מיט גרין און בלוי.

— נו, נו עולם. מען וועט זיך וואַשן צו מלווה־מלכה, נו, נו! און דו אויך שמואל־יצחק, פונדעסטוועגן מעגסטו זיך וואַשן, מילא, נו, נו...

דאָס האָט נאָך שמואל־יצחקן מער געררייצט. ער האָט זיך אַ ריס געטון צום טיש, געכאַפּט דאָס שטיק קרישטאָל און עס אַ שליידער געטון פאַר די פיס פון זיין ברויט־געבער.

— איך בין נישט קיין בעל־דברן, קיין גוטער בעל־מלאכה און איר זענט אַ בעל־מחוצף אַ... טרעלבאַץ!

אַ פאַרע האָט געזעצט פון די וואַזעס מיט באָרשטש. די צוויי דינסטן האָבן נאָך נישט געהאַט אָוועקגעשטעלט די חלות מיט הערינג. דאָס שטיק גלאָז האָט זיך אָנגעשלאָגן ביים פוס פון טיש, געפאַלן אויף דער טעפּיך־ווייכקייט און ביי די קנעכלעך פון זילבערינגס פיס. פּנחס האָט זיך אַ הויב געטון פון אָרט. די פראַנדזן און טראָלדן פון זיין שלאַפראָק האָבן זיך צעוויגט איבערן בויך. ער האָט אַ געשריי געטון:

— עזות מחוצף! דיין פוס זאָל מער נישט באַטרעטן מיין פאַבריק!

שמואל־יצחק האָט אַ שליידער געטון זיין נישט־דעררויכערטן סיגאַרעט און אַרויס פון הויז באַגלייט מיט בליקן פול מיט רחמנות, טרויער און כעס.

דער עולם האָט זיך געוואַשן, צוגעגאַנגען צום טיש און אָנגעהויבן די סעודה. אַ דינסט האָט פון טעפּיך אויפגעהויבן שטיקער גלאָז פונעם קרישטאָלענעם בעכער. צווישן עולם האָט ווער דאָ און דאָרטן אָנגעהויבן ציִען אַ פאַרבענקטן ניגון און עפּעס נישט פאַרענדיקט. דער ניגון איז אויסגעגאַנגען איבערן טיש, אַזוי גוט ווי די הייסע פאַרע, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די פאָרצעלייענע וואַזעס איז צעגאַנגען.

פּנחס זילבערינג האָט אויפגעמונטערט דעם עולם:

— נו, נו עפּעס אַ פריילעכן זמר. מלווה־מלכהדיקס!

עס האָט זיך עפּעס נישט געזונגען. די בושה וואָס דער באַלעבאָס האָט ערשט אָנגעטון שמואל־יצחקן, זלמן שוחטס זון, איז נאָך געלעגן אָפּן איבערן גאַנצן הויז. דער „המלבין פני חברו ברבים", האָט אַריבערגעשריגן אַלע ניגונים אין אַלע רייכע חדרים.

דאָס יונגע ווייב מיט די גרינלעך־בלויע אויגן, האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן די דינסטן. איר קויל האָט געקלונגען יונג, פריש און געצאַפּלט מיט אויפבראַוז, אַרויסרוף אין פּנחס זילבערינגס אויערן און פאַרשריגן דאָס געוויין פון צער און בושה, וואָס האָט זיך דאָ געטראָגן, ווי אומגעזעענע פידלען וואָלטן אויסגעוויינט דעם טרויער פון דער וועלט.

## ד

עס זענען געווען די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אויף גרויע מויערן, פאַרקאַנעס, קיאָסקן, חורבות פון קליינע פּוילישע שטעט־לעך, זענען געהאַנגען פאַרביקע פּלאַקאַטן מיט פעטע שרייענדיקע אותיות, ווי עס האָט זיך גערעדט וועגן אַרבעטער, געזונטע מענטשן, וואָס פראַנקרייך וויל אויפנעמען ביי זיך אין לאַנד, מענטשן אין וועלכע זי נייטיקט זיך אויפצובויען איר אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט, וואָס דער דייטש האָט חרוב געמאַכט.

הונגעריקע אויגן, אין הונגעריקע, צעקנייטשטע פּנימער האָבן געלייענט די פּלאַקאַטן. די וואָס האָבן נישט געקענט לייענען האָט מען געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס רעדט זיך דאָ וועגן זאַטע מאָלצייטן, גאַנצע שיך, ברויט און באָרשטש וויפל די אויגן וועלן נאָר גלוסטן, וועגן דעם גאַנצן גליק, נאָך וועלכן דער אָרעמער מענטש איז אויסגעהונגערט, דאָס גליק וואָס ער זעט אין חלום און זעלטן אין — וואָר.

אין איינעם אַ טאָג איז שמואל־יצחק אַ פאַרזאָרגטער, אַ צעבראָכענער אַהיים־געגאַנגען פון בית־המדרש, פון שחרית, דער טלית־זאַק אין אַן אָפּגעריבענעם סאַמעט האָט געשווערט זיין אָרעם, זיין געמיט איז געווען פול מיט געוויין, מיט צער, פון ערגעץ האָט זיך אים נישט געוויזן אַ פונק פון טרייסט. ער האָט שוין חדשים לאַנגע נישט געאַרבעט. פּנחס זילבערינג האָט אים נאָך דער מעשה מיטן קרישטאָלענעם אַש־בעכער אַרויסגעוואָרפן פון פאַבריק. לערנען זיך שחיטות ביים פאָטער האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט אַלע יאָרן געקעמפט קעגן זיך אַליין און נישט געוואָלט ווערן קיין שוחט. אין די אויגן האָט אים אַ שלאָג געטון אַ פאַרביקער פּלאַקאַט אויף אַ פאַרלאָזענעם פאַרקן. דער ווינט האָט געריסן שטי־קער פון דעם ווייכן פּאַפּיר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געלייענט, אַז ערגעץ

אין אַ לאַנד פאַרלאַנגט מען הענט, וואָס דאַרפֿן נישט קענען קיין שום ספּעציעלע מלאכה, נאָר דאַרפֿן קענען אַרבעטן. אין מוח האָט זיך בײַ אים אַ צאַפּל געטון: אפשר? משנה מקום משנה מזל. פֿאַרוואָס טאַקע נישט לויפֿן וווהין דער פּעפּער וואַקסט? מען דאַרף הענט. דאָ טויג ער נישט, פֿאַר פּנחס זילבערינגס וועבערײַ איז ער אַ לאָ־יצלח. אפשר וועט די גרויסע וועלט זײַן צו אים בעסער. אָט זאָגט מען דאָך בפירוש, אַז מען וועט געבן ברויט צו דער זעט, אַ מלבוש פֿאַרן לײַב און וואָס וויל ער איצטער מער...

אין דער ביוראָ ווו מען האָט פֿאַרשריבן די, וואָס ווילן פֿאָרן קיין פֿראַנקרײַך אויף אַרבעט, האָט מען שוין דעם זעלבן טאָג באַטראַכט דעם ייִד מיט דער באָרד, וואָס האָט האַלב־שטאַמלענדיק פֿאַרגעלייגט זײַנע הענט פֿאַר דעם ווייטן אומבאַ־קאַנטן לאַנד. דאָס פֿאַרפּוצטע פּוילישע באַאַמטערל בײַם ביוראָ־טיש, האָט גע־שמייכלט אין די קליינע, פֿאַרשפּיצטע וואָנצעס אַרײַן. אַ ייִד — האָט ער געטראַכט — וועט אַרבעטן אין אַ קוילן־גרובן, וועט שלעפּן שטיינער? ער גלייבט דאָס נישט זײַנע אייגענע אויערן. דער ייִד, מיט די מידע טרויעריקע אויגן, מיט אַ נאָמען שמולקע איצעק גראַנאַט, וויל דאָ וועמען אָפּנאַרן. ער האָט דעריבער אָוועקגעלייגט דעם פֿראַגעבויגן אין דער זײַט, אַ גלעט געטון די גלאַטע צוגעקעמטע האָר און וויליונגעריש אַ זאָג געטון:

— קיין פֿראַנקרײַך פֿאָרט מען נאָר אַרבעטן, נישט שאַכערן מיט שמאַטעס, הערינג, נאַפֿט!

— איך ווייס — האָט שמואל־יצחק געזאָגט, אַז ער האָט זײַן אייגן קול נישט געהערט — איך וויל אַרבעטן בײַ וואָס עס זאָל נישט זײַן.

— איר ווייסט כאָטש, אַז פֿראַנקרײַך פֿאַרלאַנגט נאָר מענטשן צו גראָבן קוילן, שלעפּן ציגל, באַמיסטיקן אַ פֿעלד. קיין אײדעלע אַרבעט איז דאָרט נישטאָ פֿאַר אײַנעם וואָס פֿאָרט אויף אַ לאַנג־יאָריקן קאָנטראַקט.

— אַזוי לאַנג ווי מײַנע הענט וועלן דינען, בין איך גרייט צו טון די שווערסטע און גרעבסטע אַרבעט.

די פֿאַרשפּיצטע וואָנצעלעך און די גרויע אויגן פֿונעם באַאַמטן האָבן זיך צעשמייכלט:

— איר וועט מוזן אַרבעטן אין שבת, אין די ייִדישע ימים־טובים, בלויז אין די זונטיקן און אין קריסטלעכע חגאות וועט איר זײַן פֿרײַ, אַזוי זאָגט עס זיך אין קאָנטראַקט!

שמואל־יצחק איז געבליבן אַ פֿאַרטומלטער. אין דעם האָט ער אינגאַנצן פֿאַרגעסן. זיכער, זיי דאַרטן ווייסן נישט פֿון קיין שבת, ווי אַזוי קען ער זיך אונטערנעמען אַזאַ זאַך? שבת...

אַ ציטער איז אים אַדורך איבערן לייב. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, כדי דאָס פּוילישע ביוראָ־בחורל זאָל אים נישט אַריינקוקן אין די אויגן און זען דעם אָפּגרונט פון טרויער אין זיי. באַלד איז ער געקומען צו זיך: פּיקוח־נפש שטופּט אַוועק שבת. ביי אים אין הויז, איז שוין מער ווי פּיקוח־נפש.

— איך באַשטיי אויף אויף דעם — האָט ער קוים־קוים געהערט די אייגענע רייד, — איך וועל אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט, אַזוי ווי עס פאָדערט זיך.

דאָס ביוראָ־בחורל האָט געשטוינט. דאָס ערשטע מאָל וואָס ער טרעפט אָן אויף אַ ייִד, וואָס וויל פאַרן אַרבעטן אין קוילן־מינעס, אַרבעטן אין ייִדישן שבת. ער איז עפּעס נישט ווי אַנדערע ייִדן. ער האָט דעריבער ווידער אָנגעשפּיצט דאָס פּנים:

— פון אַ קאָנטראַקט קען מען זיך נישט אַרויסדרייען, נישט לויפן אין שטאָט אַריין.

— איך וועל אַלץ אויספאָלגן, אַלץ.

שמואל־יצחק איז אַרויס פון ביוראָ מיט אַ דערלייכטערטן געמיט. זיינע בליקן האָבן איצטער געבלאָנדזשעט איבער דעם געסל, איבער די מענטשן. עס איז אים אויסגעקומען, ווי ער וואָלט היינט דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל. ער אַליין איז אַ פרעמדער אַראָפּגעפאַלן דאָ פון אַן אַנדערער וועלט. אפשר איז ער טאַקע נאָך דאָ נישט געווען, ווייל אָט וועט ער דאָך זיין אין אַ צייט אַרום ערגעץ ווייט, ווייט, פאַרטראָגן ווי אַ האַרבסט־בלאַט אין אַ שטורעם־ווינט.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מען אים געלאָזט וויסן, אַז ער זאָל זיך איינפּאַקן צו דער רייזע. שוין די טעג פאַרט מען אָפּ. אין שטוב אין גאַס האָט זיך אויפגעהויבן אַ יללה: שמואל־יצחק, זלמן שוחטס זון, לאָזט זיך אַוועק אויף שווערע אַרבעט אין אַ פרעמדן לאַנד אַריין, אין אַ לאַנד ווו מען טרינקט וויין ביי יעדן עסן און ווייבער זענען דאָרט הפקר...

די נייס איז געגאַנגען פון מויל צו מויל, פון אויער צו — אויער.

דאָס ווייב מיט די קינדער האָט ער נישט פאַרשריבן אינעם קאָנטראַקט. אַזוי ווייט האָט ער שוין מורא געהאַט צו גיין. איינשטעלן זיין אייגן לעבן, די אייגענע נשמה פאַראומווירדיקן דאָס מוז ער, אָבער מיטשלעפּן די משפּחה צו אַ אומבאַ־וווסטן תהום, דאָס האָט ער נישט געקענט. די נשמה גייט אַריין אינעם מענטשלעכן גוף — האָבן די געדאַנקען זיך געשניטן שאַרף אין מוח, — מיט געוואַלט, וויינט, קלאָגט, רייסט אויף וועלטן. עס העלפט נישט. גייט אַרויס פונעם מענטשנס גוף מיט געוואַלד, אָבער ער שמואל־יצחק, אַ צעבראָכענער מענטש, אַ פאַרחלומטער, טויג זיך עפּעס נישט אויס צו דעם גאַנצן תוהו־ובוהו, ער קען נישט שלעפּן מיט זיך נאָך מענטשן צו אַ שאול־תחתיה.

— איך וועל שיקן געלט פון דאָרטן, — האָט ער געטרייסט זיין ווייב, — עס וועט זיך ענדיקן דער קאָנטראַקט, וועל איך צוריק־קומען. אַ מענטש ווערט נישט פאַרפאַלן. דער חלף ליגט מיר אויפן האַלדז. איך מוז...

ער האָט איינגעפּאַקט אַביסל בעבעכעס, די ספרים, דאָס בעטגעוואַנט אין רויטן איינשיט און קיווע דראָשקאַזש האָט אים פאַר די אויגן פון דער גאַס געפירט צום באַן.

## ה

פּנחס זילבערינג איז מיט זיין יונג ווייב געפאָרן קיין מאַרינבאַד אין וואַרעם־באָד.

צוריקגעקומען זענען זיי מיט אויסגעקעכלטע פּנימער און אַ סך מתנות פאַר קרובים.

זינט יענעם שבת־צונאַכט ווען ער האָט מבייש געווען שמואל־יצחקן און עס איז שוין געווען אַ שטיק מער ווי אַ יאָר צייט, איז ער נאָך נישט געווען ביים רבין. פּנחס זילבערינג איז געווען פאַרנומען מיט צובויען אַ נייעם פליגל צו איינעם פון די פאַבריק־געביידעס, ווו מען האָט געזאָלט אַריינשטעלן אַ צוויי צענדלינג מאָדערנע וועבשטולן, וואָס גייען אויף עלעקטרי און קענען אָפּוועבן זעקס־און־דרייסיק מעטער געוואַנד אין צען שעה צייט. אַזעלכע מאַשינען וואָס די הענט דאַרפן זיי בלויז באַדינען פון צייט צו צייט, אַ כאַפּ דאָ און אַ כאַפּ דאָרטן. מען דאַרף נאָר בלויז אַכטונג געבן דאָס שיפעלע זאָל פליען צווישן די פעדים אָן אויפהער.

ווען ער איז דאָס לעצטע מאָל געווען אין אויסלאַנד אין די וואַרעם־בעדער, האָט ער זיך שוין אַריינגעכאַפּט אין אַ שטאָט פון וועבערייען, באַזוכט דאָרט אַ פאַבריק מיט די מאָדערנסטע מאַשינען. ביי אים אין מוח האָט זיך שוין איינגע־פרעסן אַ געדאַנק אַראָפּצוברענגען אַהיים אַזעלכע מאַשינען און ווייזן די גויִים־קעפּ, די דייטשע וועבער־פאַבריקאַנטן, די געגאָלטע צורות, וואָס פּנחס זילבערינג קען...

היינט אַז ער איז געווען אַזוי טרוד אין עניִן מאַשינען, מויערן, מאָטאָרן, ווי האָט ער שוין געקענט האָבן צייט אַראָפּצוכאַפּן זיך צום רבין? ער האָט דעריבער אָפּגעלייגט פון איין יום־טוב צום אַנדערן, אָפּגעלייגט אויף אַ צייט, ווען ער וועט דאַרפן אַ טובה פון רבונו־של־עולם.

ער איז אַוועק צום רבין. עס איז געווען אין אָנהייב פון חודש אלול.

דער רבי האָט אים היינט געגעבן אַ קאַלטן שלום־עליכם.

פנחס איז געוואָרן אַ צעטומלטער. זיין פּנים אָפּגעבּרוינט פון דער זון איז געוואָרן בלייך. ער האָט דאָ ערשט געוואָלט אַרויסלייגן פאַרן רבּין פאַרשידענע פאַרלאַנגען, וואָס ער וויל פונעם רבונו־של־עולם: פאַרן ווייב — געזונט, זי קלאָגט זיך עפּעס אויף ווייטיקן, אויף קאָפּ־שווינדל; אויך אים דאַקוטשעט עפּעס דאָרט אין דער לינקער זייט פון גוף; ער דאַרף האָבּן אַ סך געלט פאַר דער נייער מויער; ער וועט דאַרפן אָנקומען אין בענק מאַכן ריזיקע הלוואות. ער איז אייגענטלעך געקומען צום רבּין מיט פּאַרטיקע פּלענער. ער האָט נאָר געוואָלט אַ הסכּמה פאַר זיינע נייע הצטרכותן.

ער האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש פאַרן רבּינס אויגן אַ מתּנה פון אויסלאַנד: אַ פּרעכטיקע זילבּער־געהאַמערטע אתרוג־פּושקע. דער רבּי האָט אַפילו דערויף נישט געוואָלט קוקן. ער האָט שאַרף אַריינגעקוקט אין פנחס זילבּערינגס אויגן און געציילט די ווערטער:

— האָסט מבייש געווען שמואל־יצחקן, דאָס בלוט פון אים געצאַפּט בפרהסיא...

— היתּכן? איך האָב אים מפייס געווען, געוואָלט אים געבּן אַ סכום געלט. אַ שיינע נדבה געווען, אַ גאַנץ שיינע. עס איז שוין אַ מעשה פון העכער אַ יאָר צייט.

— ער האָט נישט גענומען. דאָס איז כּבוד. המלבּין פני חברו בּרבּים, דאָס קען מען נישט אָפּקויפן מיט געלט.

— עפּעס אַ בייזע מינוט געווען, נישט באַרעכנט זיך.

— נישטאָ קיין בייזע מינוטן, פנחס, אויב דאָס בייז און דער חוזק נעסטיקן נישט אין האַרץ. אַ בייזע מינוט האָט הינטער זיך יאָרן מיט בייזע כּוונות.

— וועל איך אים אויפסניי מפייס זיין. צוריקנעמען אין פאַבריק אַריין. חרטה און תּשובה אויף זיך נעמען.

ווידער האָט אים דער רבּי שאַרף אָנגעקוקט. געציילט די ווערטער:

— ער איז אַוועק אין דער גרויסער וועלט אַריין. מען האָט אים ערגעץ צוגעזאָגט ברויט און אַ בגד פאַרן לייב. האָסט גורם געווען ער זאָל מחלל־שבת זיין. נישט איין שבת, נאָר אַ סך שבתים. דו האָסט אים געטריבּן צו חילול־שבת...

— איך? רבּי היתּכן? צו האַרבע רייד. איך בּין נישט דער גורם.

— נישט בּידים האָסטו עס געטון, פנחס. נישט במזיד, נישט בשוגג. עס איז אַרויסגעקומען צוליב, אוי רבונו־של־עולם, אַביסל בּידנעם אַש, אַש. מילא דער רבונו־של־עולם וועט אים העלפן, פּיקוח־נפש. איינער איז נישט ערב פאַרן אַנ־דערן. און דו, פנחס, נאָך אַלץ פאַרטון אין הנאת־הגוף. היינטיקע צייטן. די יאָרן שווערן שוין אויף די פּלייצעס. איבּער קעפּ פון ייִדן טראָגן זיך שטורעמס און גזירות, רחמנא ליצלן.

פּנחס זילבערינג איז אַוועקגעפאָרן פון רבין נישט אין קיין הײַטערער שטימונג.

## ו

עס זענען אָנגעקומען די נײַע מאַשינען. מען האָט פאַרלייגט שינעס פון דער באַן ביז צום גרויסן הויף פון זײַן פאַבריק, כדי די נײַע וועבשטולן צו ברענגען צו זייער מקום־מנוחה. שטאָט האָט גערעדט וועגן פּנחס זילבערינגס רײַכטום. צו אים אין קאַנטאָר זענען איצטער פאַרפאָרן נײַע סוחרים, מעקלערס אינזשיניערן, מעכאַניקער.

די קאָטש האָט אים איצטער געטראָגן אין פאַבריק אַרײַן נאָך פרי׳ער, אַ שטיק פאַרן פײַף פון קוימען. ער האָט זיך נישט פאַרגינען אַהיים צו פאָרן צו מיטיק. ער האָט זיך צוגעלעגט אויף אַ סאָפע בײַ זיך אין קאַנטאָר און אַרײַנגעכאַפּט דעם בײַטאָג־דרימל.

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט־שעה:

אין קאַנטאָר זענען גראָד געווען סוחרים, צוויי אינזשיניערן פון אויסלאַנד, אַ בוכהאַלטער. עס האָט זיך געטראָגן אַ רויך פון ציגאַרן, שמעקנדיקע סיגאַרעטן, ריחות פון פײַנע טיי, וואָס מען האָט דאָ אָנגעטראָגן פון אַ ספּעציעל־אײַנגעאָרדנטער קיך, דער באַלעבאָס זאָל זיך האָבן מיט וואָס דאָס האַרץ צו דערכאַפּן. מען האָט גערעדט רייד — אויסלענדישע, שווער אויסטערלישע, אַפילו פּנחס זילבערינג האָט זיי נישט פאַרשטאַנען. מען האָט גערעדט וועגן טראַנספּאָרטן קאַמגאַרענע סחורות אין ווײַטע לענדער, וואָל־סחורות. פּנחס האָט געטראָגן אַ זײַדענע יאַרמעלקע אויפן קאָפּ, פאַר אים איז געשטאַנען אַ פינקלענדיק גלאָז טיי, מיט קיכעלעך און אײַנגעמאַכטס.

פּלוצלינג האָט זיך אין קאַנטאָר באַוויזן פּנחס זילבערינגס יונג ווײַבל. זי האָט געטראָגן אַ זײַדענעם טערקישן שאַל איבערן קאָפּ, די אויגן האָבן בײַ איר געגליט, די באַקן — פאַרפלאַמטע. פּנחס האָט אַ ברום געטון. ער האָט נישט גערן געהאַט, אַז ווײַבער קומען דאָ אַהער, בפרט זײַן ווײַב. זי האָט דאָך אַמאָל אַליין דאָ געאַרבעט, פון דאַנען האָט ער זי דאָך אַרויסגענומען און זי געבראַכט צו אַ שטאַפּל פון גדולה און עשירות, היינט צו וואָס דאַרפן מענטשן טײַטלען מיט די פינגער. וויפל ער בעט זי נישט, אַז זי זאָל נישט קומען אין פאַבריק־הויף אַרײַן, זאָל זי זיצן בײַ זיך אין די סאַליעס, העלפט עס נישט. זי האָט ווײַזט אויס מורא... נו, יאָ, פּנחס האָט דאַן שוין אַריבערגעשפּאַנט די זעכציק, קינדער פון ערשטן ווײַב. היינט איז זי עפּעס צעטראָגן. עפּעס איז נישט גלאַטיק.

זי איז צוגעקומען צום טיש, ווו ער איז געזעסן. ער האָט עפּעס געמאַכט

אַ באַוועג ווי ער שטעלט זיך אויף פון שטול און ווי ער זיצט ווײַטער אין שטול. זי האָט זיך צוגעבויגן צו זײַן פּנים און שטיל גערעדט:

— איך האָב עפּעס געהערט, אַז ווי הייסט ער דאָרטן, זלמן שוחטס זון, דער... דער שלימזל שמואל־יצחק איז צוריקגעקומען פון אויסלאַנד אָן איין פוס. אין די קוילן גרובנס, האָט ער געזאָלט דעם פוס פאַרלירן.

פּנחס זילבערינג האָט זיך געגעבן אַ רייס אויף פון שטול:

— וואָס? שמואל־יצחק? אַ קאַליקע געוואָרן נעבעך, אוי־וואַ, אוי־וואַ. מ׳עט דאַרפן אים מפייס זײַן, און שוין. ווער ווייסט אויב איך בין טאַקע נישט דער גורם?

ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, אַ שאַר געטון פון זיך די טײ מיט די קיכעלעך, מיטן אײַנגעמאַכטס.

— וועגן דעם האָסטו זיך מטריח געווען אין קאַנטאָר? נישט געדאַרפט. אַ בשורה, נישט אַזאַ געהויבענע.

— איך ווייס, אַז עס מאַטערט דיך. דו רעדסט פון שלאָף אַרויס זײַן נאָמען, פון חלום, קרעכצסט, וואַרפסט זיך אין בעט...

— מפייס זײַן. אַ בייזע מינוט געהאַט. איך וועל דאַרפן שיקן נאָך אים. אַזוי, אַזוי אַ פוס פאַרלוירן. נאָך אַ קאַליקע אין שטאָט.

איינער פון די סוחרים, אַ דייטשל, מיט אַ געגאָלטן פּרצוף, האָט אומגעדולדיק איבערגעריסן דעם שמועס פון מאַן און ווײַב:

— אַנטשולדיקן זי, הער זילבערינג, ווען קען דער טראַנספּאָרט קאַמגאַרן געליפערט ווערן? מיר מוזן האָבן די סחורות פאַרן ווינטער־סעזאָן!

— אַך, יאָ. מיר וועלן טון וואָס נאָר מעגלעך, — האָט פּנחס געזאָגט און גע־קוקט איבער דעם חלל פון קאַנטאָר, — די וואָל־סחורות געפינען זיך שוין אין דער וועשערײַ!

די אינזשיניערן האָבן געטומלט, געאַמפּערט זיך. די סוחרים האָבן געוואָרפן מוסטערן פאַר די אויגן, געוואָרפן בליקן אויף דעם יונגן שיינעם ווײַבל פון דעם אַלטן זילבערינג.

פּנחס האָט פּלוצלינג דערפילט אַ שוואַכקייט אין די פיס. ער האָט געקוקט אויפן ווײַב. ער האָט געברומט פאַר זיך:

— מחלל־שבת געווען און איצטער וואָס? די פּושעים, דער רבונו־של־עולם באַצאָלט. אַ פוס אוי־וואַ, אוי־וואַ...

## ז

ער האָט אָפּגעלייגט דאָס שיקן נאָך שמואל־יצחקן און אים מפייס זײַן פון איין טאָג אויפן אַנדערן.

מיט אַ קורצער צײַט שפּעטער, ווען ער איז אין אַ ווינטער־אָוונט אַהײמ־געפאָרן, האָט ווער געוואָרפן אַ שווערן שטיין אין דער קאַטש אַרײַן און פּנחסן געטראָפן אינעם ברוסטקאַסטן. דער אַנטרײַבער האָט שנעל אָפּגעשטעלט די קאַטש, מיט דער בײַטש נאָכגעיאָגט דעם אָנפאַלער אָבער יענער איז שנעל אַנטלאָפן, נאָכשרײַענדיק: „זשיד באַגאַטי, זלאָדזשעי כאַלאַטי". דאָס הייסט, אַ רײַכער ייִד, אַ גנב אין כאַלאַט. עס איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען האָט זײַן קאַטש נאָכגעוואָרפן שטיינער. דאָס מאָל איז עס געווען אַ שווערער שפּיציקער שטיין. פּנחס איז מיטן קאָפּ אָוועקגעפאַלן אויפן ווייכן אָנלען.

דעם זעלבן אָוונט איז פאַר זילבערינגס הויז פאַרפאָרן די קאַטש פון דאָקטאָר סטעפאַן נאַרעווסקי. דער דאָקטאָר איז צוגעקומען צום קראַנקן, וועלכער איז גע־לעגן אַ בלייכער. די יאַרמעלקע אויפן קאָפּ האָט זיך אַראָפּגעגליטשט. דער דאָק־טאָר האָט באַטראַכט פּנחס זילבערינגס האַרץ, דעם קלאַפּ וואָס ער האָט באַקומען אין ברוסטקאַסטן. דאָס יונגע ווייב האָט געפּלאַטערט אַרום בעט מיט פאַרבראָכענע הענט, פרעגנדיקע בליקן. דעם דאָקטאָרס פּנים איז געווען ערנסט. ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, פאַרשריבן אַ באַרג מיט רעצעפּטן, געהייסן דעם קראַנקן רוען אַ שטיקל צײַט, ווייניק זאָרגן. אויף אַ ווײַלע אויפהערן בויען נײַע געבײַדעס, נישט ברענגען נײַע מאַשינען פון אויסלאַנד.

— מען ברענגט מאַשינען פון אויסלאַנד, — האָט דער דאָקטאָר גערעדט און געשריבן, — און מען שיקט אונדז צוריק קאַליקעס פון דאָרטן. איך בין ערשט געווען בײַ איינעם. איר דאַרפט אים קענען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַמאָל געאַרבעט בײַ אײַך אין פאַבריק, איצעק גראַנאַט הייסט ער. געפאָרן צו די פּראָנצוויזן אין די קוילן־גרובנס, אַ מאַשין האָט אים אָפּגעריסן אַ פוס, ער גייט אויף אַ קוליע, דער פוס איז פאַרהיילט, די פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט דאָרט האָט באַצאָלט אפשר אַ צוואַנציקסטל וואָס אַ מענטשלעכער פוס איז ווערט. אָבער אַזוי איז דער איצעק גראַנאַט נישט קיין געזונטער. אַ נײַער קאַליקע בײַ דער ייִדישער קלויז...

פּנחס זילבערינג האָט מיט שוועריקייט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. דער דאָקטאָר האָט אים געהייסן ליגן רויִק. ער האָט געכאַפּט זײַן רענצעלע, דאָס היטל און צוגעוואָרפן דעם קראַנקן:

— וועסט נאָך גיין אויף מײַן פּאָגזשעב (לוויה)! און איז אַרויס.

מיט אַ צײַט שפּעטער איז פּנחס אַראָפּ פון בעט. זײַן געשטאַלט איז געוואָרן אַביסל געבויגענער, אונטער די אויגן אויפגעלאָפענע קישעלעך, דער שטערן — עגווירעטער פאַרמעט. די קאַטש האָט אים דעם ערשטן טאָג נאָך דער קראַנקייט ווידער געפירט מיט גרויס ווירדע אין פאַבריק אַרײַן.

דעם זעלבן טאָג האָט פּנחס זילבערינג געשיקט זיין קאַטש נאָך דעם קאַליקע שמואל־יצחק. ער זאָל למען־השם קומען אין קאַנטאָר אַריין.

שמואל־יצחק האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד. ער האָט זיך אין דער קאָטש נישט געוואָלט אַריינזעצן, נאָר מיט דער קוליע אונטערן אָרעם האָט ער אַריינגעהינקט צו זילבערינגס פאַבריק. ער האָט אַריינגעהינקט אין הויף אַריין און פון הויף אין — קאַנטאָר.

פּנחס זילבערינג האָט זיך אויפגעשטעלט געגעבן אים אַ ברייטן שלום־עליכם, געהייסן אַלעמען אַרויסגיין פון קאַנטאָר.

— נו, שמואל־יצחק, נעבעך נישט געטראָפן, האַ? מילא מן־הסתם באַשערט. דער נתנה־תוקף, פון הימל, אָבער פאַרפאַלן. מיטן רבונו־של־עולם קען מען דאָך קיין קאָנטראַקט נישט מאַכן.

שמואל־יצחק האָט זיך שווער אָנגעשפּאַרט אויף זיין קוליע.

— זעץ דיך, נו, אדרבא. מילא ביסט דאָך זלמן שוחטס זון...

— וועגן דעם האָט איר מיך געלאָזט רופן אין קאַנטאָר אַריין, ר׳ פּנחס? איך ווייס עס אַליין.

— חלילה. איך האָב דיך געוואָלט מפייס זיין. איך ווייס, דער מענטש איז דאָך נישט ערב איינער פאַרן אַנדערן. אפשר חלילה צוליב דעם אַש, נו, דער קרישטאָלענער בעכער, איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט. געוועזן אַ גורם. די צונג פון מענטש...

— אַרויסגעכאַפּט זיך. דאָס רשעות האָט פון אייך אַרויסגערעדט, ר׳ פּנחס זילבערינג. דער כעס, די עשירות, די הצלחה...

— נו, נו. איך האָב געמיינט, אַז ביסט שוין אַביסל מער לייט געוואָרן, פאַרט אויסגעוווען אַ וועלט, זאָגסטו מיר גאָר, אַז מיין רשעות. מילא, איך וויל דיך מפייס זיין. איך מיין אַ שטיקל תכלית. אַרבעטן אַלס אַ וועבער קענסטו נישט מיט איין פוס, ביסט קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסער איי, איי, איי, מיטביידע פיס, נו האָב איך גערעכנט, איך קען דיר געבן אַ שטעלע, לאָמיר אָנכאַפּן, אַלס אַ נאַכט־שומר. ביי מיר אין פאַבריק באַשעפטיק איך עטלעכע נאַכט־ שומרים, וועט זיין נאָך איינער, וועסט האָבן אַ שטיקל פּרנסה, אַ בכבודיקע פּרנסה. וואָס קען מען טון, מן־הסתם פון הימל...

— איך וויל נישט אייערע שטעלעס! — האָט שמואל־יצחק איבערגעריסן דעם שטראָם רייד פון דעם פאַבריקאַנט, — און איך וויל נישט זיין אייער נאַכט־שומר. זאָרגט נישט פאַר מיר, מען באַצאָלט מיר פאַר מיין פוס. זיי דאָרטן, אין פראַנקרייך באַצאָלן. איך קריג יעדן חודש אַ סומע געלט, אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, אַסעקוראַציע. איר קענט מיר נישט באַצאָלן רעב פּנחס, פאַר צאַפּן מיין

בלוט פאַר די אויגן פון אַ גאַנצן עולם. איך וויל נישט איר זאָלט מיך מפייס זיין פאַרקערט איך וויל איר זאָלט מיר אייביק שולדיק זיין פאַר מבייש זיין. איר הערט! אייביק!

פּנחס זילבערינג האָט זיך אָנגעשפּאַרט ביים זוים פון טיש. זיין פּנים איז געווען בלייך ווי קאַלך. אין דער לינקער זייט האָט אים געשטאָכן.

— נו, נו, שמואל־יצחק, דרך־ארץ. פאַרט אַביסל עלטער פון דיר, פאַרט פּנחס זילבערינג און דו ביסט שמואל־יצחק, אַ לא־יצלח, וואָס דאַרפסט לעבן פון קצבה. אַ נאַכט־שומר, איז אַ בכבודיקע אַרבעט. עס פּאַסט דיר נישט אַ נאַכט־שומר, איז אַ... טאָג־שומר, בכבודיקער, נו, האַ?

— איר ווילט דאָך ר׳ פּנחס, איך זאָל זיין אייער נאַכט־ אָדער טאָג־שומר פון אייער פאַרמעגן און איך זאָל מיט לייב און לעבן געהערן אייך. איר וועט זיך גלעטן די באָרד, אָפּקומען מיט אַ קרעכצל און ווייזן די וועלט, אַז איר האָט מיך מפייס געווען. דאָרט האָב איך פאַרלוירן אַ פוס, ווייל איך האָב מחלל־שבת געווען און איר האָט מיט אייער ברייט האַרץ פאַרקוקט און מיר געגעבן אַ שטעלע. איך וויל אָבער נישט אייער שטעלע. אַ קרעמל אין מאַרק וועל איך מיר עפענען און זיך מפרנס זיין; איר וועט מיר שולדיק זיין אַ חוב דאָס גאַנצע לעבן. איר וועט קיינמאָל דעם חוב נישט באַצאָלן, קיינמאָל נישט. דער קרישטאָלענער אַש־בעכער קאָסט מיך אַ פוס, אָבער אייך אַ סך מער! אייך קאָסט עס ביידע וועלטן! איר הערט, ביידע! דער כעס אייערער, דער שטאָלץ האָט דאָס גורם געווען.

פּנחס זילבערינג האָט זיך צוגעזעצט אויפן שטול און נערוועז גענומען שאַרן צווישן דעם אָנגעוואָרף פון געוואַנד־מוסטערן, פאַרבן, בינטלעך פעדים, פּאַפּירן, פּעקלעך ווייסע וואָל. ער האָט געזען: שמואל־יצחק האָט זיך אויפגעשטעלט פון שטול, עס איז אים נישט לייכט אָנגעקומען דאָס אויפשטעלן זיך. ער האָט פּאַמעלעך גענומען די קוליע אונטערן אָרעם און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ שטאָלץ און זיכער אַרויסגעשפּאַנט פון קאַנטאָר.

שמואל־יצחק האָט געשפּאַנט איבערן גרויסן הויף צום טויער צו. ער האָט געהינקט פּאַמעלעך, ווי ער וואָלט געציילט יעדן טראָט. ער האָט געפילט, אַז פּנחס זילבערינג קוקט אים נאָך מיט קנאהדיקע בליקן.

דער פאַרריסענער קוימען האָט אַרויסגעלאָזט וואָלקנס רויך. די קעסלען האָבן געהודזשעט, די וועבשטולן האָבן געקלאַפּט ריטמיש, זיכער און הילכיק. דער אָנטרייבער מיט דער קאָטש און די צוויי אויסגעפּאַשעטע פערד זענען שוין פאַרפאָרן צום קאַנטאָר, כדי דעם באַלעבאָס אַהיימצופירן צו מיטיק.

שמואל־יצחק איז אַרויס פון טויער פון דער פאַבריק. דאָס טויער האָט זיך הינטער אים פאַרמאַכט מיט אַ גרילץ. ער איז געווען צופרידן, וואָס פּנחס זיל־

בערינג איז אים געבליבן אַ בעל־חוב אויפֿן גאַנצן לעבן אַרויס. ער האָט פֿעסטער פֿאַררוקט די קוליע הינטערן אָרעם און גענומען שטעלן מיט דעם איינעם פֿוס שנעלערע טריט. אַ וויסטער טרויער האָט אים אָנגעשפּאַרט אין האַלדז: וואָס האָט ער דערגרייכט? נו, וועט אים דער פֿאַבריקאַנט שולדיק זיין אַ חוב. איז וואָס? איז שוין דעמאָלט אַלץ באַרעכטיקט, וועט ער שוין האָבן עפּעס דערגרייכט? איז דען נישט יעדער מענטש, אַ בעל־חוב צום אַנדערן? וויפֿיל זינד ווערן באַגאַנגען פֿון איין מענטש לגבי דעם אַנדערן? אַפֿילו גאָט איז דאָך נישט מוחל די זינד פֿון בין אדם לחברו!... היינט וואָס וועט ער, שמואל־יצחק, דעם שוחטס זון האָבן פֿון דעם? דער טרויער האָט געכוואַליעט איבער זיין געשעדיקט לייב.

די קאָטש מיט פּנחס זילבערינגען האָט אים אָנגעיאָגט.

— זעץ דיך אַריין שמואל־יצחק. מען וועט דיך צופֿירן אַהיים!

שמואל־יצחק האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און פּנחס זילבערינג האָט געפֿילט, אַז דעם לאָמען שמואל־יצחקן איז לייכטער צו גיין מיט דער קוליע, ווי אים צו פֿאָרן אין דעם ווייכן אויסגעבעטן געזעס, אין דער אייגענער קאָטש.

# האַרבסט אין ווײַנגאָרטן

1

צוויי ייִדישע פרויען זענען געגאַנגען איבער אַ פאַרוואָרפענעם וועג.

איינע פון זיי איז געווען אין מיטעלן עלטער, מיט אַ מידן אויסגעבליכטן פּנים אויף וועלכן עס זענען געלעגן שפּורן פון אַמאָליקער שיינקייט און רייץ. די צווייטע איז געווען אַ יונגע, בלײַענדיק מיידל אין עלטער פון זיבעצן יאָר, מיט פאַרחלומטע, וואַרעמע ברוינע אויגן, וואָס זענען איצטער געווען רויטלעך פון שטויב, מיד פון נישט־שלאָפן. דאָס פּנים פון דעם מיידל איז געווען פאַרברוינט און שיין, אין די איידעלע געזיכטס־שטריכן איז שוין געווען איינגעזאַפּט פולע פרויאישע רייפקייט.

דער נאָמען פון דער עלטערער, די מאַמע, איז געווען — ברײַנדל. די טאָכטער האָט געהייסן ציריל.

די קנעכלעך און די געלענקען פון די פיס זענען ביי זיי געווען אָנגעשוואָלן און האָבן פיבערדיק געברענט מיט שטעכעניש. דאָך זענען זיי געגאַנגען מיט שנעלע טריט און מיט די לעצטע כּוחות, ווי זיי וואָלטן געוועזן זיך אַליין פאַר־משפּט צו פּיין און יסורים. זיי זענען געווען פאַרשטויבט, פון די געזיכטער האָבן געערונען ריטשקעלעך שוויס. די הייסע יולי־זון האָט געסמאַליעט און געבראָטן זייערע לייבער, דאָס גליענדיקע זאַמד פון וועג און די שטיינער האָבן געברענט זייערע צעוווּנטיקטע פּיס.

דער וועג האָט זיך געצויגן אָן אויפהער. זיי זענען דורכגעגאַנגען צעוואָרפענע פּויערישע הויפן, ווו פון די הילצערנע און שטיינערנע הייזער און קליינע פענצ־טער האָט אַרויסגעקוקט היימישע געמיטלעכקייט, זאַטקייט, שטוביקע פרייד; די צוויי פרויען האָבן זיך געשלעפּט איבער פעלדער פונוואַנעט עס זענען אויפגעגאַנ־גען ריחות פון צייטיקן גאָלד־גרינעם קאָרן, דער פלאַטער פון וויגענדיקע זאַנגען

און זון־בלימעלעך, דער כוואַליענדיקער גרין פון קאַרטאָפּל־בלעטער און בליען־דיקן ווייץ.

קיינער האָט זיך אויף די צוויי מידע פרויען נישט אומגעקוקט. זיי האָבן זעלטן באַגעגנט מענטשן. קוים האָבן זיי יאָ אָנגעטראָפן אַ פויער, אָדער סתם אַ דורכגייער, האָט יענער זיך געמאַכט, ווי ער זעט נישט קיין פרעמדן וואַנדערער. עס איז דאָך היינט מלחמה אויף דער וועלט, דאָס לאַנד איז באַזעצט פון דייטשן, איז דעריבער בעסער, אַז מען זעט נישט קיין פרעמדן מענטשן, נישט ביי זיך אין הויז און נישט אין וועג, אַפילו נישט אין פעלד צי אין וואַלד. בלויז די היינט אין די הויפן, וואָס דרייען זיך אַרום זאַטע, אויסגערוטע, און זוכן זיך אין עפּעס צו טשעפּען, האָבן זיך געפּרוווט אַ ריס טון צו די צוויי וואַנדערנדיקע פרויען, גע־וואָרפן זיך צו זיי מיט בילעניש און האַווקען, געבליבן שטיין אין מיטן בילן, ווי זיי וואָלטן פּלוצלינג אַראָפּגעשלונגען אַ גרויסן ביין, וואָס איז זיי געבליבן שטעקן אין האַלדז, און זענען צוריק געלאָפן אין די פאַרמיסטיקטע הויפן אַריין. פערד, בהמות אין וועג האָבן אויסגעשטרעקט די קעפּ, געקוקט אויף די פרויען מיט אַ תמימותדיקער טעמפּקייט.

דער טאָג האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין, די זון האָט אין מערב־זייט פון הימל זיך צעבערענט אין פלאַמיקן גאָלד און אַלץ אַרום, ווי ווייט די אויגן פון די צוויי פרויען האָבן געקענט דערגרייכן, באַשטראַלט מיט אַ ראָזעווער ליכטיקייט. אַ קילער ווינטעלע האָט געלינדערט די אָנגעהייצטע לופט, געגלעט די צעהיצטע פּנימער פון דער מאַמען מיט דער טאָכטער.

די יונגע מיידל האָט פאַרלאַנגזאַמט די טריט. איר קערפּער האָט זיך געוויגט ביים גיין, געוויגט און געוואַקלט זיך, ווי זי וואָלט געהאַלטן ביים אומפאַלן.

— מאַמע, איך קען מער נישט גיין, — האָט דאָס מיידל געזאָגט מיט אַ פאַר־שטיקטן קול, — די פיס זענען מיר געשוואָלן. איך וועל באַלד אַוועקפאַלן אויף דער ערד. איך קען זיך מער נישט רירן.

די עלטערע פרוי האָט שווער אָפּגעקרעכצט, זי האָט דער טאָכטער אַ צי געטון ביים אָרעם.

— דערבאַרעם דיך, צירל, — האָט זי געזאָגט מיט געבעט, — נאָך אַ ווייליני־קע, עס איז פאַר דייך טובה וועגן, דו ביסט יונג. נעם צונויף די כוחות און שטיי נישט אָפּ.

— די פיס טראָגן מיך נישט מער. לאָמיר זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד, וואָס עס וועט זיין וועט זיין. די ערד איז גוט, ווייך און קיל. איז גוט צו אַלעמען אָן אונטערשייד ווער מען איז. דו, מאַמע, שלעפּסט דאָך קוים די פיס, מיר וועלן נישט דערגיין. איך וויל בעסער דאָ אויסגיין אין מיטן וועג, בעסער דאָ אַוועקפאַלן.

די עלטערע פרוי האָט אונטערגעשפּאַרט דעם קערפּער פון דער טאָכטער מיט אירע מידע אָרעמס און איר געשטופּט פּאָרויס. זי האָט געשעפּטשעט רייד, וואָס האָבן געזאָלט אויפמונטערן דער יונגער מיידל:

— מיר מוזן נאָך היינט אָנקומען צו די דיראַנס, מיר זענען שוין נישט ווייט. אָט, אָט זע דאָרט אויפן בערגל אַ שלאָס, אַ פּריצישער שלאָס. דו זעסט די שפּיצן פון די טורעמלעך, זעסט אַ ווינט־האָן אויפן דאַך? עס איז אַ סימן, אַז מיר זענען שוין נישט ווייט פון ראָבערט דיראַנס הויז. מיר וועלן דאָרט אָנקומען, ווי נאָר די שטערן וועלן זיך באַווייזן אין הימל.

צירל האָט געהעשעט:

— איך האָב מורא, מאַמע. וואָס וועל איך טאָן ביי די דיראַנס? איך קען זיי נישט. זיי קענען מיך נישט. ווילד פרעמדע מענטשן. לאָמיר דאָ בלייבן אין פעלד און וואַלד.

— דער טאַטע דיינער קען זיי גוט. ער איז דאָ הונדערטער מאָל געווען און פּאַרקויפט זיי סחורות, קליידונג, אַלץ פאַר דער שטוב. ער האָט אַלעמאָל וועגן זיי דערציילט ווי וועגן די פיינסטע מענטשן אין דער וועלט. דו ווייסט דאָך, אַז באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה, האָט דער טאַטע צו זיי געשריבן און אויסגעפועלט ביי דעם מעסיע דיראַן, אַז ער זאָל אונדז אויסבאַהאַלטן איבער דער מלחמה־צייט. זיי האָבן עס אים צוגעזאָגט. מען האָט נישט געוווּסט, אַז עס וועלן קומען אַזעלכע שווערע צייטן, וואָס איין מענטש וועט פרעסן דעם אַנדערן. דאָ וועלן אפשר די דייטשן נישט אַהערקומען, אַ פאַרוואָרפן אָרט. ווער האָט געזאָלט וויסן, אַז דער ייִד וועט זיין געגליכן צו אַ געפּלאָגטער, געיאָגטער חיה אין וואַלד?

די טאָכטער האָט אויפגעהויבן די אויגן און זיך איינגעקוקט אין דער ווייטקייט, אין דעם סילועט פון דעם פּריצישן שלאָס. זי האָט געזאָגט:

— וואָס וועט זיין מיט דיר, מאַמע? אפשר וועסטו אויך בלייבן ביי די דיראַנס, אויב זיי זענען אַזעלכע גוטע מענטשן, וועלן זיי דיך אויך האַלטן. מיר וועלן ביידע אַרבעטן ביי זיי, פאַרדינען דאָס טעגלעכע אויסקומעניש און אָפּוואַרטן בעסערע צייטן.

— ניין, ניין, צירל! — האָט די עלטערע פרוי האַסטיק איבערגעריסן דעם מיידלס רייד, — איך קען דאָ נישט בלייבן. ערשטנס איז עס אוממעגלעך, אַז מען וועט זען פּלוצלינג דאָ צוויי פרויען, וועט עס ווערן זייער אויפפאַלנד און מיר ביידע וועלן זיין פאַרלוירן; צווייטנס, וועלן די דיראַנס נישט וועלן. דו מוזט זיך ראַטעווען, קינד מיינס, ווער פון אונדזער משפּחה מוז זיך ראַטעווען. אפשר וועט גאָט העלפן, אַז דער טאַטע וועט צוריקקומען, איך וועל נאָך דיר צוריקקומען. דו מוזט זיך ראַטעווען!

די ראָזע ליכטיקייט האָט זיך געלאָשן אין הימל, איבער די פעלדער. עס איז געוואָרן שאָטנדיקער, טונקעלער. די פעלדער האָבן ווי זווייט דאָס אויג האָט געקענט דערגרייכן — אויסגעזען סאַמעטיק־גרין, בערגיק און טאָליק, די שניטן און פאַסן, פון גרין־גאָלדיקן קאָרן, די בלויע פלאָטערנדיקע קאָרן־בלימעלעך, די לאַנגע פאַסן, גרינלעך־געלבלעך בלינדיקער ווייץ, דאָס אַלץ האָט אויסגעזען ווי אַ טעפּיך מיט גאַמעס קאָלירן און טענער.

— דו ביסט שוין אַמאָל געווען ביי די דיראַנס? — האָט פּלוצלינג דאָס מיידל געפרעגט ביי דער מוטער, — דו קענסט די מענטשן?

—דער טאַטע האָט מיך איינמאָל מיטגענומען צו אַ יאַריד אין ליאָן, זענען מיר פאַרבייגעפאָרן דאָ נישט ווייט, האָט ער אָפּגענויגט מיטן אויטאָמאָביל און מיר זענען פאַרפאָרן צו זייער הויז. זיי האָבן זיך מיט אונדז געפרייט, זייער פריינט־לעך אויפגענומען. זיי קענען דעם טאַטן פון פיל יאָרן.

די טאָכטער האָט זיך איינגעהערט. יעדעס וואָרט וואָס ברײַנדל האָט אַרויס־געזאָגט איז געווען אָנגעזאָפּט מיט יסורים און פּיין.

— וואָס פאַר אַ מענטשן זענען דאָס? — האָט צירל ווייטער געפרעגט.

— איך ווייס וואָס דיר צו זאָגן, טאָכטער מיינע, זייער ווילע מענטשן. ער איז אַ גוטמוטיקער, אַן עלטערער שוין. זיין ווייב איז פיל יינגער פון אים, אַ שיי־נע. זיי האָבן אַ זון. ער איז אפשר פון דיין עלטער. זיין נאָמען איז פּיער.

ביידע פרויען זענען שטיל געבליבן. די פאַרנאַכטיקע שטילקייט האָט זיי איינגעהילט אין שאָטן, אין טרויער, אין אַ וויסטער בייגעריקייט, פאַר דעם וואָס עס וועט זיך באַלד פאַר זיי אָפּשפּילן און די נייע וועלט, וואָס וועט זיך אַנטפּלעקן פאַר זיי.

2

ראָבערט דיראַן איז געווען אַ פאַרמער און אַ בהמות־הענדלער. ער האָט ביי די פויערים פון זיין געגנט אויפגעקויפט קי, קעלבער, שעפּסן, שאָף און רינדער און געפירט אויף די מערק און גרויסע יאַרידן פון די שטעט אין צענט־ראַל מאַסיוו־פראַנקרייך. ביי אים אויפן הויף האָט מען שטענדיק געהערט דאָס ריטשען פון בהמות, דאָס געשריי פון קעלבער און די פרייד־רופענישן פון די ניי־געבוירענע. עס האָבן זיך דאָ שטענדיק געטראָגן די ריחות פון מיסט און שטאָל.

דער פויער האָט אויך פאַרמאָגט גרויסע ווייץ־פעלדער, וואָס האָבן זיך גע־צויגן אויף ברייט און ווייט. אין די האַרבסטן, ווען די פולע זאַפּטיקע בלוטיק־רויטע און גאָלדיק־גרינלעכע וויינטרויבן, האָבן זיך מיט דער צייטיקער פולקייט געבויגן

צו דער ערד, זענען אין די פרימאָרגנס אַרויס אין פעלד מענער און פרויען, יונגוואַרג און אַלטע לייט און מיט געזאַנג געשניטן, געפליקט די וויינטרויבן, נאָכדעם זיי געבראַכט אין דיראַנס הויף אַריין, אין די קעלערן, ווו אַרבעטער האָבן זיי געקוועטשט, געפרעסט מיט שטיק, פערד און מיט די אייגענע באָרוועסע פיס.

דאָס הויז פון ראָבערט דיראַן האָט זיך געפונען אין אַן אָפּגעלעגטער, אַ ביסל פאַרוואָרפענער געגנט אין בורגאָן. זעלטן זענען דאָרט אַהינגעקומען פרעמדע מענטשן, אַ חוץ הענדלער, פעדלער, פאַרזיכערונגס־אַגענטן. אַממיינסטן האָבן דאָרט אַהין אָנגעשפּאַרט ייִדן, סוחרים און מדינה־גייער. ייִדן פון ווייטע שטעטלעך פון פוילן, ליטע, רומעניע, גאַליציע, וואָס זענען אין די יאָרן פון צווישןביידע וועלט־מלחמות פאַרטראָגן געוואָרן קיין פראַנקרייך. ייִדן וואָס זענען אַנטלאָפן פון זייערע איינגעזעסענע היימען, ווייל זיי זענען געטריבן און געיאָגט געוואָרן פון נויט, אַרבעטסלאָזיקייט, פּאָגראָמען, פאַרצווייפלונג. די האָפענונג האָט זיך אין זיי אויסגעלאָשן, דער בטחון איז אויסגעגאַנגען ווי אַ צאַנקענדיק ליכט צוקאָפּנס ביי אַ טויטן. זיי זענען געלאָפן זוכן אַ נייע היים, די מעגלעכקייט צו פאַרדינען דעם טעגלעכן שטיקל ברויט.

אין פראַנקרייך זענען זיי געוואָרן מאַרק־שטייער, פעדלער, הענדלער. זיי האָבן אָנגעשפּאַרט אין די ווייטסטע שטעט און דערפער פון לאַנד, אָנגעשפּאַרט מיט זייערע סחורות, מיט זייער געבראָכענעם לשון, מיט דעם ייִדישן טרויער אין די אויגן, מיט דעם נייעם אויפגעוואַכטן בטחון, מיט פרייד און לייד.

איינער פון זיי איז געווען יוסף אַדלער.

ער האָט אויסגעמאָסטן דאָס לאַנד מיט זיינע סחורות, אָנגעשפּאַרט אין די פאַרוואָרפנסטע געגנטן. אין בורגאָן, נאָרמאַנדי, דרום־פראַנקרייך, עלזאַס־לאָטערינגען. ער האָט געוווינט אין פּאַריז מיט זיין וויב ברײַנדל און דער איינציקער טאָכטער צירל. ער איז דאָ אָנגעקומען פון אַ קליין פּויליש שטעטל אין די ערשטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער איז געווען אַ הויכער, פול־געוווקסיקער, מיט אַ גוטמוטיקן פּנים און קלוגע, וואַרעמע אויגן. די יוגנט זיינע האָט ער פאַרבראַכט אין ישיבות און ביי גמרא. אין פראַנקרייך האָט ער פּאַמעלעך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם עול פון פרומקייט און געבליבן אַ וואַרעמער ייִד מיט וויסן, תורה און סוחרישער איינרייסעניש.

ער פלעגט אָוועקפאָרן פון דער היים אויף גאַנצענע וואָכן צייט. ער האָט מיט זיין אויטאָמאָביל געשניטן די וועגן פון לאַנד, פאַרקויפט צו רייכע פּויערים אויסשטייער פאַר זייערע קינדער, זייד, לייוונט, וועש, קליידער, בעטצייג. ער איז אָפט געקומען אין דער פאַרוואָרפענער געגנט, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס הויז פון דעם בהמות־הענדלער ראָבערט דיראַן און אַנדערע רייכע גוטבאַזיצער.

ראָבערט דיראַנס פרוי, לואיז, אַ יונגע, אַ פּול־בלוטיקע, האָט זיך ליב געהאַט צו קליידן און צירן. דער מאַן אירער, איז געווען פיל עלטער פון איר. ער איז אַלע זיינע יאָרן געווען פאַרנומען מיט בהמות און חזירים, מיסט און וויין. געפאָרן אויף ירידים, מערק און נישט געהאַט קיין צייט פאַר זיין ווייב. זי האָט ליב געהאַט אויסצופוצן זיך פאַר די אייגענע פיר ווענט, פאַר דעם גרויסן פאַרמיס־טיקטן הויף, פאַר דער ווייטקייט פון פעלדער, בערג און טאָלן, פאַר די האַרבסט און פרילינג־טעג. זי איז געווען פון אַ גרויסער שטאָט. ראָבערט דיראַן האָט זי מיט יאָרן צוריק איינגעהאַנדלט ביי אירע אָרעמע עלטערן און זי אַראָפּגע־בראַכט אין זיין „מלכות" אַריין. זי איז געווען פאַרשפּאַרט אין שפע, איינזאַמקייט. זי איז פון דער פאַרוואָרפענער איינזאַמער געגנט קיינמאָל נישט אַוועק. ער האָט זי בלויז אַרויסגענומען אין די זונטיקן, אין דער קירכע, כדי צו הערן דאָס פריידיקן פונעם דאָרפס־גלח, און אין דער צייט פון וויך־שניט אין די פעלדער אַריין. דאָס איז געווען איר איינציקער צייט־פאַרטרייב.

יעדעס מאָל — און אויסגעקומען איז דאָס אַ צוויי, דריי מאָל אין יאָר — ווען יוסף אַדלער איז מיט זיין פאַרבלאָטיקטן אויטאָמאָביל, דאָס „סיטראָענדל" פאַרפאָרן אין דער געגנט און דאָ אָפּגעשטאַט אַ סוחרישן וויזיט, האָט לואיז דיראַן שוין געהאַט פון פריִער אָנגעגרייט אַלע תירוצים און אויך געלט. זי האָט געמאַכט באַשטעלונגען אויף נייע קליידער, אויף אַלע מוסטערן און מאָדעלן, וואָס דער ייִדישער סוחר האָט איר געוויזן. דער בהמות־הענדלער האָט געקוקט קרום אויף די וויזיטן, אָבער זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט די גלוסטונגען פון זיין ווייב. ער האָט נאָר יעדעס מאָל, ווען זיין ווייב האָט געמאַכט אַ באַשטעלונג, צוגעוואָרפן דעם ייִדישן סוחר אַ זאָג:

— מעסיע אַדלער, שפּאָרזאַם. נעמסט מיר צו דאָס גאַנצע געלט. פאַרפירסט מיך ווייב מיט דיינע פאַרביקע צאַצקעס און שמאָכטעס! די זאַכן, וואָס דו פאַר־קויפסט, זענען גוט פאַר שטאָטישע קורטיזאַנקעלעך, כע־כע־כע! אָבער נישט פאַר די שטאָלן, פאַר די בהמות...

ער האָט דאָס מכלומרשט געזאָגט אין אַ גוטמוטיקן טאָן. זי האָט אים דערביי אָפּגעמאָסטן מיט אירע שוואַרצע גליאיקע אויגן. ער האָט זיך אַ דריי געטון די וואָנצע און געשמייכלט אַ ביסל טאַמעוואַטע, פון דער אייגענער חכמה.

— אייער ווייב איז נישט קיין אויסברענגערן, — האָט יוסף אַדלער אים באַרויִקט, — זי קויפט נאָר דאָס וואָס זי דאַרף. יעדעס שטיקל סחורה קומט צוניץ.

איינמאָל איז יוסף אַדלער אָנגעפאָרן אין אַ הייסן זומער־טאָג. ראָבערט דיראַן איז מיט זיין זון פריִער געווען היינט אין דער שטאָט ליאָן אויף דעם יערלעכן יאַריד. אין די שטובן פון דעם גרויסן פאַרם־הויז איז געווען שטיקנדיק הייס. פון

די שטאַלן האָט זיך געהערט דאָס מעקען און דאָס פּרייכצן פון די בהמות. די הייסע פּאַרע, די ריחות פון שטאַלן. עס האָט געהאַלטן פאַר אַ שטורעם־אויסברוך. לואיז דיראַן האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם סוחר יוסף אַדלער. זי האָט זיך גע־הייסן ווייזן מוסטערן און מאָדעלן פון קליידער, בלוזקעס, געוואַנטן. זי איז געווען אין אַ שטימונג פון גערייצטקייט, אַפּאַטיע, פוילקייט און קעצישער כיטרעקייט.

ער האָט איר געוויזן די גאַמע קאָלירן פון זייד, אַטלאַס און סאַמעט. זי האָט אַלץ באַטראַכט מיט קינדישער נייגעריקייט און גלוסטעניש.

— זייער שיין, פּראַכטפולע פאַרבן. דער טונקעלער, גרינער זייד וועט מיר קליידן פאַר אַ בלוזקע, און דאָס ברוינע קלייד וועט אַרומנעמען מיין טאַליע, ווי אַ רייף. איך האָב אַ שיינע פיגור, איך בין גראַציעז, נישט אמת, מיין פריינט? איר האָט עס באַמערקט, מעסיע אַדלער? גיט נאָר אַ קוק, שעמט זיך נישט, איר זענט דאָך אַ שטאָטישער, זעט מיין פיגור. איך בין שלאַנק און פולבלוטיק.

— הם... איר זענט אַ שיינע, רייצנדיקע פרוי. איר האָט אַ פּרעכטיקע פיגור מיט שיינע ליניעס, טאַקע ווי אַ גרויסשטאָטישע דאַמע...

— איר רעדט זייער שיין, מעסיע אַדלער. אַזוי האָב איך ליב. נו, זיכער, זיכער, אַלע אייערע קונהטעס זאָגט איר דאָס? אַלע ווייבעלעך באַוואַרפט איר מיט אַזעלכע רייד?

זי האָט זיך צעלאַכט. איר געלעכטער האָט אַ קלונג געטון איבער דער שטוב מיט זינד, תאווה און פאַרפירערישקייט.

אין שטוב איז געווען שטיקנדיק פון דער היץ. עס האָבן זיך געטראָגן ריחות פון בהמה־מיסט, פעלד און צייטיקן וויין. פליגן האָבן געזשומעט און געברומט אין אַלע ווינקלען פון צימער. יוסף אַדלער האָט איר געוויזן די מוסטערן. ער האָט געהערט איר שווערן אָטעם, געזען דעם רייץ און פייערדיקן תאווה־גלי אין אירע אויגן.

ער האָט זיך דערשראָקן. די בלוטן אין זיין קערפּער האָבן גענומען זידן מיט עפּעס אומהיימלעכעס, מיט גלוסטונג צו ווייב, זינד. הייסע שטראָמען האָבן אים עלעקטריזירט. עס איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין ברײנדל, וועלכע ער האָט נישט געזען שוין עטלעכע וואָכן צייט. ער קומט אַהיים בלויז איינמאָל אַ חודש. ער וואָגלט אַרום איבערן לאַנד, איז אַליין אין די טעג און נעכט.

ער איז געווען שטאַרק, יונג, אָפּגעברענט און געזונט פון גוטער לופט, זון, ווינטן און שטענדיקן זיין אין דרויסן, פון עסן אין גוטע דאָרפישע רעסטאָראַנען, פון טרינקען גוטן בורגאָנער וויין, פון שלאָפן אין ווייכע, דאָרפישע בעטן.

— מיין מאַן איז נישטאָ אין הויז, — האָט לואיז איבערגעריסן זיינע געדאַנ־קען, — ער איז אַוועקגעפאָרן, מיטגענומען פּיערן. קיין ליאָן אויפן יערלעכן יריד

זענען זיי געפאָרן. מיך מאָן וועט שרייען, ווען ער וועט זען וואָס איך האָב היינט ביי אייך איינגעהאַנדלט. אָבער איך פרעג אים נישט און האָב נישט קיין מורא פאַר זיינע געשרייען. ער איז קאַרג און רייך. אַ שרעקלעכע היץ היינט. איר ווילט אַ קאַלטן טרונק? אַ גלעזל בראָנפן, אפשר? קאַלטן עפּעל־סיידער? עס וועט באַלד אויסברעכן אַ שטורעם. די וואָלקנס זענען געדיכטע. אַ, מעסיע אַדלער. איר זענט אַ שיינער מאַן. אַזאַ קרעפּטיקער זעט איר אויס. אייער פרוי איז אַ שיינע, זאָגט איר?

אַ ווינט האָט געגעבן אַ ריס אינעם פענסטער. אַ בליץ האָט אַ בלענד געטון איבער דער שטוב. די געוואַלדיקע בליץ־ליכטיקייט האָט אַ שפּרונג געטון איבער די צוואָרפענע קאַלירן אויפן טיש. באַלד האָט אַ דונער אַריינגעהילכט אין דעם הויף און דער הילך האָט אויפגעריסן דעם גרונט און דאָס הויז.

— איך וועל פאַרמאַכן די פענצטער. עס טאָרן נישט זיין קיין צוגווינטן, ווען עס דונערט — האָט זי געקייכט.

ווידער האָט אַ בליץ אַ בלענד געטון און אָפּגעגאָסן מיט אַ פאַנטאַסטישער שיין דיביידע צעהיצטע פּנימער פון דעם מאַן און דער פרוי. אַ דונער האָט ווידער אַריינגעשלאָגן, ווי בערג מיט שטיינער וואָלטן זיך געקייקלט איבערן הויז. אין צימער איז געוואָרן טונקל. זי האָט פאַרמאַכט די פענצטער.

— איר קענט נישט אַרויסגיין, — האָט זי געלאַכט, — מעסיע אַדלער. אַ שטורעם, באַלד וועט פאַלן אַ מבול. איר האָט נישט קיין מורא מיט מיר צו זיין אַליין, ווען אין דרויסן שטורעמט? קיינער איז נישטאָ אין הויז. זעט ווי טונקל עס איז. צינדט נישט אָן די ליכט. מיך קענט איר אין דער שטורעם־ליכט אויך זען. איך בין אַ שיינע, ווי מיינט איר?

איר געלעכטער האָט אים געררייצט. ער איז צוגעפאַלן צו איר פּנים. זיינע הענט האָבן דערפילט די גלאַטקייט פון איר האַלדז, זיין פּנים האָט דערפילט די פולקייט פון אירע ליפּן, זיי האָבן זיך איינגעזויגן אין זיינע. ער האָט דערפילט איר ברי־ענדיקן אָטעם און די פאַרחלשטע רייפקייט פון דער פרוי אין איר גלוס־טונג, בענקשאַפט און ווילדע פאַרלאַנגען.

דער שטורעם האָט געריסן דיביימער ביים פענצטער. די בהמות אין די שטאַלן האָבן געריטשעט, געיאָמערט צום שטורעמדיקן דרויסן. די פליגן האָבן געזשומעט אויף די פענצטער, דער רעגן האָט געוואַשן די שויבן און פאַרשטעלט פאַר די צוויי מענטשן — יוסף אַדלער און לואיז דיראַן — די דרויסנדיקע וועלט...

נאָכן שטורעם, ווען יוסף אַדלער איז אין זיין אויטאָמאָביל געפאָרן ווייטער איבער די וועגן, האָט אַ געוויין געשטיקט אים אין האַלדז און אַ מוראדיקער צער האָט זיך געשפּרייט איבער זיין לייב. עס איז געווען היינט דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער איז פאַרפלאָנטערט געוואָרן אין אַ נעץ פון זינד, שווערע זינד, וואָס

וועלן אים שוין שלעפּן אין אָפּגרונט. לואיז דיראַן איז פֿאַרפּירעריש, פֿאַרשײַט און וועט אים שוין פֿון איר נעץ נישט אַרויסלאָזן...

3

דער דײַטש האָט פֿאַרפּלײַצט פֿראַנקרײַך ווי אַ וויסטע מכּה, וואָס פֿאַרשפּרייט זיך איבער אַ לײַב, ווי אַ פֿײַערדיקע לאַווע, וואָס ווערט אויסגעשפּיגן פֿון אַ ווולקאַן און גיסט זיך אויס מיט פֿאַרוויסטונג איבער ווײַט און ברייט.

יוסף אַדלער האָט געטראָגן אין זיך אַ ביטער שולד־געפֿיל. אַ זינד, וואָס האָט זיך געגעסטיקט אין זײַן קערפּער און געפֿרעסן זײַן פֿלייש מיט חרטה און פּײַן. ער האָט זיך געריכט — אַזוי גוט ווי טויזנטער, טויזנטער ייִדן אין פֿראַנקרײַך, — אַ ליאַדע טאָג אַוועקגעשיקט צו ווערן אין אַ לאַגער, וווּ זײַן געביין וועט אומקומען. ער האָט זײַן שולד־געפֿיל געוואָלט אָפּוואַשן. ער האָט געטראַכט, אַז אפֿשר קען ער דורך דער משפּחה דיראַן ראַטעווען ווייניקסטנס זײַן איינציקע טאָכטער צירל. אפֿשר וועט ער זי קענען אויסבאַהאַלטן דאָרטן און עס וועט כאָטש בלײַבן אַ זכר פֿון זײַן הויזגעזינט. ער האָט דורך פֿאַרשידענע אומוועגן, דורך פֿאַרשטעלטע בריוו געבעטן די דיראַנס, אויב ער קען צו זיי שיקן זײַן טאָכטער. עס האָבן גענומען וואָכן לאַנגע, ביז עס איז פֿאַרשטעלטערהייט געקומען אַן ענטפֿער, אַז די טאָכטער זײַנע קען קומען צו זיי צו גאַסט.

יוסף אַדלער איז געווען פֿון די ערשטע ייִדן, וואָס זענען פֿון פֿראַנקרײַך פֿאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ שאול־תּחתּיה אַרײַן. מען האָט אים פֿאַרשיקט אין די קוילן־גריבער פֿון שלעזיע. געבליבן איז נאָך אין דער היים דאָס ווײַב מיט דער טאָכטער. די דײַטשן האָבן געוואָלט צוערשט אָפּרייסן אײַן משפּחה־מיטגליד פֿון אַנדערן, פֿאַרניכטן זיי איינציקווײַז. יוסף איז געווען אַ פּוילישער ייִד, איז ער פֿאַרניכטעט געוואָרן דער ערשטער. נאָכדעם האָט געזאָלט גיין דאָס ווײַב, וואָס איז געווען אַ רומענישע און נאָכדעם ערשט די טאָכטער, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פֿראַנקרײַך...

יוסף אַדלער איז געוואָרן אײַנגעשלונגען אין אַ פֿינצטערן אָפּגרונט, פֿון וועלכן מען קומט נישט מער אַרויס.

4

אײַנעם הויז פֿון דעם בהמות־הענדלער ראָבערט דיראַן האָט געהערשט אַ שטיקל צערודערונג. זינט עס איז אויף אַ פֿאַרשטעלטן אופֿן אָנגעקומען אַ בריוו פֿון דעם סוחר אַדלער, אַז זיי זאָלן צו זיך נעמען זײַן טאָכטער, ווײַל עס איז איר

אין דער שווערער צייט נישט מעגלעך צו זיין אין פּאַריז, האָבן מאַן און ווייב זיך גענומען אַמפּערן און נישט געקענט אַזוי לייכט דערגיין צו אַן הסכמה צווישן זיך.

זיי האָבן ווייניק געוווּסט, וואָס עס איז אַזוינס — ייִדן. עס איז זיי קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן וועגן דעם. זיי האָבן עפּעס געוווּסט, אַז יוסף אַדלער איז נישט קיין קריסט, איז נישט אַ פראַנצויז, נאָר אַן אויסלענדער. איינער פון די וואָס פאַרשפּרייטן זיך איבערן לאַנד, פאַרקויפן אַלערליי סחורות, ריידן פאַרשיידענע לשונות, קענען שמייכלען און דערציילן וויצן, האָבן געשליפענע צינגלעך. די הויפּט־זאַך, ער איז פּונקט אַזוי אַ מענטש גלייך ווי זיי, ווי ראָבערט, לואיז, פּיער, ווי אַלע אַנדערע.

— ווי קענען מיר אַריינעמען אַ פרעמדע אין הויז? — האָט ראָבערט דיראַן זיך געבלאָזן, — אַ מויד, אַ פאַריזערין. וואָס וועט זי דאָ טאָן?

— וואָס אַרט דיך, ראָבערט? — האָט דאָס ווייב אים געפּרוּווט איינגעמען מיט גוטע רייד, — אַ מיידל אין הויז איז אַ ברכה. אַרבעט פעלט דאָך נישט ביי אונדז. זי וועט קענען זיך באַשעפטיקט ביי די בהמות אין שטאַל, ביים פליקן די וויינטרויבן, ביים באַמיסטיקן די פעלדער, קאָפּען קאַרטאָפל, שניידן היי אין פעלד, היטן דעם שפּייכלער.

— אַ פאַריזער מויד וועט דיר אַרבעטן אין שטאַל, וועט דיר פליקן וויינטרויבן, וועט דיר קאָפּען קאַרטאָפל, באַמיסטיקן די פעלדער! זי וועט זיך קאַליע מאַכן די פינגערלעך! און וואָס וויל ער זי עפּעס אַוועקשיקן פון פּאַריז? עס פעלט אים געלט, דעם מעסיע אַדלער, צו האַלטן זיין טאָכטער מיט זיך? אויב ער האָט מורא פאַר אַ באָמבע, זאָל ער גיין מיט דער ווייב אין בעט אַריין, זיך צודעקן מיט דער פערענע און וואַרטן ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן.

לואיז האָט זיך געגרויטלט. זי האָט טיף אין האַרצן געטראָגן אַ ליבשאַפט צו דעם קרעפטיקן מאַן אַדלער, וואָס האָט זי אַזוי פלאַמיק געקושט, אַזוי צאַרט און איידל געגלעט איר הויט פון האַלדז. זינט עס איז אויסגעבראָכן די פאַרשאָלטענע מלחמה, שוין באַלד דריי יאָר צייט, זעט מען אים נישט מער. קיינער ברענגט נישט מער קיין מאָדעלן פאַר נייע קליידער. די פעדלערס מיט זייערע פּעק און געשליפענע צינגלעך קומען נישט מער. זי איז צעפּרעסן געוואָרן פון בענקשאַפט, פון יסורים, פון שטאַרקער גלוסטונג צו דעם פרעמדן מאַן, וואָס האָט זי איינמאָל אין איר לעבן אָנגעטרונקען מיט ליבע, מיט אַ וווּנדערלעכער פרייד.

זי האָט געוועלקט ווי אַ פאַרוויאַנעטע פלאַנץ און דער טוי פון יענעם וווּנדערלעכן טאָג, ווען דער שטורעם האָט זיי ביידן פאַרטראָגן אין אַנדערע וועלטן, גיט נאָך איר לייב פרישקייט און פאַרשיכורענדיקע גוטסקייט. זי האָט יעדן זונטיק איז קלויסטער טיף אין זיך געבעטן געזונט און גליק פאַר יענעם וווּנדערלעכן מאַן,

יוסף אַדלער. זי האָט אין הויז געבעטן און געקושט איר קליין גאָלדן צלמל, אַז ער דער פרעמדער מאַן, זאָל זיך נאָך צו איר באַווייזן, אין איר הויז.

זי האָט אויפגעציטערט ביי יעדן שטורעם. זי איז פאַרגאַנגען אין געוויין און פרייד אויסברוכן, ווען עס האָט געדונערט, אָדער שטאַרק גערעגנט. זי האָט גע־גלויבט, אַז די זעלביקע נאַטור־כוחות, וואָס האָבן אים דעמאָלט פאַרנאַרט און ער איז געבליבן מיט איר, די זעלבע נאַטור־כוחות, וועלן ווידער באַווייזן וווּנדער און זיין גוט צו איר.

מיטן אָנקומען פון דעם בריוו האָט זיך אַ שטורעם אויפגעהויבן אינעם האַרצן פון דער דאָרפישער פרוי לואיז. עפּעס אַ געפיל האָט אין איר פאָרויסגעזאָגט וועגן דער גרויסער געפאַר, וואָס לויערט איבער דעם קאָפּ פון דעם סוחר אַדלער, ער וועט אַ ליאַדע טאָג שטאַרבן מיט אַ שרעקלעכן טויט און אַ געוואַלדיק רחמנות האָט איר אַרומגענומען. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם געבעט־בריוו אַריינצו־נעמען צו זיך די טאָכטער. ער וועט נאָך אפשר צוריקקומען, אויב ער וועט ל'עבן, קומען וועט ער נאָך דער טאָכטער און זי, לואיז, וועט אים זען און אפשר אויך זיין נאָענט פון אים...

זי האָט דעריבער אָפּגעמאַכט ביי זיך אַריינצונעמען דאָס מיידל. אָפּגעמאַכט צו קעמפן מיט איר איינגעשפּאַרטן, קאַרגן מאַן און דאָס איריקע אויספּירן.

— מיר האָבן נישט קיין טאָכטער — האָט זי געפּרוווט איינברעכן איר איינ־געעקשנטן מאַן, — לאָמיר אַריינגעמען אַ מיידל אין הויז אַריין. עס איז זייער מעגלעך, אַז מעסיע אַדלער פאַרדינט איצטער נישט צו שפּייזן זיין פאַמיליע. עס איז מלחמה־צייט. ער קען נישט אַרומפאָרן איבערן לאַנד און זיי הונגערן. צוליב דעם וויל ער אַהערשיקן זיין טאָכטער. זיי נישט איינגעשפּאַרט, ראָבערט!

— אָבער וואָס עפּעס גראָד צו אונדז? ער איז דאָך אַרומגעפאָרן אין הונדער־טער דערפער, האָט ער זיך פּונקט אָנגעטשעפּעט אין אונדז!

— אפשר פילט ער, אַז מיר זענען אים פריינט.

— פריינט, — האָט דער בהמות־הענדלער געבורטשעט, — אַ מויד אין הויז! און פּיער? האָסט פאַרגעסן אין דיין זון. ער איז דאָך אַ זשערעבעץ, אַ יונג ווילד פערדל. און ווען עס וועט זיין אַ פרעמדע מויד אין הויז, אַ פּאַריזערין, וועט ער זי שלעפּן אין קעלער, אין פעלד און אין שייער. ער טוט דאָס היינט מיט אַנדערע מיידן, וועט ער זי שוינען?

איר פּנים איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט אַ שאַרפער רויטקייט. ער לייענט מיינע געדאַנקען, — האָט זי געטראַכט, — ער איז דאָך גערעכט. פּיער, אַ יונג מיט הייס בלוט. ער האָט שוין עטלעכע מיידן געשלעפּט אין שייער אַריין, וועט ער דאָך זיכער נישט שוינען אָט אָ דער, די טאָכטער פון אים, אים...

— נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן. פּיער וועט רעספּעקטירן אַ פרעמד מיידל אין הויז. מיר וועלן איר געבן געַנוג אַרבעט און זי וועט זיין פּאַרנומען. באַשטיי שויך, ראָבערט. גאָט וועט דיר באַצאָלן. אפשר איז עס אַ גוטע זאַך. אַ מענטש מוז געדענקען אינעם אַנדערן, אַרויסהעלפן אין אַ צייט פון נויט. מען בעט דיר הילף, זאָג נישט אָפּ. עס וועט דיר באַצאָלט ווערן מיט גוטס. אונדזער גייסטלעכער האָט עס אַנומלט געפּריידיקט אין דער קירכע.

דער פּויער האָט שאַרף אָנגעקוקט זיין ווייב. ער האָט נישט ווילנדיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז ער באַשטייט. די פּאַריזער מויד קען קומען.

5

די צוויי פרויען זענען אָנגעקומען אינעם הויז פון די דיראַנס. די מוטער האָט דאָרט געקענט בלייבן בלויז איבער נאַכט. לואיז האָט מיט אַ שאַרפער נייגעריקייט זיך איינגעקוקט אין דער פּאַרמאַטערטער, וויאַנעוודיקער פרוי. ברײַנדל האָט מיט טרערן אין די אויגן געדאַנקט די וואָיל־טוער אירע. צוגעזאָגט, אַז די טאָכטער וועט טון אַלע אַרבעטן וואָס מען וועט איר הייסן טון און פּאַרדינען איר שטיקל ברויט. און אַז עס וועט נאָר ווערן שטילער אויף דער וועלט, וועט זי קומען נאָך איר און זי אָפּנעמען מיט גרויס דאַנק, און גאָט באַצאָלט מיט גוטס פּאַר — גוטס.

ווען אַ פּאַרטאָגיקע בלויקייט האָט זיך איינגעשניטן אין דער נאַכט, האָט ברײַנדל אַ לעצטן בליק געוואָרפן אויף דער שלאָפנדיקער טאָכטער, וואָס איז געלעגן אין אַ ווינקל פון קיך אינעם הויז פון דעם בהמות־הענדלער ראָבערט דיראַן. די מאַמע האָט געזען דעם שיינעם קאָפּ פון איר טאָכטער, וואָס איז געווען איינגעניורעט אין די פּלייצעס און די גאָלדענע האָר אירע האָבן צוגעדעקט דעם קאָפּ, ווי אַ דעק־טוך דעקט צו דעם קאָפּ פון אַ כלה.

— זיי געזונט, מיין קינד, — האָט די אַלטע פרוי געשעפּטשעט, — האַלט אויס צווישן פרעמדע מענטשן. זאָל דיין קאָפּ נישט באַדעקט ווערן מיט קיין שאַנד. זאָל דיך גאָט אָפּהיטן און באַשיצן. זאָל ער דיך פירן און ווייזן דעם ריכטיקן וועג. בלייב אַ כשר ייִדיש קינד.

ברײַנדל איז אַוועק אינעם בלויען פרימאָרגן. לואיז האָט איר נאָכגעקוקט מיט רחמנות, מיט שרעק.

מען האָט צירלען אייגנעשפּאַנט אין אַ וועלט מיט אַרבעט.

ראָבערט דיראַן איז אַרומגעגאַנגען אַ בייזער, אַ ברומענדיקער. ער האָט נישט געקוקט אויף דער ווייב. זיינע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מוח צווישן תאווה, ביטערקייט און פּויערישער עקשנות. ער האָט זיך נישט טועה

געווען, — האָט ער געטראַכט, — די פּאַריזער מויד טויג נישט דאָ אינעם הויז. זי וועט אָנמאַכן אַ חורבן. זי איז אַ שיינע, מיט אײַדעלע הענטלעך, מיט דינע ליפּעלעך, מיט זיידענע גאָלדענע האָר. די יונגען, זיין יונג, פּיער, וועט קלעפּן אַרום איר, ווי בינען אַרום האָניק, ווי אַ הונט אַרום דער צויג. וואָס דאַרף ער דאָס?

ער האָט געברומט, געוואָרטשעט און געמאַכט זיך נישט זעענדיק.

לואיזן האָט, ביים דערזען דאָס שיינע מיידל, די טאָכטער פון דעם פרעמדן מאַן, צו וועלכן זי בענקט, — אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקע קנאה צו דער שטאָטישער שיינקייט, צו אַזאַ, וואָס זי האָט נישט געקענט דערגרייכן. זי האָט זיך אָבער געטרייסט, וואָס די טאָכטער איז דאָ, וועט אַמאָל דער פאָטער קומען נאָך איר. די מוטער איז שוין אַן אַלטע, אַ קרענקלעכע, ווער ווייסט ווו זי וועט מאָרגן זיין — זי האָט דעריבער געלאָזט אַלעמען אין דער געגנט וויסן, אַז דאָס מיידל איז אירע אַ פּלימעניצע, אַ יתומה פון דער שטאָט ליאָן.

אַנדערש האָט אויף צירלען געקוקט דער יונג, פּיער. ער איז געווען אַ הויכער, אַ קרעפּטיקער, גוט אַנטוויקלטער בחור. ער איז געווען אינעם זעלבן עלטער, וואָס צירל. ער האָט אויף איר געקוקט מיט זיינע שוואַרצע אויגן, מיט שאַרפע, דורכדרינגענדיקע בליקן. געזוכט אַלע תירוצים, אַז ער זאָל קענען ריידן צו דעם מיידל, זיין נאָענט פון איר, קוקן אויף איר. צירל האָט נישט אויסגעהאַלטן זיינע טיפע בליקן. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ לייכטע רויטקייט פלעגט אַרויסשלאָגן אויף איר פּנים. דאָס האַרץ האָט איר גענומען קלאַפּן, און זי האָט געוווסט, אַז זי שטייט פאַר אַ סכנה. זי וועט אין דעם הויז נישט קענען בלייבן.

באַלד אויפן דריטן טאָג האָט פּיער זי אָנגעטראָפן אין שטאַל, ווו זי איז געשטאַנען און פאַנאַנדערגעוואָרפן היי פאַר די בהמות. ער האָט זיך צוגערוקט נענטער און, אַ נישט־דרייסטער, האָט ער באַרירט איר האַנט.

— ביסט זייער אַ שיינע, סירעל, — האָט ער געזאָגט, — האָסט אַזעלכע גאָלדענע האָר, אַזאַ שיין געשניצטע נאָז. מען זעט דאָס גאָרנישט אין אונדזער דאָרף. איך בין גליקלעך וואָס דו ביסט געקומען צו אונדז. דו וועסט זיין ביי אונדז. עס וועט דיר דאָ גוט זיין.

— איר דאַרפט אַזוי נישט ריידן, פּיער. איך בין דאָ אַ פרעמדע. איך בין בלויז דאָ געקומען אַרבעטן. אין אַ צייט אַרום וועל איך אַוועקפאָרן פונדאַנעט.

— איך האָב דיך ליב, סירעל. דו וועסט דאָ בלייבן. ער האָט דעם נאָמען צירל אַרויסגעזאָגט ווייך און זינגענדיק.

ער האָט זיין קאָפּ צוגעבויגן צו אירן. געוואָלט איר געבן אַ קוש אין די ליפּן. זי האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט און אָפּגעשפּרונגען.

— ניין, פּיער! קיינמאָל נישט! איך וועל נישט דערלויבן. גיי אַוועק פונדאַנעט!

ער האָט זיך אַביסל פאַרשעמט און דערשראָקן פאַר איר דרייסטקייט.
אירע אויגן האָבן געגליט מיט אַן אומהיימלעכן פייער. דער גאַנצער ווייטיק, בענקשאַפט, פּיין, פאַרלאָזנקייט, עלנט, וואָס איז געווען אָנגעזאַמלט אין איר, האָט מיט איינמאָל אַרויסגעפּלאַצט. זי האָט געצנומען העשען, יאָמערן. דער יונג איז אַ דערשראָקענער אַרויס פון שטאָל. די בהמות ביי די קאָריטעס האָבן אויסגע־שטרעקט די העלדזער צו דעם קול פון דעם וויינענדיק מיידל. מיט טעמפּע בליקן געקוקט אויף איר און ווייטער געמעלה־גירהט.
דאָס געוויין אירס האָט געשפּאָלטן די לופט אין דער פאַרמיסטיקטער שטאָל. איבערגעגאַנגען פון ציטערדיקן, ספּאַזמאַטישן העשען צו דער דינקייט פון קול פון אַ פידל און געבליבן הענגען אין דער פאַרשטיקטער לופט.

6

אַ האַלבן מייל ווייט פון ראָבערט דיראַנס הויף האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ משופּעדיקע הויך, אַן אַרויפגאַנג ווי אַ באַרג. אין די זומערן איז דער באַרג געווען באַדעקט מיט אַ גרינלעך־גאָלדיקער סאַמעטנדיקער דעק פון גראָז, בלומען און פלאַנצן, אין די ווינטערן איז דער באַרג געווען נאַקעט און אויסגעזען, ווי אַ ריזיקער פאַנצער פון אַ טשערעפּאַכע.
אויף דעם באַרג איז געשטאַנען אַן אַלטער איינזאַמער פראַנצויזישער שלאָס. מיט קייליקדיקע פאַרשפּיצטע טורעמלעך אין אַלע פיר זייטן, מיט קאַלאָנען, קאַר־ניזן און טיפע פענצטערלעך. די דאָזיקע געביידע איז געשטאַנען אין מיטן פון אַ פּאַרקל געדיכט באַוואָקסן מיטביימער, און פון איין זייט האָט זיך געצויגן אַ שמאָל זיגזאַגיק טייכל, איבער וועלכן עס איז געווען פאַרוואָרפן אַ הענג־בריקל, דער אַריינגאַנג צום שלאָס.
דער שלאָס האָט אויסגעזען לעגענדאַריש־ראָמאַנטיש, אין די פאַרנאַכטן האָט די אונטערגייענדיקע זון אָנגעצונדן די שפּיצן פון די פיר טורעמלעך מיט פלאַ־מיקן גאָלד. אין די פרימאָרגנס האָט אַ פייכטער טוי זיך געפּערלט איבער זיי, איינגעזאַפּט די אויפגייענדיקע זון־שטראַלן און געשפּיגלט אין די קליינע שויבן פון די פענצטער. די געביידע האָט אויסגעזען גרוי, מיד און שיין, אַ שיינקייט פון אַן אַלטן אַנטיקוואַרן חפץ, וואָס לאָקט מיט באַהאַלטענעם רייץ און איידעלע חנען.
דער דאָזיקער פּאַלאַץ האָט געהערט צו אַ פראַנצויזישן מאַרקיז מיטן נאָמען זשאַן דע קורבעי. ער האָט געלעבט איינער אַליין אין דעם שלאָס. אויפן הויף האָט זיך געפונען די דינערשאַפט, די פערד און אַ סטאַדע ראַסאָווע הינט.

פיל מאָל איז צירלען אויסגעקומען צו הערן ריידן אינעם הויז פון די דיראַנס וועגן דעם שלאָס און וועגן דעם מאַרקיז זשאַן, דעם אייגנטימער פון שלאָס. זי האָט אין דער פאַנטאַזיע זיך אויסגעמאָלן די געשטאַלט פון אַ הויכן, דיקן, בייזן פריץ, אַ שטרענגן מאַנספּאַרשוין, אַן אַריסטאָקראַט, אַן אַדלמאַן, פאַר וועמען אַלע האָבן מורא. עס ציטערן פאַר אים די שענסטע פרויען.

עס האָט איר אויך געררייצט דער שלאָס. זי האָט מורא געהאַט, אַז ביינאַכט, ווען זי וועט אַרויסקוקן פון פענצטער פון דעם צימער, ווו זי שלאָפט, וועט זי זען, ווי אויף איינעם פון די טורעמלעך וועט דער פאַרזשאַווערטער זייגער אויסשלאָגן צוועלף קלעפּ און עס וועלן זיך עפענען טירן, דורך וועלכע עס וועלן אַרייַן און אַרויס געשטאַלטן געהילטע אין לאַנגע מאַנטלען מיט מאַסקעס אויף די פּנימער, מען וועט זיך מאָרדן, טאַנצן, פראַווען ווילדע שטיק. אַזוי האָט זי געהאַט געלייענט אין ביכער און אַזוי — האָט זי זיך פאַרגעשטעלט — וועט אויך געשען.

צירל האָט זיך שוין געהאַט אַביסל איינגעלעבט אינעם הויז פון די דיראַנס. דער אַלטער ראָבערט האָט שוין נישט געברומט, נישט געקוקט אַזוי בייז אויף איר. ער האָט זיך געשראָקן פאַר דעם טיפן טרויער אין דעם מיידלס אויגן, פאַר איר ערלעכקייט. די צניעותדיקייט האָט אַרויסגעשטראַלט פון איר געשטאַלט. זי איז נישט געגאַנגען ליידיג קיין איבעריקע מינוט. זי האָט געאַרבעט אין שטאַל, אין פעלד, אין קיך, אין ווייַן־קעלטער און אומעטום האָט זי באַגלייט אַ שטילער טרויער, וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן די וואָס האָבן אויף איר געקוקט. ער האָט זי געגומען באַטראַכטן ווי אַ הייליקע. זאָל זי דאָ זיין — האָט ער געטראַכט — נאָך אַ ווייב אין הויז איז טאַקע אַ ברכה, אַלץ שמעקט, אַלץ איז ריין. אירע טריט זענען שטילע און אַרום איר פלאַטערט אַזאַ ליכטיקייט, אַזאַ יונגקייט, אַזוי ווי אַמאָל דאָס ווייב זיינס, ווען ער האָט זי געזען אינעם טאָג ווען זיי זענען צוריק־געקומען פון קלויסטער, נאָכדעם ווי דער גלח האָט זיי געגעבן די חתונה־ברכה...

לואיז האָט אויך געקוקט אויף דעם מיידל מיט אַ געוויסער ליבשאַפט. דאָס געפיל פון קנאה האָט אָפּגעלאָזט. זי האָט געזען דעם פאָטער, דעם מאַן אַדלער אין דעם מיידלס אויגן. זי האָט מיט איר גערעדט וועגן קליידער. צירל האָט ליב געהאַט צו הערן לואיזן דערציילן, ווי אַזוי זי פלעגט קויפן ביים פאָטער אירן קליידער, בלוזקעס, זאָקן, זיידענע וועש. לואיז האָט איר געוויזן איר גאַרדעראָבע, די אַלע שמאַכטעס אין הויז, וואָס זי האָט געקויפט ביי דעם פאָטער און צירל האָט זיך געפרייט מיט דעם אַלעם. זי האָט געזען דעם שאָטן פון איר טאַטן אין יעדן ווינקעלע פון דעם דאָרפס־הויז.

— זייער אַן ערלעכער מאַן, דיין פאָטער, — האָט לואיז געזאָגט מיט אַ ציטער אין דער שטימע, — ווו איז ער איצטער? ווען וועט ער קומען?

— ער איז אין דער אַרמיי, — האָט צירל געענטפערט פאַרשטיקט, — ווער ווייסט ווען איך וועל הערן פון אים.

ביידע פרויען האָבן געבענקט נאָך יוסף אַדלער.

אויך דער יונג פּיער האָט זיך געשראָקן פאַר דער ריינקייט פון מיידל. עפּעס איז זי נישט אַזוי ווי די דאָרפס־מיידלעך, וואָס פאַלן דיר אין די אָרעמס אַריין און שלעפּן דיך מיט געוואַלט אין שייער אַריין אין היי. זי, די סירעל, מוסרט אים. ער לאָזט זיך אַרויס אין די פרימאָרגנס מיט איר אין פעלד, לערנט זי רייטן אויף פערד, נעמט זי מיט צו רייסן וויינטרויבן, רעדט אַלץ צו איר, אַז ער האָט זי ליב, ער וועט אָן איר נישט קענען לעבן און ער וועט איבעררעדן מיט טאַטע־מאַמע וועגן חתונה האָבן מיט איר.

זי האָט זיך געשראָקן פאַר זיינע רייד. זי האָט געוווסט, אַז דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען. זי וועט נישט חתונה האָבן מיט נישט קיין ייִד. און זי וועט איינמאָל אַ טאָג מוזן אַוועק פון דאַנעט. זי האָט אָבער מורא געהאַט, אַז זי אַליין זאָל זיך נישט פאַרליבן אין דעם שיינעם יונג, פּיער, פון וועמען עס טראָגט זיך גבורה, דער ריח פון פעלד און וואַלד, רעדט שיין, האָט איידעלע מאַניערן, איז ערלעך, גוט.

איינמאָל אַ פאַרנאַכט, ווען זי האָט זיך אָפּגערוט פון אַ שווערן טאָג אַרבעט, איז זי געזעסן אין דרויסן. לעבן איר איז געשטאַנען פּיער און געזאָגט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט זיך אָנהייבן דער יעגער־סעזאָן און דער מאַרקיז זשאַן וועט אויך מיט זיי גיין אויף יאַגד.

— דער מאַרקיז? — האָט זי געפרעגט דערשטוינט, — ער וועט אויך מיטגיין מיט אייך?

— יאָ. ער גייט יעדעס יאָר מיט אונדז. דער וואַלד געהערט צו אים. אָבער מיר אַלע שיסן דאָרט פייגל און הירשן. וואָס וווּנדערסטו זיך. האָסט אים נאָך נישט געזען, זשאַנען?

— דעם מאַרקיז? ניין.

— ווייסט גאָרנישט ווער זיין מאַמעלע איז געווען?

— ניין.

— ווער ווייסט נישט וועגן זיין מאַמע, די מאַרקיזין דע קורבעי? זי איז שוין איינמאָל געווען אַ ווייבל — „איך פּעטיט מאַמאַן!" — פּיער האָט געלאַכט פאַרשייט און צווידייטיק.

צירל איז געוואָרן נייגעריק.

— זי האָט געהאַט פינף מענער! — האָט פּיער אויסגעפּלאַצט — זי האָט געלעבט בלויז פון ליבע. זי האָט געריטן אויף פערד, געלאָזט זיך אין די פאַר־טאָגן אויף יאַגד און געלעבט אַ קליין, פול וועלטל מיט ליבע, כי־כי־כי! צווויי

מענער זענען צוליב איר באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. צוויי אַנדערע זענען פֿאַרשווונדן, אַוועק, ווייל זי האָט זיי נישט ליב געהאַט. בלויז פון איינעם, פון מעסיע לע מאַרקי דע קורבעי, אַן אמתער אַדלמאַן, האָט זי געהאַט אַ זון, דעם זשאַן. זי האָט אים איבערגעלאָזט גיטער, פּאַלאַצן, וועלדער, פערד און דעם שלאָס אויפֿן באַרג.

— וואָס איז געוואָרן מיט איר, מיט דער מאַמע?

— זי? זי האָט זיך דערשאָסן אינעם שלאָס. אין איינעם אַ צימער, וואָס איז פֿאַרשלאָסן פון יענעם טאָג אָן, זינט מען האָט איר טויטן קערפּער פון דאָרט אַרויסגעטראָגן. דער מאַרקיז וויל נישט גערן עפענען דעם צימער. ער האָט נישט ליב געהאַט זיין קליינער מאַמען.

צירל האָט אויפגעשוידערט. פּיער האָט געלאַכט און געקוקט איר אין די אויגן מיט ליבשאַפט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, אין אַ זונטיק נאָכמיטיק איז עס געווען. די משפחה דיראַן איז ערשט צוריקגעקומען פון קלויסטער, ווו לואיז האָט הייס געבעטן פאַר צירלס פאָטער, יוסף אַדלער. אַלע זענען געזעסן ביים טיש און געגעסן. פּלוצלינג האָט די טיר זיך געעפנט. עס זענען אַריינגעקומען צוויי ריזיקע יאַגד־הינט. נאָך זיי האָט אַריינגעהונקען אַ קליינער, איינגעדאַרטער מאַנספאַרשוין, מיט אַ צעשאָבן פּנים פון בלאָטערלעך, קרעצעלעך, אָפּגעשונדענער הויט.

אַלע ביים טיש זענען אין איין רגע אויפגעשפּרונגען, מיט אַן אויסגעשריי:

— מעסיע לע מאַרקי! מעסיע זשאַן!

די הינט האָבן זיך געלאָזט איבער דער שטוב. דער מאַרקיז איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב. אַזוי זענען אויך געשטאַנען די מיטגלידער פון דער דיראַן משפחה.

צירל האָט געהערט אַ קוויטשעדיק קולכל. דאָס האָט דער מאַרקיז געפרעגט, אויב ער וואָלט געקענט זען די נייע ביקס, וואָס ראָבערט דיראַן האָט ערשט גע־בראַכט פון יריד פון דער שטאָט ליאָן.

דער אַלטער דיראַן איז מיט גרויס יראת־הכבוד אַריין אין דער צווייטער שטוב און געבראַכט אַ ביקס.

דער מאַרקיז האָט אין זיין דאַרער האַנט גענומען די ביקס און זי באַטראַכט.

— מיר וועלן האָבן געסט צו דער דערעפענונג פון יאַגד־סעזאָן, — האָט זיין קוויטשיק קולכל געבראָכן די לופט, — צוויי דייטשע אָפיצירן.

צירל האָט אַ ציטער געטון. די פיס האָבן זיך געבראָכן הינטער איר. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים זוים פון טיש.

דער מאַרקיז האָט אַ קוק געטון אויף איר מיט זיינע גרויע קליינע אויגן. זיין בליק האָט זיך אַריינגעשטאָכן אין צירלס האַרץ, ווי אַ גליאיקע פייל.

— דאָס איז אייער קרובה? — האָט ער געפרעגט און אַליין געענטפערט, — איך האָב געהערט. פונוואַנען קומט זי, פון...

— פון ליאָן, מעסיע לע מאַרקי, — האָט לואיז שנעל געענטפערט און איר פּנים איז בלאַס געוואָרן, — מיינע אַ ווייטע קרובה. אַ צווייטע קוזינקע. איר נאָמען איז סירעל.

— איך האָב געהערט, אַז זי איז אייערע אַ פּלימעניצע. אַזוי פיל אויסלענדער אין אונדזער געגנט. פרעמדע. אויך פיל דייטשן, מיליטער־לייט זענען דאָ אין דער נאָענטסטער שטאָט. עטלעכע פון זייערע אָפיצירן וועלן זיין מיט אונדז אויף יאַגד און זיי קומען אויך אין שלאָס אַריין. איינער וויל באַטראַכטן די קונסט־בילדער, די אַנטיק־זאַכן פון שלאָס. איך האָב נישט געקענט אָפּזאָגן זייער אייגענע איינלאַדונג.

ראָבערט דיראַן האָט געדרייט אַ וואָנצע.

— נו, זיכער, זיכער, מעסיע לע מאַרקי, — האָט ער געברומט, — מען קען נישט אָפּזאָגן.

— אַ פיינע ביקס, אַ מאַוזער? אַ שניידער? איך וועל זי ביי אייך אויסבאָרגן. הם... זייער אַ שיינע, אייער קרובה. קומט מיט איר אין שלאָס אַריין צו מיר. איר וועט קומען מאַדעמאַוזעל סירעל?

—אַ דאַנק, — האָט סירעל געשעפּטשעט, — אַ דאַנק.

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין דאַרע האַנט צו איר. צירלען האָט געעקלט פון זיין אויסזען. דאָס זאָל זיין אַ מעכטיקער פּריץ, — האָט זי זיך געטראַכט, — פאַרמאָגט אַזאַ שלאָס. ער זעט דאָך אויס ווי אַ שטשור. גאָט אין הימל, וואָס פאַר אַ שוידערלעך פּנים! ער איז דאָך דעגענערירט, אַ פינצטער געשטאַלט, אַ נאַרישׂ־כיטרער שמייכל, אַ פאַרשאָלטן אויסזען פון אַ מענטש.

— עס וועט מיר זיין זייער אָנגענעם אייך צו זען ביי מיר אין שלאָס. ווי איז אייער פולער נאָמען, מאַדעמואַזעל?

— סירעל עגלאָן!

— אַ שיינער נאָמען, סירעל עגלאָן. („עגלאָן״ איז אָדלער אויף פראַנצויזיש).

ראָבערט האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש עטלעכע פלעשער געטראַנקען. אָנגעגאָסן אין גלעזער און אַלע האָבן אויסגעטרונקען, ווינטשענדיק דעם מאַרקיז גוט געזונט און גליק צום יאַגד־סעזאָן.

נאָכן אויסטרינקען האָט ער אַ רוף געטון די הינט און אַלע דריי זענען זיי אַרויס פון הויז.

צירלען האָט געשווינדלט פאַר די אויגן. עס האָט איר אויסגעזען ווי אַ געשפּענסט איז אַרויס פון הויז.

— ווערסט מוזן זיין פּאַרזיכטיק מיט אים, סירעל, — האָט לואיז געזאָגט, — ער איז אַ מעכטיקער מאַן און אַ מאָדנער אַזאַ.

— איך פייף אויף אים! — האָט פּיער אַ זאָג געטון און באַלד זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער מיט מורא פאַר די אייגענע רייד, — דעם באָש (פאַרשיוון דייטש) לאָזט ער אין שלאָס אַריין. צו דער יאַגד. וואָס פאַר אַ שאַנדע!

אַלע זענען געזעסן שטיל ביים טיש. יעדער איז געווען פאַרזונקען אין גע־דאַנקען. צירלען איז גאָרנישט געווען פריילעך. זי האָט געפילט, ווי אויך דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל פון לאַנד, דערגרייכט די בייזע האַנט פונעם דייטש.

7

די פאַמיליע דיראַן האָט באַקומען אַן איינלאַדונג פון מאַרקיז צו קומען צו אים אין שלאָס אַריין מיט זייער קרובה, סירעל עגלאַן, אויף אַ ספּעציעלן באַנקעט, וואָס ער גיט פאַר זיינע פריינט, לכבוד דער דערעפענונג פון היי־יאָריקן האַרבסט סעזאָן פון יאַגד.

דער גאַנצער גלאַנץ און ראָמאַנטישקייט, וואָס האָט זיך אין צירלס מוח געהאַט צעוואַקסן וועגן דעם מאַרקיז און זיין מעכטיקן שלאָס, איז אויסגערונען אין דער ערשטער רגע, ווען זי האָט אים דערזען. זיין נעבעכדיק געשטאַלט, דאָס קרענקלעכע פּנים מיט דער עגזעמאַ־הויט, זיין איינגעשרומפּענע פיגור, זיין פּנים פון אַ זקן, דאָס האָט צערודערט איר געמיט. עס איז געווען ווי מען גרייט זיך יאָרן לאַנג צו עפּעס אַ גרויסער געשעעניש און מיט איין מאָל, ווען מען קומט צו דעם, ווערט מען אַנטוישט און אַלץ ווערט אויסגעלאָשן אין אַן איינציקער רגע. זינט זי האָט אים געזען, האָט אַ וויסטע שרעק זיך באַזעצט אין איר האַרץ, אַזוי ווי זי וואָלט דערזען אַ פינצטערע געשטאַלט, וואָס וועט זיך אויף איר אַרויפ־וואַרפן און זי פאַרניכטן.

אין איינעם אַ טאָג זענען די דריי מיטגלידער פון דער משפּחה דיראַן, צוזאַ־מען מיט צירלען, פאַרפאָרן צום שלאָס פון מאַרקיז. זיי זענען אַריין אינעם פּאַרקל, צווישן אַ געדיכטן געפלעכט פוןביימער, וואָס די בלעטער האָבן אין דעם זוניקן האַרבסט־טאָג געפלאַקערט מיט בורשטין. הינט האָבן זיך צעבילט, פערד האָבן געהירזשעט אין די שטאַלן, פאַראַבקעס האָבן געאַרבעט אין פאַרשידענע ערטער פון הויף, דער ווינט־האָן אויף איינעם פון די טורעמלעך פון שלאָס האָט זיך געדרייט אין דער ריכטונג פונעם ווינט. מען האָט אויפגעהויבן דאָס הענג־בריקל און זייער בריטשקע איז צוגעפאָרן גלייך צו די אריינגאַנגען אין שלאָס.

ווייל זיי זענען נישט געווען פון די גאָר געהויבענע געסט, האָט מען זיי צוערשט געהייסן אַריינגיין אין דער קיך. זיי זענען אַריינגעקומען אין אַ גרויסן טונקעלן קיך־צימער. עס האָט צירלען אַ שלאָג געטון אַ ריח פון מייז און שימל, פון פאַרזויערטע מאכלים און פון עפּעס איבלדיקס. נאָכדעם האָט מען זיי געהייסן אַרויפגיין אין די סאַלאָנען. איינער, אַ באַדינער אין אַן אָנגעכוימערטן בלויען ליוורײַ, מיט גאָלדענע קנעפּ און ווייסע זאָקן ביז צו די קני, האָט זיי אַריינגעפירט אינעם ערשטן סאַלאָן.

דאָס איז געווען אַ ריזיקער זאַל. באַהאָנגען מיט פאַרשטויבטע, פּרעכטיקע ווערטפולע גאָבעלינען און מאַלערייען פון הויך־קינסטלערישן ווערט. נאָכדעם זע־נען זיי אַריינגעגאַנגען אין אַן אַנדער זאַל. דער זאַל איז געווען באַצירט מיט פריילעכע פּרעסקן, סצענעס פון ווייַן־שניט, יאַגד און בלומען, פרויען־טענץ, ליבע־סצענעס. דאָ איז אויך געווען סטיל־מעבל פון פאַרשידענע תקופות, יאַגד־טראָ־פייען, פּאָרטרעטן און לאַנדשאַפטן, געמאָלן פון באַרימטע מייסטער, מיניאַטור־שניצערייען, פּערסישע און דמשקער טעפּיכער, ביכער און אַן אַ שיר רייכטימער. ביי דעם אַלעם האָט געשמעקט מיט פייכטקייט, מייז און אומעט. אַלץ האָט אויס־געזען פאַרשטויבט, אַלט און פאַרנאַכלעסיקט — דורות מיט שימל איבער דעם רום פון אַ פּריצישן שלאָס.

די דיראַנס זענען זעלטן געוואָרן איינגעלאַדן אינעם שלאָס פון מאַרקיז. הגם זיי זענען געווען שכנים און האָבן געוווינט פיל יאָרן אין דער זעלבער געגנט. זיי זענען איצטער אַרומגעגאַנגען אין די סאַלאָנען מיט שטילע טריט. זיי האָבן מורא געהאַט צו רעדן אַ הויך וואָרט און אַפילו נישט געוואַגט צו אָטעמען. זיי האָבן געוווסט, אַז די איינלאַדונג איז געווען צו זיי נישט ווייל דער פּריץ וויל זיי האָבן צו דער סעודה, פאַרקערט, ער שעמט זיך מיט זיי, די פּויערים, נאָר צוליב צירלען, דאָס הייסט, צוליב דעם מיידל סירעל עגלאָן, פון דער גרויסער שטאָט ליאָן, האָט מען זיי דעם כבוד אָנגעטון.

— איצטער וועלן מיר אַריינגיין אין דעם זאַל פון זיין הויכקייט דעם מאַרקיז זשאַנס מאַמע, — האָט געזאָגט דער דינער, וועלכן מען האָט היינט אָנגעטאָן אין אַ בלויער, צעקנייטשטער ליוורײַ, און ער האָט אויסגעזען ווי אַ קלאָון, — דאָרט זענען אויך דאָ אַנדערע געסט.

ער האָט אַ געהיימען ווונק געטון, דער דינער, צו דעם אַלטן דיראַן און שטיל געזאָגט:

— עטלעכע דייטשע אָפיצירן זענען געקומען. זיי זענען דאָ אין דער שטאָט מאַקאָן אַזוי פיל, ווי די משוגענע היינט, קומען זיי אין אונדזערע פּאַלאַצן מכלומרשט

באַקוקן די קונסט־ווערק און נאָכדעם זיי צורויבן, ווי אמתע באַנדיטן, און זשאַן טאָר זיי נישט אָפּזאָגן.

דאָס וואָרט „אונדזערע פּאַלאַצן" האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ געוויסן שטאָלץ. צירלען איז געוואָרן פינצטער אין די אויגן פון דעם וואָס זי האָט געהערט, אַז די דייטשן זענען דאָ. זי האָט שוין געזען אין דער וויזיע איר סוף און אומקום און זי האָט זיך געגרייט אַלץ אויפצונעמען קאַלטבלוטיק און גאָרנישט לייכט אָפּצוגעבן איר לעבן.

זיי זענען אַרייַן אינעם זאַל פון דער פאַרשטאָרבענער מאַרקיזין, די מאַמע פון זשאַנען.

עטלעכע מענער זיינען דאָ געווען פאַרזאַמלט. צווישן זיי צוויי דייטשע גע־שטאַפּאָ־אָפיצירן. זייערע הויכע, גלאַנציקע שטיוול און די טונקל־בלויע אוניפאָרמס, זייערע קורץ־געשוירענע האָר אויף די לענגלעכע פּנימער, זייער מיליטעריש־חוצפּהדיקע שטייפקייט, האָט אָנגעוואָרפן מורא, פאַרשטאַרטקייט. דאָס איינגע־שרומפּענע געשטאַלט פון דעם מאַרקיז, האָט זיך אַרומגעדרייט, דער שוואַרצער אָנצוג איז געלעגן אויף אים ווי אַ שמאַטע. ער האָט געשלעפּט דעם הינקענדיקן פוס און באַגריסט די געסט מיט זיין קוויטשיקער שטים. ביים אַרייַנקומען פון די דיראַנס צוזאַמען מיט דער יידישער מיידל, איז ער זיי אַנטקעגנגעגאַנגען, צוערשט געגעבן די האַנט צירלען, און געזאָגט:

— עס איז מיר זייער אָנגענעם צו האָבן צווישן מיינע געסט אַזאַ שיין מיידל. איר וועט זיכער זיין די אַטראַקציע פון דעם באַנקעט.

ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און וויַיטער גערעדט, אָנווייזענדיק אויף אַ ריזיקן פּאָרטרעט פון אַ פרוי איינגערעמט אין אַ גאָלדקאָליריקער ראַם.

— דאָס איז מיין מאַמע. די איינציקע פרוי אין מיין שלאָס. איך האָב דעם כבוד זי אייך פאָרצושטעלן.

ער האָט אַ לאַך געטון ביי דעם וויץ און צירל האָט געזען אין זיינע אויגן בייזקייט און טרויער.

דאָס איז געווען אַ פּאָרטרעט פון אַ שיינער פרוי, געמאָלן אין שטרענג־קלאַ־סישן סטיל. אויף אַ בלויען הינטערגרונט האָט אַ שמייכלענדיקע דאַמע מיט אַ פולן אויסגערונדיקטן פּנים, מיט פליישיקע ליפּן און שמייכלענדיקע אויגן, געקוקט מיט מאַמישער הנאה.

צירל האָט זיך אָנגענומען מיט קוראַזש. געשפּילט די ראָלע פון אַ פראַנ־צויזיש מיידל. די אָנוועזנהייט פון די צוויי דייטשע אָפיצירן האָבן איר פאַרסמט יעדע רגע. אין האַרץ האָט איר געקלאַפּט און אין מוח האָט געהאַמערט.

— זי האָט גאַנץ שיין איר קליין וועלטעלע אָפּגעלעבט, — האָט דער מאַרקיז

אַ ברום געטון, — זי האָט נישט געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן, מיין מאַמעלע. זי האָט געוווסט וואָס אַ פּרוי וויל.

אַ דינער האָט מיט אַ טרוקן קול געבעטן די געסט אַריינצוגיין אין „אַפּעריטיף", זאַל, דאָס הייסט, אינעם זאַל, ווו מען וועט סערווירן געטראַנקען פאַרן עסן.

אין דעם טרינק־זאַל האָט דער מאַרקיז מיט זיין נעבעכדיק שטימעלע פאַר־געשטעלט די געסט איינעם נאָכן אַנדערן. צירל האָט געמוזט דריקן די הענט פון די צוויי דייטשע אָפיצירן. איינער פון זיי האָט, ביים צוזאַמענקלאַפּן שטייף און הילכיק זיינע גלאַנציקע שטיוול און אויסשטרעקנדיק זיין ביינערדיקע האַנט ביים נעמען צירלס האַנט, איר זייער שאַרף אַריינגעקוקט אין די אויגן. צירלען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיין בליק איז פייער און סם, אַ גליאיקע שפּיז מיט סם און באַלד וועט די שפּיז זיך איינשטעכן אין איר לייב און זי וועט שטאַרבן. דער אָפי־ציר האָט אַ שמייכל געטון און העפלעך געפרעגט, אין אַ האַרטן פראַנצויזיש:

— איר זענט פון ליאָן, שיינע מאַדעמואַזעל? הם... ליאָן האָט שיינע מיידלעך. ווי איז אייער נאָמען? איך האָב נישט גוט געהערט.

— סירעל עגלאָן.

— סירעל עגלאָן. אַ שיינער נאָמען. עס מיינט אין דייטש „אַדלער". (נאַפּאָ־לעאָנען רופט איר דאָך „עגלאָן", דער אַדלער). איך וועל די אַנדערע וואָך זיין אין ליאָן. קען איך אפשר באַזוכען אייערע עלטערן? אָפּגעבן זיי אַ גרוס?

— זיי זענען נישט אין ליאָן, — האָט צירל געענטפערט און שטאַרק בלייך געוואָרן, — זיי זענען, זיי זענען טויט. איך האַלט זיך דאָ אויף ביי מיינע קרובים. ער האָט באַמערקט איר בלייכקייט.

— זענט איר דאָ, שיינע מאַדעמואַזעל, אין אַ פאַרוואָרפענעם דאָרף. אַ שאָד, אַ שאָד! קען איך קומען אַמאָל מיט מיין אויטאָמאָביל און אייך פירן צו אַ טאַנץ אין דער נאָענטער שטאָט? מיר מאַכן אָפט טענץ־בעלער, ווייל מען קען דאָ אויסגיין פון לאַנגווייליקייט.

— מיר זענען אַזוי פאַרנומען ביי מיין אָנקל. עס איז איצטער דער וויין־שניט. און אין די פעלדער איז דאָ אַזוי פיל אַרבעט. איך דאַנק אייך זייער פאַר דער גרויסער ערע, וואָס איר פאַרשאַפט מיר.

— איך אָוונט, איך אָוונט בלויז, — האָט ער געזאָגט, — און אָנגענומען איר האַנט און לייכט צוגעטראָגן די שפּיצן פינגער צו זיינע דינע ליפּן. אירע פינגער זענען געווען קאַלט ווי אייז.

ביים טיש נאָכדעם האָבן די געסט גערעדט פיל, געלאַכט, געגעסן און גע־טרונקען. די דייטשע אָפיצירן האָבן געלויבט דעם מאַרקיז פאַר די פיינע זאַכן, פאַר די קונסט־ווערק, וואָס ער האָט אין זיין שאַטאָ און צוגעזאָגט צו קומען אין

אַ ספּעציעלן טאָג באַטראַכטן די גאָבעלינען, וואָס שטאַמען — לויט זייער מיינונג, — פון פערצנטן יאָרהונדערט און זענען וווּנדערבאַרע מייסטערווערק.

דער אָפיציר, וואָס האָט פריִער גערעדט מיט צירלען, האָט זי שוין נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט צו איר גערעדט אָן אויפהער. אַפילו זיך דערלויבט זיין האַנט אַרויפצולייגן אויף איר אַקסל. געטאַנצט מיט איר צו דער מוזיק פון אַ וויקטאָראָלאַ. אויך דער מאַרקיז האָט מיט איר געטאַנצט און געשעפּטשעט אין איר אויער אַריין רייד פון ליבשאַפט. געוואָרנט זי, אַז זי זאָל זיך היטן פאַר די „באָשעס" (שמוציקע דייטשן), די שונאים פון פראַנקרייך. ער האָט איר צוגעזאָגט צו קומען אָפטער צו די דיראַנס און ער וועט זי נעמען אין זיין שלאָס אָפטער.

פּיער האָט געשטיקט אין זיך אַ געוויין און אין מיטן דער סעודה איז ער אַרויס דורך אַ טיר און איז אַנטלאָפן איבער די קאַרטאָפל־פעלדער אַהיים. דאָרט האָט ער זיך פאַשפאַרט אין אַ שטאַל צווישן די שאָף און רינדער און אַרויסגעפּלאַצט אין אַ ביטער געוויין.

ווידער האָבן די בהמות אויסגעשטרעקט די העלדזער צום קול פון געוויין. כמעט יעדן טאָג הערן זיך דאָ געוויינען — אַמאָל פון צירלען און אַמאָל פון פּיערן. די געוויינען בלאָנדזשען אַרום אין דעם שטאַל ווי פאַרשאָלטענע ניגונים אָן אַ תיקון...

## 8

איבער אַ יאָר צייט איז צירל שוין געווען ביי די דיראַנס. דער מאַרקיז איז איצטער אָפטער געקומען צו די דיראַנס און יעדעס מאָל מיט אַן אַנדערן תירוץ. דאָ וויל ער באַרגן די ביקס, דאָ וויל ער זיי ווייזן היינטיקן דערפאָלג אויף יאַגד. ער האָט דערשאָסן צוויי ווילדע פייגל, פייזאַנען און אַ קליינעם הירש; און דאָ לאַדט ער זיי ווידער איין אויף אַ שמחהלע אין שלאָס, טאַקע צוליב דעם הייאָריקן דערפאָלג זיינעם אין וואַלד.

יעדעס מאָל ווען דער מאַרקיז איז געקומען, האָט ער גלייך אויפגעזוכט צירלען, הגם זי פלעגט זיך באַהאַלטן אַזוי גיך ווי זי האָט נאָר דערזען פונדערווייטנס זיין ברישקע מיט דעם שלאַנקן ברוינעם פערד. דער מאַרקיז פלעגט זי שוין אויפזוכן ערגעץ אין שטאַל, אין ווייך־קעלטער, צי אין גאָרטן. ער האָט שוין געהאַט אַ תירוץ פאַר דעם.

די דיראַנס פלעגן זיך מאַכן נישט זעענדיק. פאַרקערט, זיי זענען געווען געוואַלדיק שטאָלץ פון דעם גרויסן כבוד, וואָס דער מעכטיקער מאַרקיז טוט זיי אָן און באַזוכט זיי אָפט. זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז נישט צוליב זייער יחוס,

ווייל וואָס האָט אַ מאַרקיז פון אַזאַ אַדל און שטאַנד צו טון אין אַ הויז פון אַ פויער, אַ בהמות־הענדלער?

זיי האָבן געוווסט, אַז דאָס איז צוליב צירלען, אַז דער אַלטער בחור זשאַן דע קורבעי שדכנט זיך צו דעם מיידל, די טאָכטער פון דעם פעדלער דזשאָזעף אַדלער. מיינען, מיינט ער, דער מאַרקיז, אַז דאָס מיידל איז טאַקע זייערס אַ פלי־מעניצע, קומט פון ליאָן און האָט אין זיך ריין פראַנצויזיש בלוט. אָ, ווען ער זאָל וויסן, אַז זי איז אַ טאָכטער פון אַ מאַרק־שטייער, אַ פעדלער!...

זיי האָבן זיך געפרייט, געוווען שטאָלץ און אויך זיך געשראָקן, טאָמער וועט ער זיך דערוויסן דעם גאַנצן אמת, אַז זי איז נישט סירעל עגלאָן, נאָר גאָר אַ... עס וועט זיין שרעקלעך, — אַזאַ זאַך קען זיך ענדיקן מיט בלוט־פאַרגיסונג.

אויב דער מאַרקיז פלעגט אַזוי גיך נישט טרעפן צירלען, איז ער צוגע־שטאַנען צו לואיז דיראַן מיט צוגעלאָזענע רייד. זיין פנים מיט דער עקזעמאַ־הויט פלעגט זיך דערביי רויטלען און אויסגעזען ווי פלאַמיקע, פיבערדיקע פלעקן אויף אַ מצורעדיקן גוף.

— ווו איז די שיינע סירעל? וואָס לאָזט איר זי אַזוי פיל אַרבעטן? איך וועל אייך שיקן מיינע צוויי אַרבעטער און לאָזט בעסער אירע הענלעך ריין. איר ווייסט גאָר נישט ווי אַזוי צו היטן אַזאַ אײדעלע פלאַנץ. איר זענט גאָרנישט ווערט אַזאַ פלימעניצע! איר זענט פויערים. זי איז דאָך אַ פראַכט, אַזאַ ווייב צו האָבן! זי קען באַלייכטן מיט איר אויסזען דעם גאַנצן שאַטאָ...

נאָך די רייד האָט ער געלאַכט, ווי אַ פאַרשעמטער בחור.

לואיזען האָבן די רייד געוואָרעמט. זי האָט זיך אַליין געגרויסט מיט דעם, וואָס דער מאַרקיז איז אַזוי צוגעלאָזן. ער איז גאָרנישט דערזעלבער מענטש וואָס שטענדיק, און זי האָט אים צוגעזאָגט אויסצוגעפינען דאָס מיידל.

ווען ער פלעגט אַוועקגיין איז צירל געלאָפן אין שטאַל אַריין צו די בהמות און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין, וואָס איז געווען פול מיט בענקשאַפט און גרע־נעצלאָזן טרויער — אין אָנהייב ספּאַזמאַטיש, נאָכדעם דין, ווי דער יאָמער פון אַ פידל.

פיער פלעגט ביילן די פויסטן און שרייען:

— איך וועל אים דערהרגענען, דעם מאַרקיז! איך וועל אים דערשיסן! וואָס וויל ער דאָ? וואָס קריכט ער צו צירלען? זאָל ער נאָכאַמאָל קומען, וועט מען זיין הינקענדיקן קערפּער אַרויסטראָגן פון דאַנעט אַ דורכגעלעכערטן מיט קוילן פון מיין יעגער־ביקס!

ראָבערט און לואיז דיראַן האָבן זיך געשראָקן פאַר די רייד פון זייער זון. זיי האָבן געוווסט, אַז פיער איז פאַרליבט אין צירלען, איז לעצטנס טרויעריק,

עסט נישט, די אַרבעט פּאַלט אים פון די הענט, יאָגט זיך נישט מער נאָך די דאָרפס־מיידן, זינגט נישט, גייט נישט אויף יאַגד, נאָר היט אָפּ די טריט פון דער סירעל, לויערט אויף אירס אַ בליק, ליגט גאַנצענע שעהן אויף דער סאָפע און הערט זיך צו צו אירע טריט און טיילמאָל צו איר שטיל געזאַנג.

זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר דעם וואָס עס קען אַרויסקומען. זיי וואָלטן שוין באַשטאַנען, אַז דער מאַרקיז זאָל צונעמען דאָס מיידל צו זיך אין שלאָס אַריין, זאָל זי ווערן אַ מאַרקיזין, דעמאָלט וועט דאָך פאַר זיי אויך אַראָפּפאַלן אַביינדל אָפּצולעקן. לואיז האָט געטראַכט, אַז דער פאָטער אירער וועט נאָך אַמאָל צוריק־קומען, וועט ער שוין דאָ בלייבן און דער אַלטער בהמות־הענדלער האָט געטראַכט, אַז ער מוז וואָס שנעלער פּטור ווערן פון דעם מיידל, עס זאָל נישט ווערן צו שפּעט. עס קען זיך שלעכט ענדיקן. ער קען קריגן פון דעם מאַרקיז אַ שיינע מתנה.

אין איינעם אַ טאָג איז פּיער צוגעשטאַנען צו די עלטערן מיט געבעט און געוואַגטקייט:

— איך וועל חתונה האָבן מיט סירעלן! איך וועל דעם מאַרקיז דאָ מער נישט אַהערלאָזן! נאָך היינט וועל איך מיט איר איבעררעדן. זי וועט זיין מיין ווייב!

— דו וועסט עס נישט טון, מיין זון, — האָט ראָבערט געזאָגט, — זי איז אַ פרעמדע. די מלחמה וועט זיך ענדיקן וועט זי אַוועק פונדאַנעט. זי וועט דיך איבערלאָזן. זי איז געוווינט צו דער שטאָט. זי איז אַן ערלעכע. אַז זי וויל נישט, מיינט זי עס ערלעך.

— זי וועט פונדאַנעט נישט אַוועק. איך וועל מיט איר חתונה האָבן!

דער יונג איז צוגעשטאַנען צו צירלען מיט גוטן, מיט געוויין, מיט ליבע־ווערטער. דאָס מיידל האָט נישט געהאַט וואָס אים צו ענטפערן. זי האָט אים גערן געהאַט. ער איז אַלעמאָל געווען צו איר אַ גוטער. ער איז אַ מוטיקער מאַן. ער קושט זי מיט פיל ליבשאַפט און ערלעכקייט, אָבער — חתונה האָבן מיט אים...

זי וואָלט עס קיינמאָל נישט געטון. עס איז אין איר געווען איינגעפלאַנצט אַ סך יידישקייט, טראַדיציע. זי האָט געקענט יידישע געשיכטע, געוווּסט פון דעם מאַרטירער־וועג פון יידישן פאָלק. געוווּסט דעם פּיין און אומגליקן, וואָס יידן טראָגן אויס צוליב זייער אָפּהיטן די ריינקייט פון גלויבן און פאָלק. זי האָט אין פראַנקרייך געהערט צו אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, יונגעלייט, וואָס האָבן אָפּגעהיט טראַדיציע און אייגענע ריינקייט, געווען שטאָלצע יידן.

עס איז אויך געקומען אַן איבערברוך אין די מוחות פון לואיז און ראָבערט דיראַן: אויב דאָס מיידל געפעלט דעם מעכטיקן מאַרקיז, פאַרוואָס זאָל זי זיין נישט גוט פאַר זייער זון פּיער? פאַרוואָס זאָלן זיי זיין קעגן דעם, אַז די צוויי יונגע מענטשן זאָלן חתונה האָבן?

לואיז איז דערביבער צוגעשטאַנען מיט אָפענע רייד צו צירלען:

— פיער האָט דיך ליב און מיר באַשטייען, אַז איר זאָלט בײדע חתונה האָבן. דו דאַרפסט נאָר זאָגן יאָ.

צירל האָט אויסגעבראָכן אין ווערטער, פון פאַרענטפערן זיך, ווי זי וואָלט אַ פאַרברעכן באַגאַנגען.

— איך קען נישט. איך קען נישט.

— פאַרוואָס? פיער נעמט דיך אַזוי ווי דו ביסט. דו וועסט אים זיין אַ גוטע ווייב. ער וועט דיר זיין טריי. ער וועט נישט נאָכלויפן אַנדערע ווייבער. זיכער וועט ער דיר אין די ערשטע עטלעכע יאָר נישט אויסשטעלן קיין הערבער. וואָס ווייטער וועט זיין — אָ, ווער טראַכט דאָס...

— נישט דאָס מיין איך, לואיז. נישט דאָס. איך קען נישט, ווייל... ווייל איך בין אַ יידישע פרוי. מיינע עלטערן זענען יידן!

— יידן? אָ, מיינסט, אַז דו ביסט פון דער זעלבער ראַסע, די מענטשן, וואָס די דייטשן פאַרניכטן איצטער, וואָס מען לייענט וועגן זיי אין די צייטונגען. אַז זיי פאַרשיקן ערגעץ אין גאַז־קאַמערן?

— יאָ, לואיז. זיי האָבן מיין פאָטער פאַרשיקט און ווער ווייסט אויב מיין מאַמע לעבט נאָך ערגעץ.

— דיין פאָטער? מאָן דיע! פאַרוואָס האָסטו נישט געזאָגט, אַז דו ביסט אַזוי ווי זיי? די דייטשן האָבן אַנומלט פון דער שטאָט ליאָן אַלע יידן אַרויסגערוימט. אַזוי האָט מיר ראָבערט דערציילט, ווען ער איז מיט עטלעכע טעג צוריקגעקומען פון יריד. וואָס וועט איצטער זיין? אויב זיי זאָלן זיך דערוויסן, וועלן זיי אונדז באַשטראָפן.

— איך וועל אַוועק פונדאַנעט, לואיז. ביינאַכט וועל איך אַוועק.

— ניין, ניין. דו וועסט בלייבן מיט אונדז. מיר וועלן דיך אויסבאַהאַלטן. פיער וועט נישט אויסהאַלטן. ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען, דער אָרעמער. און דיין פאָטער, גלייבסטו, לעבט נישט מער? דאָס איז נישט מעגלעך. ער לעבט, דער אָרעמער. דו ביסט נישט זיכער.

לואיזעס פּנים איז געוואָרן בלייך, אין אירע אויגן האָט אַן אומהיימלעך פייער זיך צעברענט.

צירלס קערפּער האָט זיך געקאָרטשעט אין ציטערניש, אין קראַמפּהאַפטער ספּאַזמאַטישקייט.

דעם זעלבן טאָג האָבן זיך דעם סוד דערוווּסט ראָבערט און פיער. דער אַלטער האָט שוין נישט געעסן קיין אָונטברויט. ער האָט אויסגעטרונקען צוויי פולע פלעשער וויין און דער כּעס זיינער האָט זיך געשוימט אין קאָפּ און אין אַלע

גלידער פון זיין שווערן גוף. ער האָט גאַרנישט געזאָגט. ער איז אַרויס אין די שטאַלן און שעהן גאַנצע זיך געפּלאָנטערט צווישן די שטומע בהמות זיינע.

פּיער האָט פון זיך געריסן שטיקער לייב און געשווירן, אַז אים אַרט עס נישט, וואָס צירל זאָל נישט זיין, אַ כינעזישע, אַ האָטענטאָטין, אַ ייִדישע. זי וועט זיין די ווייב זיינע. ווי וועט זיין צו דעם, וואָס וועט נישט דערלאָזן. אויב „באָשעס״ (דייטשן) וועלן זיך דערוויסן און קומען נאָך איר, וועט ער זיי דערשיסן, איידער זיי וועלן זיך צורירן צו איר. ער וועט זיין וואָרט האַלטן און — סירעל וועט דאָ בלייבן...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען אין דעם הויז פון דעם בהמות־הענדלער אויסגעבראָכן געשעענישן, וואָס האָבן אַ טרייסל געטון די פעסטקייט פון דעם הויז פון דער אַלטער פראַנצויזישער פּויערים־משפּחה.

9

עס איז געווען אין אַ זונטיק, אַ טריבער האַרבסט־טאָג.

אַ דרום־ווינט האָט זיך געטראָגן מיט אַ געוואָיערײַ, געריסן איבער־געבלי־בענע בלעטער פון די ביימער, שטיקלעך צווייגן, זאַמד און אַלץ האָט זיך געדרייט אין אַ געווירבל־טאַנץ. די פעלדער זענען געלעגן וויסטע, נאַקעטע. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען אָפּגעריסן פון זיי די פולע שטענגלעך מיט וויינ־טרויבן, געוואָרפן די טרויבן אין די קעלערן, אויסגעקוועטשט דעם וויין און אָנגעפילט די פעסער פון ראָבערט דיראַנס קעלטערס.

צירל איז איצטער געשטאַנען ביי איינעם פון די פענצטער און אַרויסגעקוקט אינעם וויסטן דרויסן. מען האָט נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. די ביימער זענען שוין געווען כמעט נאַקעטע און די צווייגן האָבן זיך געשטרעקט צו איר, ווי דראָענדיקע שפּיזן. אין שטוב איז קיינער נישט געווען. די משפּחה דיראַן איז אַוועק אין דערבייאיקן קלויסטער צום זונטיק־געבעט און זיי דאַרפן באַלד צוריק־קומען. אויפן הויף האָט אַ פּויערטע געוואָרפן קופּעס היי אין די שטאַלן אַריין.

דער אומעט האָט געפרעסן דאָס ייִדישע מיידל. דער טרויער האָט זיך גע־שפּרייט איבער איר לייב־און־לעבן, ווי אַ גראָבבייכיקע שפּין, וואָס שפּאַנט מיט אירע פיסלעך און פאַרוועבט אַלץ אַרום זיך.

זי האָט געהערט ווי אַ וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים הויז. זי האָט אַרויס־געשטעקט דעם קאָפּ אין דעם פייפנדיקן ווינט און געזען, אַז אַ אַלטער מאַן, אַ דאָרפס־גייער, איינער פון די וואָס קויפן אויף שמאַטעס, פאַרריכטן שטרויענע שטולן, קריכט אַראָפּ פון וואָגן און גייט צו צום פענצטער.

— אפשר פאַראַן שטולן צו פאַרריכטן, אַלטע סאָפּעס?

צירל האָט אויפגעציטערט פון דעם קול פון דעם אַלטן מאַן. עפּעס האָט עס געקלונגען מיט אַזאַ ווייטער היימישקייט. זי האָט זיך איינגעקוקט אין זיינע אויגן און בלייך געוואָרן.

— שטולן אַלטע? — האָט זי איבערגעפרעגט, — יאָ, פאַראַן! — די באַלע־באַטים קומען שוין צוריק פון קלויסטער, וועלן זיי...

— פאַרוואָס ביסטו, שיין מיידל, נישט געגאַנגען אין קלויסטער? מען דאַרף בעטן גאָט... דו ביסט צירל, יוסף אַדלערס טאָכטער — האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער אין יידיש — אין קלויסטער דאַרף מען גיין, — האָט ער ווידער געזאָגט אויפן קול, — גאָט דאַרף מען בעטן.

— איך? צירל? ווער זענט איר?

— פרעג מיך נישט! הער. אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך אַהערברענגען צו דיר צוויי יידישע קינדער. וועסט זיי מוזן אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן זיך דער־וווסט ווו דו ביסט. פון דיין אָרגאַניזאַציע האָבן מיר זיך דערוווּסט. זיי זענען אַלע אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. די מאַמע דיינע האָט זיך פאַרטרויט פאַר עטלעכע מיטגלידער, זי האָט געוואָלט זיין זיכער, אַז מען וועט דיך אַמאָל געפי־נען, זי האָט איבערגעלאָזט אַן אַדרעס אויפן ערגסטן פאַל, זאָל מען וויסן ווו דיך צו זוכן. דיין מאַמע האָט מען דעפּאָרטירט. צוויי קינדער זענען פאַראַן, מען מוז זיי ראַטעווען, אַרום צען יאָר אַלט. וועסט זיי דאָ אויסבאַהאַלטן. מיר וועלן באַ־צאָלן... יאָ, אַלטע שטולן. איך מאַך זיי ניי! נישט לאָזן זיי צונעמען פון די נאָנעס, נישט לאָזן זיי גיין אין קלויסטער. פאַרגעס נישט דיין יידישקייט. ... שטולן, שטרוי־ענע. איך מאַך זיי ניי!...

אויפן הויף זענען אָנגעקומען לואיז און ראָבערט. זיי האָבן געזען דעם אַלטן ריידן צו צירלען.

— וואָס וויל ער? — האָט לואיז געפרעגט מיט פאַרדאַכט אין קול.

— ער פאַרריכט שטולן. אין דער קיך זענען דאָ עטלעכע צעבראָכענע.

— איך מאַך זיי ניי, און זייער ביליק. אָט זעט דעם שטרוי, די אַרבעט, — האָט דער אַלטער געדעדט און געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— מען דאַרף נישט, — האָט ראָבערט געזאָגט מיט כעס, — אַפילו זונטיק קען מען פון זיי נישט פּטור ווערן. מייגע שטולן דאַרף מען נישט פאַרריכטן; זיי זענען גאַנץ.

— וועל איך קומען אַ צווייטן מאָל! אַדיע!

דער אַלטער שטולן־פאַרריכטער איז אַוועק.

## האַרבסט אין ווייַנגאָרטן

מיט אַ קורצער ווײַלע שפּעטער איז פֿאַרפֿאָרן אַן אויטאָמאָביל. אַ דײַטשער אונטעראָפֿיציר האָט זיך אַרײַנגעשטעלט אינעם הויז פֿון די דיראַנס. ער האָט צונויפֿגעקלאַפּט זײַנע שטיוול, אויסגעגלײַכט די ברוסט און האַלב־באַפֿעלעריש געפֿרעגט:

— איז מאַדעמואַזעל עגלאָן אין הויז?

די פֿראַגע איז געקומען אַזוי פּלוצלינג, אַז אַלע אין הויז האָבן אַ ציטער געטון.

— אָט בין איך! — האָט צירל אויסגערופֿן.

— איך האָב אַ באַפֿעל איך מיטצונעמען צו אַ טאַנץ־באַל, וואָס די אָפֿיצירן מאַכן הײַנט אין האָטעל „עליזיי״ אין דעם שטעטל מאַקאָן.

— איך? פֿאַרוואָס איך?

— אַ באַפֿעל, מאַדעמואַזעל!

— קען איך מיטפֿאָרן? — האָט לואיז געפֿרעגט.

דער דײַטש האָט זיך אַ ביסל געקווענקלט און נאָכגעגעבן.

בײדע פֿרויען האָבן זיך אָנגעטאָן אין יום־טובדיקע קלײדער. צירל איז געווען זיכער, אַז זי גייט צו דער תּליה. זי האָט געבעטן גאָט, אַז ער זאָל זי באַשיצן פֿון די דײַטשע הענט, אײדער זי וועט שטאַרבן. זי האָט נישט געוווּסט, אויב מען וועט זי דערשיסן אָדער אויפֿהענגען.

לואיזען האָט מען נישט אַרײַנגעלאָזט אויפֿן באַל. צירלען האָט מען אַרײַנגעפֿירט אין דעם גרויסן טאַנץ־זאַל פֿון האָטעל מיט פֿאַראַדירטער עלעגאַנץ, וואָס עס פּאַסט פֿאַר אַ שײנער דאַמע.

עס זענען דאָ געווען פֿאַרזאַמלט אָפֿיצירן אין זײערע שוואַרצע מונדירן, מיט מאַנאָקלען אין די אויגן, מיט אַרויפֿגעבאַרשטע שטײפֿע האָר. אײנער פֿון די צוויי אָפֿיצירן, וואָס זי האָט געהאַט באַגעגנט אינעם שלאָס פֿון מאַרקיז דע קורבעי, איז צו איר צוגעקומען, זיך פֿאַרנייגט און געזאָגט:

— איך האָב מיר גענומען דאָס פֿאַרגעניגן און די ערע אײַך אײַנצולאַדן צו אונדזער טאַנץ־באַל. ביסטו צופֿרידן, שײנע פֿראַנצויזישע מײדל?

צירל האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. אַלץ אין איר האָט געגליווערט. זי האָט געטראַכט וועגן דעם אַלטן מאַן, וואָס איז הײַנט אַהערגעקומען, וועגן זײַן שליחות.

אינעם זאַל זענען געווען נאָר פֿרויען. מען האָט געטרונקען ווײַנען, ליקערן, שאַמפּאַניער. מען האָט הילכיק געלאַכט. די אָפֿיצירן האָבן זיך אַמוזירט מיט די פֿרויען, געזאָגט גראָבע וויצן אין אַ האַרטן פֿראַנצויזיש. דער אָפֿיציר, וואָס האָט אײַנגעלאַדן צירלען, האָט מיט איר כּסדר געטאַנצט. בלויז פֿון צײַט צו צײַט זי אָפּגעלאָזט צו אַן אַנדערן. ער האָט איר געמאַכט קאָמפּלימענטן, געקושט איר אַפֿילו

אין נאָכן, צוגעזאָגט צו קומען צו איר אַהיים אין עטלעכע טעג אַרום, צוגעטראָגן איר כסדר ליקערן, פון וועלכע זי האָט בלויז אַ קליינעם זופּ געטון. זי האָט גערעדט געציילטע ווערטער. זי האָט זיך געהיט מיט אַ שמייכל, מיט אַ מינע. זי האָט כסדר געטראַכט וועגן די צוויי ייִדישע קינדער, וואָס וועלן קומען אין אַ צייט אַרום. זי מוז לעבן ביז דעמאָלט. ווען נישט, וואָלט זי איצטער אויפן קול אויסגעשריגן, אַז זי איז אַ ייִדישע. זאָלן זיי זיך באַגראָבן פאַר שאַנדע. עס וואָלט געווען פאַר די אָפּיצירן דאָ אַ טויט־קלאַפּ. זיי זאָלן טאַנצן מיט אַ ייִדיש מיידל! זיי וואָלטן זי דערשאָסן אויפן אָרט. עס אַרט איר נישט וואָס עס וועט מיט איר זיין. זי איז אַלייך, פאַרפּייניקט פון אינערלעכע ווייטיקן, פיער האָט זי ליב, זי מוז אין זיך דערשטיקן אירע געפילן פון אַ פרוי. ווי לאַנג קען זי אַזוי אויסהאַלטן? זי וויל סיי־ווי־סיי אַ סוף מאַכן מיטן לעבן. זי מוז אָבער וואַרטן ביז דער אַלטער מאַן וועט ברענגען די צוויי קינדער. זי וועט זיי אויסבאַהאַלטן ביי די דיראַנס. זיי וועלן מוזן באַשטיין. פיער וועט עס טון. אויב נישט, אויב נישט ביי די דיראַנס, וועט זי זיי אויסבאַהאַלטן ביים מאַרקיז. אַ גוטע אידעע. זי וועט צוגיין אין שלאָס אַריין און בעטן דעם מאַרקיז, ער זאָל ראַטעווען די צוויי קינדער. דאָרט וועלן זיי זיין זיכער. דער מאַרקיז וועט זי קושן, באַשמוצן זי... עס איז אַלץ איינס... אָט האָט דער דייטשער אָפיציר זי באַשמוצט מיט זיין פּיסק, זיינע ליפּן איינגעזויגן אין איר נאַקן. זאָל זיך איר דאַכטן אַז זי לעבט נישט מער. זי איז דאָך סיי־ווי־סיי אַ פאַרמשפּטע צום טויט, אַזוי ווי איר פאָטער, איר מאַמע, אַלע ייִדן — זי איז טויט. בלויז איר שאָטן טאַנצט דאָ — זי איז טויט...

— וואָס האָסטו זיך פאַרטראַכט, שיינע, קליינע פרוי? איך האָב אין ליאָן זיך נאָכגעפרעגט אויף אַ פאַמיליע עגלאָן און נישט געפונען. ביסטו טאַקע פון ליאָן, מיין שיינע? קיינער קען נישט אַזאַ פאַמיליע. נו, איך וועל נאָך זוכן. איך וועל דיר ברענגען אַ גרוס. דו טאָרסט נישט פאַרברענגען דיינע טעג און נעכט אין אַ דאָרף. איך וועל דיך אַרויסנעמען. דיין הויט איז ווי זייד. איך האָב ליב פראַנצויזישע מיידלעך. זיי זענען שאַרמאַנט... כע־כע־כע! שאַרמאַנט! נע׳ס פּאַ?

זי האָט אַ קלינגענדיקן לאַך געטון. אין די געדערים האָט איר אַ ספּאַזמאַטישער קראַמף צעריסן די פלייש און בלוט־געוועבן. דאָס געלעכטער אירס האָט זיך אָנגעהערט ווי אַ געוויין.

— די פראַנצויזישע מיידלעך קענען די קונסט פון ליבע. וואָס זאָגסטו צו דעם עקלהאַפטן מאַרקיז דע קורבעי? ער האָט אַזעלכע פיינע קונסט־ווערק. מען וועט זיי ביי אים צונעמען! דער הונט! ער האָט געזאָגט, אַז דו האָסט שוין אַ חתן, וועסט נישט וועלן קומען אויף דעם באַל — אויף אַ באַל פון דייטשע אָפיצירן

וועסטו נישט קומען? דער שמוציקער מאַרקיז! דו ביסט צאַרט און רייצנדיק, קליינע פראַנצויזין, שאַרמאַנטע מיידל סירעל עגלאָן...

שפּעט אין אָוונט האָט דער זעלבער אויטאָמאָביל, וואָס האָט זיי אַהערגעבראַכט, אַהיימגעפירט די צוויי פרויען, לואיז און צירל.

ביז אַ שטיק אין נאַכט האָט צירל געריבן איר לייב מיט הייסע וואַסער און האַנ־טיכער. פּיער איז געלעגן אין בעט און אַ געלאָדענע ביקס איז געלעגן ביי זיין זייט. ער האָט נאָך אַלץ נישט געקענט באַשליסן וועמען פריִער צו דערשיסן: דעם דייטשן אָפיציר, דעם מאַרקיז, צירלען, אָדער זיך אַליין...

דער שטאָלענער שלאָס פון דער ביקס האָט געקילט זיין צעהיצט בלוט, זיין צעברויזטן געמיט.

10

צירל האָט געוווּסט, אַז אירע טעג זענען געציילטע. מען וועט זי אַוועקשלעפּן פון דאַנען, אָדער מען וועט זי דערשיסן אויפן אָרט. זי מוז אָבער ראַטעווען די צוויי יידישע קינדער. זי מוז...

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זי זיך אַרויסגעגנבעט פון הויז און מיט זייטיקע וועגן אַרויף אויף דעם משופּעדיקן וועג צום שלאָס. זי איז אַריין אין פּאַרקל. די הינט האָבן זי באַשמעקט. דער אַלטער דינער האָט זי שוין געקענט, האָט ער זי גלייך אַריינגעפירט דורכן פּאַראַדנעם אַריינגאַנג אין איינעם פון די סאַלאָנען.

דער מאַרקיז האָט זי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. זיין פּנים האָט זיך געררויטלט. ער האָט אָרום איר געטאַנצט מיט זיין הינקעדיקן פוס. ער האָט זי באַטראַכט מיט נייגעריקייט, מיט פרייד. זי פּשוט באַשמעקט, אַזוי ווי די הינט זיינע האָבן אויפן הויף פריִער געטון. ער האָט געהייסן ברענגען וויין.

— וואָלסט געוואָלט בלייבן אין שלאָס? — האָט ער געפרעגט אָן הקדמות — דו ביסט דאָך נישט קיין פּלימעניצע פון די דיראַנס. דו ביסט נישט פון ליאָן. מען ווייסט, אַז דו ביסט אַ יידישע, די טאָכטער פון אַ יידישן פּעדלער, וואָס פלעגט דאָ אַהערקומען, דזשאָזעף אַדלער.

— פון וואַנען ווייסט מען עס?

— פּיער איז דאָך אין דיך פאַרליבט. ער וויל מיט דיר חתונה האָבן. פאַרטרויט ער זיך פאַר אַלעמען, אַז דו ביסט אַ יידישע און ער וועט סיי־ווי־סיי מיט דיר חתונה האָבן — זאָגט ער — ער האָט דיך ליב. ער זאָגט, אַז ער וועט וואַרטן ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, אָדער ער וועט זיך דערשיסן. אָרימער טייוול.

— זאָל גאָט אים באַשיצן — האָט זי געשעפּטשעט.

— ווילסט בלייבן מיט מיר אין שלאָס? דאָ וועט דיר נישט געשען קיין בייז.

— איך קען נישט, מעסיע לע מאַרקי!

— אַלע פרויען האָבן מיך פיינט! מיין מאַמע האָט מיך פאַרשאָלטן נאָך אין איר בויך, און איך בין געבוירן געוואָרן אַ פאַרזעעניש. אַלע מיידן מיך אויס, מיינען אַז איך בין אַ שלעכטער, אַ מיאוסקייט.

— איך ווייס, אַז איר זענט אַ גוטער, אַ נאָבעלער מאַן. איך וויל אייך דעריבער עפּעס בעטן. איך... איך וויל פון אייך איר זאָלט אויסבאַהאַלטן צוויי קינדער, ייִדישע קינדער. זיי זענען אין גרויס געפאַר.

— וואָס? וואָס רעדסטו, סירעל?

—איך בעט עס אייך נישט פאַר מיר, מעסיע לע מאַרקי. וואָס מיט מיר וועט זיין אַרט מיך נישט. איר זעט דאָך, מיין לעבן וויגט זיך איצט אויף צוויי וואָג־שאָלן — אין אַ שפּיל צווישן לעבן און טויט. די דייטשן וועלן זיך באַלד דערוויסן וועגן מיר און דאָס וועט זיין דער סוף. אָט הערט, טייערער פריינט: אין עטלעכע טעג אַרום וועלן אַהער אָנקומען צוויי מיידלעך, איינעם עלטער פון צען יאָר. איך וויל איר זאָלט זיי אויסבאַהאַלטן אין שלאָס, ביי אייך, ערגעץ אין אַ שטאַל, אין אַ קעלער. דאָ וועלן זיי זיין זיכער. די קינדער זענען ייִדישע. איך מוז זיי ראַטעווען. איך מוז . . .

— און דו? — האָט ער געפרעגט, און זיין קליין געזיכט מיט דער צעשאָבענער, קרענקלעכער הויט, איז געוואָרן פלאַמיק רויט — בלייב אויך אין שלאָס. מיר וועלן פאַרמויערן דעם הינטערשטן פליגל, דאָרט וווּ עס איז די ביבליאָטעק. קיינער קען אַהין נישט צוקומען, קיינער וועט זיך נישט דערוויסן. מיינע מענטשן וועלן נישט אויסזאָגן. איך וועל דיך קענען זען יעדן טאָג. דו וועסט זיין דאָרט מיט די קינדער. מיר וועלן אייך באַזאָרגן מיט אַלעס. איך וועל יעדן טאָג קומען צו דיר, מיין טייערע סירעל. דו ביסט אַ שיינע, אַ ווילע, פיל בעסער פון די מיידלעך אין דאָרף. בעסער פון די שטאָטישע, וואָס בלאָזן זיך. איך געפעל זיי נישט, ווייל איך בין אַ קריפּל, אַ דעגענערירטע באַשעפעניש. וואָס אַרט מיך צו וואָס פאַר אַ ראַסע דו געהערסט — צי דו ביסט אַ ייִדישע, אָדער איך ווייס וואָס...

זיין פּנים איז צוגעפאַלן צו איר בלייכן פּנים, זיינע פינגער, דינע ליפּן האָבן באַרירט אירע באַקן. מיט די אָרעמס האָט ער אַרומגענומען איר קערפּער. זי האָט געשווידערט. אַ וויסטע קעלט האָט אָנגעשפּאַרט אין בלוט, אין רוקנביין. זי האָט געהאַט רחמנות מיט דעם צעבראָכענעם מענטשן, וואָס אַלע מיינען, אַז ער איז מעכטיק, רייך, אין אַן אַדעלמאַן, אין זיינע אָדערן פליסט בלוי־בלוט. ער איז גאָר עלנט, צעריסן, אַ פאַרזעעניש. מען האָט אים פיינט, מען מיידט אים אויס. פרויען אַנטלויפן פון אים, ווי אַ שד פון ווייַרויך. ער ליידט אָן אַ גרענעץ...

זי האָט זיך נישט אַרויסגעריסן פון זיינע אָרעמס. זי האָט זיך געלאָזט קושן פון זיינע דינע ליפּן. אינעווייניק אין איר לייב האָט אַ געבעט זיך געשטיקט, געריסן

זיך צום הימל, געריסן זיך צו גאָט... אַ פאַרצווייפלט געבעט, אַ תפילה פון איינעם, וואָס גייט שטאַרבן, וואָס וויל זיך רעכטפאַרטיקן פאַר די זינד, וואָס ער האָט געטון, אָדער וואָס דערוואַרט הילף אינעם לעצטן אויגנבליק... גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרמשפּט צו זיין אַ פרוי? — האָט דאָס געבעט זיך געריסן פון איר לייב — פאַרוואָס האָסטו מיך געראַטעוועט פון די מערדערישע הענט, כדי איך וואָל ווידער שטאַרבן מיט אַזוי פיל טויטן?! פאַרוואָס מוז איך דורכגיין אַלע יסורים, וואָס דו, ברענסט אויפן מענטשן, פאַרוואָס?!.

דאָס געבעט האָט געשטיקט אין איר האַרץ. זי האָט נישט געהערט קיין ענטפער. זי האָט אַוועקגענומען איר קאָפּ פון זיינע פייכטע ליפּן.

— גיט מיר אַן ענטפער, טייערער פריינט. איך ווייס איר זענט אַן אַדלמאַן. איר וועט מיר נישט טון קיין שלעכטס. איך וויל וויסן וועגן די צוויי יידישע קינדער.

— גוט. איך וועל זיי האַלטן. זיי פאַרזיכטיק, מיין טייערע סירעל, ווען דו וועסט זיי דאָ אַהערברענגען. קיינער טאָר זיי נישט זען. עס וועט מוזן זיין ביינאַכט. באַרעכן דיך גוט. דו קענסט אויך זיין געראַטעוועט. איך וועל דיך אויסבאַהאַלטן, ווי לאַנג דו וועסט נאָר וועלן. דו זעסט דאָך, פרויען קוקן נישט אויף מיר. איך בין איינזאַם, פאַרמשפּט דאָ אין דעם אַלטן שלאָס, וואָס מיין טייער מאַמעלע האָט מיר איבערגעלאָזט. דו וועסט זיין מיט מיר. קיינער וועט דיר נישט טון קיין שלעכטס. זאָגסט יאָ, סירעל?

זי האָט נישט געענטפערט. זי איז אַרויס פון שלאָס. אַרייס פוי הייף, די הינט האָבן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ איר נאָכגעקוקט. זי איז געלאָפן שנעל אַהיים. טרערן האָבן געפּערלט איבער אירע באַקן. דער ווינט האָט זיי געטריקנט. דער ווינט האָט איר געפייפט אין פּנים אַריין און געבראַכט אַזוי פיל גרויליקע בשורות צוטראָגן אין זיינע פליגל, אַז דער קאָפּ האָט איר געגרוישט. זי איז קוים צוגעקומען צום פאַרם־הויז פון דער משפּחה דיראַן.

11

אַלץ אַרום איר האָט געשוויגן. קיינער פון די דיראַנס האָט נישט גערעדט. דער אַלטער ראָבערט האָט אין זיך אַריינגעגאָסן גאַנצע פעסער וויין. ער איז געווען שיכור און אַלץ אַרום זיך געשליידערט מיט זיינע שווערע הענט. לואיז איז געווען טרויעריק, געטון די שטוב־אַרבעט און נישט געקענט קוקן צירלען אין די אויגן. זי האָט שוין איצטער געוווּסט אויף קלאָר, אַז יענער וווּנדערלעכער מאַן, צירלס פאָטער, וועט שוין מער נישט צוריקקומען און זי מער נישט אָנטרינקען מיט ליבשאַפט. בלויז זיין שאָטן וועט דאָ אַרומשוועבן אין די ווינקלען און זיין געשטאַלט, זיין קרעפטיקע מענלעכקייט, וועט זינגען אין איר בלוט. פּיער איז אַרומגעגאַנגען

אַ פּאַרטראַכטער, געאַרבעט ווי אַ פערד, אויך געטרונקען רויטן וויין, גאַנצע פלעשער, אָפּגעלעגן אין די פעלדער און וועלדער מיט זיין יאַגד־ביקס. ער האָט אַלץ געטון, כדי צו פאַרשרייען אין זיך די יסורים, זיין מוראדיקע ליבשאַפט צו דער מיידל סירעל, זיין באַשערטע, וואָס מען וויל מיט געוואַלד אַוועקרייסן פון אים.

דאָס שוויגן האָט דערדריקט צירלען, פאַרסמט איר בלוט. זי האָט געוואָלט שרייען, שלאָגן, אָנטון זיך אַ וויסטע מעשה און מאַכן אַ סוף צו אַלעס.

זי האָט עס אָבער נישט געטון. זי האָט געוואַרט. זי האָט געוואַרט אויף די קינדער און אויך געוואָלט זען, ווי אַזוי דאָס גורל־שפּיל וועט זיך פאַרענדיקן מיט איר...

*****

אַ פוכיק־ זילבער־בלוילעכער שניי איז דעם טאָג געפאַלן און צוגעדעקט די נאַקעטעביימער מיט ברילִיאַנטענע קרוינען. אַלץ איז געווען אַזוי ווייס, בלוילעך, זילבער, אַזוי ריין און דורכזיכטיק. היהלעך זענען געלאָפן אין אָפענעם פעלד און געזוכט שפּייז. זייערע גרויע פעלן האָבן זיך אָנגעשלאָגן אויפן פוכיקן שניי, ווי צעוואָרפענע פלעקן, פייגל האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די באַזילבערטע צווייגן פון די ביימער און געשפּרונגען צום הימל, געבעטן און געזונגען.

צירל איז געווען אין שטאַל. זי האָט געמאָלקן אַ קו. זי האָט איר צעהיצטן, צעווייטיקטן קאָפּ צוגעלייגט צום וואַרעמען בויך פון דער שטומער בהמה. די בהמה האָט געפילט דעם מיידלס צער און דעם קאָפּ געבויגן צו איר, די צונג אויס־געשטרעקט און געזוכט צירלס הענט, זיי צו לעקן און טרייסטן מיט איר צונג.

ווידער איז אַן אויטאָמאָביל פאַרפאָרן צום הויז. אַ דייטשער זעלנער איז האַסטיק אַריין אין הויז פון די דיראַנס, אויפגעריסן די טיר, נישט באַגריסט זיך און אַ געשריי געטון מיט אַ באַפעלערישן רויען קול:

— ווו איז דאָס מיידל, די פרעמדע? זי דאַרף מיטקומען מיט מיר אין שלאָס פון מאַרקיז דע קורבעי. מען וואַרט אויף איר!

לואיז האָט פאַר שרעק נישט געקענט אַרויסרעדן קיין וואָרט. דאָס לשון און די הענט זענען איר געוואָרן אוממעכטיק. דער זעלנער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער די צימערן, ער איז אַרויס אין הויף, אַ נישטער געטון דאָ און דאָרט און אַריין אין די שטאַלן. ער האָט דערבליקט צירלען מיט אַ שעפעלע מילך ביי דעם בויך פון דער בהמה. ער איז צו איר צו, אַ שליידער געטון מיט די פיס דעם שאַף מילך, אָנגעכאַפּט זי ביי דער האַנט און איבערן גאַנצן הויף זי געשלעפּט צו זיין אָפענעם אויטאָמאָביל. ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביים בויך מיט זיינע שטאַרקע

הענט און זי אַריינגעוואָרפן אין אויטאָמאָביל, ווי מען וואַרפט אַ פּאַק מיט שמאַטעס אַוועק פון זיך.

דער אויטאָמאָביל איז אָפּגעפאָרן. פיער איז אַ צעהיצטער אַרויס פון הויף, אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ ביקס. ער איז דורך געדרייטע הינטער־וועגן געלאָפן צום שלאָס.

מען האָט צירלען אַריינגעשלעפּט אין איינעם פון די סאַלאָנען. צוויי דייטשע אָפיצירן אין זייערע אוניפאָרמס זענען דאָ געשטאַנען פייערלעך און מעכטיק. זי האָט זיי דערקענט: איינער האָט געטאַנצט מיט איר אויפן באַל דאָרט, אינעם שטעטל מאַקאָן. דער צווייטער איז אַ קענער פון קונסט־ווערק. ער רעדט שטענדיק מיט אַזוי פיל גאווה און נישט־פאַרגינערישקייט וועגן די בילדער פונעם שלאָס. ער איז איצטער געשטאַנען ביי אַ בילד, וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ לויפנדיקן הירש אין אַן אָפענעם שניי־פעלד. דאָס בילד איז געזעסן אין אַ ריזיקער פאַרגאָלדיקטער ראַם. ער האָט זיך געמאַכט רעדן זייער ערנסט מיט דעם צווייטן אָפיציר וועגן דער שיינקייט, עלעגאַנץ פון דעם קונסט־ווערק.

דער זעלנער האָט צירלען אַריינגעשטופּט טיפער אינעם סאַלאָן. ער האָט סאַלוטירט און איז אַרויס.

דער אָפיציר, דער קונסט־קענער, האָט איבערגעריסן דאָס רעדן מיט זיין קאָלעגע, האָט פּאַמעלעך אַראָפּגעצויגן אַ הענטשקע פון האַנט, אויסגעצויגן די הענטשקע מיט דער צווייטער האַנט. ער איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צו צירלען און איר אַ פּאַטש געטון מיט דער הענטשקע איבערן פּנים. זי האָט פאַרביסן די ליפּן. דער צווייטער, דער וואָס האָט מיט איר געטאַנצט, איז צוגעגאַנגען גאָר נאָענט צו איר.

— פאַרשאָלטענע יידישקע! — האָט ער געברומט מיט איינגעהאַלטענעם כעס — דיין נאָמען איז נישט עגלאָן. דו ווייסט אָפּנאַרן דייטשע אָפיצירן, דו טינופדיק שטיק! דו אויסגעלאַסענע! דו זונה!

ער האָט איר אַ פייערדיקן פּאַטש געטון איבערן פּנים. פון דער נאָז האָט איר אַ שפּריץ געטון וואַרעם בלוט.

צירל האָט אין דער רגע געטראַכט, אַז זי האָט פאַרשפּעטיקט. איר געבעט איז אויך נישט אָנגענומען געוואָרן ביי גאָט. דער טאַטע פלעגט איר אַלעמאָל זאָגן, אַז ווען אַלע טויערן זענען אין הימל געשלאָסן, איז אָבער איין טויער אָפן, דאָס איז דער טויער פון רחמנות. זי האָט אין דער רגע זיך דערמאָנט אין דעם טויער און געבעטן רחמנות פון דאָרטן. אפשר איז דער טויער אויך פאַרשלאָסן? — האָט זי געטראַכט, — פאַרשלאָסן פאַרהאַקט אויף אַלע שלעסער. אָט זעט זי ווי דער דייטש ציט אַרויס אַ רעוואָלווער פון טאַש. ער באַטראַכט דאָס שטיק

וואָפן מיט אַזעלכע גליזאיקע, פריידיקע בליקן. ער קוקט אויפן רעוואָלווער און קוקט אויף איר.

וואָס וועט זיין מיט די צוויי קינדער, ווען דער אַלטער מאַן וועט זיי ברענגען צו די דיראַנס? זי וועט שוין דעמאָלט זיין טויט. ווען זי קען כאָטש זען נאָך איין מאָל פּיערן און אים איבערגעבן דאָס שליחות: צוויי קינדער. פאַרוואָס איז דער אַלטער געקומען צו איר מיט דעם אַנזאַג? דער טויט וואָלט דאָך איצטער געווען אַזוי לייכט, שוועבנדיק לייכט, ווי עס זענען די טריט פון דעם הירש איבער דעם ווייסן שניי, דאָרט אויפן בילד. אָט זעט זי נאָך אַ בילד: שניי און בלוט. אַ יעגער־סצענע. אַזוי פיל שניי היינט...

דער אָפיציר האָט איר אַ פּאַטש געטון איבער דער צווייטער באַק פון פּנים. אַ פייערדיקער פלאַם איז עס געווען. עס האָט אָפּגעהילכט אין די אויערן. זי ווערט טויב, טויב, זי האָט פאַרביסן די ליפּן. אַנגענומען אַ פול מויל מיט שפייעכץ. זי האָט אין דעם זעלבן מאָמענט אַ שפּיי געטון אויף אים. דער שפּיי איז געפאַלן אויף זיין ריינעם טונקל־בלויען מונדיר. ער האָט פעסטער פאַרדריקט דעם רעוואָל־ווער אין האַנט. דער צווייטער אָפיציר, דער קונסט־קענער, באַטראַכט אַזוי ערנסט דאָס בילד. ער וועט עס זיכער צונעמען צו זיך.

די טיר האָט זיך האַסטיק אויפגעריסן.

צירל האָט נאָך באַוויזן צו זען דעם מאַרקיז זשאַן. זיין פּנים האָט איצטער געפלאַמט, ווי עס וואָלט געברענט. ער איז דאַכט זיך העכער געוואָרן. זיינע אויגן גליִען ווילד. ער וועט באַלד משוגע ווערן. עפּעס איז ער אַזוי שטאַרק געוואָרן אין דער רגע. זע נאָר זיין געשטאַלט. אין זיינע הענט האַלט ער אַ ביקס. דאַכט זיך, דאָס איז די יעגער־ביקס, וואָס ער האָט געבאָרגט ביי די דיראַנס.

— לאָזט אָפּ דאָס מיידל! — שרייט ער — לאָזט זי אָפּ!

זי דערקענט קוים זיין קול. עס איז אַזוי פייערלעך, שטאַרק, קלינגט אָפּ מיט העלדישקייט, מיט וווּנדערלעכער שאַלונג.

אויך דער צווייטער אָפיציר האָט זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער. זי האָט געהערט אַ ווילד שיסעריי.

זי איז געווען האַלב־פאַרטויבט פון דעם פלעם אין פּנים. זי האָט אָבער גע־הערט געשרייען. און אַ שיסעריי, העכער און ווילדער. עס האָט געדויערט אַן אייביקייט. אפשר איז זי שוין טויט...

זי האָט געעפנט די אויגן. פּיער האָט זי געשלעפּט צו אַ טיר. אין האַנט האָט ער אויך געהאַלטן אַ ביקס. זי האָט געזען: בײדע דייטשע אָפיצירן זענען געלעגן אויפן דיל אין קאַלוזשעס בלוט. ביי איינעם האָט גערונען בלוט פון האַלדז, ביים צווייטן פון מויל. אויך דער מאַרקיז איז געלעגן אין בלוט. זיין פּנים איז איצטער

געוועזן מאָדנע ווייס, רייִן און קלאָר. עס האָט ביי אים גערונען בלוט פון אַן אויער. זיינע הענט זענען געווען צעשפּרייט ווי פליגל. מיט איין האַנט האָט ער אָנגערירט אַן אָרעם פון אַ דייטש.

געוואַלדן האָבן זיך אַריינגעריסן פון דרויסן. פּיער האָט געשלעפּט צירלען צו אַ הינטער־טיר. ער האָט זי געשלעפּט דורך אַ קעלער, דורך פינצטערע שטיבער. זיי זענען אַרויסגעקומען אין דרויסן. דער שניי האָט איר אַ בלענד געטון אין די אויגן. בלוט און שניי — האָט זי געטראַכט — דאָס בילד אינעווייניק, אין סאַלאָן, אַ הירש אויף שניי. עס טריפט פון אים בלוט. אַ קוראָפּאַטקע פאַלט אַראָפּ פון פאַרבלוטיקטע פון הימל אויף אַ ווייסן פוכיקן שניי...

זי איז געלאָפן מיט פּיערן אַראָפּ פון באַרג.

— איך האָב דערמאָרדעט איין דייטש, — האָט פּיער געסאָפּעט, — און דער מאַרקיז האָט דערשאָסן אַ צווייטן. ער איז אַ גוטער שיסער, זשאַן. דער בעסטער יעגער געווען אין גאַנץ בורגאָן. איך בין אָנגעקומען אַ רגע צו שפּעט, אַז נישט וואָלט איך אפשר געווען דערשאָסן ביידע. נאָר ער, דער מאַרקיז, האָט עס געמאַכט בעסער, ער האָט זיך אָנגענומען פאַר דיר, סירעל. ער האָט דיך ליב געהאַט. אָבער זיי, די הינט, האָבן אים אויך דערשאָסן, איצטער איז מער נישט געבליבן ווי דער שלאָס...

הינט האָבן געבילט, אויטאָמאָבילן האָבן געקריטשעט. צירל איז מיט פּיערן געלאָפן דורך אַ ביימער־געפלעכט.

— מיך האָט קיינער נישט געזען, — האָט ער געקייכט, — איך בין אַריין דורך הינטער־טירן. איך וועל דיך אויסבאַהאַלטן. אין אַ פאַס פון וויין וועל איך דיך אויסבאַהאַלטן. קיינער וועט דיך נישט געפינען. קיינער נישט. זאָל נאָר ווערן פינצטער. קום צום שטאַל. דער טאַטע איז נישטאָ. און פאַר דער מאַמען איז נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן.

— וואָס וועט זיין מיט די קינדער, פּיער?

— די קינדער? דו מיינסט, וואָס דער אַלטער איז געקומען און דיר דערציילט? איך האָב שוין וועגן דעם אַלץ געטון. דו געדענקסט מיט צוויי טעג צוריק בין איך אַוועק אויף עטלעכע שעה פון הויז. איך בין געווען אין דער שטאָט נעווער. איך האָב זיך אַריינגעקראָגן אין דעם דאָרטיקן „קאָנווענט" פון די נאָנעס פון קלויסטער. זיי וועלן צונעמען די קינדער. זיי האָבן מיר צוגעזאָגט.

— ניין, פּיער! ניין!

— קענסט דיך נישט העלפן, סירעל. דער דייטש וועט זיי דאָ געפינען. דיך קען איך אויסבאַהאַלטן אין אַ פאַס פון וויין, צושלאָגן דעם דעק, אַפילו די הינט וועלן דיך נישט דערשמעקן. זיי קענען נישט דערשמעקן אַ מענטש אין אַ פאַס

פון וויך. עס מאַכט זיי שיכור. אָבער די קינדער קען מען זיכער דאָרט נישט באַהאַלטן. איבעריקנס, די נאָנעס האָבן דאָרט פול יידישע קינדער און דעם קלויסטער. איך האָב זיך דערוווּסט. פיל יידישע קינדער פון גאַנץ פראַנקרייך.

— ביסט אפשר גערעכט, פיער. נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג.

— אויב דו ווילסט זיי זאָלן בלייבן לעבן, מוזטו עס טון. די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועסטו זיי געפינען אין קלויסטער. עס איז דער „קאָנווענט” אין נעמער. איך וועל געדענקען. דו וועסט זיין מיין ווייב, וועט מען זיי אַרויסנעמען. זיי זענען, זאָגסטו, גרויסע קינדער, נייך, צען יאָר אַלט. זיי וועלן געדענקען אין אייער גלויבן, און דו, סירעל, וועסט מיט מיר חתונה האָבן.

— רעד נישט אַזוי, פיער. דו ביסט אַ גוטער, אַ העלדישער מאַן. אָבער מען טאָר אַזוי נישט ריידן.

פון ביידן האָבן זיך געגאָסן טייכן שוויס.

— דער טאַטע דאַרף אויך נישט וויסן, אַז דו געפינסט זיך אין אַ פאַס פון וויין. ער קומט דאָרטן, אין יענעם קעלער, נישט אַריין. דער פאַס איז אַלט און פאַרשימלט. עס איז אַ באַהאַלטן אָרט. בלויז איך ווייס עס. איך האָב דאָרט גע־בראַכט מיידלעך, איידער דו ביסט געקומען צו אונדז. איצטער וועסטו מוזן אַ שטיקל צייט דאָרט וווינען. די דייטשן וועלן נישט מאַכן קיין גערודער וועגן דער געשעעניש. ערשטנס האָט עס פּאַסירט אין אַ שלאָס פון אַ מאַרקיז. עס קען הייסן, אַז צוויי אָפיצירן האָבן זיך צעקריגט מיט אַ פראַנצויזישן אַדלמאַן און זענען אַרויס אין אַ שיסעריי. צווייטנס, וועלן זיך די דייטשן שעמען צו דערציילן, אַז צוויי העלדישע אָפיצירן זענען דערשאָסן געוואָרן אין אַן איינזאַמען פראַנצויזישן שלאָס. דו וועסט דערוויל וווינען אין דעם פאַס. איך וועל יעדן טאָג דיר ברענגען עסן און טרינקען...

— אַן אַלטער מאַן דאַרף אין אַ פאַרטאָג... עס איז, דאַכט זיך, אין צוויי טעג אַרום... ער דאַרף פאַרפאָרן צו אייער הויף. ער פאַרריכט שטולן... טאָמער וועט אים דער טאַטע דיינער זען, וועט ער אים פאַרשלאָגן צו קויפן שמאַטעס, אַלטע פלעשער... זאָלסט באַהאַלטן די צוויי קינדער ווו דו ווילסט... געדענק, פיער... איך וועל דיר אייביק דאַנקבאַר זיין... פיער! ביסט אַ בראַווער מאַן, אַ זעלטענער טייַ־רער פריינט, פיער!

— קריך אַריין אין פאַס, סירעל. עס איז דאָ שרעקלעך! שימל!... אָבער וואָס קען מען זיך העלפן? איך וועל ברענגען וואַסער. עס ווערט שוין פינסטער. וועסט דיר אָפּוואַשן דאָס בלוט פון פּנים... זיי האָבן דיך געפּאַטשט!... די הינט... האָב נישט קיין מורא, מען וועט דיך נישט געפינען. איך וועל פאַרקלאַפּן דעם צודעק. איך וועל...

12

די נאַכט פֿון צווייטן טאָג.

אויף דעם איינזאַמען וועג האָט זיך געשלעפּט אַ פֿיר־רעדערדיקער וואָגן, געשפּאַנט מיט איין פֿערד. אינעווייניק זענען געלעגן: אַלטע שטולן, שמאַטעס, שטרוי, פּלעשער און אויך צוויי ייִדישע קינדער. דער אַלטער מאַן האָט זיך אונטערגעזונגען מיט אַ געמאַכטער שיכורער שטימע. ער האָט אונטערגעטריבן דאָס פֿערד און געבעטן גאָט קיינער זאָל אים דאָ נישט אַנטרעפֿן. ער האָט געוואָלט, מיטן בלויען באַגינען, ווען עס וועט זיך באַווייזן אַ בליאַסק פֿון ליכט, אָנקומען צום הויז פֿון די דיראַנס.

פּלוצלינג האָט ער געהערט אַ געשריי. צוויי דייטשע זעלנער האָבן זיך דערנעענטערט צו אים און מיט אַ לעמפּל אים געלויכטן אין פּנים. דער אַלטער האָט געמאַכט אַ פֿריילעך פּנים און זיך צעלאַכט. מיט אַ שיכורער שטימעלע האָט ער זיך אונטערגעזונגען און אַרויסגעשלעפּט פֿון געזעס אַ פֿלאַש רויטן ווײַן.

— דו אַלטער זויפֿער, — האָט איין זעלנער געשריגן, — שלעפּסט זיך אַרום אין די נעכט מיט דײַנע שטינקענדיקע שטולן, מיט דײַנע לויזיקע שמאַטעס!

דער אַלטער האָט אויסגעשטרעקט זײַן פֿלאַש ווײַן צו די זעלנער און זיי פֿאַרגעשלאָגן אין פֿראַנצויזיש מיטצוטרינקען. עס איז אַ קאַלטע נאַכט.

— איך דאַרף אָפּליפֿערן שטולן אינעם דאָרף טריווי. אין דעם דאָרטיקן קאַפֿע־הויז. כּי־כּי־כּי!

— לאָז אים אָפּ דעם זויפֿער, — האָט געזאָגט דער צווייטער זעלנער. — דו זעסט דאָך, אַז ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט.

— מיר וועלן אַ זוך טון אין דעם וואָגן!

— איך וועל מיר מײַנע הענט נישט באַשמוצן מיט דעם לײַזיקן געצייג, — האָט זיך געעקשנט דער צווייטער זעלנער.

— מאַרש!

דער אַלטער האָט אַ צי געטון די לייצעס. די פֿלאַש איז אים אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער האַנט. ער האָט געפֿילט, אַז אינעווייניק האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין לײַב, מעגלעך דאָס האַרץ, מעגלעך דאָס לעבן האָט זיך אָפּגעריסן פֿון זײַן אַלטן קערפּער! ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך. ער האָט געזען אַ רויטן פּאַס אויפֿן הימל. ער האָט געטריבן דאָס פֿערד שנעלער. איצטער האָט ער שוין געזען אַ פֿײַער הייבט זיך אַרויף צום הימל: פֿײַער־צונגען און שוואַרצער רויך. דאָס פֿײַער בושעוועט און רײַסט זיך צום הימל. עס זעט אויס ווי אַ האַלבע וועלט ברענט. ער איז געפֿאָרן ווייטער. פּלוצלינג האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון: דער שלאָס ברענט.

דער איינזאַמער שלאָס. עס איז נישט ווייט פון די דיראַנס הויז. דער שלאָס? ווי איז דאָס מעגלעך?

דער שלאָס פון דעם מאַרקיז זשאַן דע קורבעי איז געשטאַנען אין פלאַמען. אַלץ האָט געברענט: די ווענט, די מויערן, די שטאַלן, דער פּאַרק, די קונסט־בילדער, דאָס צימער פון זיין מאַמען, די טראַפּייען פון יאַגד, אַלע קונסט־ווערק, סקולפּטורן, אַנטיקן, אַלץ, אַלץ איז אַוועק מיטן רויך. דאָס האָט דער אַלטער דינער, דער וואָס האָט נאָך באַדינט דעם קראַנקן מאַרקיזס מאַמע, געטון. ער האָט אונטערצונדן דעם שלאָס צומאָרגנס, נאָכדעם ווי דער מאַרקיז איז דערמאָרדעט געוואָרן. ער האָט אויסגערעכנט, דער אַלטער דינער, אַז עס לוינט נישט. די גאַנצע אַוואַנטורע לוינט נישט. דאָס ביסל לעבן איז אַ ווינט, אַ פייף אין ווינט. היינט האָט געלעבט די מאַרקיזין, געהוליעט, געליבט זיך מיט מענער, געריטן אויף פערד, געלאַכט און וואָס איז פון איר געוואָרן, זי האָט זיך אַליין דערשאָסן. היינט האָבן די דייטשן דערשאָסן דעם יונגן מאַרקיז. ער האָט זיך דאָס אַביסל אָנגעליטן אויף דעם ווערטל, דער דזשאַן. די דייטשן וועלן נאָך היינט צערויבן דאָס גוטס פון שלאָס, אַלע ווערטפולע זאַכן. איז צו וואָס דאַרף מען דאָס אַלץ? זאָל אַלץ אַוועק מיטן רויך, די דייטשן וועלן האָבן בלויז דאָס אַש מיט די חורבות. די פייער־צונגען האָבן אַרומגעלעקט אַלץ פון דעם איינזאַמען מידן שלאָס.

*****

דער אַלטער מאַן האָט געטריבן זיין פערד מיט אַלע כוחות. דער אָפּשיין פון פייער האָט באַלויכטן דעם וועג. אָפּגעגאָסן די פערד און אים מיט אַ ראָזעווע ליכטיקייט.

מיטן ערשטן בליאַסק פון טאָג איז ער אָנגעקומען צום הויף פון די דיראַנס. אַ הונט האָט זיך צעבילט. פּיער איז געלעגן אַ וואַכער, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. ער האָט זיך שנעל אַרויסגעשאַרט פון שטוב, איינגעשטומט דעם הונט אין הויף און צו צום וואָגן.

— די קינדער? — האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט.

— ווו איז צירל? זי לעבט? גאָט מיינער, אַלץ ברענט. די וועלט גייט אונטער. ראַטעוועט די צוויי נפשות. איר זענט אַן איידעלער מענטש. מען וועט עס אייך נישט פאַרגעסן.

פּיער האָט שנעל אַרויסגעשלעפּט די צוויי מיידלעך פון הינטער די שמאַטעס און שטרוי. ער האָט זיי געטראָגן אין שטאַל אַריין צו די קי און קעלבער, אַוועקגעלייגט זיי אויפן ווייכן שטרוי.

## האַרבסט אין ווײַנגאָרטן

דער אַלטער האָט געוואָרפֿן אַ בליק אויף דעם אָרום. זײַנע אויגן זענען געווען איבערגעלאָפֿן פֿון געוויין און פֿרייד — אַ פֿרייד וואָס ער האָט אָפּגעטון זײַן שליחות איבערצוגעבן די צוויי ייִדישע קינדער אין זיכערע הענט. ער האָט אַ צי געטון די לייצעס. דאָס פֿערד איז געלאָפֿן ווײַטער און זיך דערווײַטערט פֿון דער שריפֿה.

פּיער איז אַרײַן אין דער שטאַל, ווו צירל איז געלעגן אין דעם פֿאַס פֿון ווײַן.

— די קינדער זענען דאָ, — ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דעם פֿאַס, — איך וועל זיי הײַנט אַריבערפֿירן קיין נעווער. אינעם דאָרטיקן קלויסטער, אַנדערש קען איך נישט. מען מוז. די שוועסטער וועלן זײַן גוט צו זיי. שטאַרק דיך, סירעל, אַלץ וועט גוט זײַן! דער שלאָס ברענט. עס וועט זײַן שטיל. מיר וועלן די קינדער אַרויסנעמען.

דעם זעלבן טאָג האָט ער אָנגעלאָדן אַ לאַסט־אויטאָ מיט בהמות, וואָס ער האָט געדאַרפֿט פֿירן קיין ליאָן. אונטערן שטרוי און היי פֿאַר די בהמות, האָט ער אַרײַנגעפּאַקט די צוויי ייִדישע קינדער. אַ גאַנצן טאָג איז ער געפֿאָרן דורך הינטער־וועגן, פֿאַרנאַכט איז ער אָנגעקומען אין דער שטאָט נעווער. ער האָט אַראָפּגענומען די צוויי מיידעלעך און זיי געפֿירט צום קלויסטער פֿון דער שטאָט נעווער. צום אַלטן מידן קלויסטער, מיט די גרויסע הויכע שטיינערנע מויערן, וווהין דער רויש פֿון שטאָט, דער רעש פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן דערגרייכט נישט.

בײַנאַכט איז ער צוריקגעפֿאָרן מיט אַ ליידיקן לאַסט־אויטאָ. דער שניי האָט געלויכט אין דער טיפֿער בלויקייט פֿון דער נאַכט. אין זײַן יונגן קערפּער האָט געזונגען די פֿרייד פֿון ליבשאַפֿט, די פֿרייד פֿון דעם ווונדערלעכן סוד. סירעל איז דאָ. זי לעבט, זי וועט זײַן גרייט פֿאַר אים, ווי דער שייער איז גרייט אין האַרבסט אויפֿצונעמען צײַטיקע עפּל. דער טאַטע, ראָבערט, שווײַגט, לואיז ווײַנט און קוקט אַרויס איך דרויסן, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף וועמען. ווער ווייסט אויב יענער וועט זיך נאָך אַמאָל באַווײַזן. דער חלום לעשט זיך אין איר. פּיער פֿיבערט מיט דער פֿרייד פֿון זײַן יונגקייט און איבער צירלען, וואָס ליגט באַהאַלטן אין דעם פֿאַרשימלטן ווײַן־פֿאַס הויערט אַן אומזיכערער גורל. דער האַרבסט אין ווײַנגאָרטן איז אויסגעגאַנגען. איצטער איז ווינטער. די וועלט איז אײַנגעהילט אין דער פּוכי־קער זילבער־בלויִלעכער שניי־ווײַסקייט.

# מאַסקעס

אין אַ שטעטל פון דרום־פראַנקרייך.

ביי אַ טישל אָנגעשטעלט מיט פלעשער איז אין אַ קרעטשמע געזעסן אַ מאַן אַ קרעפּקער, אַ פולגעפּאַקטער. ביי זיינע פיס זענען געלעגן צוויי גרויסע הינט, זייערע פעלן האָבן אויפגעציטערט ביי יעדן שאָרך, ביים פלאַטערן פון אַ פליג און מיט זייערע האַלב־דרימלדיקע אויגן געהיט דעם באַלעבאָס זייערן.

די אויגן ביי דעם מאַן זענען געווען שטאַרע, קינסטלעכע. זיין פּנים האָט געמאַכט ווילדע גרימאַסן און זיין נאָז, אויערן האָבן זיך באַוועגט צום ריטם פון זיינע פּנים־מוסקולן. צווישן איין גלאָז רויטן וויין און דעם צווייטן, וואָס ער האָט זיך אָנגעגאָסן פון די פלעשער, האָט ער געלאָזט הערן זיין קול, אַ טיפע, באַסאָווע שיכורלעכע שטימע:

— מיינע דאַמען און הערן! קוקט זיך גוט איין! דאָס רעדט דער באַרימטער קלאַון פּאַול שאַראַן! דער קלאַון פון דעם וועלט־צירק „ברידער קלאַריאַן!"

זיין צונג האָט באַלעקט די פולע ליפּן. מיט די פויסטן האָט ער געזעצט אין טיש, מען זאָל זיך צוהערן צו זיינע רייד. די הינט האָבן אויף אים געלויערט מיט פייכטע פאַרשלאָפענע אויגן־שפּעלטלעך. דער מאַן האָט ווייטער גערעדט:

— לאַכט מענטשן פון דעם בלינדן, פּאָטער פּאַולס שטיק. עס וועט אייך נישט קאָסטן קיין צעבראָכענע פּרוטה! פאַרקערט איך בין גרייט יעדן פון אייך צו צאָלן אַ גלאָז וויין. קוקט זיך גוט איין אין זיין אויסגעמייסטערטן פּנים, וואָס האָט אַמאָל געמאַכט לאַכן אַ וועלט!

קיין דאַמען און הערן, מאָלט אייך, זענען נישט געווען אין דער קליינער קאַפע־קרעטשמע. עטלעכע פּויערים זענען געזעסן ביי די הילצערנע טישלעך, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל איבער אָנגעדראָלענע פאַרהאַרטעוועטע הענט, מיט שטרוי־היט איבער די קעפּ, מיט נישט־ראַזירטע פּנימער, צעאַקערטע פון שטורעמס און ווינטן. זיי האָבן געגאָסן פון אַ ביסל רו, אַריינגיסנדיק אין זיך דעם רויטן זויערלעכן וויין,

וואָס וואַקסט שפּעדיק אויף זייערע פעטע פעלדער; זיי האָבן זיך אַפילו נישט צוגעהערט צו די פלאַפּלערייען פון דעם מאַן, וועלכער האָט זיך געקרוינט אַלס דער באַרימטער קלאָון פון דעם פּאַריזער צירק „ברידער קלאַריאָן״. אָן אַ שיעור מאָל האָבן זיי שוין געהערט די פייערלעכע „טיראַדע״ זיינע און געטראַכט האָבן זיי דערביי: יעדער מענטש האָט זיך דאָך זיינע איינריידענישן און משוגעתן, איז וואָס איז שוין פאַראַן איבערצונעמען זיך...

דער איינציקער, וואָס האָט אַרויסגעהילכט מיט געלעכטער, יעדעס מאָל, ווען דער בלינדער מאַן האָט אויפגעהייבן זיין שטימע, איז געווען דער באַלעבאָס פו דעם קאַפע־הויז. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף צופרידן שטעלן די קונים מיט אַלע זייערע קאַפּריזן און משוגעתן, ווייל אויב זאָל ער נישט אַרויסהילכן מיט געלעכטער און וויזן דעם בלינדן אַז ער הערט זיך איין אין זיינע רייד, וועט ער, פּאָול, זיך אויפהייבן און אַוועק אינגאַנצן, מער נישט קומען יעדן טאָג אויסטרינקען עטלעכע פלעשער וויין.

פּאָול, וואָס האָט זיך געקרוינט אַלס קלאָון, האָט זיך צוריקגעזעצט אויפן שטול און גענומען ריידן צו זיך אַליין. די ווערטער זענען געפאַלן איבערן טיש ברומענדיקע, צעצויגענע אָפּגעהאַקטע. איינציקעם מיט די ווערטער איז אויך זיין קאָפּ געפאַלן איבערן טיש, נאָכדעם האָט ער זיך געגעבן אַ הייב און ווידער געפאַלן. זיינע הענט האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ. באַלד האָט זיך געהערט אַ שווער כראָפּען מיט ריטמישע נאָז־ און האַלדז־קלאַנגען.

**

יוסף לענסקי, אַ יידישער לערער, וואָס האָט אַ שטיק צייט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה אויסגעוואַנדערט פון פּוילן, האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז און באַקומען אַרבעט אין אַ מעטאַלורגיע־פאַבריק, איז גראָד דעם זומער פאַרפאָרן אויף זיין וואַקאַציע אין דעם קליינינקן פּיטאָרעסקן שטעטל פון דרום־פראַנקרייך. ער האָט געוווינט אינעם דאָרטיקן האָטעל, געמאַכט יעדן טאָג לאַנגע שפּאַצירן, איינגעזאַפּט די געמיטלעכקייט, די ראָמאַנטישע שטילקייט וואָס האָט פאַרוויגט אים אין רו. אין די פרימאָרגנס און פאַרנאַכטן, האָט דער גלאָק פונעם אַלטן קלויסטער זיך צעקלונגען מיט אַ רעשיקער פייערלעכקייט, דערמאָנט די דאָרטיקע איינוווינער, זיי זאָלן נישט פאַרגעסן אין גאָט, נאָר אין צייט אָפּגעבן זייער גוטעס.

דער שטיינערנער מאָנומענט נאָך די געפאַלענע שטעטלשע איינוווינער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק. אַרום אים האָבן זיך געוואַלגערט בינטלעך בלומען, וואָס פרויען, געהילטע אין שוואַרצע שלייערס, האָבן אַוועקגעלייגט אין די פאַרנאַכטן. די בלומען האָבן אויפן צווייטן טאָג אָנגע־

הויבן וויאַנעז, פּרויען־הענט האָבן זיי צוגענומען און אַוועקגעלייגט פרישע, צאַרטע ציטערדיקע.

פאַר הימלעכקייט־וועגן האָט יוסף לענסקי זיך אַריינגעכאַפּט אין דער אַלטער שטעטלשער קרעטשמע. כמעט יעדן טאָג האָט ער געטראָפן דעם קרעפּטיקן בלינדן מאַן, מיט די צוויי ריזיקע הינט ביי זיינע פיס. אויפן טיש, ווו דער מאַן איז געזעסן, זענען געווען אָנגעשטעלט פלעשער מיט רויטן און גאָלדיקן ווייַן, גלעזער פאַר עטלעכע מיטטרינקער.

איינמאָל האָט לענסקי געטראָפן ביי דעם טיש עטלעכע פּויערים, וואָס האָבן דעם בלינדן גערופן „פּאָטער פּאָול״, מיטגעטרונקען און זיך צוגעהערט צו זיינע מעשיות. יעדע פאַר מינוט האָבן די אַרומזיצנדיקע אַרויסגעהילכט מיט אַ געלעכ־טער. עטלעכע קינדער זענען געשטאַנען אַרום אים, איינגעקוקט זיך אין די גרי־מאַסן פון זיין פּנים, וואָס האָבן זיך געביטן פון רגע צו רגע, ווי ער וואָלט אַרויפ־געצויגן אויף זיך איין מאַסקע נאָך דער אַנדערער. די קינדער האָבן געלאַכט מיט קלינגענדיקע שטימעלעך. לענסקי האָט באַמערקט, ווי דעם בלינדנס פּנים ווערט אויפגעהייטערט, ווען ער הערט דאָס געלעכטער פון קליינוואַרג.

אין אַ געוויסער שעה האָט זיך פּאָול אויפגעשטעלט. אין דער זעלבער רגע זענען די הינט אויפגעשפּרונגען. ער האָט אַ נעם געטון די לייצעס, און וועלכע די הינט זענען געווען איינגעשפּאַנט, אַרויס אינעם דרויסן, די הינט האָבן גע־שלעפּט זיינע הענט, זיין שווערן קערפּער צום אַספאַלטירטן וועג.

איינמאָל אַ טאָג איז לענסקי אַריין אין דער קרעטשמע, באַשטעלט אַ גלעזל ליקער און צוגעגאַנגען צום טיש, ווו פּאָול איז געזעסן. די הינט זענען אויפגע־שפּרונגען, געשטשירעט די ציין. פּאָול האָט זיי שנעל באַרויקט גלעטנדיק מיט די הענט איבער זייערע רוקנס. זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט, און מיט די פאַרלאָזענע אויגן־שפּעלטלעך, געהיט לענסקיס יעדן באַוועג.

יוסף לענסקי האָט זיך צוגעזעצט צום טיש.

— אַ פרעמדער, האַ? — האָט דער בלינדער האַסטיק אַ פרעג געטון, ווי ער וואָלט דערוואַכט פון אַ טיפן שלאָף, — יאָ?

—איך בין אויף וואַקאַציע — האָט לענסקי געענטפערט — יעדער קען דאָ זיין אַ פרעמדער און אַ היימישער.

פּאָולס פּנים האָט אַ שמייכל געטון. ער האָט דערטאַפּט אַ פלעשל מיט צוויי ליידיקע גלעזער, אָנגעגאָסן אין זיי ווייַן און גערעדט:

— אַ שיינער געגנט ביי אונדז, נישט אמת?

— די שיינקייט אַליין. איינס פון די שענסטע ווינקעלעך אין פראַנקרייך.

— פונוואַנעט קומסטו מיין פריינט? — האָט פּאָול אָנגעשטעלט זיינע גלעזערנע אויגן אויף לענסקין — איך מיין פון וועלכער שטאָט?

— פון פּאַריז.

— דיין אַקצענט איז נישט אַ פּאַריזער, מיין פריינט. ביסט נישט אַ פּאַריזער געבוירענער, האָב איך געטראָפן?

— געטראָפן.

—אַ פּאַריזער וועל איך דיר דערשמעקן פון מיילן ווייט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. פּאַמעלעך געזופּט זיין גלאָז וויין. זיין פּנים איז אין דער מינוט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסקע פון פּיינלעכן ערנסט. אַ ווילע געשוויגן און ווייטער גערעדט:

— בלייבסט אַ צייט ביי אונדז?

— נאָך עטלעכע טעג.

— אָפּגעלעבט דאָרט קרוב פופציק יאָר — האָט ער אַ זיפץ געטון, מיט אַ רעזיגנאַציע־באַוועגונג אַוועקגעשאַרט דאָס גלאָז וויין און זיינע קינסטלעכע אויגן אָנגעשטעלט אויף לענסקין — פּאַריז איז מיין געבורט־שטאָט, מיין זיידנס געבורט־היים.

פּאָולס גלעזערנע אויגן האָבן לענסקין אויפגעשווידערט ביז די וואָרצלען פון די האָר. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער רעדט צו אַ לעבעדיקן מת. ער האָט שוין געזען פיל בלינדע, מלחמה־בלינדע, פאַרגאַזטע אויגן, געשלאָסענע. אויך זיין פאָטער איז געווען האַלב־בלינד פון וויינען אויף יידישע צרות, פון אייביקן בלאָנדזשען איבער די קליינע אותיותלעך פון ש״ס, פּוסקים און הונדערטער מוסר־ספרימלעך, אַלץ איז נישט געווען אַ פאַרגלייך צו דעם קלאָונס־גלעזערנע אויגן.

— וואָס הערט מען אין דער וועלט? — האָט פּאָול געפרעגט און אַ זופּ געטון פון אַ גלאָז — מען רעדט וועגן אַ נייער מלחמה? זעסט מיינע אויגן? דאָס האָט מיר דער דרעקישער דייטש אַזוי צורעכט געמאַכט, ביי ווערדען! אויסגעברענט מיט גאַז! אויסגעברענט אינגאַנצן, אינגאַנצן ביז טיף אינעווייניק אַריין. אונדזער רעגירונג האָט מיר געשאָנקען אַ פּאָר גלעזערנע, דרעקישע אויגן. זעסט זיי? שיינע, גלאַנציקע, ווי לעבעדיקע!

ער האָט נישט געוואַרט אויף אַן ענטפער. ער האָט שנעל גענומען זוכן אין די קעשענעס, אַרויסגעשלעפּט אַ בלייפעדער און גענומען מיט דעם דעליקאַט קלאַפּן איבער די אויגן. דער שטילער הילך פון דער בלייפעדער איבער די קינסטלעכע אויגן האָט אין דער קרעטשמע אָפּגעקלונגען מיט אַ גאַנצער וועלט צער.

— אַזוי זעט אויס פּאָול שאַראָן — האָט ער סאַרדאָניש געלאַכט — אַזוי זעט אויס פּאָטער פּאָול, ווי זיי רופֿן מיך דאָ.

דעם פֿאַרנאַכט האָט זיך יוסף לענסקי נישט געקענט קיין עצה געבן מיט זיך אַליין. אַ שאַרפֿער אומרו האָט אים געטריבן. די ראָמאַנטישע פֿרידלעכקייט פֿון דעם שיינעם שטעטל, האָט אים אויסגעזען ווי אַ צו־להכעיסדיקע. דער גלאָק, וואָס האָט זיך געוויגט אינעם טורעמל פֿון אַלטן קלויסטערל און גערופֿן צו דער אָוונט־תּפֿילה האָט אים אויסגעדאַכט, ווי די קלאַנגען חוזקן און וויגן די ווערטער קעגן ווינט:

„אַזוי זעט אויס פּאָול שאַראָן! זיי־נע גלע־זער־נע אויגן! פּאָ־ול ש־אַ־ר־אָ־ן! פּאָול שאַראָן... ביי ווערדען!...״

צו־מאָרגנס איז לענסקי ווידער געקומען אין דער אַלטער קרעטשמע. פּאָול איז געזעסן ביים זעלבן טישל, געטרונקען וויין. די הינט ביי זיינע פֿיס האָבן געדרימלט. לענסקי האָט זיך מיט אים באַגריסט:

— גוט מאָרגן, מעסיע פּאָול!

פּאָול האָט זיך פֿריילעך אַ ריס געטון פֿון שטול:

— אָ, מיין טייערער פֿריינט. גוט וואָס ביסט דאָ אין קאַפֿע! וועסט היינט זיין דער גאַסט ביי מיר אין הויז. מיין אַלטע גרייט זיך שוין דיך אויפֿצונעמען.

— אָבער מעסיע פּאָול, איך בין דאָך דאָ אַ פֿרעמדער. מיר קענען זיך קוים צוויי טעג, עס איז שווער פֿאַר מיר אָנצונעמען די איינלאַדונג.

— עס מאַכט נישט — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — איך אַליין בין דאָך אויך דאָ אַ פֿרעמדער, ווי קום איך אַהער דאָ אָפּצופֿינצטערן מיינע יאָרן? אָבער אַזוי איז עס שוין, מיר וועלן עס נישט איבעראַנדערשן. איך וואַרט טאַקע אויף דיר. עס וועט זיין גוט אַ ביסל צו פּלוידערן. מען זעט דאָ זעלטן אַ נייעם מענטש...

דער באַלעבאָס פֿון קאַפֿע, אַ דאַרער הויכער פֿראַנצויז מיט צוויי פֿאַרשפּיצטע וואָנסעס, האָט זיך הילכיק צעלאַכט. פּאָול האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אים, און דער פֿראַנצויז האָט אויפֿגעהערט לאַכן, גענומען שנעל וואַשן די גלעזער אינעם באַסין.

לענסקי האָט פּאָולן נישט געקענט אָפּזאָגן די איינלאַדונג. ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט דעם בלינדן טון אַ גרויסן גמילת־חסד אויב ער וועט טיילן מיט אים אַן אָרעם מאָלצייט אין זיין היים. עס איז אפֿשר דאָס איינציקע וואָס ער, אַ פֿרעמ־דער, אַ ייִד פֿון פּוילן קען אָפּצאָלן דעם אומגליקלעכן מלחמה־אינוואַליד. זיי האָבן ביידע פֿאַרלאָזן די קרעטשמע און זיך געלאָזט גיין איבערן וועג. די הינט האָבן אים געשלעפּט פֿאָרויס און געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט. פֿון ביידע זייטן

וועג האָבן זיך געצויגן שורות ביימער. די ריזיקע צווייגן פון די ביימער האָבן זיך געשטרעקט פון איין זייט וועג צום אַנדערן, די בלעטער האָבן מיט דער גע־דיכטקייט זיך אַריינגעפלאָכטן איינע אין דער אַנדערער. דער וועג איז געווען ווי דורך אַ טונקעלער אַליי, אַ באַדעקנס, אַ גאָלדיק־גרינער חופּה פון צווייגן און בלעטער. זיי זענען צוגעקומען צו אַ גרויס הויז, וואָס איז געשטאַנען ביים וועג אַרומגעצוימט מיט אַ געפלעכט פון דראָט און שטענגלעך. דאָס הויז איז געווען געפּאַרבט אויף בלענדענדיק ווייס, באַפּוצט מיט קאַרניזן, שניצונגען, סקולפּטור־אַרבעטן. צוויי ווייסע מאַרמאָר־זיילן האָבן אונטערגעהאַלטן אַ גלעזערנעם דאַך איבער אַ ברייטער וועראַנדע. אויף איינעם פון די זיילן איז געווען אויסגעקריצט: „דער קלאַון". ;

די הינט האָבן זיך אַ ריס געטון פון זיינע הענט, צעלאָפן זיך פריילעך איבערן הויף. פּאָול האָט מיט אַ הויך קול גערופן:

— זשאַנעט, זשאַנעט! מיר האָבן אַ גאַסט!

אין דער גלעזערנער טיר האָט זיך באַוויזן אַ יונגע פרוי, אַ קליינע, אַ יאָ־דערדיקע מיט רויטלעכע באַקן און גרינלעכע אויגן. זי האָט געטראָגן אַן אָפּגעצוצט שטובן־קליידל פון וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעזען שטיקער ראָזעווע לייב. זי האָט לענסקין אַנגעמאָסטן מיט אַ שטילן בליק און מיט אַ געמאַכטער אַנטציקונג פאַר גאַסטפריינטשאַפט, האָט זי געזאָגט:

— מיר זענען גליקלעך אייך צו האָבן אַלס גאַסט אין אונדזער הויז!

— דאָס איז מיין פרוי זשאַנעט, — האָט פּאָול אַ מאַך געטון מיט דער האַנט אין דער לופט — וואָס איז אייער נאָמען, מעסיע? פאַרגעסן, פאַרהערט, האַ? יאָ, מעסיע לענ...

לענסקי האָט איבערגעחזרט זיין נאָמען. עס האָט אים אַזש גענומען שווינד־לען אין קאָפּ: ווי איז דאָס מעגלעך? די קליינע פרוי זעט דאָך אויס ווי זי וואָלט זיין אַן אייניקל דעם בלינדנס, נישט די ווייב זיינע. עס איז נישט מעגלעך.

זיי זענען אַריין אינעווייניק אין הויז. אַלץ איז דאָ געווען ווייס און ציכטיק, זויבער און גרוים. דאָס מעבל ווייס. די פענצטער־ראַמען — ווייסע. דורך די פענצטער האָט אַריינגעפּליצט אַ וועלט מיט זון.

די קליינע פרוי האָט עפּעס גערעדט, גערויטלט זיך זייטיק קאָקעטירט מיט געמאַכטע צניעותדיקע בליקן, מיט ווייבלעכער נייגעריקייט צו אַ ווילד פרעמדן מאַנספּערשוין. זי האָט אָוועקגעשטעלט פאַרשידענע ליקערן, איז אַריין אין קיך. לענסקי האָט גענומען אַ גלעזל אין האַנט, אויסגערופן:

— צום געזונט פון אייער שיינער פרוי!

פּאָול האָט גאָרנישט געענטפערט. שנעל אויסגעטרונקען זיין גלעזל און אַ ברום־געטון:

— קומט! איך וועל אייך ווייזן מיין צימער!

פּאָול האָט לענסקין אַריינגעפירט אין אַ גרויס צימער, וואָס איז געווען באַגלייט מיט מאַסקעס פון שפּילעוודיקן גראָטעסק, סאַרדאָנישן אויסדרוק, נאַריש־קלוגעריש. דאָ און דאָרט זענען געווען צעהאָנגען מאַריאָנעטן, צאַפּל־מענטשלעך, מיט גרימאַסעדיקע חוזק־פּנימער, געשניצטע קאַריקאַטור־פיגורלעך. צוויי פּאַפּוגייען האָבן אין גרויסע שטייגן געקראַקעט. אין איין גרויסער שטייג האָט אַ מאַלפּע געמאַכט קונצן און מיט אַ בעטנדיק פּנים באַגעגנט לענסקין. אין איין ווינקל איז געשטאַנען אַ געשטאַלט פון אַ קלאָון מיט אַן אויפשריפט אויפן שטערן: „איך קען מאַכן לאַכן די גאַנצע וועלט, נאָר נישט זיך אַליין"...

— דאָס זענען מיינע מאַסקעס. איך האָב זיי געטראָגן אײדער מען האָט מיר אויסגעבערענט מיינע אויגן. ווי געפעלט אייך?

— איר האָט דאָך דאָ אַ צירק אין מיניאַטור.

פּאָול האָט אַראָפּגענומען פון וואַנט אַ מאַסקע, געשפּילט זיך מיט איר צווישן די פינגער און גערעדט.

— דאָס איז געווען מיין לעבן, ביז די פאַרשאָלטענע דייטשן, האָבן מיך בלינד געמאַכט. דאָ אויף דער וואַנט הענגט אַ פּאַפּיר ווער איך בין געווען. לייענט!

לענסקי האָט זיך אָנגעשטרענגט צו לייענען קליינינקע אותיות געשריבן אויף אַ געלבלעכן פּאַפּיר. ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. עס זענען געווען אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

— נו?...

— יאָ, עס זאָגט זיך, אַז איר זענט געווען אַ באַרימטער קלאָון...

— אַז איך האָב אַמאָל פריילעך געמאַכט אַ וועלט מיט מענטשן. היינט וואָס בין איך? ווער בין איך?

— איר דאַרפט זיך נישט אַזוי שטאַרק באַקלאָגן, מעסיע שאַראָן — האָט לענסקי אים געפּרווט טרייסטן — פאַראַן מענטשן וועמען דער גורל האָט נאָך מער באַעוולט. איר האָט אַ שיינע פרוי, אַ פּרעכטיק הויז...

ער האָט איבערגעריסן לענסקיס רייד מיט אַ סאַרדאָנישן געלעכטער:

— אַ שיינע פרוי?... איך האָב אַ סך געלט פאַר איר באַצאָלט. אַרויסגעשלעפּט זי פון זומפּ. אַ פאַרמעגן איר געגעבן. געלט האָב איך גענוג. די רעגירונג צאָלט מיר פאַר די אויגן. אַ גאַנץ לעבן וועט זי מיר צאָלן. נאָך מיין טויט וועט זשאַנעט קריגן געלט. איר האָט געזען דאָס הויז, די אַלע טייערע זאַכן. דאָס איז אַלץ פאַר מיינע אויגן. יעדע זאַך איז אַ טאָג ליכט. איר דאַרפט נאָר אוועקגעבן אַ שטיק פון

אייער לעבן, אַ פּוס, אַ האַנט, די אויגן, וועט די רעגירונג אייך שוין דערפאַר גוט באַלוינען...

פון אַ ווייטן צימער האָט זיך געהערט די קלינגענדיקע שטימע פון זשאַנעטן:

— קומט אַריין צום טיש! — האָט פּאָול געזאָגט — זי האָט שוין גרייט דאָס מאָלצייט!

דער טיש איז געווען געגרייט מיט מאכלים. אַלע דריי האָבן זיך צוגעזעצט און געגעסן אין שטילקייט. זשאַנעט האָט דעם בלינדן צוגעטראָגן יעדן מאכל אונטער די הענט.

— זייער געמיטלעך ביי אייך — האָט לענסקי געזאָגט לשם־העפלעכקייט

— עס איז שטיל...

— שוין צו שטיל — האָט זשאַנעט האַסטיק אַ זאָג געטון — מען קען אויסגיין פון אַזאַ שטילקייט!

— מען געוווינט זיך צו אַלעם צו.

זי האָט אומגעדולדיק אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— לייכט צו זאָגן, מען געוווינט זיך צו אַלעם צו — האָט זי געזאָגט און די אויגן האָבן ביי איר אומהיימלעך געגליט. — פּאָול האָט אייך שוין זיכער געוויזן זיינע מאַסקעס. פריילעכע, האַ? איר ווייסט? ער איז די צירק־אַטראַקציע דאָ אין דאָרף. אַ פאַרמעגן פאַרשוועגדט ער אויף די מאַסקעס. ער רעדט זיך איין, אַז ער איז אַ קלאָון. ער דאַרף מאַכן לאַכן אַנדערע! איך האָב זיי נישט ליב די אַנגעמאַליעטע פּנימער, מיט די פאַרקרימטע סאַרדאָנישע צורות, וואָס לאַכן פון דיר, שפּעטן פון דיין לעבן, מיינען, אַז זיי זענען גאַנצע חכמים. זיי כיכיקען הינטער דיינע פּלייצעס, גרימאַסעווען, שטעקן דיר אַרויס אַ צונג, מאַכן זיך נאַריש, כדי דיך אַריינצוקריגן. איך בין זיכער, ווען די מאַסקעס קענען דיך אויפפרעסן לאַכנדיק, וואָלטן זיי עס געטאָן. וואָס דאַרף ער דאָס האָבן, פּאָול? איינגערעדט זיך...

— שווייג! — האָט דער בלינדער אַרויסגעוואָרפן אַ ברום — וואָס דען זאָל איך טאָן?

— אנטלויפן פון דאַנען! פאָרן קיין פּאַריז. איך וויל דאָ נישט זיין! איך וויל נישט דאָס הויז מיט דעם אַלעם! גלייך נאָכן וויין־שניט קען מען אַוועק פון דאַנען!

— פּאָולס פּנים האָט זיך געביטן פון טרויער צו — סאַרקאַזם.

— פּאַריז, האַ? דיינע באַקאַנטע? אַרומשלעפּן זיך גאַנצע נעכט אין די ביליקע האָטעלעכלעך, מאַכן ליבע אויף שמוציקע מאַטראַצן? פאַר דיר איז עס גוט!

— איך האָב דיך נישט געבעטן זאָלסט זיין מיין באַשיצער! איך האָב נישט געוואָלט אַרויס פון די שמוציקע האָטעלעכלעך. מיך אַרט נישט וואָס איך האָב

געטאָן אין פּאַריז. יעדער ביי זיין פּראָפעסיע, נישט אמת, מעסיע לענ־לענסקי?

— וואָס וועל איך דאָרט טאָן? — האָט פּאָול געצויגן די פּלייצעס — איך וועל דאַרפן זיצן אין שטוב, הערן דיין וואָיען ווי אַ צויג, אָדער זיך לאָזן אַרומ־פירן אין די גאַסן, מיט אַ ווייסן שטעקן אין האַנט, קיינער וועט זיך אפילו אויף מיר נישט אומקוקן. דאָ ווייסן אַלע ווער איך בין. אַלע!

ער האָט געטרונקען איין גלעזל קאָניאַק נאָכן אַנדערן. צווישן די פינגער האָט ער געהאַלטן אַ שאַרפן גאָפּל, וואָס האָט ערשט געשטעקט אין אַ זאַפטיקן שטיק פלייש. ער האָט דעם גאָפּל פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזן, געשפּילט זיך מיט אים, געדרייט אין אַלע זייטן. זשאַנעט האָט מיט די פינגער געגלעט דאָס ווייסע טישטוך. אירע פולע ליפּן האָבן זיך געקאָרטשעט, ווי פּאַר אַ געוויין־אויסברוך. די אויגן אירע האָבן געבלאָנדזשעט אין אַלע זייטן. עס האָט אין זיי געגליט — האַס, רחמנות, פאַרצווייפלונג. דער גרין און גרוי אין זיי האָט געשפּיזט, געברענט, געגלעט. פּלוצלינג האָט זיך איר קערפּער אַ וויג געטאָן אין בײדע זייטן. זי האָט אָנגעכאַפּט דעם זוים פון טישטוך, אַ האַסטיקן שלעפּ געטאָן צו זיך. אַלע כלים מיט די פלעשער זענען מיט אַ טרימאַסק אַראָפּגעפאַלן אויפן דיל. דאָס געבראַזג האָט אויפגעריסן די שטילקייט, ווי אַ דונער אין אַ פינצטערער נאַכט.

פונעם טרימאַסק פון געפּעס אויפן דיל, האָט ער דעם שאַרפן גאָפּל, וואָס האָט געשטעקט צווישן זיינע פינגער אַ וואָרף געטון אין איר זייט. די שאַרף האָט זיך טיף אַריינגעשטאָכן אינעם ברעג פון טיש. ער האָט זיך אומהיימלעך צע־לאַכט, אָנגעשטרענגט די אויערן אויפצוכאַפּן עפּעס פון זיין ווייבס זייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גאָפּל האָט געטראָפן בלויז דעם טיש. ער האָט זיך באַמיט צו רעדן אין אַ רויקן טאָן:

— אַנטשולדיקט איר, מיין זשאַנעטן, האָט ער געזאָגט — זי האָט זיך מיט דער האַנט פאַרשפּעט אין אַ טישטוך, איך מיין אין די פראַנדזן. זי איז אַ ביסל אויפגערעגט. עס טרעפט אָפט ביי איר, איבערהויפּט ווען זי האָט געסט. עס איז גאָרנישט, מען וועט קויפן נייע כלים. קומט מאָרגן ווידער צו אונדז, גוט, מעסיע לענסקי?

— אוממעגלעך — האָט לענסקי זיך אַנטשולדיקט — איך פאָר מאָרגן פרי שוין אַהיים. מיין וואַקאַציע ענדיקט זיך. איך דאַנק אייך פאַר דער אויפנאַמע.

זשאַנעט האָט אַרויסגעשלעפּט דעם גאָפּל פון טיש. זי האָט אַ קוק געטון אויף לענסקין און אָנגעוויזן אויפן גאָפּל. דאָס פּנים איז ביי איר געווען בלייך ווי קאַלך.

פּאָול האָט זיך שווער אויפגעהויבן פון שטול. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט אין דער לופט.

— זשאַנעט — האָט ער גערופן — זשאַנעט!

— דער גאָפּל האָט מיר ווידער נישט געטראָפֿן! — האָט זי געענטפֿערט — איך בין דאָ! איך לעב נאָך. דײַנע קלאָונישע שטיק טרעפֿן נישט מיך! ביסט נישט קיין גוטער זשאָנגלער, און נישט קיין גוטער קלאָון, טרעפֿסט קיינמאָל נישט מיט זײַנע מעסערס, נישט מיט די גאָפּלען, נישט מיט די מאַסקעס!

לענסקי האָט זיך געלאָזט צו דער טיר. פּאָול האָט אים נאָכגעשריגן:

— אַ צווייטן מאָל, ווען איר וועט דאָ זײַן, פֿאַרגעסט נישט אין פּאָול שאַראָן! דער באַרימטער קלאָון פֿון צירק „די ברידער קלאַריאָן"! פֿאַרצייכנט דעם אַדרעס! דאָס שטעטל הייסט: טריווי. דאָס הויז — „דער קלאָון"!

— איך וועל געדענקען — האָט לענסקי געשמייכלט — דאָס הויז „דער קלאָון"!

זי האָט לענסקין באַגלייט צו דער טיר. אירע אויגן האָבן געגליט מיט בושה, פֿאַרשייטקייט, רייץ. לענסקי האָט אין דעם מאָמענט נישט געקענט אָפּשאַצן וועלכע אויגן רופֿן אַרויס מער ווייטיק, פּיין, האַס, צי פּאָולס טויטע אויגן, צי אירע רייצנדיקע גרינלעכע אויגן. ער האָט זיך מיט איר געזעגנט, געדריקט איר קליי־נע האַנט און אַרויס דורך דער גלעזערנער ווייסער טיר.

**
*

פֿאַרן אָפּפֿאָרן האָט זיך לענסקי אַריינגעכאַפּט אין דער אַלטער קרעטשמע. דער באַלעבאָס האָט אים אָנגעגאָסן אַ גלעזל קאָניאַק, פֿאַרקוועטשט אַן אויגל, פֿאַרשפּיצט אַ וואָנסע און גערעדט סתם אַזוי:

— אַ זאַפּטיק ווייבל די זשאַנעט. האָ, אַ שיינע, אַ געשמאַקע...

— יאָ. עס איז אָבער זייער טרויעריק ביי זיי!

— טרויעריק? ער איז דאָך אַ קלאָון — זאָגט ער — אַלע פֿרעמדע, וואָס קומען דאָ אַהער לאָדט ער איין צו זיך. ער וויל זיי זאָלן זען זיין איינגעקויפֿט יונג, שיין ווייבל. זיי זאָלן זען איר שלאָף־צימער, כע־כע־כע! געלט האָט ער אַ סך, קאָן ער זיך אַלץ דערלויבן. ער וועט זי נאָך אַמאָל דערהרגענען אויך. דאָס וועט זיין דער סוף פֿון פֿאָטער פּאָול און די קליינע זשאַנעט.

— פֿאַרוואָס אַנטלויפֿט זי נישט פֿון אים?

— איבערלאָזן אַזאַ פֿאַרמעגן? זי האָט צייט, אַזאַ נאַר איז זי נישט! ער איז אַ קלאָון און זי שפּילט זיך מיט אים... ביידע שפּילן זיך, כי־כי־כי!

— איך האָב מורא, אַז אַלע מאַכן אַ טעות — האָט לענסקי גערעדט ווי צו זיך אַליין — ער איז נישט קיין קלאָון. זי שפּילט זיך נישט מיט אים. עס איז בלויז ער טרויער, וואָס שפּילט מיט זיי ביידן. אַ וויסטער טרויער פֿון צוויי מענטשן, וואָס וועלן איינער דעם אַנדערן קיינמאָל נישט געפֿינען.

# דעם צינגלמאַכערס נדר

פּון פּרימאָרגן אָן האָט אַ שטורעם־ווינט געבושעוועט, אַ רעגן האָט געכליאַפּעט, געוואַשן די גרוילעכע ווייסע מויערן און די פּלאַכע דעכער פון די הייזער אינעם מאַראָקאַנישן שטעטל אַזילאַל. דער מאַרק — אַן אויסגעליידיקטער פון מענטשן, מיט אַן אָנגעוואָרף פון מיסט, ערדענע טעפּ, פעלן, אָפּפאַל פון פּירות, האָט היינט אויסגעזען ווי אַן אָפּגעשונדענע פעל. דער ווינט האָט געריסן די פּאַרלאַטעטע אַראַבישע ביידלעך, צעשטעלטע אין מיטן מאַרק, ווו אינעווייניק זענען געלעגן גאַנצע הויזגעזינדן און טליִענדיקע קוילן האָבן געצאַנקט אין פייערטעפּ. ביי די ביידלעך זענען געשטאַנען אייזלען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, געשפּאַנטע אין צוויי־רעדערדיקע וועגעלעך, זיי האָבן זיך נישט קיין ריר געטאָן, ווי זיי וואָלטן איינגעגליווערט געוואָרן אינעם רעגנדיקן ווינט.

די קרעמלעך אין די ענגע געסלעך האָבן געפּוסטעוועט. די קרעמער — יידישע און אַראַבישע וואָס קאָנקורירן צווישן זיך יעדן טאָג, מיט געשריי, רייסן זיך אויס די גרגרתן מיט רופן קונים און שינדן די פּרייזן איבער די אייגענע קעפּ, זענען היינט געזעסן אינעווייניק ביי די שוועלן. איינער האָט פויל געגרימפּלט מיט די פינגער איבער די סטרונעס פון אַ הילצערן אינסטרומענטל, וואָס האָט אַרויסגעגעבן מאָנאָטאָנע, אָפּגעהאַקטע טענער פון אַ צעצויגענעם ניגון, אַ צווייטער האָט געגענעצט און מיט טעמפּע בליקן געקוקט אויפן רעגן־שטורעם, אַ דריטער האָט געבליקט איבער פאַרגעלבטע בלעטער פון אַ ספר, אַ פערטער האָט געדרימלט און דער קערפּער האָט זיך לייכט געוויגט אונטער דער ברייטער צעפלאַטערטער אַבאַיע.

דאָ און דאָרטן איז פאַרבייגעלאָפן אַ באָרוועסער אַראַבער אין אַ קויטיקער אַבאַיע, וואָס האָט פון נאַסקייט געקלעפּט צום טונעקעלן לייב. דאָס האָט ער זיך געאיילט צו דער נאָכמיטיק־תּפילה אין דערבייאיקן מעטשעט און נישט געקוקט אויפן שטאַרקן רעגן, איז ער געלאָפן אָפּגעבן גאָט זיין אָרעם געבעט. אַ באָרוועסער קעמל־טרייבער האָט זיך פויל געשלעפּט נאָך אַ באַלאָדנטן קעמל, ביידע האָבן זיי

געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע, היינט האָבן זיי געהאַט אַ פרייען וועג דורך די שטענדיקע טומלדיקע געסלעך פון שטעטל.

אויפן הויף פון רחמים מקובל, איז דאָס פייער אינעם ציגל־אויוון, וואָס ברענט פון זונטיק פרי, ביז פרייטיק ווען די זון שטייט אין מיטן הימל — געווען פאַרלאָשן. די שוואַרצע סאַזשע און די צעברענטע ציגל פונעם אויוון, האָבן גע־קוקט מיט וויסטער פינצטערניש דעם בייזן טאָג אָקעגן.

אין אַזאַ טאָג האָט רחמים מקובל דער ציגל־מאַכער פון אַזילאַל נישט גע־קענט קנעטן דעם ליים און נישט ברענען די אויסגעפּאַרטיקטע ציגעלעך. ער איז דעריבער געזעסן אין שטוב אויף דער נידעריקער מאַטע, ווו ער מיט די פּיצלעך קינדער שלאָפן ביינאַכט. ער האָט איצטער מיט זיינע שוואַכע אויגן אַריינ־געקוקט אין אַ פאַרגעלבטן, צעריסענעם קבלה־ספר און מיט ברומענדיקע האַלדז־טענער האָט ער אונטערגעזונגען די טיפע נאָכזאָגעכצן פונעם ספר אַרויס:

„אַז די נשמה דאַרף אַראָפּנידערן אויפן עולם השפל, יאָמערט זי און קלאָגט אויס אַ גרויס געבעט, מען זאָל אויף איר רחמנות האָבן, נישט טרייבן אין אַ גוף אַריין פון אַ בשר־ודם. די נשמה גאַרט און צאַפּלט זיך מיט געבעט און געוויין, מען זאָל זי לאָזן רוען ביים כסא־הכבוד, ווו זי קען הנאה האָבן פון די לויטערע שטראַלן פון דער שכינה".

רחמים מקובל האָט נאָך אַלץ געגאַפּט פון די רייד, וואָס דערגייען פון ספר צו אים שוין אַ סך יאָרן. ער איז נאָך אַלץ געווען פול מיט וווּנדער און פאַר־הילטן סוד. זיין דאַרער קערפּער האָט זיך אַביסל אויסגעגלייכט. ער האָט אויפ־געהויבן דעם קאָפּ און זיינע שוואַרצע טרויעריקע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אַ מידן, צעקנייטשטן פאַרמעט־פּנים, האָבן גענומען בלאָנדזשען איבער דער קליינער דירה.

אין מיטן שטוב איז געשטאַנען אַ הילצערנער טיש, מיט עטלעכע קרומלעכע בענקלעך, אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ בייכיקער פייערטאָפּ מיט אַש פון אויס־געברענטע האָלץ־קוילן, אויף די פאַרגרויטע ווענט האָבן געהאָנגען: אַן אָפּגעריבן בילדל פון רמב"ם אין אַ ווייסן טאַרבוש אויפן קאָפּ, אַ בילדל פונעם צדיק ר' עמרם פון סאַלעי און אויך אַ גרינלעכער טלית־זאַק. אויפן דיל זענען געזעסן צוויי קליינע יינגלעך מיט צעשראָקענע אויגן אין בלייכע פּנימער, דינע ראַכיטישע פיסלעך, אונטער קליינע גופים. זיי האָבן זיך געשפּילט מיט די הוילע הענט און מיט אַ פּאָר שטיינדלעך.

דער ציגל־מאַכער האָט שווער אָפּגעזיפצט, מען האָט נישט באַנומען צי פון רחמנות צו דער נשמה, וואָס וויל נישט אַראָפּגיין אויפן עולם־השפל, ווייל וואָס דאַרף זי טאַקע אָוועקגענומען צו ווערן פונעם כסא־הכבוד און אַריין אין אַ

קראַנקן, אָרעמען ייִד? צי האָט ער געקרעכצט אויף זיך אַליין, אויף זיין אייגע־נער אָרעמקייט, אויף זיינע האַלב־בלינדע אויגן און אויף די רעומאַטישע, שטע־כיקע ווייטיקן אין לייב.

ער האָט ווידער מיט די אויגן זיך פאַרטיפט איבער די פאַרגעלבטע בלעטער און ווידער זיך צעזונגען:

„און ווען די נשמה דאַרף זיך שיידן מיטן מענטשלעכן גוף, נאָכדעם ווי זי האָט מיט געוואַלד געמוזט אַדורכגיין דאָס גאַנצע לעבן פון אַ בשר־ודם, יאָמערט זי און קלאָגט מיט אַזאַ געשריי און געהאַריש געוויין, אַז עס ווערט געהערט פון איין עק וועלט ביז צו דער אַנדערער. די נשמה וויל נישט מיט גוטן ווילן פאַרלאָזן דעם מענטשנס גוף. דער מלאך־הדומה איז אָבער שטאַרקער און האַרטנעקיקער...“

— טייערע ווערטער, רחמים! גין־גאָלדענע ווערטער! ווי הערט מען דאָס היינטיקע צייטן? בלויז אין רחמים מקובלס שטוב הערט מען דאָס, ווייטער אין ערגעץ־נישט!

דער ציגל־מאַכער האָט אויפגעהויבן זיינע מידע אויגן פונעם ספר אַרויס און געזען פאַר זיך שטיין דעם גרויסן, צעוואָקסענעם קערפער פון הילל דעם פישער פון אַזילאַל.

— געקומען בין איך! — האָט אַ הילך געטון דעם פישערס רוי קול — איינ־צוהאַנדלען געברענטע ציגל אויסצופלאַסטערן מיין נייע דירה, וואָס איך הייב אָן צו בויען!

רחמים האָט פאַרמאַכט דאָס ספר און געזאָגט צום פישער:

— מיינע אויערן פאַרנעמען מיט גרויס פרייד די בשורה, אַז דו הילל גייסט זיך בויען אַ ניי הויז, זאָל נאָר גאָט געבן, אַז זאָלסט מצליח זיין, ווייל אין די היינטיקע טעג, ווען דעם מענטשנס לעבן איז הפקר, וואָס קען שוין פאַר אַ באַשיצונג זיין, אַ ניי הויז, צי גאָר אַן אַלט הויז?...

דער פישער אַ הויכער, אַ געפּאַקטער מיט אַ זילבער־שוואַרצלעכער באָרד און פריילעכע לויפנדיקע אויגן, האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ ,אַזש דאָס קליינע רונדע, שוואַרצע היטעלע אויף דעם שפּיץ פון אַ געדיכטער טשופּרינע האָר האָט זיך אַראָפּגערוקט אויפן שטערן.

— אַזוי לאַנג ווי מיינע הענט זענען נאָך שטאַרק גענוג צו פאַנגען פיש אין טייך פאַר ייִדן אויף שבת — האָט זיין קול ווידער געהילכט אין דער קליינער שטוב — און מיינע אויגן קענען נאָך זען די קנופּן אין די געפלאָכטענע נעצן. וויל איך האָבן אַ דירה פאַר מיינע צוויי ווייבער און פאַרן געזינדל קינדער, וואָס וואַלגערט זיך פון איין וואַנט צו דער אַנדערער! גאָט האָט מיר געשענקט אַביסל

איבעריקע מטבעות, ווייל איך נישט וואַרטן, נאָר שוין מאָרגן אָנהייבן בויען מײַן הויז!

— ווייל איז דיר, הילל, אַז קענסט אַזעלכע פרייַלעכע רייד פון מויל אַרויס־ברענגען! אָבער די שכנים? וואָס וועלן זאָגן די אַראַבער אַכמעד, דער קרום־נאָזיקער, דער הינקעדיקער מוסטאַפאַ, דער בייזער כאַקים און טאַקע דער בלינ־דער ניסים דער גאָלדשמיד, דער געליימטער חליפה דער שפּינער, יששכר?...

— אַ ביסל איבעריקע מטבעות פאַרוואַלגערן זיך ביי מיר אין בייטל — האָט דער פישער אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — קיינער האָט מיר זיי נישט געגעבן, יאָרן לאַנגע זאַמל איך זיי. צו דער חתונה פון מיין צווייט ווייב מזלה האָב איך דאָס צוגעזאָגט, אַז נישט האָט זי נישט געוואָלט מיט מיר צו דער חופה גיין, ווייל אויף מיינע פּלייצעס שווערן דאָך צוויי צענדליק יאָרן מער ווי אויף אירע פּלייצעס, אַ שיינע דירה וויל זי האָבן און אירע רייד זענען גערעכטע. איך האָב אויך ליגן אויפן הויף אַ ביסל געשניטן האָלץ, פלאַכע שטיינער צו דעקן דעם דאַך, בלויז געברענטע ציגל פעלן מיר!

דער ציגלמאַכער האָט מיט טרויער אין די אויגן געקוקט אַרום זיך. זיין קול האָט אונטערגעציטערט:

— אַלץ פאַר די ווייבער! אַלץ זיי נאָכגעבן!

— ווען נישט די ווייבער וואָלטן קיין דורות נישט געווען אויף דער וועלט! — האָט דער פישער געלאַכט און זיינע אויגן האָבן געגליט מיט אַן עזותדיק פייערל — וואָס דען, אַזוי ווי דו רחמים, האָסט זיך אַ נדר געטון מער נישט חתונה צו האָבן, נישט אויפשטעלן קיין דורות, ווייל ייִדן ווערן געפּייניקט, ווייל מען פאַרגיסט אונ־דזער בלוט! פאַרנעמסט זיך בלויז מיט קבלה! ווען אַלע ייִדן זאָלן אַזוי טאָן, וועל איך נישט דאַרפן מער כ:אַפּן קיין פיש אויף שבת, ווייל עס וועט דאָך מער קיין שבת נישט זיין אויף דער וועלט און ייִדן וועלן ניש ט זיין!

דער ציגלמאַכער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער מיט דער האַנט אָנגעוויזן אין דרויסן:

— אפשר, הילל וואָלסטו דיין געהילץ און די מטבעות אָפּגעגעבן, מען זאָל בויען אַ שטיקל שול צו דאַוונען, אַ בית־תפילה, מען דאַוונט דאָך אין אַ הייל אין דער ערד, מען טאָר דאָך קיין הונט נישט אריינלאָזן דאָרטן!

— פאַרוואָס גיבן נישט קיין געלט נפתלי דער תבואה־סוחר, יצחק דער פעלן־הענדלער? זיי זענען רייך, אויך זיך געבויט הייזער!

— גאָטס רצון אַזוי.

— בלויז מיר טראָגסטו אַקעגן מוסר־רייד, רחמים! איך וויל מער נישט הערן!

— עס איז אַ רחמנות אויף דיינע מטבעות, הילל! דער לאָמער מוסטאַפאַ

האָט דאָך געלאָזט אַלעמען וויסן, אַז מען וועט אונדז אַרויסטרייבן פון די איינ־געזעסענע ערטער און אונדזער האָב און גוטס צונעמען, שלאָגן וועט מען אונדז!

— וועט מען צוריק שלאָגן! שדים זאָלן אין זייערע בייכער טאַנצן! איך וועל זיך נישט לאָזן שלאָגן! און איצט האָב איך מער נישט קיין צייט צו טענהן, ווילסט זיך נעמען ברענען ציגל פאַר מיין הויז?

— איך קען זיך נישט אַנטקעגן שטעלן. מאָרגן אם ירצה־השם, וועל איך נעמען קנעטן ליים.

— גוט, רחמים! אַזוי רעדסטו ווי אַ סוחר! יאָ, אַנומלט האָבן מיינע אויערן פאַרנומען די רייד פון זכריה דעם שדכן, ער וויל זאָלסט ברעכן דיין נדר, רחמים! אַ ייִד טאָר נישט זיין אַליין מיט די פיר ווענט און פיצלעך קינדער! מיט נעמי, חליפה דעם געליימטנס טאָכטער וויל ער דיר פאַרשלייערן! זי איז אַ פעט לעמעלע, אַ זאַפטיקע טייטל, וועסט זיך אין אַזאַ טייטל איינבייסן, וועט די עצבות אַוועק פון דיר, רחמים!

דער פישער האָט זיך הילכיק צעלאַכט פון זיין אייגענער חכמה און איז אַרויס פון שטוב.



דער ווינט האָט זיך איינגעשטילט. דער רעגן האָט נאָך געוואַשן די שויבן פון די קליינע פענצטער, אָבער שוין נישט שטראָמענווייז. עס איז געווען פאַרנאַכט.

רחמים איז נאָכן פישערס אַוועקגיין געבליבן שטיין אין מיטן פון שטוב מיט אַ מוח פול מיט ראַיענדיקע געדאַנקען. אינעווייניק אין לייב האָט עפעס גענומען צאַפלען, דאָס בלוט האָט אַ זיד געטון מיט הייסע שטראָמען דורך דעם געפלעכט פון די קאַלטעביינער. וואָס האָט ער געזאָגט דער פישער? נעמי, חליפה דעם געליימטנס טאָכטער. דריי מענער האָט זי דאָך איבערגעלעבט. דאָ אין אַזילאַל איינעם און אין דער שטאָט סאַפי — צוויי. זי איז דאָך אַ „קטלנית". אויך אים, רחמימען האָט מען זי מיט יאָרן צוריק געשדכנט, זי האָט געזאָלט זיין דאָס צווייטע ווייב ביי אים אין הויז. ווען ער נעמט זי דעמאָלט, וואָלט ער אויך שוין אפשר היינט נישט געלעבט. זי איז אָבער נאָך אַ פעטע, זאַפטיקע טייטל — האָט געזאָגט דער פישער — ער איז אַ פאַרשטייטער מאַן און אַ מבין...

ער האָט שוין נישט געקענט אין דעם פאַרנאַכט איינרוען, דער ציגל־מאַכער. ער האָט אַ קוק געטון אויף די צוויי יינגלעך, ביידע קראַנקע, ביידע מיט אויס־געקרימטע גלידער, אַ ביטער רחמנות האָט אים אַרומגענומען צו זיי. דאָס האָט אים דאָס ערשטע ווייב איבערגעלאָזט די קינדער, איידער זי איז אַוועק פון דער וועלט.

משה דלוזשנאָווסקי

ער איז צוגעגאַנגען צום פּייערטאָפּ און גענומען אויפבלאָזן די טליִענדיקע קוילן. פייער פונקען האָבן אים אַנטקעגן געשפּרונגען אין באָרד אַריין. ער האָט אַרויפגעשטעלט אַ טאָפּ מיט וואַסער און זיך געגרייט אָפּצוקאָכן אַ גריץ צו דערכאַפּן דאָס ביסל חיות פון זיך און פון די קינדער.

⁂

רחמים איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ ציגל־מאַכער אינעם מאַראָקאַנישן שטעטל אַזילאַל. זיין צווייטער נאָמען, וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיין פאָטער, דער פאָטער פון זיין פאָטער, אַ דור ביז אַ דור איז געווען — בענזאַקאַר. דעם נאָמען מקובל האָט מען ערשט געגעבן רחמימען, ווען ער האָט זיך גענומען צו קבלה, אָנגעהויבן אַריינקוקן אין אַלטע פאַרגעלבטע ספרימלעך, וואָס ער האָט פון ערגעץ זיך פאַרשאַפט. ער איז נישט געווען קיין גרויסער בקי אין די קליינע אותיותלעך, ווייל דער פאָטער האָט אים בלויז געלערנט ברענען ציגל און קנעטן ליים, אָבער רחמים האָט זיך ווי עס איז דורכגעשלאָגן אין די קליינינקע שורות אויף די געלבלעכע בלעטער פון אַלטע ספרים און אַרויסבאַקומען אַ שטיקל מיין און זין פון די טיפע, סודותדיקע רייד.

די ציגל, וואָס רחמים און זיין פאָטער, און דעם פאָטערס פאָטער האָבן געמאַכט אין אַזילאַל, זענען געווען קליינע פּירעקיקע, מיט פאַרשידענע קאָלירקע באַשמירונגען אויף זיי. די ציגל זענען באַנוצט געוואָרן אויסצופּלאַסטערן ווענט אין די רייכע אַראַבישע און ידישע הייזער פון מאַראָקאָ. רחמים איז געווען אַן אומן־יד. ער האָט די מלאכה פון ברענען ציגל און זיי קונציק באַפאַרבן מיט דריידעלעך, קעסטעלעך און בלומען — געקענט אויסגעצייכנט. אָנגעזעענע אַראַבישע באַלעבאַטים און פאַרמעגלעכע ידן האָבן זיך צו אים געווענדט, ווען זיי האָבן געהאַלטן ביים בויען זיך אַ הויז.

מען האָט געהאַלטן רחמים מקובל פאַר אַ גליקלעכן מענטשן, פאַר איינעם וואָס קען שטענדיק צוגרייטן פאַר זיך און פאַרן הויזגעזינט אַ זאַטן טיש און אַן איבעריקע מטבע קען זיך אַלעמאָל פאַרוואַלגערן אין זיין בייטל. רחמים איז אָבער געווען אַ בלוטיקער אָרעמען און זעלטן איז אין זיין שטוב אַריינגעקומען אַ גאַנצע פּיטע ברויט, וואָס זאָל זעטיקן די מאָגנס פון גאַנצן הויזגעזינט. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל ער האָט זיך טעג און נעכט אָפּגעגעבן מיט די צעריסענע קבלה־ספרימלעך, געשריבן מיט דריבנינקע רש״י־אותיותלעך, נישט געהאַט קיין חשק צו קנעטן ליים און צו ברענען ציגל, הגם דער ציגל־אויוון האָט אַ גאַנצע וואָך געברענט. די ראיה איז ביי אים קאַליע געוואָרן און ער האָט געמוזט די קראַנקע

אויגן שטאַרק אָנשטרענגען און זינט זיין ווייב עלמית איז געשטאָרבן אין דער קימפּעט מיטן דריטן קינד, איז ער שוין געוואָרן אינגאַנצן אויס מענטש...

ער איז דעמאָלט געבליבן אַליין מיט צוויי קליינע קינדער.

אין איינעם אַ טאָג איז ער אַריין אינעם קליינעם בית־המדרשל פון אַזילאַל און פּאָר דריי ייִדן זיך געטון אַ נדר, אַז ער וועט מער נישט חתונה האָבן כל־זמן עס וועלן זיין צרות אויף דער וועלט און כל־זמן משיח וועט נישט קומען.

די דריי ייִדן האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַזאַ זאַך. אַ משוגעת, נישט חתונה האָבן? אַליין מיט עטלעכע קינדער? ווער וועט דעם פּייערטאָפּ אויפבלאָזן און ווער וועט פאַרלאַטן דאָס העמדל און ווי אַזוי, וועט רחמים אויסהאַלטן אין די נעכט, ווען דער אייזל וועט לאַכן הינטערן פענצטער און דער קעמל וועט אויס־קלאָגן אַ געיאָמער? רחמים וועט גאָר זיין אַליין אָן אַ ווייב?...

די דריי ייִדן פון אַזילאַל האָבן דאָס נישט געקענט באַנעמען, ווי טוט דאָס אַ מאַנספּאַרשוין אַפּ אַזאַ משוגעת זיך אַליין. אָבער אַזוי ווי רחמים איז דאָך גע־ווען אַ מקובל, האָבן זיי אויסגעטייטשט צום גוטן. מן הסתם האָט ער דאָרט אין די ספרימלעך אָן אָנדייט אויף משיחן. און אויסגעהערט רחמימס נדר.

***

די נאַכט איז צוגעפאַלן. דער רעגן האָט אויפגעהערט און דער הימל אַ טיפער, אַ בלוילעך־שוואַרצער — איז אָנגעצונדן געוואָרן מיט שטערן.

אין דער נאַכט איז דער שלאָף פאַרוואָגלט געוואָרן פון רחמים מקובלס אויגן. אַ סך סיבות זענען געווען דערפאַר: פאַר זיינע אויגן האָבן געשוועבט נשמות אַזעלכע וואָס ווילן נישט אַריין אינעם גוף פונעם בשר־ודם און אַזעלכע וואָס ווילן זיך נישט שיידן מיטן מענטשנס לייב. אַ גרויס רחמנות האָט אים אַרומגענומען אויף די נשמות, ער וואָלט זיין לעבן געווען גרייט אָפּצוגעבן, כדי זיי צו העלפן, אַזוי אָבער ווי ער איז בלויז אַ נישטיק שטויבעלע אויף דעם עולם־השפל און ער קען גאָרנישט העלפן, איז ער דעריבער געקומען צו אַ מסקנא, אַז ווען משיח וועט קומען, וועט שוין אַלץ פאַרענטפערט ווערן.

די הויפּט־סיבה פאַרוואָס דער שלאָף איז די נאַכט פאַרוואָגלט געוואָרן פון רחמים מקובלס אויגן איז געווען: היילל דעם פישערס אומגעריכטן אָנקומען, זיין גרייטקייט צו בויען זיך אַ הויז און זיינע רייד וועגן זכריה דעם שדכן, וואָס וויל אים, רחמימען אַרויסרייסן פונעם נדר, וואָס ער האָלט שוין מער ווי פינף יאָר צייט און אים פשוט חתונה מאַכן מיט דער „קטלנית" די שיינע נעמי, חליפה דעם געליימטנס טאָכטער...

„זי איז אַ פּעט לעמעלע״, — האָט דער פישער געלאַכט מיט אַן עזותדיק, גראָב געלעכטער, — „זי איז אַ זאַפטיקע טייטל...״

און אין אַ זאַפטיקע טייטל איז דאָך גוט איינצובייסן, דער האָניק רינט איבער די ליפּן און דאָס פלייש פון דער טייטל גליטשט זיך אַראָפּ אַזוי מחיהדיק...

דער ציגלמאַכער האָט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער, ווו ביי זיין זייט זענען געשלאָפן נאָך צוויי קינדער. עס איז אים געווען לייכט, און שווער אינעם לייב. די רעיונות אינעם מוח זענען געווען קלאָרע, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט שנעל, האַס־טיק, גאָר שנעל. דאָס בלוט האָט געקאָכט אין די אברים.

רחמנא ליצלן, וואָס טוט זיך דאָ מיט אים? וואָס האָט דער פישער געוואָלט פון אים, פון זיין אָרעם לעבן? לילית נאָמען האָט ער געבראַכט אין זיין שטוב אַריין, אַ קליפּה, אַ פּולע, זאַפטיקע טייטל, אַ פּעט לעמעלע, נעמי. זי איז דאָך אָבער פאָרט אַ כשרע יידישע טאָכטער. ער זעט זי אָפּט, נעמין, פאַרבייגיין זיין הויף, אויפן קאָפּ טראָגט זי אַ קרוג וואַסער, אין די הענט האַלט זי אַ קויש מיט שפּייז, אָדער אַ קויש מיט וועש און איר גאַנג איז אַזאַ גלייכער, אַ לופטיקער, אַ שוועבנ־דיקער, אַ טראָפּן וואַסער פאַרגיסט זיך נישט פונעם קרוג, דעם גאַנצן וועג פון רעגן־ברונעם, ביז אַהיים אין חליפהס ווינונג. איר פּנים לייכט ווי זיבן זונען און די אויגן — פייער, פונקען פייער, ווי שרפים... רבונו־של־עולם שטראָף מיך נישט פאַר די געדאַנקען, פאַר די הרהורים, וואָס זענען פול מיט זינד, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער.

דורכן פענצטער האָט אַריינגעהילכט דאָס הירזשענדיקע געלעכטער פון לאָ־מען מוסטאַפאַס אייזל. עס האָט זיך געהערט דאָס קרייען פון הענער און אַ געיאָ־מער פון אַ קעמל, וואָס גייט אויף צום הימל און צערודערט דעם ציגלמאַכערס געדאַנקען.

איז ער, רחמים, טאַקע מחויב איינער אַליין צו וויינען אויף צרות, וואָס קו־מען אויף יידן? איז ער מחויב אַליין אויסצוטראָגן דעם גאַנצן צער, וואָס די אַראַ־בער שלאָגן די יידישע שכנים אין אַזילאַל, אין סאַפי, אין פעז? פאַרוואָס טוט עס נישט הילל דער פישער, זכריה דער שדכן, יצחק דער פעל־סוחר, נפתלי דער תבואה־הענדלער? פאַרקערט, זיי בויען זיך הייזער, נעמען עטלעכע ווייבער, שטעלן אויף דורות און וועלן אָנהאַלטן דעם קיום פון יידן. אָט האָט דאָך טאַקע הילל זיך גענומען נאָך אַ ווייב. ער האָט שוין קינדער מער ווי פינגער אויף די הענט, איצטער בויט ער זיך אַ הויז, ער האָט נישט קיין מורא מען וועט אים שלאָגן. ער וועט צוריק שלאָגן — זאָגט ער — און מען מעג עס אים גלייבן.

ערגעץ ביים ראַנד פון הימל האָט אַ בלוילעכער פּאַס, אַן אָנזאָג פון אַ נייעם טאָג זיך דורכגעשלאָגן די טיפע שוואַרצקייט. פונעם מינאַרעט פון מעטשעט, האָט

דער מעאודזין (אַראַבישער שמש) געלאָזט הערן זיין רוי, פאַרשלאָפן קול, וואָס איז געווען געווענדט צו די פיר זייטן פון דער וועלט, צו מזרח, מערב, צפון און דרום, און גערופן האָט ער, דער שמש, די גלויביקע אַראַבער צו דער פרימאָרגן־תפילה. זיי זאָלן נישט פאַרזאַמען און קומען אָפּגעבן אַללאַה זייער געבעט, איינ־איינעם מיטן אויפגיין פון טאָג.

רחמים מקובל האָט זיך אויפגעריסן פונעם געלעגער.

**

ווען די זון איז געשטאַנען אין מיטן הימל, איז אויפן הויף פונעם ציגלמאַכער געקומען הילל דער פישער און זכריה דער שדכן פון אַזילאַל.

ער האָט נישט פאַרלוירן קיין צייט, דער פישער. ער האָט גריילעך געוווּסט, אַז אויב וויל ער האָבן גוטע סחורה, שיינע, געברענטע ציגעלעך צו פלאַסטערן די ווענט פון זיין נייער דירה, דאַרף מען אַרויסרייסן דעם רחמים פון זיין איינזאַמקייט, פון דעם טרויער, אין וועלכן ער האָט זיך אַליין באַגראָבן.

דער פישער פון אַזילאַל האָט געוווּסט, אַז זינט רחמים האָט זיך געטון דעם נדר נישט חתונה צו האָבן מער און זינט ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין די קבלה־ספרים, וואָס צעמישן זיין מוח, קען ער קיין רעכט שטיקל אַרבעט נישט מאַכן, און אויב ער מאַכט יאָ עפּעס זעט עס אויס צרהדיק און עס צעפאַלט זיך ווי שטויב. קיין אַנדערער ציגלמאַכער איז אין אַזילאַל נישטאָ און גיין זוכן ערגעץ אַנדערש, וועט עס קאָסטן צו טייער און אין זיין בייטל ליגן אויסגערעכנטע מטבעות אויף יעדער זאַך פאַרן בנין.

האָט הילל דער פישער זיך געזען מיט זכריה דעם שדכן אוןביידע זענען זיי געפאַלן אויף דער המצאה פון חתונה מאַכן רחמים דעם מקובל מיט דער שיינער נעמי. איי זי איז אַ „קטלנית“, דריי מענער זענען ביי איר אָפּגעשטאָרבן, איז זי פאַר דעם אַ יפת־תואר, דער אויסגעהונגערטער רחמים וועט נישט קענען ביישטיין דעם נסיון און וועט מסכים זיין. פאַר אַלעמען קען דעמאָלט אַרויסקומען אַ טובה: חליפה, דער געליימטער אויף די פיס, וואָס ציט חיונה פון שפינען וואָל, וועט פּטור ווערן פון שפייזן די טאָכטער; נעמי וועט קריגן אַ מאַן און אַריינגיין אין אַ ניי באַלעבאַטישקייט; רחמים וועט אַריינקריגן אין הויז אַריין אַ ווייב, וואָס וועט אַכטונג געבן אויף די קינדער, אויפבלאָזן פאַר זיי דעם פייער־טאָפּ, אויסקערן די שטוב און אָנגרייטן אויף שבת גרינע טיי און קוסקוס; הילל דער פישער וועט אַרויסקריגן שיינע ציגל פאַר זיין דירה און זכריה דער שדכן וועט פון היללן און פון חליפהן באַקומען אַ קופּקעלע מטבעות שכר־שדכנות...

רחמים איז געשטאַנען ביים געמויערטן גרוב און מיט אַ דיקן רונדיקן שטיק האָלץ, אַזאַ ווי ווייבער קלאַפּן אויס פּוטער, נאָר אַ גרעסערער אין פאַרעם, האָט ער געקנעטן דעם ווייכן פעטן ליים אין גרוב. דאָס שוואַרצע, רונדיקע היטל איז אים געלעגן אויפן קאָפּ, וואָס איז געווען געבויגן ביז צום גרוב אַראָפּ. ער איז נאָך אַלץ נישט געהאַט אַרויס פון דעם בייזן און גוטן חלום פון דער שלאָפלאָזער נאַכט, ער איז געווען איינגעהילט אין אַ בלויער האָפענונג און אין אַ קללה.

— אַזוי איז גוט, רחמים! האָסט פאַרנומען מיינע רייד! — האָט דער ציגל־מאַכער געהערט דאָס פריילעכע, הילכיקע קול פון הילל דעם פישער — אַרויס־געשלעפּט פון שטוב, ווי איך וואָלט דיך פון אַ גרוב אַרויסגעשלעפּט. עס איז טאַקע גוט, וואָס נעכטן האָט גערעגנט. דער ליים איז ווייך. וועסט זיך קענען באַלד מאָרגן נעמען ברענען די ציגל.

רחמים האָט זיך אומגעדרייט, געזען זכריה דעם שדכן, דאָס בלוט איז אים אָפּ,געפלאָסן פון פּנים אין די פיס אַריין.

— וואָס איז דאָס געאײלעניש! — האָט ער געשעפּטשעט אַן אומרויִקער — אויך איר, זכריה?

זכריה דער שדכן פון אַזילאַל, אַ נידעריקער, מיט אַ געלן קאָפּ האָר און געלע באָרד, מיט אַ פריילעך גלאַנצנדיק פּנים, אין וועלכן איין אויג איז געווען פאַר־קלעפּט, אַן אויסגעלאָשנס, און דאָס איינציקע לעבעדיקע אויג איז געלאָפן ווי אַן אומרו פון אַ זייגער. ער איז געווען געהילט אין אַ שוואַרצער פלאַטערנדיקער אַבאַיע און זיינע באָרוועסע פיס האָבן געשטעקט אין סאַנדאַלן. אַ חוץ שדכנות האָט זכריה זיך אויך פאַרנומען מיט אַרומגיין איבער די געסלעך פון אַזילאַל און פאַרקויפן בשמים, פּאַרפומען, קרייטעכצער, איילן, סגולות סיי פאַר אַראַבער, סיי פאַר ייִדן. ער האָט געקענט אַלע ייִדישע מיידלעך פון אַזילאַל און פון דער אומגעגנט. ער האָט גע־ווּסט ווער עס גלוסט צו האָבן אין הויז עטלעכע ווייבער און ווער עס באַנוגנט זיך בלויז מיט איין ווייב, אַזוי ווי די היינטיקע לייט. ער האָט אויך אָנגעשלאָגן שי־דוכים אין אַראַבישע הייזער, פאַרהאַנדלט די ווייבער אין די קליינע האַרעמס אַריין פאַר שעפּסן, מעל, אייזלען און עטלעכע גאָרזשקעס זילבער־מטבעות. פון זכריהן האָט מען זיך נישט געקענט אַרויסדרייען, האָט ער איינגעזען, אַז נעמי, חליפה דעם געליימטנס טאָכטער, וועט זיין גוט פאַר דעם ציגל־מאַכער רחמים, האָט שוין גאָרנישט געהאָלפן, נישט קיין נדרים, נישט קיין חרמות, נישט קיין יאָ וועלן, אָדער נישט וועלן. עס איז גענוג געווען, אַז זכריה האָט געוואָלט.

ער האָט איצטער פאַרזשמורעט דאָס לעבעדיקע אויגל, אַ פריילעכן ווונק געטון צום ציגל־מאַכער און מיט זיין באַסאָווע שטימע איינגענומען דעם גאַנצן הויף:

— וואָס דאַרפסטו פאַרלירן דייַנע טעג און נעכט רחמים? גייסט אויס מיט דייַנע קינדער פאַר הונגער און צרות! אַ גינגאָלדענע שטול וועט מען דיר דערפאַר נישט שטעלן אין גן־עדן. משיח זעסטו דאָך קומט אויך נישט. דעריבער איז מיין ווילן און דער ווילן פון אונדזערע ברידער פון אַזילאַל, אַז זאָלסט זיך לאָזן מתיר־נדר זיין, ווייל עס איז פון אָנהייב אָן געווען אַ משוגעת! דריי ייִדן וועלן מתיר־נדר זיין: הילל, חליפה און איך. און מען וועט ביי דיר אין שטוב הערן שפּילן יוסופן מיט דער פלייט, עקיבאָן מיטן צימבל און עמוסן מיטן פידל.

— אָבער... ייִדישע צרות דאָ. מען שלאָגט, מען הרגעט. מען דאַרף לויפן קיין ארץ ישראל. ווי אַזוי מעג הילל זיך בויען אַ הויז, ווי אַזוי מעג איך מיר מתיר־נדר זיין און אַריינגעמען אַ ווייב אונטערן באַלקן?

— ווידער ברענגסטו אַרויס די נאַרישע רייד פון דיין מויל, רחמים! — האָט דער פישער אויף אים אָנגעשריגן — האָסט זיך איינגעשפּאַרט און ווילסט ברענגען משיח! דו מיט דיינע קראַנקע פיס, מיט דיינע האַלב־בלינדע אויגן! אויף וועמען וועסטו וואַרטן, ווען דו וועסט שוין אינגאַנצן זיין בלינד? וועסט נישט קענען ברענגען די ציגל, וועסט נישט קענען שפּייזן אַ ווייב. נישט די קינדער! און דו מיינסט, אַז אַזאַ זאַפּטיקע טייטל, ווי נעמי געפינט מען יעדעס מאָל אויפן בוים. כע־כע־כע!

— זי איז דאָך אַ קטלנית!

— וואָס האָסטו אַזוי מורא? און אַז דו וועסט שוין שטאַרבן, איז וואָס? איך האָב נעכטן געהערט ווי דו לייענסט אַרויס פון אַ ספר, אַז די נשמה וויל זיך נישט שיידן פון גוף. זי וועט זיך פון דיר אויך נישט וועלן שיידן! אין הימל וועט מען מאַכן נעמין פאַר אויס קטלנית, אין דיין אייגענעם זכות וועט עס זיין, ווייל דו ביסט אַ גאַנצער מאַכער מיטן הימל און דאָרט אויבן. קענסט קבלה און מען וועט דיך פון אַזאַ שיין ווייבל נישט אַוועקנעמען. ער וועט דיך לאָזן צוערשט אָפּכאַפּן דעם אָטעם מיט איר. דעם שבת ביינאַכט וועט מען שטעלן אַ חופה. נעמי איז מסכים!

— און ייִדישע צרות — האָט דער ציגלמאַכער געקרעכצט — ווי אַזוי מעג איך מיר מתיר־נדר זיין? מען שלאָגט ייִדן אין אַלע לענדער. קיין ארץ־ישראל דאַרף מען אויפגיין. קרבנות ברענגען.

— דו האָסט נישט וואָס צו לויפן קיין ארץ־ישראל — האָט דער פישער זיך געבייזערט — יונגעלייט דאַרפן אַהין ציִען. מען מיינט נישט מיך און נישט דיך. מיר וועלן שוין האָבן גלגול־מחילות! דו בעסער זע, אַז זאָלסט אויף די ציגעלעך אַרויפשמירן שיינע פאַרבן, שיינע רעדלעך, בלומען, חיהלעך, אַלע שמירעכצן. און פאַרגעס אין דיין נדר!

***

רחמים האָט זיך געצאַפּלט צווישן יאָ און ניין, צווישן רחמים און — דין. געזיגט האָט — יאָ. דער חומר האָט געזיגט איבער די גשמיות. די תאווה איבער דער — פּרישות...

ער האָט זיך געלאָזט מתיר־נדר זיין און אַריינגענומען די שיינע נעמי פאַר אַ ווייב.

פון דעם טאָג אָן, זענען אים צוגעקומען פרישע כוחות. ער האָט געאַרבעט מיט מער חשק, דער ליים איז אַרויסגעקומען גוט צעקנעטן, די ציגל פון אויוון — גוט דורכגעברענט. דאָס פייער אינעם אויוון האָט פריילעך געקנאַקט און די פאַרבן אויף די ציגעלעך זענען אַרויסגעקומען לעבעדיקע, פריילעכע, שיינע מיט רייץ, חן און הנאה פאַר די אויגן.

אויך אין שטוב ביי דעם ציגל־מאַכער האָבן די קוילן אינעם פייערטאָפּ פריי־לעך געברענט און עס האָבן זיך געקאָכט מאכלים, אויפן טיש האָט זיך געפונען כרויט, גרינע טיי, טייטלען אויך אַ שטיקל פלייש, אַפילו אין דער וואָכנס, און די אַבאַיע איז שוין בעסער געלעגן אויפן לייב פון רחמים מקובל.

נעמי איז אים געווען אַ גוטע ווייב.

די ציגל פאַר היילל דעם פישער זענען פאַרטיק געוואָרן. דער פישער איז געווען צופרידן פון די פאַרבן, רעדעלעך, פאַסיקלעך, בלומען.

אויך דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן. עס איז געווען דאָס שענסטע אין אַזילאַל.

און איינמאָל אין מיטן נאַכט, ווען רחמים האָט נישט געקענט איינשלאָפן. ער איז געווען איבערגעזעטיקט מיט אַלעם גוטן, מיט אַ באַלעבאָסטע אין הויז, מיט אַ פרישע פּיטע (אַראַביש ברויטל), וואָס ער האָט אין דעם טאָג פאַרצערט, האָט ער זיך אויפגעהויבן אין מיטן נאַכט און אַ גלוסטיקונג האָט אים אָנגעכאַפּט צו זאָגן חצות.

ער איז אַראָפּ פון דער מאַטע, אַ קוק געטון אינעם פענצטער. אַ פייערדיק בלענדעניש האָט אַ שלאָג געטון אים אין די אויגן און די קליינע שויבן באַגאָסן מיט ברענענדיקן גאָלד.

רחמים מקובל איז צוגעגאַנגען נענטער צום פענצטער זען, וואָס עס טוט זיך. אפשר ברענט די גאַנצע וועלט? אפשר איז שוין נישט מער פינצטערע נאַכט אויף דער וועלט? אפשר משיח?...

דורכן פענצטער האָט ער געזען: היילל דעם פישערס נייע הויז איז געשטאַנען אין פלאַמען. פייער־צונגען האָבן אַרומגעלעקט די ווענט און מיט שוואַרצער סאַ־זשע און רויך זיך געריסן אין הימל אַריין.

דער ציגל־מאַכער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אַ שאַרפער געדאַנק האָט אַ שניט געטון אין מוח: איינס איז שוין מקויים געוואָרן. דער לאָמער מוסטאַפאַ האָט געהאַלטן וואָרט. הילל דעם פישערס נייע הויז ברענט, איצטער וועלן קומען נאָך שטראָפן: נעמי איז אַ „קטלנית״ און ער רחמים וועט שטאַרבן. ער האָט נישט געטאָרט זיך לאָזן מתיר־נדר זיין, נישט געטאָרט. נישט געווען דער ווילן פון הימל. אַ נדר טאָר מען אַזוי לײַכט נישט אויפבונדן.

— פאַרוואָס גייסטו נישט שלאָפן, רחמים? — האָט ער געהערט דעם ווייבס קול — וואָס שטייסטו בײַנאַכט בײַם פענצטער? נאָך אַ טאָג שווערע אַרבעט דאַרפסטו שלאָפן.

— איך האָב געוואָלט זאָגן חצות. עס איז האַלבע נאַכט — האָט ער געענטפערט מיט אַ פאַרטייעטער שרעק — הילל דעם פישערס נייע הויז, מיט די שיינע ציגעלעך, וואָס איך האָב פאַר אים געמאַכט שטייט אין פלאַמען. מוסטאַפאַ דער הינקענדיקער האָט געהאַלטן וואָרט.

נעמי האָט זיך אַ ריס געטון פון דער צווייטער מאַטע אין ווינקל און צו צום פענצטער. איר פנים און געשטאַלט איז אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט דער פייערדיקער. גאָלדיקער בלענדעניש. רחמים מקובל איז פאַרבליפט געוואָרן פון איר אויסזען, פון איר חן און שיינקייט. ער האָט פאַרגעסן אין שטראָף, פאַרגעסן, אַז זי איז אַ „קטלנית״. זי האָט זיך צוגערוקט צו איר מאַן און געשעפּטשעט:

— דאָס שענסטע הויז אין אַזילאַל געווען, דאָס שענסטע.

— און דו ביסט די שענסטע טאָכטער פון אַזילאַל — האָט ער אַ פאַרטראַכטער געזאָגט — די שענסטע...

פּלוצלינג האָט ער מיט בײדע הענט זיך פאַרשטעלט די אויגן, צעשריגן זיך ווי אַן אָקס פאַר דער שחיטה. ער האָט אָפּגעשטופּט פון זיך די ווייב, צוגעלאָפן צו דער טיר און אַרויס אינעם דרויסן, וואָס איז געווען ראָזעווע, בלוילעך ליכטיק פונעם אָפּשיין פון ברענענדיקן הויז.

ער איז געלאָפן צו דער שריפה העלפן לעשן די פלאַמען. ער האָט געשעפּטשעט פסוקים פון חצות:

„שכינה מה אומרת קלני מראשי הגדולה והגבורה והתפארת עברו ראשי״.

„על זאת אספדה ואלילה. אסלדה בחילה. קולי כחולה. מעי מעי אוחילה״.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער זיך געוואַלגערט בײַם פייער, געקלאָגט אויף דעם וואָס ער האָט זיך געלאָזט איבעררײדן צו זינד, גלוסטונג...

בײַם פענצטער אין שטוב, בײַם אָפּשיין פון פייער, האָט נעמי אין איר ווייסן נאַכט־העמד אויף אים געוואַרט.

# דער גאָלדענער רינג

דער שניידער גאָדל טענצער, איז געווען אַ קרעפּטיקער ייד, אַ הויכער מיט אַ רונדיק פאַרשווירענער שוואַרצער באָרד און מיט אַ פולן אויסגעקעכלטן פּנים. ער האָט געניייט מלבושים בלויז פאַר שיינע באַלעבאַטים און אויסגעפּוצטע פּראַנט־לעך. ער האָט געמאַכט זיידענע זשיפּעצעס, פּאַלטאָס פון גוטן געוואַנט מיט טונקל־בלויע סאַמעטענע קאַלנערס; געפּאַסטע אַנצוגער לויט דעם נייעסטן שניט פון דער גרויסער שטאָט.

זיין אמתער נאָמען איז געווען גאָדל זילבערפאַרב. די שטאָט האָט אָבער נישט געוואָלט אַנדערש אים רופן, ווי „גאָדל טענצער", ווייל ער איז געגאַנגען טאַנצנדיק און וויגנדיק, אַפילו דער שטעקן אין האַנט מיט דעם זילבערנעם הענטל האָט ביי אים געטאַנצט צום ריטם פון וויגנדיקן קערפּער. ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם צונאָמען „טענצער", זיין פּנים פלעגט זיך צעשמייכלען ווען אַ חשובער באַלעבאָס, אַ שטיקל שטעטלשער אַריסטאָקראַט, האָט אים אָנגערופן „רב גאָדעל זילבערפאַרב", אָדער „פאַניע זילבערפאַרב".

אויף איינעם פון זיינע פינגער פון דער לינקער האַנט האָט ער געטראָגן אַ גאָלדענעם רינג. גערופן האָט ער עס „דער סיגנעט". ביים נעמען די מאָס זיינע רייכע קליענטן, האָט גאָדעל אַזוי מאַנעווורירט מיט זיין מאָס אין די הענט, אַז דער גאָלדענער רינג זאָל יענעם וואַרעמען אין די אויגן, אַז יענער זאָל זיך נישט אַזוי שטאַרק איבערנעמען מיט זיין רייכטום, זאָל ער נאָר כאַפּן אַ קוק און זען, אָט איז ער, גאָדעל שניידער, אויך נישט אַבי ווער. אָט טראָגט ער אַ שווערן סיגנעט אויף די פינגער פון לויטערן, פון איידלסטן גאָלד.

דער גאָלדענער רינג איז געווען גאָדעל טענצערס אָנשפּאַר, זיין שילד און זיין חשיבות.

ביי אים האָבן געאַרבעט עטלעכע לערנייִנגלעך און געזעלן. צווישן זיי איז געווען פּנחסל הויקער. אַ קליין, דאַר ייִנגל מיט אַ פאַרקריפּלטער פּלייצע און

צעשראָקענע אויגן, אין וועלכע עס האָט געגליט אַ טרויער פון אַ געפּלאָגטער חיהלע. פּנחסל איז געווען אַ זון פון אַ צווייטן שניידער, פון געלן חיים, וואָס שטאָט האָט אים גערופן: „חיים לאַטוטניק״.

חיים איז געווען אַ געהויקערטער, אַ דאַרער, מיט אַן איינגעפאַלן מויל אָן ציינער. זיינע ליפּן האָבן אַלעמאָל געזשאָמזשעט, זיין נאָז איז געווען צונטער רויט, מיט בלויע אָדערלעך אַריינגעפלאָכטן, דאָס האָט די נאָז אים אָפּגעדינט פאַר זיין גרויס ליבשאַפט צו אַ טרונק בראָנפן. די שפּאַקולן זענען אויף זיין נאָז געזעסן רייטנדיק און די אויגן זענען ביי אים געווען רויטע, מיט שיטערע וויעס.

דער געלער חיים האָט געמאַכט פּראָסטע אַרבעט: צייגענע כאַלאַטלעך פאַר אָרעמע קרעמער, בעלי־מלאכות. אַמאָל איז אים אויך אַריינגעפאַלן אַן אַטלאַסענע יופּעצע אויפּצונייען פאַר אַ חסידישן באַלעבאָס, וואָס איז אויף דער עלטער געוואָרן אַ שטיקל יורד, און כדי אים נישט צו פאַרשעמען, האָבן ייִדן אים צוגעטיילט כבוד, אויפן קול אים גערופן: „רעב חיים״.

— איר וועט אַזוי גוט זיין, ר׳ חיים, און אַריינכאַפּן זיך מאָרגן צווישן מנחה און מעריב. מיין פלוניתטע וויל אייך געבן עפּעס אַרבעט!

אָדער:

— איי, ר׳ חיים, האָט איר מיר אויפגענייט אַ פאָר פלודערן, פיל איך ממש אַ שטיק געזונט קומט מיר צו!

מיט גרויס באַשיידנקייט האָט חיים שניידער צוגענומען די קאָמפּלימענטן, מיט דעם בכבודיקן „רעב״ און אין האַרצן אָפּגעגעבן אַ לויב דעם באַשעפער, וואָס גיט אויף אים אַכטונג, פאַרזאָרגט אים מיט אַ גלעזל בראָנפן, מיט אַ יום תהילים, פאַרזעט אים נישט, אַזוי גוט ווי עס ווערט נישט פאַרזען דאָס מינדעסטע ווערעמל אונטער דער ערד...

ער איז געווען אַן אייביקער אָרעמאַן, געדאַרפט מפרנס זיין אַ קראַנק ווייב, אַ גרויס הויזגעזינט. ער האָט געהאָרעוועט מיט שוויס און מאַטער אַרויסצוקריגן דאָס בידנע טעגלעכע אויסקומעניש. זיינע תענוגים זענען באַשטאַנען פון דעם, וואָס ער האָט יעדן טאָג נאָך שחרית אויסגעטרונקען אַ גלעזל „זעקס־און־ניינצי־קער״, אָדער וואָס ער האָט אַראָפּגעכאַפּט אַ האַלבע שעה פון זיין פאַרהאָרעוועטער צייט און אַריינגעברומט אַ שטיקל תהילים, אָדער ער האָט געגעבן אַ קניפּ אין באַק אַ חדר־ייִנגל און אים געפּרעגט וועלכע פּרשה עס גייט.

אַ צוויי וואָכן פאַר יעדן יום־טוב איז דער געלער חיים געקומען אין באַלע־באַטישע הייזער אַריין. די מאַמעס האָבן שוין געהאַט פאַר אים גרייט שטיקלעך געוואַנט, צייג, ריפּס פון וועלכן חיים שניידער האָט געדאַרפט באַקליידן די מאַנס־בילן פון הויז. די מאָס פון יעדן האָט שוין חיים געוווּסט אויפן אויג. אויס גע־

ווינהייט וועגן האָט ער באַנוצט אַ לאַנג פּאַסיקל מיט אָפּגעריבענע ציפערן, וואָס נאָר ער אַליין מיט דער הילף פון די שפּאַקולן האָט געקענט איבערליייענען.

די מאַמעס האָבן אים גוטמוטיק דערמאָנט:

— ר' חיים, מאַכט נישט צו קורץ די אַרבל! זעט די קנעפּלעך זאָלן זיך נישט אָפּרייסן! די נעט זאָלן נישט פּלאַצן! דאָס מלבוש זאָל זיך נישט נאָכשלעפּן!

חיים האָט אויפגעהויבן זײַנע רויטע אויגן און געענטפערט:

— אַז עס וועט זײַן אַ ביסל לענגער, אויף דעם האָט גאָט באַשאַפן אַ שער, וועט מען קירצער מאַכן! וועט דאָס מלבושל זײַן צו קורץ, אויף דעם האָט דער רבונו־של־עולם באַשאַפן אַ נאָדל מיט פּאָדעם, וועט מען צושטוקעווען און עס וועט אַרויסקומען, ווי אָפּגעמאָסטן.

די מאַמעס האָבן זיך צעלאַכט. זיי האָבן שוין געקענט חיימען פיל יאָרן. ער באַקליידט די טאַטעס, די ייִנגלעך. יעדעס מאָל זאָגט ער דאָס זעלבע ווערטל און יעדעס מאָל פּאַסט נישט דאָס מלבוש. נאָר וואָס קען מען זיך העלפן? ווער קען גיין צו דעם מיוחס גאָדעל טענצער?

די ביידע שנײַדער האָבן געלעבט בשלום, איינער דעם אַנדערן איז נישט געקראָכן אין דער פּרנסה אַרײַן. נאָר שטילערהייט האָט דער געלער חיים געהאַט תרעומות און פּרעטענזיעס פאַרוואָס עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק? פאַרוואָס ליגט ער, חיים, ניין איילן אין דער ערד, און גאָדעל טענצער, דער זעלבער בשר ודם, דער זעלבער אָפּגעהיטענער ייִד? דער זעלבער שנײַדער? נאָר וואָס דען? יענער רײַט אויפן מזל, דאָס מזל גייט פאַר אים פאָרויס און ער, חיים... אַט גאָרנישט. אַ טרונק בראָנפן, אַ שיסעלע גריץ, דאָס איז אַלץ וואָס ער קען אַרויסקריגן פון זײַן בידנעם מזל.

ווען זײַן פּנחסל, דער מיט דער קרומער פּלייצקע, האָט אָנגעהויבן לייגן תפילין, האָט זיך אין געלן חיימס מוח אָנגעשפּיצט אַ שטיקל געדאַנק. געקומען איז דער געדאַנק באַלד נאָך דעם פרימאָרגנדיקן טרונק־בראָנפן און שוין אַזוי געבליבן שטעקן טיף, טיף נישט אַרויסצוטרײַבן פון מוח: מאַכן פון פּנחסלען אַ לײַט — האָט דער מוח געטראַכט — זאָל ער אויסוואַקסן אַ גוטער שנײַדער בײַ לײַטן... אפשר אַזאַ ווי גאָדעל טענצער? ביים רבונו־של־עולם איז דאָך אַלץ מעגלעך.

און פּנחסל איז געוואָרן אַ לערנייִנגל בײַ גאָדעל טענצער.

דאָס ייִנגל האָט אויסגעפירט אַלע שליחותן פון נײַעם באַלעבאָס. ער איז געווען אַ שווײַגעוודיקער, אויסגעפאָלגט אַלץ וואָס מען האָט אים געהייסן טון, זיך גוט געלערנט, קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין אומצופרידענע מינע, געווען אַלעמען אונטערטעניק. אינעווייניק אָבער, דאָרט טיף־טיף, אַזש אין דער נשמה,

האָט עס דעם יינגל געפּייניקט, געגריזשעט לעבעדיקערהייט: פאַרוואָס איז זיין פאָטער, חיים, אַזאַ אָרעמאַן, אַזאַ לאַטוטניק, אַז ער האָט אַזש געמוזט זיין זון אַוועקגעבן צו גאָדעלן?

אַ שטילע שנאה האָט זיך אין דעם יינגל צעוואַקסן. אַ שנאה צו זיין נייעם באַלעבאָס. מער פון אַלץ האָט אים געשטאָכן אין די אויגן דער גאָלדענער רינג, דער „סיגנעט", וואָס גאָדעל האָט אַזוי שפּילעוודיק געטראָגן אויף די פינגער. עס האָט זיך דעם יינגל אויסגעדאַכט, אַז דאָס גאַנצע מזל, דאָס רחבות פון גאָדעל טענצער קומט צוליב דעם רינג. דאָס בלישטשענדיקע גאָלד אויף דעם שניידערס פינגער כישופט אַריין — מזל, כבוד, זאַטקייט. אָט גיט זיין באַלעבאָס אַ דריי מיטן פינגער, אויף וועלכן עס זיצט דער גאָלדענער רינג, און שוין קומט אַריין אַ גביר פון שטאָט און באַשטעלט זיך אַ ניי מלבוש. גאָדעל טאַנצט אַרום אים, מעסט אים אויס די פּלייצעס, די באָקעס פון אַלע זייטן מעסט ער אים אויס, שרייבט אַריין אין אַ קליין ביכעלע די ריכטיקע מאָס, גיט יעדעס מאָל אַזאַ הייב מיט דער לינקער האַנט, אַז דער נגיד זאָל זען דאָס גאָלד, ווי עס פינקלט אַזוי ליכטיק, אַזוי וואַרעם. גאָדעל ברומט זיך אונטער אַ ניגונדל ביים באַמעסטן דעם חשובן באַלע־באָס און בײדע זענען אַזוי צופרידן. דאָס הייסט: איינער איז אַזוי צופרידן פון אַנדערן, אַזש זינגען גלוסט זיך זיי אין מיטן העלן טאָג.

— אַ שטיקעלע אַטלאַס האָט איר אָפּגעקליבן, ר' זישע, נו, נו... מען וועט אייך ביים רבין, אם ירצה השם, אויף די ימים נוראים צולאָזן ביים טיש צום סאַמע אויבנאָן, דער אַטלאַס איז אַזוי גלאַטיק, ווי זאָל איך דאָס זאָגן?... ווי זייד, איך מיין כע־כע־כע! נו, טפוי, זינדיקע געדאַנקען רחמנא־ליצלן, ווי ביי אַ כלה נאָך דער חתונה, איר לייב אין דער חופּה־נאַכט, גלאַטיק און קילבלעך, ווי דער אַטלאַס כע־כע־כע!

— ר' גאָדעל! דער יצר־הרע ליגט אייך גוט אין די ביינער, ווי שעמט זיך דאָס נישט אַ ייד, מיט אַ בכבודיקער באָרד, צו פאַרגלייכן אַ... אַ... מיט... זאָל גאָט שומר ומציל זיין — לאַכט ר' זישע דער וויין־סוחר פון דעם שניידערס גראָ־בע, מיאוסע רייד און עס קיצלט אים בשעת־מעשה פון גאָדעל טענצערס פאַרשייט מויל און פון זיינע זינדיקע פאַרגלייכערצער.

פּנחסל קוקט אויף גאָדעלס „סיגנעט" אויפן פינגער, ווי אָט גיט ער, דער שניידער, אַ הייב די האַנט און זיין ווייב, פּעסע, די וואָס האָט אַזאַ ווייסן האַלדז מיט אַ דאָפּלטן גוידער, טראָגט אַ זיידן קלייד אין הויז אָן אַרבל און אירע פעטע, ראָזלעכע אָרעמס בלענדן מיט ליכט, ווייס, צאַפּלדיק ליכט — זי דערזעט דעם מאַנס האַנט און זי גרייט אַ טיש צום עסן אין מיטן דער וואָך, מיט אַ ווייסן טישטעך. שטעלט אָן אויפן טיש אַלערליי מאכלים, וואָס ער, פּנחסל, זעט נישט

ביי זיין טאַטן, חיים דעם לאַטוטניק אַפילו אין חלום זעט ער דאָס נישט: ברויט, פלייש, ווייס ברויט, טיי מיט צוקער, מיט לימענע, קיכעלעך צו די טיי. אַזעלכע קרוכלע, געלבלעכע, צעשניטענעם הערינג מיט אַ ציבעלקעלע, מיט רויטע זאַפּ־טיקע טאָמאַטן. גאָדעל וואַשט זיך צו „שאו־ידיכם“, טוט אויס דעם „סיגנעט“ פון פינגער, רייבט די הענט מיט אַ ווייסן האַנטעך, מאַכט „המוציא“, ציט ווידער אַרויף דעם רינג אויפן פינגער...

און אינדערהיים איז דער טאַטע זשעדנע נאָך אַ גראָשן פאַרדינסט, זאָגט תהילים, סטריגעוועט אַ פּאָר שמאַטעדיקע הויזן, טרויעריק, וויסט, מען איז הונ־געריק, מען וואַרט די מאַמע זאָל שוין אָפּקאָכן די „אָפּגעברענטע גריץ“, אָדער קאַרטאָפל אין שאָלעכץ מיט הערינג...

דער טאַטע האָט נישט קיין רינג אויפן פינגער, האָט נישט אַזאַ שיינע באָרד, ווי גאָדעל טענצער האָט, זיין ווייב האָט נישט אַזאַ פעכלדיקע הויט, וואָס גנבעט זיך אַרויס פון זיידענעם קלייד און בריט די אויגן מיט אַ גיהנום־פייער. דער טיש אינדערהיים איז קיינמאָל נישט געגרייט מיט אַ ווייסן טישטעך אין די וואָכן־טעג, אַפילו נישט אין די שבתים...

**
*

איינמאָל אין מיטן טאָג איז עס געווען:

גאָדעל טענצער איז געזעסן ביים טיש. ער האָט ערשט געהאַט אָפּגעגעסן אַ זאַטן מאָלצייט, די ווייב זיינע, פּעסע די „טענצערקע“, האָט מיט אירע נאַקעטע אָרעמס נאָר וואָס אַראָפּגערוימט די טעלער פון טיש. גאָדעל האָט צוביסלעך גע־גענעצט, צוביסלעך האָבן זיך די אויגן ביי אים געקלעפּט, ער האָט געחלשט אַ קאַפּעטשקע שלאָף, אויסציִען די גלידער אויף דער ווייכער קאַנאַפּע האָט זיך אים געגלוסט, דאָרט אינעם טונקעלן שלאָף־חדר, ווו דער גערויש פון די צווי ניי־מאַשינען דערגייט נישט, און אויך נישט דאָס געלעכטער און די הילכיקע געזאַנגען פון די געזעלן. אָבער גיי און פאַרגין דיר אַ דרימל, ווען עס שטייט נאָך דיר פּאָר אַ גרויסער טאָג מיט אַרבעט און „היום קצר והמלאכה מרובה“. ער דאַרף פאַר־טיק־מאַכן פאַר דעם דאָקטאָר הימעלשטיין אַ נייעם אַנצוג צו זיין מאַרגנדיקער חתונה, און פאַרן מחותן, דער כלהס פאָטער, דאַרף ער אויספאַרטיקן עטלעכע בגדים. ניין! ער וועט שוין מוזן מיט אַלע כוחות פאַרטרייבן דעם שלאָף פון די אויגן, די מידקייט פון לייב.

— פּעסעשי — האָט ער גערופן מיט אַ ווייך קול — אַ קאָפּ וואַסער צו וואַשן די הענט צום בענטשן און נאָך אַ גלעזל טיי, פאַרן נאָכן בענטשן, אויב עס באַמיט דיר נישט, פּעסעשי? מיט לימענע, פּעסעשי!

פּעסע האָט מיט שטילע טריט אַריינגעבראַכט בײדע פאַרלאַנגטע זאַכן.

גאָדעל האָט אַריינגעשטעקט די פולע פוכקע פינגער אין שיסעלע וואַסער און גענומען שנעל בענטשן, אָפּגעבן גאָט אַ דאַנק פאַר דער זאַטער סעודה, וואָס ער האָט ערשט פאַרצערט. ער האָט שנעל געשלונגען די גלאָטע, אויסגעפּאַרענע ווער־טער. פּלוצלינג איז אים אַ וואָרט געבליבן שטעקן אין מיטן האַלדז. ער האָט זיך האַסטיק אויפגעריסן פון געזעס, צוגעלאָפן אין קיך צום וואַש־בעקן, געזוכט. דאָס אויסגעקעכלטע פּנים זיינס פון דער שיינער באָרד אַרויס איז געוואָרן בלייך און ער האָט גענומען שטאַמלען, ברומען, שרייען:

— אָך, אָך... ני, ני... סיגנעט! דער סיגנעט! הוא הטיב לנו... ני, דער סיגנעט אַ וויסטע כאַליערע... הוא מטיב לנו, הוא ייטיב לנו... אַ בראָך זאָל קומען, ווו איז דער סיגנעט? הוא גמלנו, הוא גומלנו... אויסגעריסן זאָלט עטץ ווערן, ווו האָט עטץ באַשטאַט דעם סיגנעט?...

מען האָט איבערגעדרייט אַלע חדרים פון גאָדעל טענצער. די געזעלן און די לערביונגען זענען געלעגן אויף די פּאָדלאָגעס, געקראָכן אויף די שאַפעס, צווישן די מאַשינען און נישט געפונען גאָדעלס רינג.

פון דעם טאָג אָן איז גאָדעל טענצערס חשיבות אין זיין שטאַנד געפאַלן אין זיינע אייגענע אויגן. ער איז געוואָרן אַפּאַטיש געשטימט, פאַרלוירן דעם אַפּעטיט צו דער אַרבעט, דעם אַפּעטיט צו עסן די געשמאַקע מאכלים, וואָס זיין ווייב, פּע־סעשי, האָט צוגעגרייט. ער האָט אויפגעהערט צו קוקן מיט די זייטיקע פּעטע בליקן אויף זיין ווייבס נאַקעטע אָרעמס, מער נישט גערעדט קיין נישט־פּאַסיקע רייד. ער איז געוואָרן אויס גאָדעל זילבערפּאַרב, אַפילו זיין גענגעלע איז עפּעס ווי איבערגעאַנדערשט געוואָרן. ער האָט נישט מער אונטערגעטאַנצט און זיין קערפּער האָט זיך פעסטער אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן.

מענטשן האָבן אים געטרייסט און אויך אויסגעמוסרט:

— היתכן, ר׳ גאָדעל, ווי נעמט דאָס אַ ייד און איז זיך מצער וועגן אַ גאָלדן פינגערל, וועגן אַ שטיקל צירונג? וויניק אומגליקן טרעפן היינטיקע צייטן?

גאָדעל טענצער האָט געשוויגן. עס איז אים נישט אַזוי וויט געגאַנגען אין דעם שטיקל גאָלד, נאָר דעם „סיגנעט" האָט ער געהאַט באַקומען בירושה פון זיין פאָטער, אויך אַ שניידער, וואָס האָט אַמאָל געוווינט אין אַ גרויסער שטאָט. גאָדעל האָט געגלויבט, אַז דער רינג ברענגט אים מזל, חשיבות אין לייטנס אויגן. דער רינג האָט אין זיך אַזאַ מאַגנעטישע קראַפט, וואָס לאָזט נישט צו, אַז עס זאָל מיט אים געשען עפּעס שלעכטס, אַז ער זאָל נישט פאַלן צו דער נידעריקער מדרגה ווי אַ שטייגער חיים לאַטוטניק.

ער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן דאָס פאַרלירן פון דעם „סיגנעט",

ער איז געוואָרן אַ געפאַלענער ביי זיך און אין זיינע אויגן. אַלעמאָל פריילעכער, האָט זיך באַזעצט אַ וויסטער טרויער.

דאָס יינגל פנחסל האָט צוגעזען דעם צער פון זיין באַלעבאָס. ער האָט עס פאַרגליכן מיט שמשון הגיבור און דלילה. זי האָט שמשונען אָפּגעשוירן די האָר, האָט ער פאַרלוירן זיין גבורה, פאַרלוירן די קראַפט. אַזוי איז אויך מיט זיין באַ־לעבאָס: ער, פנחסל, האָט צוגענומען דעם רינג, אים באַגראָבן אויף אַזאַ אָרט, וווּ קיינער וועט אים נישט געפינען, און די פרייד האָט זיך פון גאָדלען אָפּגעטון. ער טאַנצט שוין נישט מער אַרום די גבירים ביים נעמען די מאָס פאַר די אַטלאַסענע ושיפּעצעס, פאַר די רייכע פּאַלטאָס. זיין לינקע האַנט הייבט זיך נישט אויף יעדע ווילע פאַר דעם גבירס אויגן, ער זאָל זען דעם גאָלדענעם סיגנעט. איצטער באַהאַלט עפּעס גאָדעל זיין לינקע האַנט, שעמט זיך צו ווייזן אַ האַנט מיט פינגער, אויף וועלכע עס איז נישטאָ קיין גאָלד. אויך ברומט ער נישט מער קיין ניגונדל, זיצט נישט ביים געדעקטן טיש צו־לאַנג. אויך פּעסע זיין ווייב טראָגט עפּעס נישט מער אין די וואָכן־טעג איר זיידן קלייד אָן אַרבל, היינט טראָגט זי אַן אַלט וואָלן קלייד מיט לאַנגע אַרבל און די אויערינגען אין די אויערן באַמבלען זיך נישט מער אַזוי פריילעך.

וואָס מער גאָדעל טענצער איז געוואָרן טרויעריקער, איז פנחסל געוואָרן פריילעכער, האָפערדיקער, אין זיינע שוואַרצע אויגן האָט אַ זיגעריש פייערל גע־פלעמלט. זיין יינגלשער מוח האָט באַרעכנט און באַרעכנט, אַז עס וועט אָנגיין נאָך אַ צייט לאַנג, וועט גאָדעל טענצער באַקומען אַזאַ אויסזען, ווי זיין, פנחסלס טאַטע, דער לאַטוטניק האָט. עס וועט דעמאָלט מער נישט זיין קיין גרויסער אונטערשייד צווישן דעם שניידער גאָדעל און דעם שניידער חיים...

פנחסל האָט עס נישט געהאַלטן פאַר אַ גניבה, ווייל ער האָט דאָך פון דעם רינג נישט געהאַט קיין שום הנאה. דאָס שטיקל גאָלד ליגט ערגעצוווּ באַגראָבן און קיינער וועט פון דעם גאָרנישט האָבן. ער האָט אָבער יאָ הנאה געהאַט, פנחסל, פון גאָדעלס צער, פון זיין באַלעבאָס׳ס פּיין און דאָס האָט דעם יינגל נישט געגעבן קיין רו. הייסט עס דאָך יאָ גניבה, אויב ער האָט הנאה פון דעם, וואָס עס איז אַרויסגעקומען, האָט ער דאָך צוגעגנבעט דעם רינג, טאַקע פאַר דעם אייגענעם נוצן, הנאה צו האָבן פון דעם באַלעבאָס׳ס יסורים.

עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז דאָס יינגל האָט נישט געקענט איינזיצן ביי דער אַרבעט. אינעווייניק, טיף אין לייב, האָט אים געגומען פייניקן, מיט יעדן טאָג אַ ביסעלע מער. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן זיין באַלעבאָס אין די אויגן אַריין. ער האָט מורא געקראָגן, אַז מען זאָל זיך נישט דערוויסן, אַז ער האָט דאָס געטון. מען וועט עס אויף אַן אמת אָננעמען פאַר אַ גניבה און דעמאָלט, דעמאָלט

וועט ער, פּנחס, פאַרלירן בײדע וועלטן, די וועלט און יענע וועלט. ער האָט מורא געהאַט אויסצוזאָגן דעם טאַטן, ווייל דער טאַטע וועט אים פאַר אַזאַ מעשה ממיתן אויפן אָרט, אָדער אים פאַרטרייבן פון הויז.

וויפל פּנחס האָט זיך אַליין נישט געזאָלט איינרעדן, אַז ער איז נישט באַגאַנגען קיין גניבה, אַלץ מער האָט עס עפּעס אַזאַ וויסט געשריי אינעווייניק אין זיין דאַרן לייב געשריגן, אַז עס איז יאָ גניבה. ער האָט צוגעגנבעט ביי דעם אייגענעם באַלעבאָס אַ גאָלדענעם רינג. גניבה, גניבה...

איינמאָל אַ פאַרנאַכט איז גאָדעל געשטאַנען אין אַ ווינקל פון איינעם פון זיינע שטיבן און מיט אַ צעבראָכן האַרץ געדאַוונט מנחה. זינט מען האָט אים צוגענומען דעם סיגנעט, איז גאָדעל אויך געוואָרן פרומער.

פּנחסל האָט נישט געקענט צוזען, ווי זיין באַלעבאָס שאָקלט זיך אַזוי שטאַרק ביי מנחה און אַ טיף געבעט גייט אויף פון זיינע לעפצן. עפּעס פייניקן אים יסורים, ווייטיקן. אַ גרויס רחמנות האָט אים איצט אַרומגענומען צו גאָדעל טענצער, אַזוי גוט ווי צו זיין אָרעמען טאַטן, חיים לאַטוטניק. ביידע וועלן זיי אַ ליאַדע טאָג זיין גלייך. אין דעם יינגלס מוח איז די חרטה אַריבער די — עקשנות.

צו מאָרגנס פרי, ווען פּנחסל איז געקומען צו דער אַרבעט, איז ער אַ ציטערדיקער מיט אַ בלייכן פּנים צוגעגאַנגען צו זיין באַלעבאָס און שטיל געזאָגט:

— באַלעבאָס, איך... איך האָב צוגענומען אייער סיגנעט — ביי די ווערטער האָט ער פון די הויזן־קעשענע אַרויסגענומען דעם רינג, אַוועקגעלייגט אים אויפן טיש פאַר גאָדעלס אויגן — איצטער קענט איר מיך אַרויסטרייבן, דערהרגענען אויפן אָרט.

די אויגן פון די געזעלן האָבן געקוקט מיט שטוינונג, כעס, נייגעריקייט דאָ אויף גאָדעלן, דאָ אויף פּנחסן: וואָס וועט דאָ זיין? גאָדעל וועט זיכער צערייסן דעם הויקערדיקן גנב, ווי מען צערייסט אַ הערינג. גאָדעל האָט לאַנג געקוקט אויפן סיגנעט, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. אַ שטורעם מיט געדאַנקען האָט געריסן זיין מוח. ער האָט שטיל געפרעגט:

— פאַרוואָס האָסטו דאָס געטון, פּנחס?

— איך האָב נישט געגנבעט, נישט געגנבעט באַלעבאָס — האָט פּנחסל זיך געצאַפּלט אין דער אייגענער קלעם פון געוויסן און חרטה — איר קענט מיט מיר טון וואָס איר ווילט.

אַ מוראדיקע שטילקייט. מען האָט נישט געהערט דעם אָטעם און דאָס קלאַפּן פון די הערצער.

גאָדעל האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי מען וואָלט אים גאָר געכאַפּט ביי אַ גניבה און איצטער פאַרשט מען אים אויס. ער האָט געשוויגן און זיך

געשלאָגן מיט דער דעה. געקוקט אויפֿן ייִנגל, וואָס איז געשטאַנען אין הוילער ציטערניש, געקוקט אויפֿן ווייב, ביי איר האָבן די באַקן געפלאַמט, אין די אויגן האָט געגליט כעס, נייגעריקייט. גאָדעל האָט געציילט ווערטער צו דעם חלל פֿון שטוב:

— פֿאַרוואָס האָסטו דאָס געטון אַזאַ זאַך? עס איז דאָך גניבה. מען האָט דאָך מיט דיר אין חדר געלערנט נישט צו גנבענען.

פּנחסל האָט געהעשעט אין גאָדעלס ווערטער אַריין:

— איר האָט זיך גרויס געהאַלטן מיט דעם סיגנעט. געוויזן, אַז איר זענט מער מיוחס, אָנגעזעענער ווי מיין טאַטע דער לאַטוטניק איז. איך האָב עס נישט געקענט צוזען. איך האָב געפּלאַצט פֿאַר ווייטיק.

גאָדעלס שאַרבן האָט געהאַלטן ביים פּלאַצן. אין די אויגן — וויסטער טרויער.

— קענסט האַלטן דעם סיגנעט, פּנחס. איך גיב אים דיר אַ מתנה. זיי וויסן, איך בין דער זעלבער מיוחס, וואָס דיין טאַטע חיים איז. איך וויל אָבער נישט זאָלסט ביי מיר אַרבעטן. קיינער קען מיר נישט בייטן איך זאָל דיך האַלטן, אַפֿילו נישט קהל.

די שטילקייט האָט געדריקט מיט אַ מוראדיקער שווערקייט, ווי באַלד, באַלד וועט עפּעס אויפֿרייסן.

פּנחסל הויקער איז ווי אַ געשלאָגענער הונט אַרויס פֿון שטוב. דער גאָלדענער רינג איז אַ פֿאַרשעמטער געלעגן אויפֿן טיש, פֿאַר די אויגן פֿון אַלעמען איז ער געלעגן. אַ שטראַל פֿון דער זון, וואָס איז אַריין דורכן פֿענצטער האָט זיך אין שימער אַ שפּיל געטון מיטן גאָלד.

פּעסע האָט בייז אַרויסגעברומט:

— אַזאַ הויקער...

# קונצנמאַכער

אַ פּאַרטאָגיקע בלויקייט האָט אָנגעפּילט די קליינע שטוב.

הערשקע האָט זיך אַרויסגעקייקלט פון אַ באַרג בעטגעוואַנט. זיין קורצער פליישיק־געפּאַקטער קערפּער איז געבליבן שטיין אויפן דיל אויף באָרוועסע פיס. ער האָט אָנגעהויבן אַרויפוואַרפן אויף זיך דאָס אָנגעטועכץ, אַרויפגעצויגן די שטיוול. זיין פולער קערפּער האָט שווער געאָטעמט.

אין צווייטן בעט איז געלעגן זיין ווייב צירל.

די גרוילעך־בלויע ליכט האָט באַלויכטן איר פּנים, וואָס איז געווען מילך־ווייס, צאַרט און שיין. די האָר, טונקל־ברוינלעכע, זענען געפאַלן איבער איר שטערן, געכוואַליעט זיך אַראָפּ צום ווייסן מאַרמאָר־געשניצטן נאַקן. די ליפּן — פולע, זאַפטיקע — זענען געווען האַלב־געשלאָסן און האָבן אויסגעזען ווי אַ בלוי־טענדיקער שניט. הערשקע איז געשטאַנען לעבן זיין ווייבס בעט אַ פאַרגאַפטער, אַ פאַרכישופטער. שוין דריי יאָר ווי עס איז נאָך דער חתונה, האָט ער זי נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי רייצנדיק, אַזוי שיין ווי איצט. זיינע האָריקע קורצע הענט האָבן זיך אויסגעשטרעקט אָנצורירן דאָס געזיכט, גלעטן עס, אָבער, ער האָט האַסטיק צוריקגעכאַפּט די הענט, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטון. ער האָט זיך איינגעקאָרטשעט, מיט אַ שטיל קול זי גענומען וועקן:

— צירל, עס איז שפּעט!

איר קערפּער האָט זיך אַ וויג־געטון אין דער וואַרעמקייט פון בעט. זי האָט זיך איבערגעדרייט צו דער וואַנט, מיט אַ האַנט־פלאַך אונטערגעשפּאַרט דאָס געזיכט. זי האָט נישט אויפגעמאַכט די אויגן.

— עס האָט זיך געשטעלט אַ שיינער טאָג, צירל! — האָט הערשקע גענומען אַביסל אַ העכערן טאָן. — מיר מוזן דאָך היינט זיין אין אינעוולאָדז. איך שלעפּ נאָר אַרויס מיין „קאַפּעליע”, וועט מען קענען פאָרן, הייב זיך אויף.

דאָס שיינע פרויען־לייב אין בעט האָט זיך נישט אַ ריר־געטון.

— מען קען היינט האָבן אַ גוטן פֿאַרדינסט — האָט ער זיך ווייטער גע־בעטן. — שטיי אויף!

— איך בין מיד. איך וועל היינט בלייבן אין דער היים!

— עס וועט דאָרט זיין דער קרומער נאָסקע, נאָטע שפּרינגער און דער גע־לער שמערקע!

זי האָט זיך אַ ריס געטון אין בעט, אויפגעזעצט זיך. דאָס נאַכטהעמד האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איין זייט אַקסל און אַנטפּלעקט אַ נאַקעט שטיק לייב.

— דער געלער שמערקע! — האָט זי פריילעך אויסגערופן. — פון וואַנעט ווייסטו, אַז ער וועט דאָרט זיין?!

— איך ווייס.

זי האָט שנעל אַראָפּעוואָרפן פון זיך די קאָלדרע. איר קול האָט זיך צע־קלונגען:

— איך וועל זיך אָנטאָן!

הערשקעס פנים איז געוואָרן אָנגעגאָסן מיט אַ פלאַמיקער רויטקייט. די אָדערן אויפן האַלדז זענען אים אָנגעלאָפן צום פּלאַצן.

— איצט גלוסט זיך דיר שוין מיטפאָרן! — האָט ער געריוועט ווי אַן אָקס. — דער געלער ממזר וועט דאָרט זיין! דיין געליבטער! איך ווייס, ער האָט דיך שוין קעלביק געמאַכט. איך וועל אים דעם האַלדז איינבייסן! נאָך היינט וועל איך אים בענדיקן!

— זאָלסט נישט וואַגן אים אָנצורירן — האָבן זיך אירע אויגן צעגליט מיט אַן אומהיימלעכן פייער, — דו בופעלאָקס!

— שלעפּסט זיך מיט אים אַרום — האָט הערשקעס אָנגעגאָסענער קערפּער זיך געריסן צו איר — אַלע ווייסן עס.

— איך וויל אַזוי! איך האָב דיך פיינט! ביסט אַ צעגאָסענער בויך. איך קען דיך נישט פאַרטראָגן.

הערשקע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט אָנגענומען אַ שטילן טאָן:

— צירלשי! — האָט ער זיך ביי איר געבעטן, — איך קען אָן דיר נישט לעבן. איך וועל פאַר דיר אַרבעטן, אוצרות פאַר דיר אָנקלייבן. אַ פּרינצעסין וועסטו ביי מיר זיין!...

זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ קלינגענדיקן, שאַרפן חוזק־געלעכטער.

— דו? אוצרות? שלעפּסט אַרום אַ גאַנצע קאַפּעליע אויף די פּלייצעס און מען וואַרפט דיר צו גראָשנס. אַ שלעפּער ביסטו! איך וויל דיך נישט קענען!

— מיר זענען דאָך מאַן און ווייב! אַ כתובה מיט דיר געשריבן!

זי איז אַראָפּ פון בעט און זיך צעלאַכט גלייך אים אין פנים אַריין. פון איר

האַלב־נאַקעטן קערפּער האָט אויף אים אַ שלאָג געטון מיט זאַפטיקער ווייבלעכ־קייט, מיט אַ שמעקעדיקער וואַרעמקייט, וואָס האָט אים פאַרשיכורט ביז ווילד־קייט. זיינע נאָזלעכער האָבן שווער געאָטעמט, די אויגן זענען אים געוואָרן פאַר־לאָפן. ער האָט זי אַ וואָרף געטון אויפן בעט און מיט פאַרקרעמפּטע פינגער געטומען דריקן איר פנים. די פינגער זיינע האָבן זיך אַריינגעקוועטשט טיפער, שאַרפער אין דער וואַרעמקייט פון פלייש, פון די ליפּן און באַקן. זי האָט אַרויס־געלאָזט אַ געשריי, ווי פון אַ פאַרוווּנדעטער חיה. מיט די ציינער האָט זי אָנגע־כאַפּט איינעם פון זיינע פינגער, איינגעביסן זיך ביז בלוט. מיט פאַרקרעמפּטע ליפּן האָט ער אַוועקגעכאַפּט די האַנט.

ער האָט אָפּגעלאָזט איר לייב...

**
*

דריי קונצנמאַכער זענען זיי געווען.

דעם גראָבן הערשקע האָט מען גערופן: די „קאַפּעליע״. ער איז געגאַנגען אין אַ גרינלעך־שוואַרצן, לאַנגן אויסגעריבענעם ראָק, און אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ האַרט שוואַרץ קאַפּעליושל. זיין קליינער דיקער קערפּער איז געווען באַשלייערט פון קאָפּ ביז די פיס מיט גלאַנציקע אינסטרומענטלעך: גלעקלעך, טאַצן, פייקעלעך, טרובעס, צימבעלעך. אַז ער האָט אַ צי־געטון אַ פוס, ווי אַ פערד, וואָס גיט אַ דריגע פאַר ווילטאַק־וועגן, דעמאָלט האָבן זיך אַלע גלעקלעך, מיט די פייקעלעך, מיט די טרובעס צעקלונגען, צעזונגען און צעשפּילט. יעדע פאָר רגעס האָבן אים איבער זיין קאָפּ ריטמיש אַ זעץ געטון די צוויי מעשענע טאַצן צום טאַקט פון דער מעלאָדיע. די אַלע אינסטרומענטן זענען געווען צונויפ־געשטוקעוועט אין איין שטיק, אין איין אינסטרומענט, געגלאַנצט קעגן דער זון מיט שימערירענדיקע ליכטער. ער האָט אויף זיך געטראָגן אַ גאַנצן „אָרקעסטער״.

דער צווייטער פון דער חברה, דער קרומער נאָסקע, האָט געטראָגן אַ האַרטן רונדן קאַפּעליוש מיט אַ געפּאַסטן שפּענצער אין שוואַרץ־ווייסע פּאַסן. דער דריי־טער, נאָטע שפּרינגער, איז געגאַנגען אין אַ מאָדנעם הילוך, אַ געמיש פון אַ קלאָונישער מאַסקע און קליינשטעטלדיקער ווויליונגערישקייט.

אין פרילינג־טעג, אין די חול־המועדס פון פּסח, זענען זיי געקומען אויף ייִדישע און גוייִשע הויפן מאַכן קונצן. אויף דעם ייִדישן הויף האָט פון די קליינע פענצטער אין די הייזער אַרויסגעקוקט דער יום־טוב, אָדער דער גרויער אינדער־וואָכן, אינאיינעם מיט נייַגעריקע אויגן פון מענער, פרויען און קינדער. ייִדן האָבן זיך אין די חול־המועדס געפילט פריי, אויפגעלעגט. עפּעס איז יום־טוב

און עפּעס איז אינדערוואָכנס, אַרבעטן דאַרף מען נישט — איז דעמאָלט גוט צו זען, ווי אַנדערע מאַכן זיך נאַריש, וויזן שטותים און ווויליונגערישע שטיק. גויִים, ווידער, האָבן סתם ליב צו זען קונצנמאַכעריי...

די קונצנמאַכער האָבן פאַרנומען דעם הויף. אַ קוק געטון אין די פענצטער פון הויז, שנעל אָפּגעשאַצט, וואָס דער הויף קען אַריינברענגען פּרנסה און זיך גענומען צום ספּעקטאַקל:

צוויי קונצנמאַכער האָבן זיך געשטעלט אויף די קעפּ, געגאַנגען אויף די הענט, געמאַכט קאָזשעלקעס אין שווינדלענדיקן דריי, געשפּרונגען איינער איבערן אַנדערן, צונויפגעדרייט די קערפּערס ווי בייגל, אַריינגעפּאַקט זיך אין אַ פּעסל, געשפּרונגען דורך רייפן און געוויזן משונהדיקע שטיק. הערשקע די „קאַפּעליע" איז געשטאַנען אין אַ זייט און געדריגעט מיט די פיס און דער „אָרקעסטער" אויף זיין לייב און אויפן קאָפּ האָט אויסגעזעצט אַלערליי ניגונים און ווילדע געזאַנגעכצער. טיילמאָל איז מיט זיי געווען הערשקעס ווייב, די שיינע צירל. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַזאַ מין טאַץ, אַ „טאַמבורין" מיט גלעקלעך און קאַסטאַניעטן, געקלונגען מיט זיי און געקליבן מטבעות, וואָס דער עולם האָט צוגעוואָרפן די קונצנמאַכער. ווען צירל איז קאָקעטיש אַרומגעגאַנגען קלייבן מטבעות, האָבן די אינסטרומענטן, אויף הערשקעס לייב, געשפּילט מיט רעש און שטורעם — אַזוי אַרום האָט ער געוואָלט אָפּווענדן די בליקן פון די מאַנספּאַרשוינען, וואָס האָבן דאָס ווייב זיינס געפרעסן מיט די אויגן.

הערשקען איז נישט געגאַנגען גוט אין זיין ליבע צו צירלען.

עטלעכע יאָר צייט האָט ער זיך צו איר געשדכנט. זי איז געווען אַ ווילדשטיק, אַ שיינקייט. איינע פון צען קינדער ביי אַן אָרעמען שוסטער. די אָרעמקייט האָט זי געבראַכט צו אויסגעלאַסנקייט. מענער האָבן זי געפרעסן מיט די אויגן. הערשקע האָט פאַרלייגט זיין קאָפּ, אַז ער מוז זי האָבן פאַר אַ ווייב. זי האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט: אַמאָל איז איר נישט געפעלן געוואָרן זיינע קורצע פיס, אַמאָל האָט זי געלאַכט פון זיין גראָבן בויך, דאָ האָבן איר נישט געפעלן זיינע גרויע אויגן — אַלץ אַזעלכע תירוצים וואָס האָבן הערשקען נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. דער יונג האָט אָבער נישט געוואָלט נאָכגעבן. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט: צירל מוז זיין זיינע. ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון דער אָרעמער שטוב, געבראַכט מתנות, געקוקט איר אין די אויגן, געהיט אירע טריט און די בענקשאַפט צו איר האָט אים געפרעסן לעבעדיקערהייט...

אין יענער צייט איז צו אים אַריינגעפאַלן אַ שטיקל ירושה פון זיין פאָטער.

פֿאַר דעם געלט האָט ער זיך אײַנגעקויפֿט דעם „אָרקעסטער״, צוגעבונדן דעם צענדליק אינסטרומענטלעך צום לײַב און מיט עטלעכע קונצנמאַכער אַרויסגעלאָזט זיך איבער פּױלישע שטעטלעך זוכן פּרנסה.

הערשקע איז געוואָרן דער באַלעבאָס פֿון דער חבֿרה קונצנמאַכער. צירלען האָט אָנגעהויבן געפֿעלן ווערן הערשקעס נײַער שטאַנד, פֿאַרנעם און יחוס. זי איז אײַנגעגאַנגען מיט אים חתונה צו האָבן.

ער האָט זי אַרײַנגענומען אין דער חבֿרה קונצנמאַכער און איר איבער־געגעבן דעם אַמט פֿון קלײַבן די מטבעות צווישן דעם עולם, צוקלאַפּן צום טאַקט מיט דער טאַמבורין, די קאַסטאַניעטן, אָדער פֿאַרקויפֿן גורל־צעטעלעך — וואָס האָט אויך געהערט צו דער פּרנסה פֿון די קונצנמאַכער — צו מענטשן וואָס ווילן וויסן פֿון פֿריִער־אויס דעם וועג פֿון זייער מזל, דעם אָנזאָג פֿון זייער גורל. אין די גורל־קוויטלעך איז געווען אַלץ אויסגעשריבן מיט אַ קלאָרער האַנטשריפֿט און מיט אַ נביאישער אויסטײַטשונג אַלץ — וועגן לעבן, רײַכקייט, ליבע, גליק, אומגליק, ליכטיקע צוקונפֿט.

צווישן דער חבֿרה וואַנדערנדיקע קונצנמאַכער איז געווען איינער אַ יונג מיטן נאָמען „דער געלער שמערקע״. אַ ברען פֿון אַ יונג, מיט אַ ברוינלעך־געלער פֿלאַקערדיקער טשופּרינע האָר אויפֿן קאָפּ. אינעם לענגלעכן פּנים — גרויע, שטעכיקע, קלוגע אויגן. ער איז געווען אַ שלאַנקער, אַ קוועקזילבערדיקער. ער האָט אַלעמען געמאַכט פֿריילעך: געשפּרונגען דורך פֿײַערדיקע רייפֿן, געטאַנצט אויף אַ שטריק, געמאַכט מיטן קערפּער אַלערליי אַקראָבאַטישע שטיק. הערשקע האָט אים נישט געקענט אָנקוקן. ער האָט יענעם נישט פֿאַרגונען די שלאַנקייט, די פֿריילעכקייט. שמערקע האָט נישט מורא געהאַט פֿאַרן באַלעבאָס; ער האָט נאָר אויסגעמיטן נישט צוקומען נאָענט צו הערשקעס קורצע אײַזערנע הענט, וואָס אַז זיי דערלאַנגען אַ קלאַפּ קען מען זיך זען מיט דעם עלטער־זיידן אינעם ליכטיקן גן־עדן.

דער געלער יונג האָט ביי זיין באַלעבאָס, הערשקע, צוגענומען זיין שיינע ווייב, צירל. נישט מיטאַמאָל האָט ער עס געטון און נישט פֿאַר אַלעמענס אויגן, נאָר געלאָזן און באַהאַלטנערהייט. אַ שפּיל אַזאַ האָט ער אָנגעהויבן. צירל האָט זיך פֿאַרליבט אין דעם „געלן שמערקע״ און פֿאַר איר מאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ גיהנום און אויך זיין — אונטערגאַנג...

דער „געלער שמערקע״ האָט זיך אָפּגעשיידט פֿון דער חבֿרה קונצנמאַכער. אַליין אײַנגעשטעלט אַ כאַפּטע פֿון קונצנמאַכער און אַרויסגעלאָזט זיך איבער

יידישע און גוייִשע הויפן. געבאַלעבאַטעוועט אָן הערשקעס שותפות און אָן זיין „קאַפּעליע".

***

די פרימאָרגן־ליכט אין דער קליינער שטוב איז געוואָרן קלאָרער. צירל האָט זיך אָנגעטאָן די קליידער, געקעמט די האָר, דערביי געבורטשעט, אַז זי וועט באַלד אַלעמען דערציילן, אַז הערשקע האָט זי געוואָלט דערשטיקן. הערשקע איז אַ געשטאַרטער, אַ באַנומענער געזעסן אויפן ראַנד פון צעוואָרפענעם בעט און אויף איר געקוקט מיט פינצטערע בליקן. זי איז אַרויס פון שטוב. ער האָט מיט די נאָזלעכער איינגעזויגן דעם ריח פון איר לייב, די ווייבלעכע וואַרעמקייט, וואָס האָט זיך נאָך געטראָגן פון איר בעט. ער איז מיט וואַקלדיקע טריט צוגעגאַנגען צום ווינקל ווו עס איז געלעגן זיין „אָרקעסטער", די אַלע מעשענע אינסטרומענטלעך, וואָס זענען איצט געווען שטום, געגלאַנצט מיט דער קעלט פון טרויער און אויסגעלאָשן לעבן. ער האָט דאָס געטון אַ שלעפּ צו זיך, אָפּגעריסן יעדן אינסטרומענטל באַזונדער און עס גענומען ברעכן מיט זיינע שטאַרקע פינגער און טרעטן מיט די פיס. עס האָבן זיך געהערט קרעכצן, אָכצן, אויסגייענדיקע טענער און קלאַנגען פון דעם מעש, פון ניקל. הערשקען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער הערט געוויינען, אַ יאָמערן, אַ קלאָגן. יעדעס אינסטרומענטל קלאָגט אויף זיין גורל, אויף דער בענקשאַפט, אויף דעם פּיין, וואָס ברענט איצטער אין זיינע גדערים, אויף דער שטאַרקער ליבשאַפט צו צירלען, וואָס האָט אים ערשט פאַרלאָזן. ער האָט געבראָכן די גלעקלעך, פייקלעך, טאַצן און פאַרנומען זייער געוויין. עס האָט אים געקרענקט וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט צירלס קאָפּ אַ גאַנצע פון זיינע הענט. דערוועגן האָט ער זי געדאַרפט — האָט אים אין מוח געזעצט ווי מיט האַמערס, — איר שיינעם האַלדז צעקוועטשן, דער געלער ממזר זאָל זי נישט קענען גלעטן... אירע זאַפטיק־וויניקע ליפּן צערייסן, דער געלער יונג זאָל זי מער נישט קענען קושן...

מיט אַ ווילדן האַס האָט ער געטראָטן זיין שטאַנד, דעם „אָרקעסטער"־אינסטרומענט. נאָכדעם האָט ער אַלץ צעבראָכן און צעהאַקט אין שטוב. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ קליינער שפּיגל, אין וועלכן צירל פלעגט שפּיגלען איר פּנים, אָפּשטיין דאָרט שעהן גאַנצע און אָפּקוועלן פון איר שיינקייט. הערשקע האָט מיט דער פויסט אויסגעזעצט דאָס גלאָז. אויך אין דעם געבראַזג האָט ער געהערט דעם געשריי פון זיין בענקשאַפט, פון זיין ווילדער ליבשאַפט צו צירלען.

מיט וואַקלדיקע טריט האָט ער זיך ווידער צוגעשלעפּט צו צירלס בעט. ער

איז אַרויפגעפאַלן אויף דער ווייסקייט פון ליילעך, מיט די פינגער געכאַפּט דאָס קישן, אויף וועלכן צירל איז ערשט געלעגן. ער האָט דערין איינגעגראָבן זיין קאָפּ און זיך צעהעשעט. מיט אַן אָכצן און קרעכצן.

אַ וויסטער געדאַנק האָט זיך אָנגעשפּיצט אין זיין מוח און אים אויפגע־טרייסלט.

מיט אַ פיבערדיקער שנעלקייט פון אַ מענטשן, וואָס שטייט ביים ראַנד פון אַן אָפּגרונט און קען נישט אויסרעכענען די לויערנדיקע רגע וואָס וועט אים פאַרלענדן, האָט הערשקע זיך איינגעקלעמט אינעם ליילעך. ער האָט אינעם קילבלעכן לייוונט געפילט די צאַרטקייט פון זיין ווייבס לייב. די לייוונט האָט איצטער געברענט זיינע הענט. ער איז אַראָפּ פון בעט, אַראָפּגעצויגן דאָס ליילעך, צונויפגעדרייט עס ווי אַ שטריק. זיין פינצטערער בליק האָט געבלאָנדזשעט איבער די ווענט פון דער שטוב. דער בליק זיינער איז געפאַלן איבער אַ פאַרזשאַווערטן האָק אין אַ הילצערנער בעלקע פון סופיט לעבן דער טיר. אויף דעם האָק איז געהאָנגען אַ פאַרשטויבטער פולער טלית־זאַק און עטלעכע צירלס קליידער. מיט איין ריס האָט ער דאָס אַראָפּגעשלעפּט, צוגערוקט אַ שטול, פאַרוואָרפן דאָס ליי־לעך איבערן האָק, אַרומגעדרייט דאָס צעקנייטשטע לייוונט איבערן האַלדז, פעסט, פעסטער, מיט אַ שטויס פון פוס איז דאָס בענקל הינטער אים צוגעפלויגן צו דער צווייטער וואַנט.

**
*

אין מיטן טאָג איז געקומען צירל. זי האָט געוואָלט אָפּנעמען אירע עטלעכע קליידער, דעם קליינעם שפּיגל און אַביסל וועש, וואָס זי האָט צו דער חתונה געבראַכט פון דער אָרעמער היים. געטראַכט האָט זי, אַז זי וועט שוין מער נישט אָנקוקן איר מאַן, וואָס האָט היינט זי געוואָלט אומברענגען, און בלויז אירע שאַרפע ציין האָבן זי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. זי האָט געעפנט די טיר פון דער וווינונג. די שטילקייט פון דער שטוב האָט אויף איר אָנגעוואָרפן אַ שווידער. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט אַראָפּצונעמען די קליידער אירע, וואָס האָבן געדאַרפט הענגען אויף דער בעלקע, און דער שווערער קערפּער פון איר מאַן, די קורצע פיס און דער אָנגעגאָסענער בויך האָבן זיך אַ וויג־געטון פאַר אירע אויגן.

זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי, וואָס האָט זיך אָנגעהערט ווי אַ ריטשען פון אַ חיה. זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן צום דיל אויפצוהייבן אירע קליידער. אין דער זעלבער רגע איז דער טויטער אַראָפּגעפאַלן אויף איר שלאַנקן אויסגעכאָ־

ליעטן לייב. דאָס ליילעך האָט מער נישט געקענט אויסהאַלטן די פליישיקע שווערקייט פון הערשקע „קאַפּעליעס״ קערפּער. צירל האָט זיך קוים אַרויסגע־שלעפּט פון אונטער איר מאַנס שווערן קאַלטן קערפּער, וואָס האָט זי געדריקט מיט אַ גליטשיקן פריר, ווי אַ קאַלב אין דער יאַטקע, וואָס הענגט איבער אַ וואַנט אויף אַ האָק. שוידערנדיק פון שרעק האָט איר אָפּגעטעמפּטער מוח קוים געקענט טראַכטן: שוין צוויי מאָל איז זי היינט געראַטעוועט געוואָרן פון טויט. זי האָט אויפגעהויבן דאָס בינטל קליידער און איז מיט אַ געשריי אַרויס פון שטוב. ביי איינעם פון אירע פיס האָט זיך פאַרטשעפּעט אַ מעשן גלעקל פון הערשקעס „אָרקעסטער״־אינסטרומענטן. זי האָט עס האַסטיק אָפּגעשטויסן מיטן שוך. דער קלונג פון דעם גלעקל ביי אירע פיס האָט זי דערמאָנט אין איר טויטן מאַנס קאַריערע — אין זיין אויפשטייג און פאַרגיין...

# די תליה

דער הויף איז געווען אַ לענגלעכער, אַ זאַמדיקער מיט אַ ציגלנעם הויז אין פראָנט, עטלעכע שטאַלן אינעם הינטערשטן טייל און איז געווען אינגאַנצן אויסגעפּולט מיט יאָסקע שטריקמאַכערס קעניגרייך, מיט זיינע אַרבעטס־מכשי־רים; אַ וואַרשטאַט וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי הויכע סלופּעס אַריינגעשלאָגן אין דער ערד, באַהאָפטן אין מיטן מיט שטאַנגען, רעדלעך, אייזנס און האָט אויסגעזען ווי אַ תליה. ייִדן האָבן טאַקע יאָסקעס וואַרשטאַט, דורך וועלכן ער האָט געפלאָכטן שטריק, גערופן מיט ליבשאַפט: „די תליה“.

יאָסקע איז געווען אַ קרעפּקער ייִד מיט אַ קרומלעכער פּלייצע, מיט אַ גוט־מוטיקן פּנים, וואָס איז געווען אָנגעלאָפן מיטביילן, בערגלעך, קנייטשן פון ווינטן, רעגנס, קעלט און פון דעם פּנים האָבן אַרויסגעקוקט גרויע אויגן פריילעכע, לויפּנ־דיקע אונטער שווערע אָנגעוואָקסענע ברעמען. ער איז געווען אָנגעגורט מיט זעק אויפגעבלאָזענע, אָנגעפּאַקט מיט רויען פלאַקס, אַז מען האָט קוים געקענט אַרויס־זען זיין מיטלוווקסיק געשטאַלט. מיט די אַרומגעגאַרטלטע זעק איז ער אַזוי גע־גאַנגען אינעם הויף הין און צוריק, פון די סלופּעס, וואָס זענען געשטאַנען האַרט ביי די שטאַלן, ביז צום ציגלענעם הויז, וואָס דער פראָנט איז געווען צו דער גאַס און ווידער צוריק, ווידער הינטערווייַלעכץ און ווידער פאָרויס, אַזוי אַ גאַנצן טאָג פון בלויען פרימאָרגן ביז דעם בלוילעכן אָוונט אַריין. ער האָט בלויז מפסיק געווען פון גיין, כדי אַריינצוכאַפּן זיין מאָלצייט אין מיטן טאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטיק ראַזעווע ברויט, אַ ציבעלע, אַ הייפּטל קנאָבל און אַ שעפּ וואַסער. אין אַ יומא־דפּגרא האָט ער זיך אויך פאַרגונען אַ גלעזל בראָנפן. ער האָט דערין אַריינגעשאָטן אַ גאָרזשקעלע שוואַרצן צעריבענעם פעפער און געפילט האָט ער ביים טרינקען, אַז עס שטאַרקן זיך אים די גלידער און עס קומט אים צו אַ שטיק געזונט.

די רעדלעך ביי די שטאַנגען צווישן די סלופּעס האָבן זיך געדרייט מיט אַ מוראַדיקער געשווינדקייט און אַרויסגעפלאָכטן פאַרשיידענע גרויס פון שטריק:

דינע, גראָבע, נאָך גרעבערע, זילבער געלבלעכע, וואָס שלענגלען זיך, קאָרטשען זיך איין, פלאָנטערן זיך אויס, דרייען זיך ווי קופּעס שלאַנגען, ווערן קלענער, גרע־סער, נאָך גרעסער. ביים גיין אַזוי אַהין און צוריק, אַז עס האָט זיך געקענט אויס־דאַכטן, אַז יאָסקע גייט אויס כסדר שמונה־עשרה, האָט ער זיך אונטערגעזונגען אַ ניגונדל סתם אַזוי פאַר היימלעכקייט וועגן, כדי ער זאָל נישט חלילה „פאַר־שטאַרט" ווערן גייענדיק שעה נאָך שעה, טאָג נאָך טאָג, אָדער ער האָט זיך אונטערגעברומט אַ „יום" תהילים. סיי דאָס ניגונדל און סיי דער תהילים האָבן אים אַלעמאָל דערמאָנט, ווו ער האַלט עפּעס אין דער וועלט.

ער האָט געהאַט אַ גרויס הויזגעזינט מפרנס צו זיין און האָט זיך באַנוגנט מיט וויפל דער רבונו־של־עולם האָט אים געגעבן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זיין שווערער מערכה און געבעטן גאָט בלויז אַ קלייניקייט: עס זאָלן נישט זיין צופיל ווינטן און דער פלאַקס זאָל נישט אַוועקפליען פון די זעק, אַזויאַרום וועט ער זיין בכוח צו שפּייזן זיין הויזגעזינט און זיך אַליין, ביד־רחבה.

ווען ער איז שוין געווען אין מיטן די זעכציקער האָט זיך איינמאָל אין אַן אָנהייב זומערטאָג באַוויזן אין הויף אַ ברייטפּלייציקער מאַן, מיט אַ שטרויענעם הוט אויפן קאָפּ, אויף די פיס — רויטע שיך מיט ברייט־געשטעפּטע נעזער, מיט אַ בלויען דינעם ראָק אויפן לייב, וואָס האָט לויטן קוק געדאַרפט זיין לייכט ווי אַ פעדער, און אַ פּאָר ברילן זענען געזעסן פעסט ביי דעם פרעמדן איבער דער נאָז מיט אַ טונקל־ברוינעם געשטעל.

נאָך דעם מאַן איז נאָכגעגאַנגען יונה דראָזשקאָזש, דער וואָס האָט דעם פרעמדן געבראַכט פון דער באַן און נאָכגעטראָגן צוויי גרויסע ברוינע וואַליזקעס, מיט קליינע גילדענע אותיות אינמיטן.

יאָסקע שטריקמאַכער איז גראָד מיט זיינע אָנגעלאָדענע זעק פלאַקס אויפן לייב געגאַנגען הינטערוויילעכץ. דאָס הייסט: צוריק פון די שטאַנגען צום ציגלענעם הויז און געקוקט בלויז אויף דעם שטריק, וואָס האָט זיך געצויגן פון ערגעץ אַ רעדל ביז צום זאַק פלאַקס, געצויגן, געדרייט זיך אין אַ פלינקן געפלעכט פון גאָלדיקן זילבער. דער שטריק האָט זיך געצויגן לענגער, לענגער און יאָסקע האָט זיך אונטערגעזונגען דאָס זמרל, וואָס גדליהו שוחט זינגט „בני היכלא" שבת ביי שלוש־סעודות — אינעם וואָרקער חסידים־„שטיבל" און געטראַכט האָט ער, יאָסקע, ווי ווויל דעם רבונו־של־עולמס וועלט איז. אָט אַ קלייניקייט: וואָס און ווען איז ער דאָס אינגאַנצן יאָסקע שטריקמאַכער? אַ שטויבעלע, אַ פאַרבייגייענ־דיקער שאָטן, אַ חרס־הנשבר, אַ שטיקעלע מענטש, אַ ייִד, וואָס איז געבוירן גע־וואָרן, כדי צו דאַווענען יעדן טאָג, מעביר־סדרה זיין אום שבת, נעמען אַמאָל אַ קאָפּ בראָנפן, זאָגן יעדן טאָג אַ „יום" תהילים, דינען דעם רבונו־של־עולם מיט

זייַנע גלידער, מפרנס זייַן ווייַב און קינדער און מאַכן שטריק פאַר די באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס פון שטאָט, זיי זאָלן האָבן אויף וואָס צו טריקענען די וועש, אַרומבינדן סחורות, מאַכן לייצעס פאַר פערד...

פלוצלינג האָט אין זייַנע אויערן אַ הילך געטון:

— יאָסקע!

ער האָט אַ קוק געטון ווי ווייַט ער איז שוין אָפּגעגאַנגען הינטערווייַלעכץ. דאָס קול, וואָס האָט אים אַ רוף געטון איז עפּעס אויסגעקומען ווייַט און היימיש, נאָענט און עפּעס ווי פון אַן אַנדערער וועלט. האָט ער זיך דערשראָקן, יאָסקע, ווייַל געמיינט האָט ער, אַז שוין: מען איז אים געקומען רופן פון דאָרט „אויבן". דער מלאך־המות — האָט זיך געפּעדערט און קומט נאָך דאָס זייַניקע. איצטער איז אָפּנים די צייַט אויף אים געקומען. ער איז דאָך נישט מער ווי אַ זינדיקער בשר־ודם. דאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צוזאַמען מיט די זעק פלאַקס און געזען עפּעס אַ געשטאַלט, וואָס איז געווען נאָענט, עפּעס פון זייַן משפחה אַרויס און עפּעס ווי פון יענער וועלט. איז אים שוין דער גאַנצער ענין נישט געפעלן. ער האָט געמיינט, אַז שדים, יענע לייט שפּילן זיך דאָ מיט אים און ווילן אים אַריינגענאַרן אין זייער מסיבה אַריין. און דאָ הערט ער ווידער:

— יאָסקע, דו דערקענסט מיך נישט?

איצטער האָט זיך יאָסקע געכאַפּט, אַז דאָס איז דאָך זייַן לייבלעכער ברודער נתן. האָט ער אַ זאָג געטון:

— נתן! וואָס טוסטו דאָ? ביסט דאָך, דאַכט זיך, גאָר אין אַמעריקע, ווי קומסטו דאָ אַהער?

— עס איז אָלרייט — האָט דער פרעמדער געענטפערט — איך בין געקומען אויף קבר־אָבות!

— אין מיטן אַ פּראָסטן מיטוואָך אויף קבר־אָבות — האָט זיך יאָסקע גע־וווּנדערט דאָס גרויסע ווונדער און אויס געוווינהייט וועגן גענומען גיין פּאַרויס צו די שטאַנגען — עס זענען נאָך אַפילו נישט די דרייַ וואָכן, נאָך ווייַט צו שבת „נחמו". וואָס איז דאָס געאייל ביי דיר?

— בייַ אונדז אין אַמעריקע האָט מען נישט ליב אָפּצולייגן אויף שפּעטער — האָט נתן געענטפערט זייַן ברודער און אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס מיט די זעק פלאַקס צוזאַמען — נישטאָ קיין צייַט! און דו ביסט נאָך אַלץ, זע איך, אין די שטריק־ביזנעס. האָסט זיך נאָך גאָרנישט אַרויפגעאַרבעט, „באַדערסט" זיך בייַ דער זעלבער „תליה" ווי מיט יאָרן צוריק. אייַ יאָסקע, יאָסקע, בייַ אונדז שטעלט מען אַוועק אַ מאַשין און זי וואַרפט דיר אַרויס, איך ווייס, אַ מיליאָן שטריק אַ וואָך!

דער הויף איז באַלד פול געוואָרן מיט מענטשן, וואָס האָבן זיך אַריינגעשטופּט פון דער גאַס, נייגעריקע, צופרידענע, נישט פאַרגינערישע. אַלע האָבן געוואָלט אָנקוקן דעם אַמעריקאַנער, יאָסקע בראַנדשלעגערס אַ ברודער.

יאָסקע האָט זיך דערווייל אַרויסגעפּלאָנטערט פון די זעק פלאַקס. אויסגעצשטרעקט צום ברודער אַ האַנט, געגעבן אים „שלום־עליכם" און זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן פון דעם אויסזען פון נתנען.

— זעסט אויס ווי אַ גאַנצער שרה, נתן. ווען דו שטייסט נישט פאַר מיינע אויגן אויף דעם הויף, וואָלט איך דיך נישט געוועזן דערקענט. איך האָב פּשוט מורא צוצוגיין נאָענט צו דיר, אַלץ פינקלט אויף דיר, ווי דו וואָלסט זיך אויסגעפּוצט לכבוד שבת...

— דאָס איז אַמעריקע — האָט נתן געזאָגט אויפן קול און אומגעקוקט זיך אויפן עולם, וואָס איז געשטאַנען אַרום אים מיט אָפענע מיילער — ביי אונדז גייט מען אַזוי אין דערוואָכנס.

— אַ שיין לייט וואָלט איך געוועזן — האָט יאָסקע געלאַכט און געפּרוווט אויסגלייכן זיין איינגעבויגענעם קערפּער — ווען איך זאָל אָנטאָן אין דערוואָכנס אַזעלכע בגדים! דאָרט אין אַמעריקע גייט מען דאָך מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

יאָסקע האָט געקוקט אויפן ברוודער מיט דער הנאה פון זיין אייגענער חכמה. דער ברודער איז נישט נתפּעל געוואָרן.

— מען גייט נישט מיטן קאָפּ אַראָפּ. מען גייט ביי אונדז אַזוי ווי דאָ.

— ווייזט אויס, אַז אומעטום איז איין וועלט, נתן.

— מיין נאָמען איז נישט נתן, נאָר נייטען ברענד.

— ווי זאָגסטו? נייטען ברענד. דהיינו? ווי איז דאָ די חכמה?

— גאָר פּשוט: פון בראַנדשלעגער איז געוואָרן ברענד. דאָס איז אַלץ.

***

נייטען ברענד איז אָפּגעווען אין שטעטל עטלעכע וואָכן צייט. געגאַנגען אויף קבר־אָבות, באַקוקט די נייע שול, מנדר געווען „ח"י שקלים". אַלע האָבן שוין געזען די צוויי רינגען וואָס ער האָט געטראָגן אויף די פינגער, איינער פון ריינעם גאָלד מיט אויסגעקריצטע איניציאַלן און איינער אַ גאָלדענער מיט אַ בלוטיק שיינענדיקן רובין אינמיטן. מענטשן האָבן זיך געוווּנדערט אויף דעם רייכטום, וואָס ער טראָגט אַרום אינדערוואָכנס אַזוי בפרהסיה און נייטען ברענד האָט געהאַט איין ענטפער:

— ביי אונדז טראָגט דאָס יעדער. איך האָב נאָך פון דעם „דזשאָנק״ גענוג, אויך מיר אַ מעשה!

ער האָט געהאַט אויסצוזעצן אַ סך זאַכן, דער אַמעריקאַנער. עס האָט אים נישט געפאָלן אַ וועלט מיט טועכצער, וואָס ער האָט זיך דאָ אָנגעזען. אָט איז די נייע שול נישט גוט געבויט, ווייניק פענצטער, אַ צו נידעריקער דאַך, אָט ציטערן נאָך אַלץ יידן פאַר יעדן קנעפּל, אָט אַרבעט מען דאָ ווי די פערד און מען האָט דאָס ביטערע קדחת, נישטאָ קיין יוניאָן, נישטאָ קיין באָס. אָבער פון אַלעם האָט אים נישט געפעלן אַממיינסטן זיין ברודער יאָסקעס אויסאַרבעטן די שטריק:

— ווי שטייט דאָס אַ מענטש אָפּ פערצן שעה אַ טאָג און פלעכט אָפּ צוויי שטריקלעך? מען קען דאָך אַוועקשטעלן אַ מאַשין אויפן הויף. עלעקטרי איז פאַראַן, וועט מען צוציִען אַ דראָט צו אַ מאַשין און עס וועלן אַרויסגעוואָרפן ווערן גאַנצע בערגער שטריק. וואָס אַ מאַשין קען אַלץ אויפטון! פרעג מיך יאָסקע! ביי אונדז אין לאַנד איז אַלץ — מאַשין. די הענט פון מענטש רעכענען זיך נישט. פאָלג מיך און וועסט ווערן אַ לייט! וועסט אַזוי פיל נישט האָרעווען, די הענט וועלן זיך אַביסל אויסרוען. הענט זענען נישט קיין גרויסע מציאה.

יאָסקע האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם ברודערס רייד, אַז די הענט פון מענטש זענען גאָרנישט. רחמנא־ליצלן, וואָס זענען דאָס פאַר אַ רייד? די הענט פון מענטש — גאָטס געשטאַלט איז ביי אים גאָרנישט, נאָר עפּעס... אַ מאַשין איז ביי אים אַלץ מיט אַנאַנדער, אָבער מן־הסתם ווייסט ער וואָס ער רעדט, ער איז דאָך אַן אַמע־ריקאַנער, די גאַנצע וועלט אויסגעוועזן...

—אַ מאַשין, זאָגסטו נתן — האָט יאָסקע געשטאַמלט — און וואָס אַ שטייגער וועל איך טון? איך מיין וואָס וועט זיין מיט מיר?

— וואָס זאָל זיין מיט דיר? — האָט נייטען געלאַכט — דו וועסט אַכטונג געבן אויף דער מאַשין, נישט שלעפּן מער אויף זיך די פּעק מיט פלאַקס און וועסט ווערן אַ רייכער מאַן.

— איך? אַ רייכער מאַן? — האָט זיך יאָסקע נאָך מער דערשראָקן פאַר דעם צוגעזאָגטן רייכטום ווי פאַר דער מאַשין — ווי קום איך צו רייכטום און וואָס דאַרף איך דאָס? אַז בסך־הכל לאָז איך זיך באַנוגענען מיט דעם וואָס דער רבונו־של־עולם גיט מיר. ער פאַרלאָזט מיך נישט. ער שפּייזט מיך, ווי ער שפּייזט אַ ווערימל אין דער טיפעניש פון דער ערד. זעסטו נתן, עס זאָלן נישט זיין צופיל ווינטן און רעגנס, וואָלט איך שוין געהאַט פּרנסה מיט אַן עודף, נאָר די ווינטן, מילא, עס איז גאָטס זאַך, פאַרטרייבט שדים און רוחות און דער רעגן, מיר בענטשן דאָך גשם, מוז רעגענען. אָבער נישקשה, ברויט און אַ ציבעלע אינדערוואָכנס און אַ שטיקל פיש אויף שבת גיט גאָט, אפילו אין טעג פון ווינטן און רעגנס.

— דו רעדסט ווי אַ שלומיאל — איז שוין נייטען געוואָרן אין כעס און געווישט זיך די ברילן מיט אַ ווייס טיכעלע — איך גיב דיר אַ פּאַרטיקע ביזנעס אין האַנט אַריין און דו גאָר טענהסט, אַז דו דאַרפסט נישט, האָסט געגנוג, רעדסט וועגן ווינטן, שדים, רעגנס. קענסט דאָך מיט אַ מאַשין צושטעלן שטריק פאַר דער גאַנצער שטאָט.

— וואָס דאַרף מען אַזויפיל שטריק? — איז יאָסקע נישט אָפּגעשטאַנען — אַז אַרום און אַרום קען איך פאַרקויפן, דאָס וואָס גייט אַרויס פון מיינע הענט. אַ שטריק האַלט אויס יאָרן, קען אַמאָל אַ מענטש איבערלעבן, און וואָס איז דאָס געיעג?

נייטען האָט מער נישט געוואָלט הערן דעם ברודערס רייד. אָפּגעווען אין שטעטל נאָך אַ פּאָר טעג, אויסגעמאָסטן דעם הויף, נאָכגעקוקט די עלעקטרישע לעמפּלעך אין יאָסקעס וווינונג, געסודעט זיך שעהן גאַנצע מיט וועווקע דעם שמיד פון דער זעלבער גאַס. וועווקע האָט אויסגעהערט מיט אַלע רמ״ח אברים און אויף אַלע רייד מסכים געווען מיט אַ שאָקל פון זיין באַוואָקסענעם קאָפּ.

נאָך שבת נחמו האָט יונה דראָזשקאַזש אים צוריקגעפירט צו דער באַן מיט די זעלבע צוויי וואַליזעס, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט. דער אַמעריקאַנער איז פאַרשוווּנדן פון שטאָט מיט זיין עשירות, רייד און מיט זיינע טענות, אַז עס טויג נישט.

יאָסקע האָט זיך ווידער אָנגעגורט אין די ריזיקע זעק מיט פלאַקס, ווידער געגאַנגען הין און צוריק, געזונגען זיך דאָס ניגונדל פון וואָרקער „שטיבל״, געזאָגט דעם „יום״-תהילים און פאַרגעסן אינעם אַמעריקאַנער ברודער מיט זיין מאַשין, מיט זיינע מאָדנע ברילן און מיט זיינע רינגען אויף די הענט.

***

עס איז געווען אַ שווערער ווינטער. די שטאָט איז וואָכן-לאַנג געלעגן איינגעקאָועט אין אַ זילבער-בלוילעכן שניי און אַ קנאַקעדיקן פראָסט. יאָסקע האָט נישט געקענט פלעכטן קיין שטריק און די „תליה״, די סלופּעס מיט די שטאַנגען, איז געשטאַנען ליידיק.

אין איינעם פון יענע שווערע ווינטער-טעג, האָט זיך אין יאָסקעס שטוב אַריינגעשטעלט עפּעס אַ גוי מיט אַ בלוי היטל און גלאַנציקן דאַשעק און געפרעגט זיך אויף יאָסקע בראַנדשלעגער. ווען יאָסקע האָט אַ צושראָקענער אויסגעשטעלט זיין אָנגעלאָפן פנים מיט די פאַרחידושטע אויגן, האָט דער גוי מיטן בלויען היטל אים געלאָזט וויסן, אַז עס איז אָנגעקומען פאַר אים אַ ריזיקע מאַשין און שטייט אַ פאַרפּאַקטע אין אַ וואַגאָן ביים באַן און וואַרט. פון דער באַן, אַזוי ווי דער פראָסט

וועט נאָר אַביסל נאָכלאָזן, וועט מען די מאַשין מיט לאַסט־וועגענער, פערד און וואָלסן ברענגען צו אים, יאָסקען, אין הויף אַריין. פאַר אַלץ איז שוין באַצאָלט פון פריִער אויס.

יאָסקע האָט מכבד געווען דעם שליח מיט אַ גלעזל בראָנפן. אַליין האָט ער באַקומען אַ גרימעניש אין די געדערים. פון זײַן פּנים איז אָפּגעלאָפן דאָס בלוט. ער האָט זיך שוין באַצייטנס געשראָקן פאַר דעם טאַרעראַם, וואָס מען גייט אָנמאַכן אַרום אים, פאַר מענטשנס גרויסע אויגן, אַן עין־הרע, און פאַרן רבונו־של־עולם האָט ער זיך געשראָקן: אפשר שטעלט מען אים טאַקע, יאָסקען, פאַר אַ נסיון? אַ מאַשין... נתן האָט געזאָגט: רייכטום, געלט...

דער פּראָסט האָט נאָכגעלאָזט.

די מאַשין איז אָנגעקומען אין יאָסקעס הויף אַריין. מען האָט גערופן וועווקע קאָוואַל און שטאָט איז זיך צונויפגעלאָפן אויף די בייזע וווּנדער.

וועווקע קאָוואַל, וואָס איז בטבע געווען אַ שווייגער, האָט אָנגעגורט די כלים. ער מיט זײַנע זין האָבן גענומען מייסטרעווען אַרום דער מאַשין. קודם־כל האָבן זיי אָוועקגענומען די סלופּעס מיט די שטאַנגען. אויס „תליה". נאָכדעם האָט מען גע־קלאַפּט, געזעגט, געשרויפט. וועווקע האָט געקוקט אין אַ פּאַפּיר, וואָס איז אָנגעקומען צוזאַמען מיט דער מאַשין. אַן אַ שיער רעדעלעך, שטרייכעלער, קעסטעלעך זענען געווען אויף דעם פּאַפּיר אויפגעמאַלעוועט אין אַלע קאָלירן און אויך ווערטער, ווערטער אָן אויפהער, אַ גאַנצער ים מיט באַשרייבעכצן. וועווקע האָט געקוקט, די זין האָבן געקוקט אינעם פּאַפּיר, יאָסקע האָט געקוקט, שטאָט האָט געקוקט און נישט געקענט אַרויס פון דעם ים. אַזוי אַ טאָג און נאָך אַ טאָג האָט מען געקוקט אין פּאַפּיר, ווי אַזוי אויפצושטעלן דאָס „כלי", ביז וועווקע אַליין איז אַרויס פון די כלים, אַ כאַפּ געטון דאָס פּאַפּיר, צעריסן אויף פּיק־פּיצלעך און אַ געשריי געטון:

— אַ וויסטע כאָלערע זאָל עס נעמען! נאַדיר גאָר אַ פּאַפּיר און גיי ווייס, וואָס זיי ווילן דאָרט!

ער האָט געכאַפּט אַ האַמער, אַ שרויפנציִער, אַ צוואַנג, אַ האַק און מיט מזל אויפגעשטעלט די מאַשין. צוגעטשעפּעט אַן עלעקטרישן דראָט און — וווּנדער זענען געשען:

יאָסקע האָט מיט ציטערדיקע הענט אַרײַנגעלייגט אַ פּאַק מיט פלאַקס אין אַן אויסהויל, ווו וועווקע האָט אים אָנגעוויזן, עפּעס אַ דרוק געטון דאָרט ביי אַ גלאַנציקן קנעפּל און עס האָט זיך געהערט אַ גערויש, אַ רייסערײַ, אַ צופּערײַ, אַ פליקעניש אינעם פלאַקס, ווי מיליאָנען ווערים און חיהלעך וואָלטן באַפאַלן דעם פלאַקס און צעריסן די דינינקע פּעדימלעך מיט די שאַרפע ציינדלעך זייערע. און טאַקע באַלד, האָבן זיך אויף דער אַנדערער זייט, פון אַ שמאָלן אויסגאַנג, גענומען אַרויסגליטשן

שטריק אַזעלכע שיינע, גראַציעז־געפלאָכטענע, גאָלדיק־זילבערנע. עס האָט זיך גע־צויגן אָן אויפהער און געפאַלן אין אַ מעטאַלענעם קאַרב אַריין, געפאַלן ווי אַ שלאַנג און זיך געדרייט געקורטשעט, געדרייט אָן אויפהער.

ווידער האָט וועווקע עפּעס אַ מאַך געטון ביי אַ קנעפּל און עס האָט זיך אָפּגע־שטעלט.

— אָט איז די מאַשין — האָט וועווקע געזאָגט — איצט ביסטו אַ באַלעבאָס פון אַ מאַשין!

יאָסקע האָט אַריינגעלייגט אין דעם אָפענעם מויל נאָך אַ פּאַק פלאַקס. אין עטלעכע מינוטן זענען אַרויסגעקומען שטריק און שטריק. יאָסקע האָט באַרעכנט, אַז דאָס וואָס איז דאָ פאַרטיק געוואָרן פאַר זיינע אויגן אין אַ האַלבער שעה צייט, דאַרף ער אויסאַרבעטן אין אַ גאַנצע וואָך, אָדער גאָר מער. היינט, אַז עס איז יאָ אַזוי, איז ער דאָך גערעכט געווען דער ברודער! אַ מאַשין דאַרף נישט זיינע הענט, נישט זיין גיין הין און צוריק און אויך נישט אינגאַנצן דעם מענטש, יאָסקע שטריק־מאַכער. ער איז דאָ איבעריק אינגאַנצן.

היינט ווו וועט ער נעמען אַזויפיל פלאַקס? אַ וועלט מיט פלאַקס קען דאָך די אייזערנע חיה אויפפרעסן און אַ וועלט מיט שטריק קען דאָך די חיה אָנפלאָדיען אַזויפיל, אַז עס זאָל זיין גענוג אַרומצובינדן די גאַנצע וועלט שפּאַנען אַלע פערד פון דער וועלט, און עס וועט נאָך בלייבן אָן עודף...

די ערשטע טעג האָט מען ביי יאָסקען געריסן פון די הענט די שטריק. באַלעבאַטישע ייִדן, סוחרים, בעלי־עגלות, פּויערים זענען געקומען קויפן; אפילו קיווע קאַטערינשטשיק האָט געקויפט אַ נייעם שטריק.

יאָסקע האָט געציילט דעם פּדיון און ווידער באַרעכנט, אַז עס זאָל אַזוי גיין ווי אין די טעג, וועט ער טאַקע ווערן אַ נגיד, ווי דער ברודער האָט פאַרויסגעזאָגט. שטייט ער דאָך טאַקע פאַר אַ נסיון. מען פּרוווט אים אויס פון אויבן און ווער ווייסט אויב עס איז נישט עפּעס אַ שפּיצל פון יענע לייט?..

נאָכדעם האָט זיך דאָס לייזונג אָפּגעשטעלט. מען האָט מער נישט געדאַרפט קיין שטריק און עולם האָט זיך אַרומגעזען, אַז די שטריק זענען גאָרנישט בעסער, ווי די וואָס יאָסקע האָט אויסגעאַרבעט מיט די אייגענע הענט. היינט וואָס איז דאָס געלויף? און ווו שטעקט דאָ די חכמה?..

יאָסקע האָט פאַר דעם פּדיון, וואָס ער האָט איינגענומען, איינגעקויפט זיך אַ פולן הויף מיט פלאַקס און געוואָרפן דער מאַשין אין פּיסק אַריין, וויפל זי האָט נאָר פאַרלאַנגט, און פאַרלאַנגט האָט זי צו פרעסן אָן אַ שיעור און אָן אַ ערך. ער אַליין האָט גאָרנישט געדאַרפט טאָן, בלויז קוועטשן מיטן קנעפּל און די „חיה" האָט שוין געטאָן דאָס איריקע.

איינציקווייז האָט ער אָנגעהויבן פילן אַ שנאה צו דער מאַשין צו דער „חיה“. אַ מידקייט האָט זיך אים צעלייגט איבערן לייב. זיין גאַנץ לעבן, וואָס ער איז געגאַנגען הין און צוריק מיט די זעק פלאַקס אויפן לייב איז ער נישט געווען מיד, קוים איז ער עפּעס נישט געווען מיט אַלעמען — האָט ער גענומען אַ טרונק בראָנפן און אָראָפּגעשווענקט אַלץ מיטאַנאַנדער און דאָ, שוין אין די ערשטע צוויי, דריי וואָכן, וואָס די מאַשין איז אין הויף, איז ער שוין מיד, די הענט ברעכן, די גלידער שטעכן און עפּעס פעלט אים, עפּעס קען ער זיך נישט קיין עצה געבן מיטן אייגענעם לייב און לעבן. צופיל צייט גייט ער ליידיק, די הענט זיינע ווערן אויסגעאיידלט.

די גרעסטע צרה איז געווען, וואָס אויפן הויף האָבן זיך אָנגעזאַמלט בערג מיט שטריק און עס זענען נישט געווען קיין קונים.

איז יאָסקע אַריינגעפאַלן אין יאוש, מער נישט געזונגען דעם „וואָרקער“ ניגון און אפילו אויפגעהערט זאָגן דעם „יום“ תהלים. ער איז געוואָרן אין כעס אויפן ברודער, אויף אַמעריקע, אויף וועלוול קאָוואַל מיט זיינע האַמערס און צוואַנגען, אויף זיך אַליין און געהאַט תרעומות, פאַרוואָס מען פּרוווט אים אויס:

— היתכן? — האָט ער זיך אויסגעטענהט מיטן רבונו־של־עולם — מיין גאַנץ לעבן דין איך דיך מיט מיינע רמ״ח אברים. יאָ געהאַט אַ שטיקל ברויט, נישט געהאַט אַ שטיקל ברויט צו דער זעט, מילא, אַזוי איז געווען דיין רצון. היינט וואָס האָסטו אויף מיר, דיין אָרעמען קנעכט, אָנגעשיקט אַן אַנשיקעניש — אַ מאַשין, אַ חיה־רעה, וואָס וועט מיך אומברענגען מיט מיין הוזגעזינד, ווי אַ שטורעם־ווינט וועט מיך די חיה פאַרטראָגן פון מיין הויז און מיך פאַרצוקן. אַ שטאָט מיט שטריק, אַ ים מיט שטריק וועט זיך אָנזאַמלען אויפן הויף און וועלן פוילן, פאַרפוילן אַלץ מיטאַנאַנדער אַן אַ גרענעץ.

יאָסקע האָט אויף זיינע טענות און געבעט נישט באַקומען קיין ענטפער. די מאַשין איז געשטאַנען און געזשאַווערט. די שטריק האָבן געפוילט און קיין קונים זענען נישט געווען.

און איין מאָל אַ טאָג האָט זיך גאָר קיווע קאַטאַרינאַרזש אויפגעהאָנגען ביי זיך אין שטוב אויף אַ האָק פון באַלקן. און געהאָנגען האָט ער אויף דער נייער שטריק, וואָס ער האָט געקויפט ביי יאָסקען, די שטריק פון דער מאַשין אַרויס.

דאָ האָט שוין יאָסקע טאַקע געזען באַשיימפערלעך, אַז מען מיינט דאָס אים. און ראש־השנה איז טאַקע אויף קיווען נגזר געוואָרן „מי בחניקה“ האָט מען געמיינט ער, קיווע, זאָל זיך הענגען אויף די שטריק פון דער מאַשין. ווייל זיין גאַנץ לעבן ווי יאָסקע פלעגט שטריק האָט זיך נאָך קיין איין מענטש אויף זיי נישט געהאָנגען און דאָ האָט קיווע געדאַרפט אויספירן דעם גזר פון „נתנה תוקף“ מיט אַ שטריק פון דער מאַשין. איז דאָך גאָרנישט גלאַטיק וואָס האָט גורם געווען צו קיוועס טויט?

אַ שטריק? ניין. נאָר דער גורם און דער אויספירער פון קיוועס טויט איז פּאָרט די שטריק פון דער מאַשין, צו וועלכער דער אַמעריקאַנער האָט צוגערעדט.

איז יאָסקע שטריקמאַכער אַריין צו וועוועקן אין דער קוזשניע, געבאָרגט אַ שווערן האַמער, געלאָזט זיך אַהיים און גענומען צעהאַקן די מאַשין, וויפל זיינע כוחות האָבן אים געלאָזט האָט ער געהאַקט. דערביי האָט ער געררעוועט און געשריגן אויף אַלע קולות:

— דו ווילסט מיך פאַרלענדן, מיך אומברענגען? דו וויסטע חיה, וואָס רויבסט צו די הענט ביי אַ מענטשן! אין דער ערד אַריין מיטן קאָפּ! זאָל קיין זכר נישט בלייבן פון דיר. איך דאַרף נישט קיין מאַשין! מיינע הענט זענען געזונטע און שטאַרקע. גאָט וועט מיך נישט פאַרלאָזן אָן אַ מאַשין אויך. איך דאַרף נישט קיין חיה אין מיין הויף; זאָל מיך ברודער נתן האָבן מאַשינען וויפל זיין האַרץ גלוסט. איך דאַרף נישט קיין מאַשינען פאַר די שטריק; מיינע הענט זענען נאָך גענוג שטאַרק!

יאָסקע האָט צוריק אויפגעשטעלט זיינע שטאַנגען מיט די רעדלעך, מיט די אייזנס, אויפגעשטעלט צוריק די „תליה", ווי ייִדן האָבן עס גערופן אין שטאָט און גענומען פאַמעלעכקע ווידער פלעכטן שטריק. ווייטער געגאַנגען מיט זיינע פּעק פלאַקס אָנגעגורט אַרום קערפּער און געוועזן גליקלך, וואָס ער קען פאַרדינען זיין אָרעם אויסקומעניש פון טאָג, פאַר זיך און פאַר זיין משפחה. ער האָט ווייטער זיך צופרידנגעשטעלט מיט זיין אָרעמקייט. ער האָט נאָר געבעטן ביי גאָט, אַז עס זאָלן נישט זיין צופיל ווינטן, רעגנס, ער זאָל קענען גיין הין און צוריק און דער פלאַקס זאָל נישט אוועקפליִען מיטן ווינט...

# דאָס אַלטע הויז

שפּעט אויף טאָג. דאָס אַלטע ציגלנע הויז אין די אַכציקסטע גאַסן פֿון דער מערב־זייט פֿון ניו־יאָרק שטייט אין שאָטן און שטילקייט. טייל איינוווינער פֿון די מעבלירטע צימערלעך זענען ביי זייער אַרבעט ערגעץ צעוואָרפֿן איבער דער שטאָט, טייל זענען אין די קליינע צימערן באַשעפֿטיקט מיט שטוב־זאַכן, מיט דער טאָג־טעגלעכער זאָרג, מיט שפּינען חלומות און וואַרטן, אַז עפּעס אַן אומגעריכט גליק זאָל פֿון ערגעץ אַריינפּלאַטערן. אַ פֿרויען־האַנט עפֿנט אַ פֿענצטער און באַגיסט אַ פֿלאַנץ, וואָס וואַקסט שלאַנק און צאַרט אין אַ קעסטעלע זאַמד און ציטערט פֿון ווינט. אַ צווייטער איינוווינער פֿון איינעם פֿון די מעבלירטע צימערן, מיסטער באַרקאַן, שניצט פֿון האָלץ קליינע פֿיגורקעס, קנעט פֿון ליים קליינינקע חיהלעך און רעדט צו זיי רייד פֿון ליבשאַפֿט, פֿון גליק, לעבן און טויט. אַ דריטער איינווינער פּרוּווט אויס זיין טשעלאָ. די קלאַנגען — שטילע ווי געוויינען און קרעכצן פֿאַלן אינעם צימער, ווי דאָס געבעט פֿון אַ דערשלאָגענעם מענטשן.

די אַקטריסע רענעטאַ קרעל שטייט ביים אַלטן וואַנטשפּיגל. איר געשטאַלט איז צונויפֿגעגאָסן מיטן גלאָז. זי זעט זיך אינעם שפּיגל אַלס אַ קעניגין און אַלס אַ בעטלערין, אָט איז זי אַ דאַמע מיט אַ שטאָלצן אַריסטאָקראַטישן פּאַרנעם, און אָט איז זי אַ געפֿאַלענע פֿרוי. אָט איז זי פֿאַרליבט און דער טרויער פֿון איר ליבשאַפֿט און בענקעניש צערייסט איר דאָס האַרץ, און אָט שפּינט זי אַ געוועב פֿון פֿאַרראַטן און נישט־פֿאַרגינערישקייט. די געטורעמטע פֿריזור פֿון בלוילעך־זילבער האָר גיט צו איר אויסזען חשיבֿות, נאָר די הויט פֿון איר פּנים איז קנייטשנדיק, זעט אויס ווי אַ וויאַנענדיקע בלום, די אויגן זענען מידע. די גלאָריע פֿון איר „אַמאָל“ לעשט זיך אינעם שפּיגל און פֿלאַקערט אויף. זי זעט דעם אַמאָליקן רום און די עלטער.

זי רעציטירט אָפּגעריסענע פֿראַזן פֿון טעאַטער־ווערק, שורות אַרויסגעריסענע פֿון פּאָעמעס און דראַמעס. די ראָלן פֿון אַמאָל קומען צוריק אינעם שפּיגל

און אינעם לשון. די ווערטער זיינען ציטערדיקע און די שיינע פּראַזן זיינען פּאַטעטיש און גרוי.

רענעטאַ קרעל וווינט שוין אין דעם הויז עטלעכע יאָר. ווען זי האָט זיך אַריינגעצויגן האָט זי מיטגעבראַכט עטלעכע וואַליזעס פון רייכן אויסזען, פיל קליידער, פיל קליינע צאַצקעס, פיגורקעס, מיניאַטורן, אויך אַ קליין הינטל און אַן אַלבום, אין וועלכן עס זענען געווען אַריינגעקלעפּט שטיקלעך פון צייטונגען און זשורנאַלן, וווּ עס האָט זיך דערציילט די גרויסקייט און דער טאַלאַנט פון דער אַקטריסע רענעטאַ קרעל. דאָס זענען געווען לויבגעזאַנגען פון אירע בלי־יאָרן. זי האָט דעם אַלבום אַוועקגעלייגט אויפן טישעלע ביים שפּיגל, זי זאָל אים שטענדיק האָבן פאַר די אויגן, אַזוי אַרום וועט זי נישט אַרויס פון איר שיינער כישופדיקער וועלט.

באַלד אין די ערשטע טעג האָט זיך אינעם האָל פון הויז צעטראָגן איר פאַרעלטערטער קול: דאָ אַ דראַמאַטישער אויסגעשריי פון אַ העלדין אין אַ פּיעסע, וואָס זי האָט געשפּילט, דאָ אַ פּאַטעטישער אויסרוף פון אַ פאַרליבטער פּרימאַדאָנע. אין הויז האָט מען זיך דערוווּסט ווער עס איז רענעטאַ קרעל. זי האָט גערעדט מיט אַ הויכן סטיל, מיט פּאָזע, טעאַטראַליש. זי האָט גערן דערציילט פון אירע דער־פאָלגן און פון דעם, וואָס עס דערוואַרט איר ערשט: אָט אין איין שיינעם טאָג, וועט זי ווידער אַנגאַזשירט ווערן אין אַ נייער ראָלע, וואָס איז ספּעציעל פאַר איר...

וואָכן, חדשים און יאָרן האָט זי געוואַרט אויף דער ראָלע. זי האָט איינציקווייז אויספאַרקויפט אירע קליידער, די צאַצקעס, פיגורקעס, מיניאַטורן, אַפילו די פיינע לעדערנע וואַליזעס האָט זי פאַרקויפט. זי איז געבליבן מיטן אַלבום, מיט דעם געצאַצקעטן שפּיגל, אין וועלכן עס זענען אַריינגעפאַלן געלע פלעקן. זי איז געבליבן מיטן הינטל און מיט דעם חלום, אַז אָט אין איין שיינעם טאָג וועלן אַלע איינוווינער פון הויז און די וועלט זען איר אויפגייענדיקן רום.

האַרט לעבן איר צימער וווינען, אין אַ מעבלירט וווינונגל, צוויי יונגע מיידלעך. איינע איז אַ מאָדעלקע, די צווייטע אַ פאַרקויפערין אין אַ גרויסן דעפּאַר־טאַמענט־סטאָר אין ניו־יאָרק. ביידע זענען שיינע, רייצנדיקע, זיי לאַכן הויך, דרייען זיך אַרום איבערן האָל פון הויז אין פּידזשאַמעס, האַלטן אין איין רעדן אינעם הויז־טעלעפאָן. דאָ רופט מען זיי און דאָ רופן זיי וועמען. זייערע שטימען קלינגען אינעם טעלעפאָן אַריין ווי זילבערנע גלעקלעך, זייער געלעכטער רייסט אויף די שטילקייט פון הויז; דער פּאַרפיום און שמעקעדיקע וואַסערן פון זייערע לייבער און פון די קליידער בלייבט אינעם האָל פון הויז אַ שטיק נאָך דעם, ווי זייערע קלינגענדיקע שטימעס זענען פאַרשטילט געוואָרן אינעם טעלעפאָן.

פון דער אַקטריסעס צימער טראָגט זיך עפּעס יום־טובדיקס. עס איז אַ פאַרביק

שפּילעווודיקער טאָן, וואָס שלאָגט אָן אין דער גרויקייט פון איינזאַמע מענטשן אין אַן אַלט הויז פון מעבלירטע צימערן.

נאָך דעם ווי די צוויי מיידלעך פאַרלאָזן יעדן פרימאָרגן זייער וווינונג און גייען צו דער אַרבעט, עפנט זיך די טיר פון דער אַקטריסעס צימער און אַ קליין ברוינלעך הינטל שפּרינגט אַריבער די שוועל, צעשאָקלט די פעל פון קערפּערל, צעשויבערט זיך מיט פריידיקער הנאה. עס רייסט זיך אויפן קייטעלע און שלעפּט מיט די שוואַכינקע כוחות אַרויס פון צימער די אַקטריסע רענעטאַ קרעל. זי איז אַ הויכע, מיט אַ פולן קערפּער, וואָס קען נישט מיט איר לייביקער שווערקייט אָניאָגן די צאַפּלדיקע ברויזעניש פון דעם הינטל. זי פרווט דעריבער מיט גוטן איינגעמען דעם קליינעם טייוול:

— סקיפּי, קליינער נאַר, וואָס ברענסטו אַזוי, וואָס איילסטו זיך? ווערסט גאָרנישט פאַרשפּעטיקן אין דרויסן — און, לאַכנדיק, גיט זי צו — ביסט פאַרליבט, סקיפּי, דו קליינער נאַר, ביסט פאַרליבט...

זי זוכט מיט די אויגן, אפשר וועט זי באַגעגענען ווער אין הויז, צו וועמען אַרויסצורידן אַ וואָרט, שליסן באַקאַנטשאַפט. מיסטער באַרקאַן שטעקט אַרויס זיין קאָפּ פון דער טיר. ער איז ערשט די מינוט אַרויס פון אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט פול מיט חלום און שיינקייט. ער האָט אויסגעפּערטיקט פון ליים אַ חיהלע, געאַרבעט איבער דעם עטלעכע טעג און אָט באַגעגנט ער זיך איצטער מיט דער אַלטער אַקטריסע. געמיינט האָט ער, אַז דאָס איז איינע פון די צוויי שיינע מיידלעך, וואָס זייערע שטימען הילכן מיט אַזוי פיל פרייד, רייסן זיך אַפילו אַריין אין זיין איינזאַמקייט און פילן אים אָן מיט פרייד און שיכרות. די אַקטריסע האָט שוין באַמערקט דעם פיין פאַרמירטן קאָפּ פון דעם עלטערן מאַן, וואָס מען רופט אין הויז מיסטער באַרקאַן. זי ציט דאָס הינטל צו זיך און רעדט מיט דעם אָנגעצעמסטן שמייכל און מיט דער פּאָזע פון אַ פאַרליבטער שיינער דאַמע אויף דער בינע, וואָס פאַרכישופט די צושויער:

— העלאָו, מיסטער באַרקאַן, אַ פיינער טאָג היינט! דער הונט לאָזט נישט איינרוען, וויל נאָר אַרויס אין דרויסן. ער איז שוין קלוגער פון מיר. אָט אַ פּיר־פּיסיק באַשעפעניש׳ל און זוכט זיך זיין וועלט. איך האָב אייך שוין לאַנג נישט געזען, מיסטער באַרקאַן! איר זענט אַזוי פאַרנומען מיט אייערע סקולפּטור־אַרבעטן, אַז איר זעט אַפילו נישט אַ שכנה, אַ פריינט, אַ נאָענטן פריינט.

דער איינזאַמער מאַן רוקט זיך אַביסל פון דעם אינטימען שטראָם רייד פון דער אַקטריסע, אויף וועמענס געזיכט עס ליגן נאָך היינט סימנים פון אַמאָליקער שיינקייט און רייץ. ער ווייסט, אַז זי זוכט אַלע געלעגנהייטן אַריינצורייסן זיך אין זיין אינטימקייט, נאָר ער לאָזט עפּעס נישט צו. אפשר איז עס טאַקע אַ נאַרישקייט

פון זיין זייט. זי איז דאָך פּאַרט אַ פרוי מיט עלעגאַנץ און ווייבלעכקייט. אויך איבער אים זענען שוין אַריבער זעקס צענדליק יאָרן. אַמאָל האָט ער אין דער גרויסער וועלט געשטורעמט פרויען־הערצער, געהאַט אַ נאָמען, געשמידט זיך אַ קאַריערע. היינט איז ער אַן איינזאַמער פּליכטלינג אין ניו־יאָרק. ער איז ווייטער נישט דערגאַנגען ווי צו אַ קליין מעבלירט צימערל אין אַן אַלטן ציגלנעם הויז, קנעט און שניצט פיגורלעך און חיהלעך, וואָס מען פאַרקויפט ערגעץ צו ביליקע פרייזן, אָבער זיין האַרץ און דאָס געמיט איז יונג. די רענעטאַ קרעל דערמאָנט אים צופיל אין זיין אייגענער לאַגע, אין טרויער, איינזאַמקייט און זעלבסטנאַרעריי. פונקט אַזוי ווי זי גלייבט, אַז אין איין שיינעם טאָג וועט אַ וווּנדערלעכער שטראַל פאַר איר אַ שיין טון, און זי וועט אַרויס פון איר עלנט, אַזוי רעדט ער זיך אויך איין, אַז אָט מאָרגן וועט ער אַרויס פון דעם שטאַנד און זיך אַ הייב טון מיילן הויך...

ווען איינע פון די יונגע מיידלעך פון הויז פרעגט אים פאַרוואָס ער באַהאַלט זיך אַזוי, וואָלט ער זיך שוין עלעגאַנט פאַרנויגט מיט אַן ענטפער און אַ פרייד וואָלט אים שוין געגלעט, געגעבן אַ פרישן שטראָם כוחות. אָבער זי, רענעטאַ קרעל, וואָס קען זי אים געבן מער ווי — טרויער? ער ענטפערט דעריבער איצ־טער דער אַקטריסע מיט אַ געמאַכטער העפלעכקייט:

— איר זענט זייער לעבנסווירדיק, מיסעס קרעל... איר פאַרשטייט דאָך אָבער, פאַרנומען, פאַריאָגט, דעריבער זעט מען זיך ווייניק.

רענעטאַ קרעל שטייט שוין איצטער ביי דער טיר צום אַרויסגאַנג. דאָס הינטל האָט שוין איר האַלבן קערפּער אַרויסגעשלעפּט צום דרויסן, זי האָט אַפילו נישט קיין מעגלעכקייט צו כאַפּן אַ בליק אינעם לאַנגן הויזשפּיגל, וואָס איז פון צייט און אַלטקייט געוואָרן אָפּגעבליאַקעוועט. דאָס קליינע קערפּערל פונעם הינטל צאַפּלט זיך מיט תאווהדיקן באַגער אַנטקעגן אַן אַנדער הינטל פונעם שכנותדיקן הויז, די דינע קולכלעך פוןביידע הינט שפּאַלטן די לופט. זי לאָזט נאָך פאַלן אַ פּאָר ווערטער צו דעם מיסטער באַרקאַן, וועמענס געשטאַלט שטייט האַלב אין דער טיר פון זיין צימער:

— נעמט פאַר מיר דעם טעלעפאָן. איך בעט אייך! איך דערוואַרט זייער וויכטיקע נייעס. מען וועט מיר זיכער היינט טעלעפאָנירן.

— גוטע נייעס? — פרעגט מיסטער באַרקאַן אויס העפלעכקייט און אויך אויס נייגעריקייט. — איר קענט זיין זיכער, מיסעס קרעל, איך וועל פאַרצייכענען אַלץ און אייך איבערגעבן. זאָרגט זיך נישט.

— אַ דאַנק.

זי איז שוין אינדרויסן. דער איינזאַמער מאַן מיטן נאָמען באַרקאַן בלייבט שטיין אַ פאַרגאַפטער. די נייגעריקייט פרעסט אים, אַזוי גוט ווי אַלע איינוווינער

פון הויז זענען נייגעריק און ווילן וויסן אויף וואָס זי וואַרט. אַלעמען אין הויז בעט זי נעמען פאַר איר דעם אָנזאָג פון טעלעפאָן, נעמען פאַר איר די בריוו, אַ טעלעגראַמע, אַ מעסעדזשער... אָבער קיינער רופט נישט רענעטאַ קרעל אין טעלעפאָן. שוין יאָרן ווי זי ווױנט דאָ און זעלטן האָט והער זי גערופן, קיינער שרייבט איר נישט קיין בריוו, ווי זי וואָלט אינגאַנצן נישט עקזיסטירט. קיינער פרעגט נישט אויף איר.

עס זענען פאַראַן טעג, ווען די מיידלעך זענען נישטאָ אין הויז. זייערע גע־לעכטערס קלינגען נישט און די ריחות פון די פערפיומען באַרוישן נישט מיט אָנזאָג און גענוס, אָבער דער הויז־טעלעפאָן, וואָס איז האַרט ביים מיסטער באַרקאַנס טיר, קלינגט און קלינגט.

די אַקטריסע לויפט אַרויס האַסטיק פון איר צימער, די אויגן גליִען ביי איר מיט שרעק און נייגעריקייט. דאָס הינטל לויפט איר נאָך. זי כאַפּט דאָס טע־לעפאָן־טרייבל און איר שטימע ציטערט:

— העלאָו, דאָס רעדט רענעטאַ קרעל!

אויף איר געזיכט שפּילן די קאָלירן פון רויט, בלייך, ווייס. אויף יענער זייט פון טעלעפאָן רופט אַ יונג מענעריש קול איינע פון די מיידלעך. די אַלטע אַקטריסע פאַרגעסט אַ ווײַלע ווער זי איז, אָדער מעגלעך זי מאַכט זיך פאַרגעסן. זי נעמט שפּילן די ראָלע פון אַ פאַרליבט מיידל. זי רעדט, מאַכט גרימאַסן מיטן פּנים, לאַכט הייזעריק, ווייל איר קול זאָל קלינגען יונג, צאַרט. איר קערפּער פירט אויס גראַציעזע באַוועגונגען. דאָרט אויף יענער זייט ווערט מען אומגעדולדיק, אָבער דאָ שפּילט די אַלטע פרוי די ראָלע פון פרוויאישער יונגקייט אַליין.

זי גייט נאָכדעם אַוועק פון טעלעפאָן אָן איבעררײַשטע פון דער איבער־לעבונג. זי פילט זיך אויף אַ רגע יונג און מונטער, אָט האָט זי מיט אַ יונגן מענטשן געהאַט אַ געשפּרעך, ווו עס זענען געזאָגט געוואָרן ווערטער פון ליבע...

רענעטאַ קרעל גיט נישט איבער דעם גאַנצן געשפּרעך די מיידלעך. זי באַהאַלט דעם געשפּרעך אין זיך, פאַר זיך. די מיידלעך ווייסן שוין פון דעם און מאַכן זיך נישט־וויסנדיק. זיי לאַכן פון דעם ספּעקטאַקל און באַקומען רחמנות אויף דער אַקטריסע, וואָס נאַרט זיך אַליין. אָט ווייסן אַלע, אַז אַ זייער רייכער מאַן פון אַ ווייטער געגנט אין אַמעריקע שדכנט זיך צו איר, נאָר זי קווענקלט זיך. עפּעס וויל זי אים נישט, ער איז צו פעט, — דערציילט זי אַלעמען, — און ער שמייכלט שטענדיק. מען האָט איר פאָרגעשלאָגן אַ ראָלע אין אַ בראָדוויי־שאָו, נאָר זי וויל נישט, עס איז אַ צו קליינע ראָל פאַר איר. זי וואַרט אויף גאָר גרוי־סעס, מען האָט איר צוגעזאָגט אַ פאַנטאַסטיש גוטע ראָלע און מען וועט עס איר זיכער געבן, אַזוי פאַרזיכערט זי אַלעמען.

צו די מיידלעך קומען יונגעלייט. זיי קומען אין די אָוונטן און בלייבן אין זייער ווינקעלע ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. מען הערט געלעכטערן, רייד, רעבעטאַ קרעל הערט אויך דאָס קושן זיך פון די יונגע פּאָרלעך אין די טיפע נעכט. זי ליגט אויף איר געלעגער און כאַפּט אויף דאָס קושן און צערטלען, די ליבשאַפט פון די יונגע מענטשן, אינאיינעם מיט דעם ברומען פון די וואָגלדיקע שיפן איבערן האָדסאָן־טייך הינטער אירע פענצטער, אינאיינעם מיט די פיבער־דיקע ליבע־אויסברוכן. זי טראַכט, אַז אַט האָט זי דאָס אויך מיטגעמאַכט, דער אונטערשיד איז נאָר, וואָס זי האָט געשפּילט אויף די ברעטער פון דער בינע און זיי, אירע שכנטעס, שפּילן נישט, זיי לעבן עס איבער מיט דער פולער פרייד.

איינמאָל, אַטאָג, האָט די אַקטריסע געמאַכט אַ לאַנגן שפּאַציר מיט איר הינטל. זי האָט נישט געטראַכט, אַז גראָד היינט וועט זיך אָפּשפּילן דער לעצטער אַקט פון דער הויז־דראַמע אָן איר באַטייליקונג.

און געשען איז עס אַזוי: עס איז געווען נאָך האַלבן טאָג. אין הויז איז געווען אומהיימלעך שטיל. מיסטער באַרקאַן איז איינער אַליין געווען אין הויז. ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט זיינע חיהלעך און פיגורקעס. ער האָט זיך געפונען אין אַ פאַנטאַסטישער, שיינער וועלט.

דער טעלעפאָן האָט געקלונגען און געקלונגען און אַרויסגעריסן דעם איינ־זאַמען מאַן, מיסטער באַרקאַן, פון זיין חלום און פון זיין שיינער וועלט. ער איז אַרויס אין האָל פון הויז. גענומען דאָס טרייבל אין האַנט און אַרויסגעזאָגט אַ גלייכגילטיקן, אומשולדיקן, „העלאָו". באַלד האָט זיין קערפּער אויפגעציטערט, ווי אַ געהיימע מיסטישע קראַפט וואָלט אים איינגעקלעמט. ער האָט געהערט:

— מיסעס קרעל, רעבעטאַ קרעל? יאָ. זי וווינט דאָ. די אַקטריסע? איר ווילט עפּעס זאָגן פאַר איר, גוט, וואָס איז עס?

אויף יענער זייט האָט אַ קול גאַנץ נאַכלעסיק געענטפערט:

— זאָגט איר, אַז עס איז ענדלעך דאָ אַ פּלאַץ פאַר איר אין דעם מושב־זקנים, פאַר עלטערע אַקטיאָרן און אַקטריסעס. זאָל זי נאָך היינט אָפּרופן...

מיסטער באַרקאַן האָט מער נישט געפרעגט. ער איז געבליבן שטיין אַ צוגעשמידטער צום אָרט. ער האָט אין דער מינוט זיך דערוווסט, אויף וואָס די אַקטריסע האָט געוואַרט פאַר די לעצטע פינף אָדער זעקס יאָר צייט. ער האָט נאָר אין דער מינוט נישט פאַרשטאַנען, צי האָט זי זיך אַליין גענאַרט, אָדער זי האָט אַנדערע געוואָלט אָפּנאַרן...

אין צימער פון דער אַקטריסע האָט אין דער שעה אַלץ געדרימלט מיט טרויער: די מעבל, דער שפּיגל, דער אַלבום, דער רום פון נעכטן און די האָפע־נונג, איר האָפענונג, וואָס איז פאַר אַלעמען אין הויז געוואָרן אויסגעלאָשן...

## פ ע ר ז אָ נ ע ן:

1) **שאַרל לעבלאַן**, שיפס־קאַפּיטאַן, פראַנצויז, 55 יאָר אַלט.
2) **זשאַן קלאָדעל**, שיפס־אָפיציר, פראַנצויז, 40 יאָר אַלט.
3) **ברוך פּאָזנער**, וואַנדער־טיפּ, פּוילישער ייִד, 38 יאָר אַלט.
4) **האַנס קרעמער**, שווישפילער, דייטשער ייִד, 50 יאָר אַלט.
5) **אַלעקסאַנדער זאַפּט**, שטודענט פון מעדיצין, רומענישער ייִד, 25 יאָר אַלט.
6) **גאָדל בערגמאַן**, גלעזער, פּוילישער ייִד, 55 יאָר אַלט.
7) **אפרים שטערן**, דימענטן־סוחר, אַנטווערפּענער ייִד, 50 יאָר אַלט.
8) **קאַרל באַלזאַם**, זינגער, מיסיאָנער פון ווין, 40 יאָר אַלט.
9) **הענרי פעדער**, ווייַן־סוחר, פראַנצויזישער ייִד, 50 יאָר אַלט.
10) **קאַרלאָס ראָדריגעס**, שפּאַניער, 35 יאָר אַלט.
11) **ערשטער דייטשער אָפיציר.**
12) **צווייטער דייטשער אָפיציר.**
13) **ערשטער מאַטראָס**, פראַנצויז, הייזעריקע שטימע, 30 יאָר אַלט.
14) **צווייטער מאַטראָס**, פראַנצויז, צעפּלאַטשטע נאָז, 35 יאָר אַלט.
15) **דריטער מאַטראָס**, רויט־האָריקער, פראַנצויז, 30 יאָר אַלט.
16) **אַנעט פעדער**, סטודענטין, ייִדיש־פראַנצויזיש מיידל, 22 יאָר אַלט.
17) **פלאָרענס קאַרמעל**, ייִדישע פרוי פון אַמעריקע, 30 יאָר אַלט.
18) **ליזאַ**, עסטרייכיש מיידל, 23 יאָר אַלט.
19) **גערטרוד פרידריך**, אַריש־דייטשע פרוי, 28 יאָר אַלט.
20) **ענגלישער שיפס־אָפיציר.**

צייט: אַ זומער־טאָג פון יאָר 1941
אָרט: אַ שיף אינעם אַטלאַנטישן אָקעאַן אין דער שפּאַניש־פּאָרטוגעזישער זאָנע

די אַקטן שפּילן זיך אָפּ אין משך פון
איין טאָג און אַ האַלבער נאַכט, פון
בלויען פאַרטאָגס ביז אין דער נאַכט.

אַ קליינע פראַנצויזישע לאַסט־שיף מיטן נאָמען „עספּעראַנס״ (האָפע־נונג) האָט זיך געשלעפּט איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן און האָט געפירט מיט זיך אַ לאַדונג פון עטלעכע הונדערט מענטשן: מענער, פרויען, אַלטע־לייט און קינדער. דער גרעסטער טייל איז געווען — יידן. זיי האָבן זיך דורך צלעררליי טויט־געפאַרן אַרויסגעריסן פון די לענדער, וואָס דער דייטש האָט שוין געהאַט באַזעצט און צעטרעטן. די יידן האָבן זיך געלאָזט אין דער וועלט אַריין אויף גאָטס באַראָט, וווהין דער גורל וועט פאַרטראָגן. זיי זע־נען געווען געגליכן צו בלעטער פוןביימער אין אַ האַרבסט־ווינט, האָבן געקענט פאַרטראָגן און פאַרשלעפּט ווערן, אַז קיין זכר זאָל פון זיי נישט בלייבן, אָדער זיך דערשלאָגן צו ערגעץ אַ ברעג פון אַ לאַנד.

די לאַסט־שיף „עספּעראַנס״ האָט פאַרלאָזט אַ פראַנצויזישן פּאָרט און אַריינגעגליטשט זיך אין די וואַסערן פון דער שפּאַנישער זאָנע אינעם אַט־לאַנטישן אָקעאַן. דער ים איז אין יענעם מעת־לעת געווען שטורמיק, עס האָט געמבולט, מיט צעבערס וואַסער. די שיף איז געשליידערט געוואָרן צווישן די כוואַליעס, ווי אַ שאָלעכץ פון אַ צוס. עס איז נישט געווען קיין שפּייז, טרינקוואַסער האָט אינגאַנצן אויסגעפעלט און עס איז נישט געווען קיין שום איינריכטונג צו טון מענטשלעכע געברויך.

אין דער צייט פון דורכרייסן זיך דורך ים־מינעס, טאָרפּעדאָס און אַנדערע געפאַרן, האָט די שיף דערגרייכט דעם פּאָרט פון ליסאַבאָן אין פּאָרטוגאַל. זי האָט זיך אַריינגעשניטן צווישן אַ מחנה ריזיקע שיפן פון פאַרשידענע לענדער, וואָס זענען אין דעם „נייטראַלן״ פּאָרט געשטאַנען איינגעפּרוירן. מען האָט קיינעם פון דער „עספּעראַנס״ נישט אַראָפּגעלאָזט אויף דער יבשה. פּאָרטוגעזישע ים־פּאָליציי האָט געהיטן די פּליכטלינגע, ווי מען היט מצורעים.

די קליינע לאַסט־שיף מיט איר לאַדונג פון מענטשלעכן עלנט האָט איצטער געשניטן די וואַסערן אין די שפּאַניש־פּאָרטוגעזישע ים־זאָנעס.

# ערשטער אַקט

## בילד 1

דער דעק פון דער לאַסטשיף „עספעראַנס":

עס זענען אָנגעוואָרפן ברעטער, אייזנס, זעק, שטריק, קייטן, וואַליזעס, אָפּגעריבענע, אַרומגעבונדענע מיט שטריק. אין מיטן דעק איז די איינציקע קאַיוטע פון קאַפּיטאַן. ברוין־געפאַרבטע פיר ווענט, אַ טיר און צוויי פענצטערלעך.

איבערן דעק און אין די ווינקלען פון דער שיף, ליגן צעוואָרפן מענטשלעכע קערפּערס. טייל פון זיי האַלטן די קעפּ אָנגעשפּאַרט אויף די ברעטער, קייטן. אַנדערע אויף וואַליזעס.

אַ טיר אין מיטן דעק פירט אַראָפּ צו דער מאַשינען־אָפּטיילונג. אין מיטן אַ גראָב־בייכיקער קוימען. די שיף וויגט זיך אַרויף און אַראָפּ. אויף צוויי הויכע סלופּעס ברענען קליינע עלעקטרישע לעמפּלעך און פאַרשפּרייטן אַ מאָגער ליכט.

עס הערט זיך אַ הוסטן, אַ קרעכצן, אַ ריידן פון שלאָף און אויך געבעט־ווערטער צו גאָט.

אַ מאַן הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן, ער נעמט זינגען אַ פאַרבענקטן שפּאַנישן ראָמאַנס, שטיל און צעצויגן. אַ צווייטער מאַן הייבט אויף דעם קאָפּ, קורטשעט זיך פאַר קעלט, געגעצט, שפּייט אויס, קראַצט זיך אין קאָפּ, נעמט אַרויס פון טאַש אַ קליינע מויל־האַרמאָניקע און ציט אַ שטילן פאַרבענקטן ניגון. די מעלאָדיע פאַלט איבערן דעק, ווי אַ דין געוויין פון אַ קינד.

די צוויי לעמפּלעך אויף די סלופּעס לעשן זיך.

עס ווערט ליכטיק אונטן ביי דער מאַשינען־אָפּטיילונג. מען זעט דריי רעדער. איינער אַ גרויסער דער רודער אין מיטן און — צוויי קלענערע. אויף דער וואַנט — אַ מאַפּע. אַ גלעזערנע באַדעקונג צום — ים.

ביי דער גלעזערנער באַדעקונג שטייט דער קאַפּיטאַן פון דער שיף, שאַרל לעבלאַן. אַ מיטלוווקסיקער מאַן, פעסט־געבויט, זיין לענגלעך געזיכט איינגערעמט אין אַ שוואַרץ בערדל. די געזיכטס־שטריכן — פעסטע, שאַרפע. אַן אָדלער־נאָז, אַביסל קרומלעך. די אויגן — שוואַרצע, שאַרפע. ער איז געהילט אין אַ לאַנגן טונקעלן מונדיר. זיינע אויגן זענען איינגעשפּיזט אין די כוואַליעס פוןביידע זייטן שיף.

ביים גרויסן רודער־ראָד שטייט דער אָפיציר פון דער שיף, זשאַן קלאָדעל. אויך ער טראָגט אַ לאַנגן טונקעלן מונדיר. ער איז פון מיטעלן עלטער. הויך און דאַר. זיינעביידע הענט זענען אָנגעשפּאַרט אויפן ראָד. ער פירט די שיף.

ביי ביידע מענער זענען די פּנימער ערנסט. די האַלטונג — אַביסל אָנגעצויגן.

גרויע פּאַסן ליכט פאַלן איבער דעם גלעזערנעם צודעק פון דער שיף.

דער טאָג ברעכט זיך פּאַמעלעך אויף, שיילט זיך אַרויס פון דער נאַכט צווישן הימל און — ים.

**קאַפּיטאַן שאַרל לעבלאַן** (לעבהאַפטע שטימע):

פיר הונדערט נפשות דערשלעפּט ביז צו די פּאָרטוגעזישע וואַסערן אויף מיין קליין לאַסט־שיפל. דאָס הייסט אַ נס! וואָס זאָגט איר, זשאַן, איז עס נישט אַוי־סערגעוויינלעך!

**זשאַן קלאָדעל** (פּאַרביסן):

דאָס וועטער זאָל זיין גינסטיק ווי עס ווייזט איצטער, קענען מיר מאָרגן פּאַרטאָגס דערגרייכן דעם גיבראַלטאַר־פּעלדז איך ווייס אָבער נישט, וואָס איר זענט אַזוי צופרידן, קאַפּיטאַן לעבלאַן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך אַליין ווייס אויך נישט. איך טראַכט נאָר, אַז אין נאָרמאַלע צייטן איז עס אַן אוממעגלעכע זאַך צו שלעפּן אויף מיין שיף פיר הונדערט מענטשן און די מענטשן האַלטן אויס און מיין שיף האַלט נאָך אויס...

**זשאַן קלאָדעל:**

וואָס קלערט איר צו טון, קאַפּיטאַן, נעמען די ריכטונג צום גיבראַלטאַר, אָדער צו די נאָרד־אַפריקאַנישע ברעגן? איך גלויב נישט, אַז די ענגלענדער וועלן אייך אַריינלאָזן אין דער גיבראַלטאַר פעסטונג מיט אַזאַ לאַדונג.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך ווייס נאָך אַליין נישט. עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך פיר אַזאַ לאַדונג אויף מיין שיף. מען דאַרף נאָר נישט פאַרצווייפלען, מיין ליבער זשאַן, נאָר נישט פאַרלירן זיך!

**זשאַן קלאָדעל:**

איר האָט עס נישט געטאָרט טון קאַפּיטאַן! איר וועט מיר אַנטשולדיקן פאַר מיין נישט הומאַניטאַרע מיינונג. עס איז אַ ריזיקאַלישע אונטערנעמונג. הלוואי עס זאָל זיך נישט ענדיקן קאַטאַסטראָפאַל!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איר זענט אפשר גערעכט, זשאַן. איך האָב אָבער נישט געקענט אַנדערש האַנדלען.

זשאַן קלאָדעל:

ווענען האָט איר געראַטעוועט? איר קענט איין מענטש פון די אַלע פיר הונדערט נפשות? איר ווייסט דאָך אַפילו נישט די נעמען פון צען מענטשן פון די אויף אייער שיף! וואָס איז זייער באַשעפטיקונג? צי וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַלי־טעט זיי געהערן? אפשר זענען זיי פאַרברעכער? איר האָט ביי קיינעם נישט גע־פרעגט קיין דאָקומענט, קיין פּאַס!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

ווען אַ מענטש שטייט ביים אָפּגרונט פרעגט מען אים נישט ווי ער הייסט, וואָס איז זיין באַשעפטיקונג, צי וואָס פאַר אַ נאַציאָנאַליטעט ער געהערט. אַזוי וועט איר זיכער אויך האַנדלען, ווען איר וועט אָנטרעפן מענטשן נאָך אַ שיפס־ברוך, נישט אמת?

זשאַן קלאָדעל:

אמת קאַפּיטאַן! עס איז אָבער נישט קיין פאַרגלייך! ערשטנס זענען אַ חוץ אייך געווען אַנדערע, וואָס האָבן געקענט אַרויסראַטעווען פּליכטלינגע פון די פּאָרטן און האָבן עס נישט געטון. איר האָט ער געטון פרייוויליק. צווייטנס, עס איז דאָך בלויז אַ טראָפּן פון ים, וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן געראַטעוועטע פיר הונדערט מענטשן? נישט איר האָט איינגעשטילט דאָס אומגליק. נישט איר האָט אָפּגעשטעלט דעם חורבן!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

מיין געוויסן וואָלט מיך אייביק געפּייניקט, ווען איך ווייז אַרויס פּחדנות אַזוי ווי אַנדערע. ראַטעווען פיר הונדערט נפשות פון דעם דייטשס הענט — איז ווי — ראַטעווען פון אַ פּעסט, פון אונטער אַ מעסער אַרויסצי:ען דעם קאָפּ.

זשאַן קלאָדעל (מיט ביטערניש אין קול):

פיר הונדערט מענטשן, אַנגעלאָפענע פון צענדליקער לענדער, ריידן אַ צוויי צענדליק שפּראַכן, רייסן זיך אַרום ביי די נעזער. איינער וועט דעם אַנדערן דער־מאָרדן פאַר אַ שטיקל אָרט אין קעלער. בייזע, נישט־צופרידענע, ווילדע. פאַר זיי האָט איר, קאַפּיטאַן לעבלאַן, איינער פון די בעסטע פראַנצויזישע שיפס־קאַפּיטאַנען — אָפּגעגעבן אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט! פאַר זיי!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

מיין טייערער זשאַן! הונדערט מאָל אין טאָג טראַכט איך וועגן דעם און קען נישט געפינען קיין ענטפער און נישט קיין באַשייד אויף מיין האַנדלונג. איך

האָב געראַטעוועט פיר הונדערט נפשות. דאָס האָמערט מיר אין קאָפּ און דאָס איז אפשר דער ענטפער אויף דעם רעטעניש.

**זשאַן קלאָדעל:**

איך האָב אייך ביז איצטער נישט געוואָלט זאָגן, קאַפּיטאַן, וואָס זאָל איך נאָך צוװאַרפן פייער צו אייערע װונדן. איך קען נישט באַשליסן צי דאַרף איך אייך דאָס אָנזאָגן.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איר דאַרפט גאָרנישט באַהאַלטן פון מיר. איך שטויס זיך אָן, וואָס איר ווילט מיר זאָגן. די ראַדיאָגראַמע, וואָס די ווישי־רעגירונג האָט אַרויסגעשיקט, אַז איך בין פאַרמשפּט צום טויט!

**זשאַן קלאָדעל** (גיט זיך אַ צאַפּל לאָזט אָפּ די הענט פון ראָד):

איר ווייסט עס! גאָט מיינער!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך בין פאַרמשפּט צום טויט, ווייל איך בין אַוועק מיט מיין שיף פון אַ פראַנצויזישן פּאָרט, אָן דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג! איך האָב עס נאָך געוווּסט, ווען איך האָב פאַרלאָזט דעם פּאָרט אין באַיאָן.

**זשאַן קלאָדעל:**

קיין שום שיף האָט ניט געטאָרט פאַרלאָזן אַ פראַנצויזישן פּאָרט אָן דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג און פון דער דייטשער מאַכט. איר האָט עס יאָ געטון!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איצטער איז נישטאָ מער קיין צוריק. מיר זענען איצטער אין דער זעלבער לאַגע, וואָס די פיר הונדערט אויף דער שיף! איך האָף, קיינער פון דער מאַנשאַפט ווייסט נישט פון דעם.

**זשאַן קלאָדעל:**

קיינער ווייסט נישט! איך אַליין האָב גראָד איבערגעכאַפּט די ראַדיאָגראַמע.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך האָף אויך, אַז איר בלייבט מיר געטריי, ווייניקסטנס ווי לאַנג מיר האָבן די שיף!

**זשאַן קלאָדעל:**

איך בלייב אייך טריי, ווי לאַנג איר וועט וועלן, קאַפּיטאַן לעבלאַן! איך בין שוין אונטער אייער דינסט פיל יאָרן און פאַרשידענע צייטן מיטגעמאַכט, טראַגישע און גוטע. איך וויל בלויז איר זאָלט מיר זאָגן פאַרוואָס האָט איר איינגעשטעלט דאָס לעבן? איך קען אייך אַלס פשוטן, שטילן מענטשן און מיט איינמאָל האָט איר זיך פאַרפלאָנטערט אין אַזאַ אַוואַנטורע.

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

עס איז מיר שווער אויף דעם צו ענטפערן, מיין טײַערער פרײַנט. אַ סך סיבות האָבן מיך געטריבן דערצו. איך האָב אפשר געוואָלט ווערן אַ העלד פון אַ גרויסער אַוואַנטורע, ווי איר זאָגט, אפשר אָפּצאָלן פאַר פיל גוטע זאַכן, וואָס מען האָט מיר אַמאָל געטון...

(עס הערט זיך אַ געזאַנג פון פאַרשיידענע שטימעס. אינעם געזאַנג רייסן זיך אַריין געשרייען אַן וועדטער. קללות, זידלערייען אין עטלעכע שפּראַכן, געלעכטערן, געוויינען, און אַמפּערן זיך איינער מיטן אַנדערן).

זשאַן קלאָדעל:

אָט הערט, קאַפּיטאַן! הערט ווי זיי שעלטן איינער דעם אַנדערן. זיי ווילן ברויט, שפּייז, אַ טרונק וואַסער! פּונוואַנעט זאָלן מיר דאָס נעמען? די מאַטראָסן האָבן זיך שוין איינגעטיילט מיט דעם ביסל קאָנסערוון. ברויט איז אינגאַנצן נישטאָ און אויך נישט קיין טרינקוואַסער. די מאַטראָסן זענען בייז, באַשולדיקן אייך, קאַפּיטאַן, אָבער זיי שווייגן. נאָר די מאַסע, וועמען איר האָט געראַטעוועט, זיי שווייגן נישט. ווען זיי קענען אייך צערייסן אויף שטיקער, וואָלטן זיי עס געטון, ווייל איר זאָגט זיי נישט, וווהין איר פירט זיי! דאָס איז זייער דאַנקבאַרקייט צו אייך! דאָס איז די אייביקע דאַנקבאַרקייט פון דער מאַסע!

(פון די טרעפּ קומט אַראָפּ־צו־גיין אַ יונגע פרוי. איר געזיכט איז בלייך, אירע ליפּן ציטערן. זי גייט האַסטיק צו צום קאַפּיטאַן).

פלאָרענס קאַרמעל:

קאַפּיטאַן! מיין נאָמען איז פלאָרענס קאַרמעל. איך בין איינע פון אייערע פליכטלינג־פּאַסאַזשירן אויף דער שיף!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

וואָס קען איך טון פאַר אייך, מאַדאַם?

פלאָרענס קאַרמעל:

איך בין אַן אַמעריקאַנער בירגערין. מיין מאַן האָט זיך קוים אַ לעבעדיקער אַרויסגעריסן פון די דייטשן. ער איז נישט קיין אַמעריקאַנער בירגער. ער איז אַ ייִד. ער איז אויך אויף דער שיף!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

מאַדאַם קאַרמעל! איר און אייער מאַן זענט נישט איין און איינציקע! אויף מיין שיף געפינען זיך מענטשן פון עטלעכע און צוואַנציק נאַציאָנאַליטעטן. אַלע געפינען זיך אינעם זעלבן צושטאַנד.

פלאָרענס קאַרמעל:

איך בין נישט געקומען בעטן קיין שום טובה.

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

שפּייז, ברויט, טרינקוואַסער? דאָס האָבן מיר אַליין נישט. איך האָב באַפוילן מיינע מאַטראָסן זיי זאָלן זיך טיילן מיט אייך אַלעמען, מיטן לעצטן ביסן! מיר האָבן פון די קעלערן אַלץ אַרויסגעוואָרפן, די פרויען זאָלן האָבן ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן.

פלאָרענס קאַרמעל (אומגעדולדיק):

נישט וועגן דעם, קאַפּיטאַן, בין איך געקומען. איך באַקלאָג זיך נישט. פאַרקערט, מיר זענען אייך זייער דאַנקבאַר פאַרן ראַטעווען אונדזער לעבן. איך וויל בלויז אייך פאַרשלאָגן, אויב עס איז מעגלעך איר זאָלט זיך לאָזן מיט דער שיף קיין אַמעריקע!

קאַפּיטאַן לעבלאַן (דרייט זיך האַסטיק אויס צו דער פרוי):

וואָס רעדט איר נאַרישקייטן, מאַדאַם קאַרמעל! עס איז אומזין!

פלאָרענס קאַרמעל:

עס זענען נישט קיין נאַרישקייטן! מיין מאַן געפינט זיך אין גרויס געפאַר. ער איז אַ ייד, אַ באַוווּסטער שריפטשטעלער, די דייטשן זוכן אים. איך בין רייך, איך קען אין אַמעריקע באַצאָלן אַלע אויסגאַבן. איר זענט דאָך אין אַטלאַנטישן אָקעאַן!

קאַפּיטאַן לעבלאַן (גוטמוטיק):

אָבער מיין ליבע פרוי, ווי קענט איר ריידן וועגן דעם? איר האָט אַמאָל געלערנט געאָגראַפיע? איר ווייסט ווי ווייט מיר זענען פון די אַמעריקאַנער ברעגן? איך ווייס נישט אויב מיין שיפל קען נאָך אויסהאַלטן עטלעכע הונדערט מייל און איר רעדט וועגן טויזנטער מיילן!

פלאָרענס קאַרמעל:

דערבאַרעמט אייך, קאַפּיטאַן! מיר קענען דאָך נישט אַרומוואָגלען ביי פּאָר־טוגאַל, שפּאַניע. דער דייטש קען דאָך אונדז דערגרייכן יעדע מינוט!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

מאַדאַם, עס איז נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן. מיר זענען אויסער געפאַר...

פלאָרענס קאַרמעל:

דאָס זאָגט איר נאָר בלויז אונדז צו טרייסטן. אין דער ווירקלעכקייט אָבער הענגט איבער אונדזערע קעפּ דער טויט אין טויזנטער פאָרמען. איך ווייס עס!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

אַזאַ יונגע שיינע פרוי און שוין אַזוי פאַרצווייפלט. איך זאָג אייך דעם אמת. מיר זענען אויסער געפאַר.

(אין דער טיר באַווייזט זיך אַ מאַטראָס. ער סאַלוטירט פאַרן קאַפּיטאַן. פלאָ־רענס קאַרמעל גייט אַרויס פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג).

**מאַטראָס** (רעדט מיט אַ הייזעריקער שטימע):

קאַפּיטאַן, מיר האָבן פאַרטאָגס באַמערקט דעם פּעריסקאָפּ פון אַ סובמאַרין. מען האָט נישט געקענט זען, צי עס איז אַ דייטשע, אָדער אַן ענגלישע.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

אַ סובמאַרין! אַן ענגלישע, זיכער!

**זשאַן קלאָדעל:**

מען קען נישט זיין אַזוי זיכער, קאַפּיטאַן! דייטשע סובמאַרינען געפינען זיך אַפילו נאָענט פון גיבראַלטאַר. נאָר איר וואָגט נישט וועגן דעם צו טראַכטן. איצטער שטייען מיר פאַר אַ ביטערערווירקלעכקייט.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (צום מאַטראָס):

זאָל מען אַרויסהענגען די פראַנצויזישע פאָן און געבן צייכנס, אַז מיר פירן פליכטלינגען. אויך געבן צייכנס, אַז מיר האָבן נישט אויף דער שיף קיין שום וואָפן!

**זשאַן קלאָדעל:**

אויב עס איז אַ דייטשע סובמאַרין, ווייסן זיי שוין פון פריער וועמען מיר פירן. איך שטעל מיר פאָר די פּאַניק, וואָס עס וועט באַלד אויסברעכן צווישן אונדזערע פּאַסאַזשירן! עס וועט באַלד דאָ קאָכן ווי אויפן טורעם פון בבל...

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

ווייסט ווער פון די מענטשן אויף דער שיף, אַז מען האָט געזען דעם פּעריסקאָפּ פון אַ סובמאַרין?

**מאַטראָס:**

אַזוי ווי עס ברעכט אויף דער טאָג קריכן זיי אַרום אויפן דעק, ריידן, שרייען, קריגן זיך, קוקן אין דער ווייטקייט פון ים, מיט לאָרנעטן. מעגלעך, אַז זיי האָבן עפּעס באַמערקט!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

ווי ווייט מעגלעך אויסמיידן. קיין וואָרט נישט לאָזן פאַלן וועגן דעם!

**זשאַן קלאָדעל** (צום מאַטראָס):

זעט די מענטשן זאָלן זיין באַשעפטיקט. זאָלן זיי רייניקן דעם דעק, נעמט זיי אין דער מאַשינען־שטוב, רייניקן די קעלערן, אַרבעטן אין קיך!

**מאַטראָס:**

נישטאָ שוין אין קיך קיין לעק צו עסן. אויך די ווייבער רייסן זיך ביי די נעזער. איבערהויפּט די וואָס זענען אָן מענער. זיי זענען שוין גאָרנישט קיין צנועות די ווייבלעך.

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

גיט איבער די איבעריקע מאַטראָסן, מען זאָל זיין פּאַרזיכטיק, נישט האָבן צו טון מיט די ווייבער פון שיף!

מאַטראָס:

פאַרוואָס, קאַפּיטאַן? דאָס עסן האָט איר געהייסן זיי אָוועקגעבן, קיין איבעריק פלעשל ווין איז נישטאָ אויפן שיף. די פרויען טאָר מען אויך נישט אָנרירן. פאַרוואָס? די וועלט גייט דאָך סיי־ווי־סיי אונטער. מיר זענען שוין אָפּגעריסן פון דער היים חדשים לאַנג. די מלחמה האָט מען פאַרשפּילט, וואָס דאַרף מען נאָך וואַרטן? זיי זענען נישט קיין צנועות די ווייבער. זיי ווייסן אויך, אַז די וועלט גייט היינט אונטער, און מאָרגן קען אַפילו קומען אַ מבול!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

די וועלט גייט נאָך נישט אונטער און אויף מיין שיף וויל איך נישט האָבן קיין סקאַנדאַלן, און אַ מבול וועט מען איבערקומען, מיין פריינט!

מאַטראָס:

מיר האָבן קיינמאָל נישט געהאַט אויף דער „עספּעראַנס" קיין פרויען, קאַפּיטאַן! און מיט איינמאָל האָבן מיר דאָ אַ גאַנצע אַרמיי פון פרויען, פון אַלע לענדער: שפּאַנישע, דייטשע, אונגאַרישע, יידישע, פּוילישע, רומענישע, אַ גאַנצער אויסוואַל פון ראַסן און נאַציאָנאַליטעטן. אַלע זענען זיי שיינע, חנעוודיקע, באַטעמטע, מיט געטאָקטע נעזלעך, מיט קליינע מיילעכלעך, מיט ליפּן בלויז צום קושן. מען קען זיך אָנזעטיקן אויף אַ יאָר פאַרויס! פאַרוואָס דאַרפן מיר זיין צדיקים קאַפּיטאַן?

קאַפּיטאַן לעבלאַן (גוטמוטיק):

נישט אַזוי היציק, מיין טייערער! בעסער זע מען זאָל אָוועקשטעלן אַ וואַך! קוים באַווייזט זיך נאָכאַמאָל דער פּעריסקאָפּ, זאָל מען מיר גלייך רופן! דו קענסט גיין!

(דער מאַטראָס גייט אַרויס. פייפט אונטער אַ לידל).

זשאַן קלאָדעל:

אויב עס איז אַ דייטשע סובמאַרין וועלן מיר זיך נישט אַזוי לייכט אַרויס־דרייען. עס איז אַ פּעטער ביסן פאַר זיי. איר, קאַפּיטאַן, ווייסט נישט, וועמען איר האָט אויף דער שיף. זיי ווייסן יאָ!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איך בין גרייט אויף אַלעם! איך בעט אייך זשאַן, זעט אַז די מאַטראָסן זאָלן נישט מאַכן קיין אַוואַנטורעס, איבערהויפּט נישט מיט פרויען!

**זשאַן קלאָדעל:**

די מאַטראָסן זענען אין דעם פאַל גערעכט. שוין חדשים ווי זיי זענען אָפּגעריסן פון דער וועלט. פיל פון די פרויען אויף דער שיף זענען רייצנדיק. עס איז דאָך אַ פאַרשטענדלעכע זאַך...

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

עס טאָר נישט קומען צו קיין אַנאַרכיע, מיין ליבער זשאַן. איך גלייב, אַז מיר מוזן נעמען די ריכטונג פון גיבראַלטאַר. שיקט שוין אַרויס אַ ראַדיאָגראַמע צו דער גיבראַלטאַר מאַכט. מיר נייטיקן זיך דרינגענד אין הילף.

**זשאַן קלאָדעל:**

אויב דערוויסט זיך די מאַסע וועגן אַ סובמאַרין וועט זיין אַן אויפשטאַנד אויף דער שיף און מיר זענען נישט פאַרבאַרייט אונטערצודריקן וועלכן עס איז אויפשטאַנד.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

נאָר נישט פאַרצווייפלט. מיר האָבן דאָך אַביסל וואָפן. מיר האָבן אויך צוויי מיטראַיעזן, דאָס קען דערווייל נוצן אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד. קוים דערנענטערט זיך די סובמאַרין מוזן מיר די וואָפן גלייך וואַרפן אין ים אַריין. איך גלייב נישט, אַז עס וועט קומען צו אַן אויפשטאַנד אויף דער שיף. די מענטשן זענען מיד, פאַרצווייפלט, אַפּאַטיש. אָט הערט, זשאַן, הערט!

(עס הערט זיך אַ פאַרבענקט געזאַנג און ווערטער פון תהילים).

תפלה לעני כי יעטוף ולפני י׳ ישפוך שיחו...

**זשאַן קלאָדעל:**

אַ געבעט צו גאָט...

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

די מענטשן וועלן נישט מאַכן קיין אויפשטאַנד. זיי בעטן גאָט ער זאָל זיי העלפן. זיי ווייסן, אַז איינמאָל האָט געטראָפן אַ נס. איך האָב זיי אַרויסגעראַטעוועט. הערט, זשאַן! הערט געבעטן און געוויינען. עס וועט היינט אויך זיין אַ שיינער טאָג. זעט! די זון קומט אַרויס! דאָס איז גוט פאַר אונדז. מיר וועלן קענען זען די סובמאַרין ווו זי זאָל זיך נישט באַהאַלטן!

(פאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 2

אַ האַלבע שעה שפּעטער:

דער קעלער פון דער שיף „עספּעראַנס".

טונקל באַלויכטן. רונדע פענצטערלעך. נאַקעטע ווענט. סלופּעס האַלטן אונטער דעם באַלקן.

עס זיצן עטלעכע קופּקעלעך מענטשן און ריידן. איינער שפּילט אויף אַ מויל־האַרמאָניקע. צוויי שפּאַניער שפּילן אין קאָרטן. אַ דייטשער ייד זיצט אויף אַ וואַליזקע און קוקט אַריין אין אַ קליין ביכעלע.

אין איין ווינקל שטייט אַ ייִנג מיידל מיטן נאָמען אַנעט פעדער. זי איז אַ שיינע, אַ לענגלעך פּנים מיט געשניצטע אבֿרים. די נאָז אַ געטאָק־טע, די אויגן — לענלעכע, ווי מאַנדלען, גרינלעך־גרויע. טראָגט אַ לע־דערן רעקל.

לעבן איר שטייט אַ מאַן אינעם עלטער פון די הויכע דרייסיקער. זיין נאָמען איז ברוך פּאָזנער. ער איז אַ הויכער, מיט אַ פּנים פון אַן אָליוון־קאָליר. אויגן גרויע, קלוגע. עס שפּרודלט פון אים מיט ענערגיע און האַס־טיק־לעבעדיקע באַוועגונגען. ער טראָגט אַ בלוי רעקל, דאָס העמד ביי אים אויפגעשפּיליעט. אַ בערעט אויפן קאָפּ, ברומט אַ חסידישן ניגון.

אין אַן אַנדער ווינקל. זיצט אַן עלטערער ייד מיט אַ קורץ גרויע־לעך בערדל. ער האַלט אין האַנט אַ סידורל און זאָגט תהילים. זיין נאָמען איז גאָדל בערגמאַן. זיין געזיכט איז טרויעריק. מילדע אויגן, שוואַרצער קאַ־פּעליוש אויפן קאָפּ. לעבן אים זיצט אפרים שטערן. ער איז דאַר, קליין, נערוועיש. צופּט זיך די גאָמבע און רעדט צו זיך אַליין.

לעבן זיי ביידע זיצט אויף דעם דיל אַ מאַן מיטן נאָמען העגרי פּע־דער. דאָס איז אַנעטס פּאָטער. זיין געזיכט איז שיין, געעלטערט. אין זיינע אויגן — טרויער. ער שווייגט.

דורך די פענצטערלעך זעט מען דעם ווייסן שוים פון די ים־כוואַליעס.

דער טאָג האָט ערשט אויפגעבראָכן. זונען־שטראַלן פלייצן אַריין איבער דער שיף.

**גאָדל בערגמאַן** (פּוילישער ייִד):

(זיצט איינגעבויגן ברומט פּסוקים פון תהילים):

י' שמע תפלתי ושועתי אליך תבוא. אל תסתר פניך ממני ביום צר לי...

**אפרים שטערן** (ייִד פון אַנטווערפּן):

אייך איז ווייל ר' גאָדל. איר זאָגט איין יום תהילים נאָכן אַנדערן און מעג די וועלט מיט אונדזער שיף אינאיינעם אונטערגיין. אפשר קענט איר דאָרטן אין תהילים געפונען אַ נביאות, וווהין מיר שווימען, צו די הרי־חושך, צו די רויטע ייִדעלעך אויף יענער זייט סמבטיון, צי גאָר צום דייטש אין פּיסק אַריין?

**גאָדל בערגמאַן:**

השם יתברך וועט העלפן, פאַניע שטערן. מען דאַרף נאָר די אויגן אויפֿהייבן צום הימל. אוי... הטה אלי אזנך ביום אקרא מהר ענני...

**אפרים שטערן:**

איך האָב אויך אַזוי געטענהט. ער וועט העלפן! גאָט וועט העלפן, נו זעט מען דאָך. צען טעג שוין צווישן הימל און וואַסער, פון אַלע זייטן טאָרפּעדעס, מינעס, עראָפּלאַנען, וואַלפיש...

**האַנס קרעמער** (דייטשער ייִד):

און סובמאַרינען.

**אפרים שטערן:**

וואָס רעדט ער דאָרטן דער יעקע, האַנס קרעמער? איך האָב געמיינט, אַז ער האָט שוין איינגענומען אַ שטומעניש!

**האַנס קרעמער:**

זאָגט אים דעם אָסט־יודע, וואָס איך רייד. איר האָט דאָך געהערט: אַ סובמאַרין!

**אפרים שטערן:**

בייסט אייך אָפּ די צונג. זאָל זיך אייך בעסער חלומען אַ וואַלפיש, וועט איר פון ווײַדל קענען אָפּשניידן אַ שטיקל און האָבן אַ מאָלצייט. געהערט אַ יעקע!

**האַנס קרעמער:**

ווען איר וואָלט געווען יונה הנביא, וואָלט ער אייך איינגעשלונגען, וואָס דאַרף מען נאָך אויף דער שיף אָסט־יודען פון אַנטווערפּן?

**גאָדל בערגמאַן:**

נו, נו ייִדן! וואָס זענען דאָס פאַר אַ רייד? מען האָט נאָך דאָ ווייניק צרות דאַרפט איר זיך אַרומקריגן און אַרויסשטעלן דעם יחוס? אָסט־יודע, וועסט־יודע, צפון־ייִד, דרום־ייִד. איר וועט אַלע זיצן אין גן־עדן צוזאַמען. דאָ חלשן קינדער פאַר אַ טראָפּן וואַסער, אַ ביסן ברויט. שמאַכן פון מידקייט פון נישט־דערשלאָפן און זיי קריגן זיך. אוי... כי כלו בעשן ימי...

**אַנעט פעדער** (פראַנצויזיש ייִדיש מיידל):

עס איז דאָך שרעקלעך! אַ מאַן בעט צו גאָט און מען שטערט אים. מען קריגט זיך!

**האַנס קרעמער:**

וואָס טוט דאָס פריילין אַנעט פעדער אַזוי פרי דאָ אין קעלער פון בלויז מענער?

**ברוך פאָזנער** (ייִד פון דער גאַנצער וועלט):

זי איז געקומען זען איר פאָטער. ער ברעכט צוזאַמען.

**אַנעט פעדער:**

ברוך, ענטפער אים נישט. דו זעסט וואָס פאַר אַ מענטש ער איז. אין אַלעם מישט ער זיך.

**קאַרלאָס ראָדריגעז** (שפּאַניער)

(נעמט אַרויס די האַרמאָניקע פון מויל קוקט אויף אַנעטן):

דער פאָזנער האָט גליק. דאָס שענסטע מיידל אויף דער שיף קומט צו אים באַלד פאַרטאָגס. אירע מאַנדל־אויגן און אירע זאַפטיקע ליפּן וואָלטן מיך דער־וואַרעמט. עס איז דאָ אַזוי קאַלט און פינצטער...

(נעמט ווידער די האַרמאָניקע אין מויל און שפּילט).

**ברוך פאָזנער:**

אָט אַזוי ראָדריגעז. עס איז בעסער, אַז דו שפּילסט אויף דער האַרמאָניקע, ווי דו זאָלסט ריידן נאַרישע רייד. און איר אפרים (ווענדט זיך צום אַנטווערפּענער ייִד), איר וואָלט בעסער נישט געשטערט גאָדלן זאָגן תהילים!

**אפרים שטערן:**

איך האָב אויך געבעטן. די ווערטער פון תהילים זענען פון מיינע ליפּן נישט אַראָפּ. מיין ווייב און מיין איינציק קינד זענען מיר אויפן וועג אומגעקומען פון דייטשע באָמבעס, פאַר מיינע אויגן. נו, זעט איר דאָך מעסיע פאָזנער, ווי גאָט הערט אונדזער געבעט?

**האַנס קרעמער:**

די דימענטן אָבער האָט איר געראַטעוועט, הער שטערן. זיי זענען זיך רויק געלעגן אין אייערע וועסטלטאַשן. דאָס געבעט וועגן די דימענטן האָט גאָט יאָ צוגעהערט.

**הענרי פעדער** (פראַנצויזישער ייִד):

מענטשן זאָלן קענען דערגיין צו אַזאַ נידעריקן שטאַנד. פון איין זייט — מערדער, פאַרברעכער, פון דער צווייטער זייט שטערט מען אַ מענטשן צו בעטן

גאָט אין מינוטן פון פאַרצווייפלונג; פון דער דריטער זייט זיצט זיך איינער און שפּאָט און לאַכט. איר מעגט זיך שעמען מעסיע קרעמער!

אַנעט פעדער:

באַרויִק דיך פאָטער. עס וועט נישט העלפן. דער מענטש דערגייט שוין דאָ צום שטאַנד פון אַ חיה. איך האָב זיך דאָס קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס קען אַזוי זיין.

הענרי פעדער:

ווי בלייך דו ביסט מיין קינד. איך וועל אַרויפגיין אויפן דעק, אפשר וועל איך קריגן פאַר דיר אַ שטיקל ברויט, אַביסל וואַסער.

אפרים שטערן:

ברויט מיט וואַסער. אַ חלום פון אַ מענטשן. נישטאָ קיין כזית ברויט אויף דער גאַנצער שיף, אַפילו די מייז האָבן נישט אַ קרישקעלע און ער, מעסיע פעדער, אַ פאַריזער ווייַן־סוחר, וועט געפינען ברויט. אוי, וואָס איז דאָ צו ריידן?

ברוך פאָזנער:

זאָרגט נישט. מיר וועלן נאָך היינט צוקומען צו אַ פּאָרט, נאָר נישט פאַר־צווייפלען. עס וועט זיין היינט אַ זוניקער טאָג. מיר זענען נישט ווייט פון גיבראַל־טאַר. נאָר נישט מיאש זיין זיך ייִדן. מיר האָבן זיך אַרויסגעריסן פון דייטש, איז נישט געזאָרגט!

גאָדל בערגמאַן:

אָט איז אַ ייִד מיט בטחון. ווען עס זאָלן זיין נאָך מענטשן וואָס קענען אויס־האַלטן, וואָס גלייבן, אַז הילף קען קומען ווען דער חלף ליגט שוין אויפן האַלדז, וואָלט דאָך נישט געקומען צו קריגערייען, צו זידלען איינער דעם אַנדערן, צו וועלן פּשוט אויפפרעסן איינער דעם אַנדערן.

אפרים שטערן:

בלויז רייד. איינער האָט בטחון, דער צווייטער הייסט נישט מיאש זיין זיך, דערווייל גייט מען אויס פאַר הונגער און דורשט. מיר ווייסן נישט ווו מיר זענען, וווהין ער פירט אונדז, דער קאַפּיטאַן...

האַנס קרעמער:

וואָס זאָרגט איר זיך אַזוי. די פיש וועלן אייך אויפפרעסן צי איר זענט יאָט אָדער הונגעריק, הער שטערן. דער קאַפּיטאַן אַליין ווייסט דען ווו ער איז אין דער וועלט, זאָל ער נאָך אייך זאָגן וווהין ער פירט אייך!

ברוך פאָזנער:

איר זענט אַלע ווילדע ברואים! צו וועמען האָט איר טענות? אַ פרעמדער מענטש, דער פראַנצויזישער קאַפּיטאַן. ער האָט אייך אַרויסגעשלעפּט פון אונטער

דעם דייטשס מעסער, ער האָט נישט פאַרלאַנגט פון איך קיין פּאַפּירן, קיין גראָשן געלט, אָוועקגעגעבן איך זיין שיף, טיילט זיך מיטן ביסן ברויט, פירט איך צו אַ זיכערן פּאָרט. וואָס ווילט איר נאָך? ווו איז די דאַנקבאַרקייט?

**האַנס קרעמער** (לאַכט סאַרקאַסטיש):

ער פירט אונדז צו אַ זיכערן פּאָרט! ווער וועט אונדז וועלן אַריינגעמען צו זיך אין לאַנד? ווער דאַרף אַזאַ געזינדל?!

**אפרים שטערן:**

דאָס זענט איר גערעכט רעב יעקע. ווער דאַרף אונדז? צוזאַמענגעקומען עט־לעכע הונדערט מענטשן, שלעפּן זיך אויפן ים, קיינער קען זיי נישט, קיינער ווייסט זיי נישט.

**ברוך פּאָזנער:**

איר פּייניקט זיך אַליין, פרעסט זיך איינער דעם אַנדערן, אַנשטאָט צו העלפן איינער דעם אַנדערן אין אַזאַ שעה, איז גאָר פאַרקערט.

**האַנס קרעמער:**

קוקט אים נאָר אָן, דעם צדיק, דעם הער פּאָזנער! ווען ער איז אַרויפגעקומען אויף דער שיף מיט אַ צען טעג צוריק, איז ער געווען אַ טרעמפּ, אַן אומציוויליזירטער קערל, אַ ציניקער, געלאַכט און געשפּאָט פון אַלעמענס ליידן, געלאַכט פון גאָט און פון מענטש, — היינט איז ער געוואָרן דער מאָראַליסט פון דער שיף, דער טרייסטער. עס איז צום לאַכן. מיר קענען איך, הער פּאָזנער.

**קאַרלאָס ראָדריגעז** (נעמט אַרויס די האַרמאָניקע פון מויל, לאַכט):

ווייל ער האָט זיך פאַרליבט אין דעם שענסטן מיידל פון דער שיף. זי האָט פון אים געמאַכט אַ מאָראַליסט. ווען אין מיר פאַרליבט זיך אַזאַ פּרעכטיקע פרוי, וואָלט איך אויך געוואָרן אַ מענטש, אַזוי בין איך קאַרלאָס ראָדריגעז, אַ פישער־יונג, אַ רעוואָלוציאָנער. איך בין געווען ביי דער גרענעץ פון מיין לאַנד און מוז אַנטלויפן! אַ שטיק טינוף בין איך!

(שפּייט אויס. ציט אויף זיך די הויזן און נעמט ווידער שפּילן אויף דער האַרמאָניקע.

האַנס קרעמער שלעפּט אַרויס פון טאַש אַ לאָרנעטע, גייט צו צו איינעם פון די פענצטערלעך פון דער שיף און קוקט אַרויס אינעם ים. מען זעט אַ ווייסן שוים און אַ שטיק בלויען הימל.

גאָדל בערגמאַן זאָגט ווייטער תהילים.

אַנעט פעדער גייט צו נענטער צו ברוך פּאָזנערן, איר געזיכט איז בלייך, שיין און רויק. אירע אויגן קוקן מיט ליבשאַפט אויף פּאָזנערן).

**אַנעט פעדער:**
הער נישט וואָס זיי ריידן, ברוך. עס איז אַזוי וווּנדערבאַר, וואָס דו ביסט אויף דער שיף, וואָס איך האָב דיך באַקענט. איך וואָלט נישט אויסגעהאַלטן אָן דיר. טיילמאָל טראַכט איך, אַז עס לוינען זיך זיך די אַלע ליידן, נאָר דערפאַר, ווייל אַזוי אַרום האָב איך דיך באַקענט. הער נישט זייערע רייד, ברוך!

**ברוך פאָזנער:**
די מענטשן שטייען ביים אָפּגרונט פון פאַרצווייפלונג. מען דאַרף דאָך זיין שטאַרקער פון אייזן דאָס אויסצוהאַלטן. קינדער, פרויען, אַלטע־לייט, קראַנקע, אַפילו שוואַנגערע פרויען זענען דאָ אויף דער שיף. די פאַרצווייפלונג שטויסט זיי צו בייזקייט, כעס. זיי פאַרגעסן אַפילו, אַז דער אומבאַקאַנטער שיפס־קאַפּיטאַן האָט זיי גערעטעוועט. ווען איך בין אַ פרומער ייִד, וואָלט איך געגלייבט, אַז אליהו־הנביא, אינעם געשטאַלט פון אַ פראַנצויזישן שיפס־קאַפּיטאַן, פירט די שיף, פירט הונדערטער ייִדן, אַרויסגעריסענע פון הינטער דעם דייטשס מעסער.

**אַנעט פעדער:**
אויך איך בין זיכער, אַז קאַפּיטאַן לעבלאַן וועט אונדז דערפירן צו אַ ברעג. איך בין אויך זיכער, אַז די שיף ווערט באַשיצט און אָפּגעהיטן פון אַ געטלעכער קראַפט. גאָטס האַנט פירט די שיף. קיין שלעכטס וועט אונדז נישט געשען.

**ברוך פאָזנער:**
ביסט אַ וווּנדערבאַר מיידל. עס איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין בראָדיאַגע־לעבן, וואָס איך באַגעגן אַ פרוי אין וועלכער עס פאַראייניקן זיך: שיינקייט, מאָראַל, מענטשלעכע דערהויבנקייט. איך בין אויסגעוועזן אַ וועלט און ערשט אויף אונדזער איינזאַמער שיף באַגעגנט אַזאַ ווי דו, אַנעט.

**אַנעט פעדער** (לאַכט):
האָסט נישט גוט געזוכט, ברוך. איך בין נישט אַזוי שיין, נישט אַזוי מאָראַ־ליש, דערהויבן, ווי דו מיינסט. דאָס שענסטע און דערהויבנסטע פון דעם אַלעם, איז וואָס איך האָב דיך ליב. מיט אַ האַלב יאָר צוריק, האָב איך אַפילו אין חלום זיך דאָס נישט געקענט פאָרשטעלן. די צעפּיעשטשעטע, געצערטלטע אַנעט פעדער, די טאָכטער פון אַ פאַריזער רייכן ייִדישן וויין־סוחר זאָל זיך פאַרליבן אויף אַזאַ דראַמאַטיש־ראָמאַנטישן אופן...

**קאַרלאָס ראָדריגעז** (הערט אויף שפּילן, לאַכט):
די צוויי פאַרליבטע האָבן זיך צערעדט. העי סעניאָר פאָזנער! אפשר קען אַ שטראַל ליכט פון די סעניאָריטאָס אויגן אויך פאַלן אויף מיר! איך ליג דאָך אין דעם זעלבן פעסל וואָס דו! פאַרוואָס קומט עס בלויז דיר?

**ברוך פּאַזנער:**
פיל שיינע מיידלעך פאַראַן אויף דער שיף, מיין ליבער קאַרלאָס.

**קאַרלאָס ראָדריגעז:**
אַלע זענען הונגעריק בלויז נאָך ברויט! דאָס האָב איך נישט. שפּיל איך אויף מיין האַרמאָניקע וועגן ליבע.

**האַנס קרעמער** (רעדט צו זיך אין אַ טריומפירנדיקן טאָן):
יאָ! איך מאַך נישט קיין אירטום! עס איז אַ סובמאַרין! האַנס קרעמער מאַכט נישט קיין אירטום, דער פעריסקאָפּ פון אַ סובמאַרין!

**אפרים שטערן:**
וואָס פּלאַפּלט ער ווידער דאָרט דער יעקע? ער האָט שוין ווידער דערזען אַ ווײַדל פון אַ פיש און מיינט, אַז עס איז אַ סובמאַרין, אַ נישט־גוטיקייט אויף אים, טאַטע זיסער!

**הענרי פּעדער:**
לאָזט אים, מעסיע שטערן, אַז אַ מענטש האָט הנאה פון מאַכן אַ פּאַניק, פון קראַצן די אייגענע ווונדן לאָזט אים!

**גאָדל בערגמאַן:**
מען דאַרף בעסער דאַווענען שחרית! אפשר קען מען דאָ צוזאַמענקלאַפּן אַ מנין? קיין עין־הרע עטלעכע הונדערט יידן, דאַרף זיך דאָך געפונען אַ מנין דאַוועַנער, אַ מנין כאָטש! שאַ, שאַ! דער קאַפּיטאַן גייט!

(אין דער טיר, וואָס פירט צום קעלער, הינטער אַ ריי טרעפּ, באַווייזט זיך דאָס פעסטגעבויטע געשטאַלט פון קאַפּיטאַן לעבלאַן. זיין פּנים זעט אויס מיד, מיט קנייטשן. זיין געשטאַלט אַביסעלע געבויגן. הינטער אים גייט אַ מאַטראָס און נאָך זיי ביידן שלייכט זיך די אַמעריקאַנערין, פלאָרענס קאַרמעל).

(אינעם קעלער ווערט זייער שטיל, מען קען אפילו הערן דאָס רוישן פון די מאַשינען און דאָס פּאַטשן פון די כוואַליעס אין דער שיף. קאַפּיטאַן לעבלאַן מאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן).

**קאַפּיטן לעבלאַן** (מיט אַ ווייכע שטימע):
גוט מאָרגן, מיינע פּאַסאַזשירן! ווי האָט זיך עפּעס געשלאָפן?

**שטימען פון אַלע:**
זייער גוט, ווי אין אייגענעם בעט!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**
איך וויל אייך בעטן איר זאָלט נישט אַריינפאַלן אין קיין פּאַניק און נישט

שרעקן זיך פון דעם, וואָס איך וועל אייך איבערגעבן. עס איז אייגנטלעך גאָרנישט, נאָר מען דאַרף זיין גרייט.

(פנימער קוקן זיך איבער מיט שרעק. אומרויִקע באַוועגונגען צווישן די מענטשן).

מיר האָבן באַמערקט אַ סובמאַרין, וואָס שווימט אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס מיר. דער קרייז איז אַן ערך פון זעקס ביז זיבן מייל ווייט פון אונדזער „עספעראַנס“!

**האַנס קרעמער** (רופט אויס):

אַ דייטשע סובמאַרין, הער קאַפּיטאַן? אויפן ים־פּלאַך?

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

אַ דייטשע סובמאַרין! מיר ווייסן נאָר נישט אויף זיכער, אויב דער סובמאַרין מיינט אונדז, אָדער ער מיינט צו אַטאַקירן ענגלישע שיפן!

**פלאָרענס קאַרמעל:**

דער דייטשער סובמאַרין מיינט אונדז! אונדז! מיר זענען יידן! זיי וועלן אונדז טאָרפּעדירן! מיר זענען פאַרלוירן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (שטרענג):

איך דערלויב אייך נישט צו מאַכן קיין פּאַניק אויף מיין שיף! מאַדאַם! איך בעט אייך זיך רויִק צו פאַרהאַלטן. מיר זענען אויף דער שיף פיר הונדערט נפשות. צווישן זיי קינדער, אַלטע־לייט, קראַנקע, שוואַנגערדיקע פרויען. דער סובמאַרין וועט אונדז נישט אַטאַקירן! איך בעט האָבן צוטרוי צו מיר! איך האָב אייך געראַטעוועט פון די דייטשן און וועל אייך ווייטער נישט פאַרלאָזן!

**פלאָרענס קאַרמעל:**

איר האָט געדאַרפט נעמען אַן אַנדער ריכטונג, קאַפּיטאַן! קיין אַמעריקע האָט איר זיך געדאַרפט לאָזן מיט דער שיף! טעלעגראַמעס צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט איר געדאַרפט אַרויסשיקן, הילף האָט איר געדאַרפט בעטן, נישט פאַרלאָזן זיך אויף דער קליינער שיף אייערער!

**אפרים שטערן:**

אַלע זענען עצה־געבערס! יעדער ווייסט וואָס מען דאַרף טון! יעדער קען זיין אַ שיפס־קאַפּיטאַן; טעלעגראַמעס צום פּרעזידענט פון אַמעריקע. אַ שיינע מעשה. ער איז פינף טויזנט מייל ווייט פון אונדז און דאָ שטייט אַ סובמאַרין מיט טאָרפּעדאָס! וואָס דען, מיט לעקעך און בראָנפן? בלויז זיבן מייל.

### קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איך בעט אײַך נישט זיך צוהערן צו אַ היסטערישער פרוי! מיר זענען אויסער געפאַר. מיר האָבן נישט קיין וואָפן אויף דער שיף, מיר זענען פליכטלינגע פון פאַרשידענע לענדער.

### גאָדל בערגמאַן:

גאָט וועט העלפן, קאַפּיטאַן, און אַלץ וועט פאַראיבער בשלום! איר האָט אונדז איינמאָל געראַטעוועט פונעם רוצחס הענט, וועט אײַך גאָט העלפן און איר וועט עס אַ צווייטן מאָל באַווײַזן.

### קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איך דאַנק אײַך.

### אַנעט פעדער:

דאָס זענען רייד פון אַ גלויביקן מענטשן.

### קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איך וויל אײַך בעטן אויב עס האָט ווער געוווער צווישן אײַך, זאָל עס איבערגעבן צו מײַנע מאַטראָסן. מיר מוזן זײַן גרייט אַפילו פאַר אַן אונטערזוכונג אויף דער „עספּעראַנס". טוט עס שוין!

(מען זעט באַוועגונגען. דער שפּאַניער, קאַרלאָס ראָדריגעז, גיט אַוועק אַ מעסער, אַנדערע גיבן אַוועק מעסערס און רעוואָלווערן. אויך ברוך פּאָזנער גיט אַוועק אַ רעוואָלווער).

### אפרים שטערן:

עס איז שוין גאָרנישט קיין וויץ דער גאַנצער ענין. איך האָב מורא דער יעקע, האַנס, איז גערעכט. ער ווייסט גענוי וואָס עס טוט זיך. ער קוקט אין ביי־כעלע, קוקט אין ים אַריין, קען אַפילו זײַן אַ שטערן־זעער. אַז אַלץ ווייסט ער.

### קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איך דאַנק אײַך אַלעמען. איך קען אײַך אָנזאָגן אויך אַ גוטע בשורה! מאָרגן וועלן מיר דערגרייכן אַ פּאָרט. איך קען אײַך נאָך נישט זאָגן גענוי וועלכע ריכטונג מיר וועלן היינט נעמען. די הויפּט־זאַך איז נישט פאַרצווייפלען און פאַרהאַלטן זיך רויִק. אָרעוואָאַר!

(קאַפּיטאַן לעבלאַן און דער מאַטראָס גייען אַרויס פון קעלער).

(באַלד ברעכט אויס אַ שוידערלעך גערודער. אַלע נעמען ריידן מיט אַמאָל).

**האַנס קרעמער** (מיט אַ שטאַרקע שטימע):

וואָס האָב איך איך געזאָגט! איך האָב געזען דעם סובמאַרין נאָך פריִער פון דעם קאַפּיטאַן. איך האָב בלויז געזען דעם פּעריסקאָפּ. דער סובמאַרין שפּילט זיך מיט אונדז, ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. דערווייל איז עס דער פּראָלאָג, מיינע דאַמען און הערן!

**ברוך פּאָזנער:**

ער איז שוין אַן אַקטיאָר אויך דער יעקע, אַן אָנשיקעניש! מען וואָלט אים געדאַרפט ערגעץ באַשטאַטן, כאָטש איבער דעם היינטיקן טאָג.

**אַנעט פּעדער:**

קיינער הערט זיך צו אים סיי ווי סיי נישט צו. מען קען אים שוין. אַלע אויף דער שיף ווייסן ווער ער איז. אינטערעסאַנט איז, אַז ער האָט אַלעמאָל ברויט און אַפילו אַביסל טרינקוואַסער געפינט ער.

**הענרי פּעדער:**

טאָכטער מיינע, אפשר וועסטו אַרויפגיין אַביסל אויפן דעק, איינעטעמען פרישע לופט. דאָ אין קעלער איז דאָך דערשטיקט צו ווערן. שימל, מיסט, מייז און אַלץ אין אַ פאַרפּעסטעטער פאָרם. (צו פּאָזנערן): איר, מעסיע פּאָזנער, האַלט זיך אַממוטיקסטן פון אַלעמען. איך בין אויך מקנא דעם גאָדל בערגמאַן. ער האָט פאַרלוירן זיין ווייב, די קינדער און האָט נאָך אַזויפיל גלויבן און האָפענונג. אַ שטאַרק מאָראַלישער מענטש. איך האָב זעלטן געזען אַזעלכן!

**אַנעט פּעדער:**

נישט אמת, פאָטער? אַז מיר האָבן זעלטן געזען אַזעלכע מענטשן. איך האָב דאָס געזאָגט פּאָזנערן.

**ברוך פּאָזנער:**

אונדזער שיף איז ווי נחס תיבה, ווו אַלע באַשעעפענישן פון דער וועלט זענען געוועזן פאַרזאַמלט. אַלע!

**אַנעט פּעדער:**

אַ וווּנדערלעכער פאַרגלייך!

**האַנס קרעמער:**

בראַוואָ, הער פּאָזנער, פאָרט זיך דערזאָגט דראַמאַטיש, שיין. נחס קאַסטן! בראַוואָ!

(דער שפּאַניער און נאָך אַנדערע צוויי לייט נעמען שפּילן אויף האַרמאָניקעס, זינגען שפּאַנישע, פּוילישע, פראַנצויזישע לידער, מיט פאַרבענקטע מעלאָדיעס.

איינצלנע מענטשן ציִען זיך אויס אויפן דיל, אַנדערע גייען אַרויף די טרעפּ, אַנ־דערע לאָזן אַראָפּ די קעפּ מיט טרויער און רעזיגנאַציע. דאָס געזאַנג שטאַרקט זיך העכער און העכער).

**אפרים שטערן:**

**נחס תיבה! נחן האָט גאָט געהייסן אַריינגעמען אַלע מינים חיות, עופות, בהמות און דאָ, דאַכט זיך מיר, אַז מיר וועלן אומקומען צוליב די אַלע מינים באַשעפענישן.**

**גאָדל בערגמאַן:**

**נו, נו נישט פאַרצווייפלען! גאָט האָט אַלערליי וועגן ווי צו שיקן הילף. מיר האָבן שוין גרעסערע צרות איבערגעהאַלטן! בטחון פאַניע שטערן, בטחון! איר ווייסט זייער גוט וואָס דאָס מיינט...**

(פאָרהאַנג פאַלט. עטלעכע מענטשן גייען פאַרביי אויף דער בינע אויסער דעם פאָרהאַנג, האַרט פאַרן פובליקום. טייל געניצן, אַנדערע זינגען. אַ פרוי שלעפּט אַ וואַליזקע. אַ צווייטע פרוי גייט מיט אַ קינד ביים האַנט. טייל — אַפּאַטיש, אַנ־דערע — האַפּערדיק. די מענטשן גייען צום דעק פוןביידע זייטן).

(פאָרהאַנג פאַלט).

# ב י ל ד 3

מיטיק־שעה. דעם זעלבן טאָג. אויפֿן דעק פֿון דער שיף.

דער ים איז רויק. ווייסער שוים שפּריצט פֿריילעך אין קרויזלדיקע כוואַליעס אַרום דער שיף. די זון ברענט די לייבער פֿון די מענטשן. דער ים טוישט זיינע פֿאַרבן און די בלוילעך־קרישטאָל־כוואַליעס שימערירן מיט אַלע רעגנבויגן־קאָלירן. טונקל־בלויע, גאָלדיקע און זילבער־ברוינלעכע פֿיש שפּרינגען צו דער שיף אין פֿליענדיקן אימפּעט. צווישן דעם ווייסן שוים און די זילבער־בלוילעכע כוואַליעס צינדן זיך ליכטיקע פֿלעמלעך ווי שטערן און לעשן זיך. אַלץ אַרום דער שיף קאָכט מיט לוסטיקן שפּיל פֿון זון, וואַסער, שוים און בלויען אָפּגרונט.

אויפֿן דעק שטייען פּאָרלעך, לאַכן, דערציילן וויצן, קוקן זיך אין די אויגן מיט ליבשאַפֿט. דאָס זענען יונגע חברה, וועמען עס אַרט ווייניק דער הונגער, דורשט און די שרעק. זיי ריידן אין פֿאַרשיידענע לשונות. דאָס מיידל רעדט פּויליש, דער בחור — רומעניש; די פֿרוי רעדט דייטש, דער מאַן — שפּאַניש; דאָס מיידל לאַכט און הנדלט זיך אין דעם פֿלינקן גראַציעז־זינגעוודיקן פֿראַנצויזיש און דער בחור רעדט צו איר אַ פֿאַרשפּיצטן ליטווישן יידיש.

עלטערע מענטשן ליגן צעוואָרפֿן אויפֿן דעק. איינער שלאָפֿט; דער צווייטער קוקט אַריין אין אַ בוך, אין אַ ספֿר; אַ דריטער בייט זיך אַ קנאָפּ צו די הויזן, אָדער פֿאַרריכט אַ העמד; אַ פֿערטער ליגט פֿאַרחלשט; אַ פֿינפֿטער — קוקט צו דעם קלאָרן בלויען־הימל און חלומט מיט אָפֿענע אויגן; אַ זעקסטער פֿרייט זיך מיט דעם לוסטיקן שפּיל פֿון וואַסער און זון, איז מקנא די פֿיש און חלומט פֿון אַ מאָלצייט, ווייב און ווייך געלעגער. אַ זיבעטער רעדט מיט זיין ווייב און מאַכן זיך פּלענער אויף מאָרגן, ווען זיי וועלן אָנקומען אין אַ לאַנד אַריין; אַן אַכטער זינגט אַ רוסישן ראָמאַנס; אַ ניינטער — אַ חסידישן ניגון; אַ צענטער — אַ פֿראַנצויזיש פֿריילעך לידל; אַ עלפֿטער אַ יידיש פֿאָלקס־ליד. אַ צוועלפֿטער אַן אַריע פֿון אַן אָפּערע.

ברוך פּאָזנער שטייט איינער אַליין ביים פֿאָרענטש פֿונעם דעק און קוקט אין דער בלויער דורכזיכטיקער ווייטקייט פֿון ים און הימל.

**אַנעט פּעדער** (קומט צו צום אָרט ווו עס שטייט אַ פּאַרטראַכטער ברוך פּאַזנער):

שטייסט איינער אַליין, ברוך! וועגן וואָס חלומסטו?

**ברוך פּאַזנער:**

איך חלום ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען מיר זענען כאָטש איין מינוט אַליין. איך זאָל דיר קענען געבן אַ קוש אין דיינע ווייניקע ליפּן.

**אַנעט פּעדער** (לאַכט שעלמיש):

קענסט מיר געבן אַ קוש. ביי אונדז אין פראַנקרייך שעמט מען זיך נישט!

**ברוך פּאַזנער:**

מיר וועלן שוין אָפּוואַרטן. צופיל אויגן פון מענער לויערן דאָ אויף דיר.

**אַנעט פּעדער:**

ביסט אַ שעמעוודיקער ברוך! זע נאָר וואָס פאַר אַ הערלעכער טאָג. דער ערשטער שיינער טאָג, זינט מיר האָבן פאַרלאָזט באַיאָן. אַבי זיי האָבן אָנגעמאַכט אַזאַ טומל צוליב דעם סובמאַרין. עס איז שוין פּאַריבער אַ האַלבער טאָג און עס איז שטיל. אַפילו די דייטשן וועלן נישט טשעפּען פליכטלינגע אויפן ים.

**ברוך פּאַזנער** (מיט ביטערניש):

הלוואי עס זאָל זיין ווי דו זאָגסט, אַנעט. איך קען בעסער די דייטשן. טאַקע דערפאַר, וואָס עס איז אַזוי שטיל, זיי לאָזן אונדז צורו, שרעק איך זיך. אפשר מאַך איך אַ טעות, אָבער מיר געפעלט נישט זייער שטילקייט. אָט איז ער אויפן אויבער־פלאַך פון ים און אָט אונטערן וואַסער!

**אַנעט פּעדער:**

פאַלסט דאָך שוין אַריין אין אַזאַ פּעסימיסטישע שטימונג, ווי רופסטו אים, דער יעקע, האַנס קרעמער. וואָס דאַרפסטו זיך שרעקן, וואָס עס וועט זיין? קוק ווי פּרעכטיק עס איז אַרום אונדז. זע נאָר ווי מען ליבט זיך דאָ אויפן דעק, ווי מען לאַכט און מען זינגט. זע נאָר דעם אַלעקסאַנדער זאַפּט און דאָס מיידל ליזאַ. ער איז אַ רומענישער ייִד און זי — אַן עסטרייכיש ווינער מיידל!

**ברוך פּאַזנער:**

די איינציקע רפואה פאַר דעם טרויער און פאַרצווייפלונג. אָן דעם וואָלט געווען זייער ביטער. לאָמיר צוגיין צו אַלעקסאַנדערן און ליזאַן!

**אַנעט פּעדער:**

נו ליזאַ, אַלעקסאַנדער דערציילט שיינע געשיכטעלעך?

**ליזאַ** (אַ גאָלד־האָריק מיידל, מיט אַ דאַרן לענגלעכן פּנים און טיפע בלויע אויגן):

עס דרייט מיר אין בויך פאַר הונגער. איך קען קוים אויסהאַלטן און ער דערציילט אַזעלכע וויציקע געשיכטעס. אפשר קענסטו ערגעץ קריגן פאַר מיר אַ שטיקל ברויט, אַנעט. ווייסט וואָס, אַ קאָנסערוון־פּושקע מיט פליש!

**אַנעט פּעדער:**

וואַרט נאָך צו ביז פּאַרנאַכט, ליזאַ! מיר וועלן ביידע אַראָפּגיין אין דער מאַ־שינען־אָפּטיילונג און אויסבעטלען ביי די מאַטראָסן אַביסל שפּייז. דיר וועלן זיי געבן, דו שמייכלסט אַזוי באַחנט.

**אַלעקסאַנדער זאַפּט** (רומעניִשער ייִד, הויכער, שלאַנקער בחור, מיט שוואַרצע טשופּרינע און איינגעפּאַלענע באַקן פון פּנים):

לאָמיר אַלע זיך פאָרשטעלן, אַז מיר גייען אויף אַ באַנקעט. די טישן זענען געגרייט און אויף די טישן שטייען אָנגעשטעלט אַלערליי שפּייזן, געטראַנקען. זאָל יעדער זיך אויסקלייבן וואָס ער וויל און דערביי חלומען, אַז ער עסט דאָס. דו ברוך, ביסט דער ערשטער, וואָס וואָלסטו אויסגעקליבן פאַר אַ סעודה?

**ברוך פאָזנער:**

אַ הערינג מיט געבראָטענע קאַרטאָפל און אַ שטיק ראַזעווע ברויט!

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

איך וואָלט דיך שוין נישט געמאַכט פאַר קיין שפּייז־מיניסטער! אַ השגה און אַ פאַנטאַזיע פון אַ מענטשן! און דו אַנעט?

**ליזאַ:**

לאָז מיך צו ערשט, אַלעקסאַנדער. איך חלש! די אויגן קריכן מיר אַרויס פון קאָפּ. דאָס שפּייעכץ אין מויל. און די געדערים זינגען און שפּילן צום טאַקט, אַזוי ווי צו אַ ווינער וואַלס...

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

עס טוט מיר לייד, ליזאַ. עס איז נישט דיין ריי.

**אַנעט פּעדער:**

זאָל זי צוערשט עסן, אַלעקסאַנדער. זי איז דאָך דיין מיידל, טו איר צוליב.

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

ווי קען איך מיר נעמען אַ ווייב אַזאַ פרעסערקע. זי וועט דאָך מיך בדיל־הדל שטעלן. זי קען דאָך אויפעסן אַן אָקס מיט קאָפּיטעס.

**ליזאַ:**

ווען מיר וועלן זיין מאַן און ווייב, וועל איך עסן ווייניקער, נאָר איצטער לאָז מיך צוערשט!

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

גוט! קלייב דיר אויס אַ מעניו!

**ליזאַ:**

גאָט מיינער! סאַרדין, אייער? ניין! געבראָטנס צוערשט, מיט קליינע קאַרטאָפל,

מיט סאַלאַט און קליינע אַרבעסלעך! לאָבסטער אויך, מיט מאַיאָנעז. אַ שוואָמען־זופּ, און...

**אַנעט פּעדער** (דערשראָקן):

**וואָס איז דאָס געלויף? וואַרט, ליזאַ, עס נישט! וואַרט! וואָס איז דאָס!**

(זשאַן קלאָדעל איז אַרויפגעקומען אויפן דעק. ער האַלט ביים מויל אַ טרובע, אַזאַ מין הויך־רעדער. זיינע אויגן זענען אָנגעשפּיצט אין דער ווייטקייט. ער רעדט):

**זשאַן קלאָדעל:**

**אַכטונג אַלע פון דער שיף! הערט זיך אויפמערקזאַם צו! מיר האָבן מיט עטלעכע מינוט צוריק אויפגענומען אַ ראַדיאָגראַמע פון דעם דייטשן סובמאַרין. אין דער ראַדיאָגראַמע זאָגט זיך, אַז מיר זאָלן אַרויסגעבן אַ מאַן, וואָס געפינט זיך אויף אונדזער שיף „עספּעראַנס“. דער מאַן איז אַ מערדער, אַ שפּיאָן און איז אַ... ייִד! אויב וועלן מיר אים נישט אַרויסגעבן ביז היינט זעקס פאַרנאַכט, וועט אונדזער שיף „עספּעראַנס“ פינף מינוט שפּעטער צעשאָסן ווערן פון טאָרפּעדאָס! פינף מינוט נאָך זעקס!**

(דאָס דראַמאַטישע קול פון אָפיציר זשאַן קלאָדעל, וואָס האָט ערשט אַרויס־געלייענט אַ טויטאורטייל איבער די פיר הונדערט לעבנס און איבער דער שיף, איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַלע האָבן איינגעהאַלטן די אָטעמס. זשאַן קלאָדעל האָט באַטראַכט די מענטשן־מאַסע און ווייטער געגומען אַריינרעדן אין דער טרובע):

**דער נאָמען פון דעם מאַן איז... וויקטאָר שליסעל!**

(דער עולם האָט זיך אַ וויג געטון, אָפּגעכאַפּט די אָטעמס, ווי זיי וואָלטן אין דער רגע געפונען אַ ליזונג, אַ רעטונג. באַלד האָבן זיי זיך געכאַפּט, וואָס זיי האָבן געהערט און איינער האָט שנעל איינגעשפּיזט זיין פּנים אין דעם אַנדערנס געזיכט).

**שטימען פון די מענטשן אויפן דעק:**

**וויקטאָר שליסעל?! וויקטאָר שליסעל?!**

**זשאַן קלאָדעל:**

**איז דאָ צווישן אייך אַ מאַן מיטן נאָמען וויקטאָר שליסעל?**

(ווידער אַ טיפע שטילקייט. מען הערט נישט דאָס אָטעמען).

**שטימען פון די מענטשן:**

**מיר קענען נישט אַזאַ נאָמען! מיר וויסן נישט!**

**זשאַן קלאָדעל:**

**אויב עס געפינט זיך אויף דער שיף אַ מאַן מיט דעם נאָמען, זאָל ער זיך גלייך מעלדן צום קאַפּיטאַן! איצטער איז איינס אַזייגער. מיר האָבן פינף שעה צייט צו האַנדלען! אויף דער דייטשער שיף וועלן זיי זיין זייער פּינקטלעך! מיר**

**גיבן אייך צוויי שעה צייט אויסצוגעפינען דעם מאַן וויקטאָר שליסעל, טוט עס ווי אַמשנעלסטן! עס איז פאַר אונדזער אַלעמענס לעבן!**

(זשאַן קלאָדעל איז פאַרשווונדן פון דעק. די שטילקייט האָט נאָך אָנגעהאַלטן עטלעכע רגעס און באַלד האָט אַ געברום, ווי אַ קרעכץ פון הונדערטער מיילער דורכגעשניטן די לופט):

## שטימען פון מענער און פרויען:

**ווער איז וויקטאָר שליסעל? וואָס וואַרט מען? וואָס שווייגט מען?**

## האַנס קרעמער:

**איך האָב געוווּסט, אַז עס וועט אַזוי זיין. שוין פון נעכטן פאַרנאַכט אָן יאָגט אונדז דער דייטשער סובמאַרין, אָט איז ער אויפן אויבערפלאַך פון ים און אָט פאַרשווינדט ער. קרייזט אַרום אונדז און רייצט זיך מיט אונדז. ביז עס איז אים אַליין שוין געוואָרן עקלדיק. ער האָט שוין געענדיקט דעם פאָרשפּיל און הייבט אָן דעם ערשטן אַקט!**

## אפרים שטערן:

**פונוואַנעט האָט ער דאָס געוווּסט דער יעקע? אַלץ געוווּסט! אפשר איז ער אַליין...**

## גאָדל בערגמאַן:

**היט זיך, פּאַניע שטערן, מיט סתם רייד. עס איז אַ סכנה אַרויסצוברענגען ווערטער פון מויל, איידער איר באַטראַכט זיך, וואָס איר גייט זאָגן.**

**ליזאַ** (ברעכט אויס אין אַ היסטעריש־ספּאַזמאַטישן געלעכטער, וואָס הערט זיך אויך אָן ווי אַ געוויין):

**איך בין הונגעריק! מיין מעניו! מיינע שפּייזן! ווער איז דאָס וויקטאָר שליסעל? אפשר קענסטו אים אַלעקסאַנדער? וואָס שווייגסטו? גאָט מיינער! איך האָב מיינע עלטערן פאַרלוירן! איצטער וועל איך צעשמעטערט ווערן פון אַ טאָרפּעדאָ! פּילייכט ווייסטו, אַלעקסאַנדער ווער ער איז?**

**אַלעקסאַנדער** (דערשראָקן):

**ווי אַזוי רעדסטו ליזאַ? איך קען אַזאַ נאָמען? פאַרדעכטיקסט אפשר, אַז גאָט מיינער...**

## ליזאַ:

**מען איז דאָך נישט זיכער מיט דעם אייגענעם שאָטן! מיר ווייסן נישט ווער איז ווער! דו ביסט זאָגסטו, אַלעקסאַנדער זאָפּט! ער זאָגט, אַז ער איז ברוך פּאַזנער! איך זאָג, אַז איך בין אַן אינדישע פּרינצעסין! ווער זענען די אַלע מענטשן?**

(לאַכט היסטעריש. העשעט און פאַלט אין אָנעטס אָרעמס).

**אַנעט פּעדער:**
באַרויִק דיך ליזאַ! באַרויִק דיך, אַלץ וועט גוט זיין! עס וועט זיך גוט ענדיקן. אַלעקסאַנדער זאַפּט, איז אַלעקסאַנדער זאַפּט. ער האָט דיך ליב און דו האָסט אים ליב. ער איז אַ ייִד פון רומעניע. ער האָט אויך געלעבט אין פראַנקרייך. ער איז אַ סטודענט פון מעדיצין! ברוך פּאָזנער איז...

**ליזאַ** (האַקט איבער אירע רייד מיט אַ שלוכצן):
ווער איז ברוך פּאָזנער? און ווער ביסטו? ווער איז האַנס קרעמער? ווער איז שטערן?...

**אַנעט פּעדער:**
ברוך פּאָזנער איז מיין חתן. מיר קענען זיך שוין צען טעג צייט. ער איז אַ מאָלער, אַ... רייזענדער, אַ מוזיקער! ער איז שוין געווען אין דער גאַנצער וועלט. אין רוים, אין ווין, אין לאָנדאָן, אין יאַפּאַן. אַלע האָבן אים גערן. ער איז ברוך פּאָזנער!...

**ברוך פּאָזנער:**
זי איז דאָך גערעכט, ליזאַ. ווער זענען מיר?

**אפרים שטערן:**
אַ שיינע מעשה! אָפּגעלעבט עטלעכע פופציק יאָר. איך בין געווען אַ באַקאַנטער דימענטן־סוחר אין אַנטווערפּן! אַלע אויף דער פּעליקאַן־שטראַסע האָבן מיך געקענט. איך האָב געהאַט אַ ביורא, מיט אָנגעשטעלטע, טויזנטער קאַראַט דימענטן דורכגעוואָרפן דורך מיינע הענט. איך האָב געהאַט אַ ווייב, גיטעלע און אַ ייִנגעלע דודל, האָבן די דייטשן זיי דערהרגעט נישט ווייט פון דער שטאָט טור אין פראַנקרייך, איצטער גיי און זאָג זיי ווער איך בין! איך בין אפרים שטערן! מיין טאַטע האָט געהייסן מרדכי־לייב און איז געווען אַ שפּייז־קרעמער אין אַ קליין שטעטל אין גאַליציע. דאָס איז מיין יחוס! איצטער ווער איך בין, ווייס איך נישט! איך בין אַ שמאַטע, אַ פּאַסאַזשיר אויף אַ שיף, וואָס נעמט נישט באַצאָלט פאַר דער רייזע, אַ צעבראָכענער ייִד, בין איך! איך ווייס שוין אַליין נישט! ווער בין איך טאַקע?

**ברוך פּאָזנער:**
וואָס דאַרפט איר זיך אַזוי אויפרעגן, פריינט שטערן, מען פאַרלאַנגט דאָך נישט פון אייך אייער ווידוי. דער מענטש ווייסט נישט אויף וועלכער וועלט ער איז!

**פלאָרענס קאַרמעל:**
איך בין אַן אַמעריקאַנער בירגערין! אָט איז מיין פּאַס! און אָט איז דער פּאַס פון מיין מאַן! ער איז נישט קיין אַמעריקאַנער, אָבער זיכער נישט אַ פאַרברעכער, נישט אַ וויקטאָר שליסעל!

**העניי פעדער:**

די פרוי האַלט אין איין באַרימען זיך, אַז זי איז אַן אַמעריקאַנער בירגערין און ווען זי איז אַפילו אַ כינעזישע קעניגין וואָלט עס איר געהאָלפן! ווי מענטשן ווערן קליין און נישטיק, ווען זיי שטייען פאַר אַן אומגליק! אַנעט! אַנעט! אפשר וועסטו זיי זאָגן ווער איך בין?

**אַנעט פעדער:**

אַלע קענען דיך אין פאַריז, פאַטער! אויף טויזנטער, טויזנטער פלעשער ווייַן איז דייַן נאָמען געווען. העניי פעדער, איינער פון די גרעסטע וויין־סוחרים אין פראַנקרייך. דאָס איז מיין פאַטער!

**העניי פעדער:**

דאָס איז געווען נעכטן. הייַנט איז מער קיין העניי פעדער נישטאָ! ווי האָט געזאָגט מעסיע שטערן: אַ בחנמדיקער פאַסאַזשיר, אַן אַוועקגעוואָרפענע שמאַטע!

**שטימען פון מענער און פרויען** (שטימען אין פאַרשידענע וואַריאַציעס):

וואָס וואַרט מען? דער זייגער שטייט נישט! ווו איז וויקטאָר שליסעל? פאַרוואָס גייט ער זיך נישט אויס? מען טאָר נישט וואַרטן!

**ליזאַ:**

ווער איז האַנס קרעמער? קאַרלאָס ראָדריגעז? גוסטאַוו שניצער? קאַרל באַלזאַם? גאָדל בערגמאַן? און נאָך און נאָך? איבער צוויי הונדערט מענער זענען דאָ אויף דער שיף! איך וויל נישט צעשמעטערט ווערן פון אַ טאָרפּעדאָ! איך... וויל נישט! (ספּאַזמירט).

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

אַנעט, נעם ליזאַן און פיר זי אַראָפּ אין קעלער. זי וועט נישט אויסהאַלטן אַפילו ביז זעקס פאַרנאַכט!

**אַנעט פעדער:**

גוט! קום ליזאַ, שפּאַר דיך אָן אויף מיין אַקסל. אָט אַזוי. מיר וועלן ליגן אַביסל אין קעלער. עס וועט דיר בעסער ווערן.

**ליזאַ:**

איך ווייס, ער איז דאָ. ער איז אַ שרעקעוודיקער. ער וויל זיך נישט באַווייזן. ער איז דאָ!

(ליזאַ שפּאַרט זיך אָן אויף אַנעטס פּלייצעס. זיי גייען ביידע אַראָפּ אין קעלער. אויפן דעק איז אַ שרעקלעכע סומאַטאָכע. מען סודעט זיך, מען וויַזט איינער אויפן אַנדערן. די פּנימער זענען אויפגערעגטע, בייזע, פאַרביטערטע, פאַרביסענע. די שיף וויגט זיך אין אַ ריטמישער גלייכקייט. איצטער ריידן די מענטשן אויף זייערע

אייגענע שפּראַכן. די שפּאַניער היצן זיך. די פראַנצויזן מאַכן מיט די הענט און באַוועגונגען פון די פּנימער, אַנדערע זענען רויקער, אַנדערע רייסן זיך די האָר פון קאָפּ).

**האַנס קרעמער** (שטייט בײַם פאָרענטש פון דער שיף און קוקט מיט אַ לאָרנעטע אין דער ים־ווייטקייט):

אָט איז ער, די בעסטיע! אָט שווימט ער פּאַראַלעל מיט אונדזער שיף! פאַרשאָלטענעס צייג! דאָנער־וועטעררר! זיי וועלן האַלטן וואָרט! זעקס אַזייגער, וועט אונדזער שיף צעשמעטערט ווערן, אַז עס וועט נישט בלייבן קיין צייכן, אַז מען האָט דאָ געלעבט, געליבט זיך, געריסן זיך ביי די נעזער! אָט איז זי, די פאַרפלוכטע בעסטיע! מיר מוזן געפינען דעם וויקטאָר שליסעל! ער איז דאָ אויף דער שיף! ער איז דאָ!

**אפרים שטערן:**

איר זענט דאָך אַזאַ חכם, אַ שטערן־זעער, אַן אַלץ־ווייסער! פאַרוואָס געפינט איר אים נישט? און אייער יחוס ווייסט מען יאָ, פאַניע יעקע, פון יעקעלאַנד? אָט זענט איר אַן אַקטיאָר, אָט אַ שטערן־זעער, אַ נביא! ווער זענט איר דאָס טאַקע?

**שטימען** (אויפגערעגטע, נערוועזשע, ספּאַזמאַטיש־היסטערישע):

ווער איז ער? זאָל ער שוין זאָגן!

**אפרים שטערן:**

עס איז געקומען די צייט איר זאָלט אויך אָפּגעבן דין־וחשבון, הער קרעמער! מען וועט אייך נישט גלייבן! נעכטן האָט איר שוין געוווּסט פון דעם סובמאַרין!

**שטימען** (בייזע, ווילדע):

ווער איז ער? שוין זאָל ער זאָגן און ווייזן זיין פּאַס!

**ברוך פּאָזנער:**

נישט אַזוי האַסטיק! ווי קענט איר וואַרפן אַזאַ באַשולדיקונג! פאַרזיכטיק! עס האַנדלט זיך אין אַ לעבן פון אַ מענטשן! פאַרזיכטיק!

**שטימען:**

מיר ווילן נישט און מיר פרעגן אייך נישט קיין עצות! מיר ווייסן נישט ווער איר זענט, פּאָזנער!

**האַנס קרעמער** (שרייט):

איך בין האַנס קרעמער, אַ באַוווּסטער שוישפּילער פון ווינער בורג־טעאַטער, פון בערלינער שטאַאַטס־טעאַטער! איך האָב געשפּילט אין „האַמלעט", אין „פּער־גינט", אין „קעניג ליר", אין „בוי־מייסטער סאָלנעס", אין „דער לעבעדיקע לייכע" אין „די זיבן געהאָנגענע", אין „נאָראַ", אין „ריכאַרד דעם דריטן", אין „דאָקטאָר פאַוסטוס", אין... יאָ, ווער בין איך? איך הייס... האַנס קרעמער! איך

בין אַ יודע, אַ יודע! אַ וועסט־יודע! איך בין געבוירן אין קאָבלענץ, מיין פאָטער איז געבוירן אין קראָקע און...

**אפרים שטערן:**

זענט איר דאָך אַ גאַליציאַנער, אַזוי ווי איך! איז וואָס האָקט איר אַ טשייניק מיט אָסט־יודען און וועסט־יודען? דער זעלבער מיוחס.

**האַנס קרעמער:**

אָבער ווער בין איך דאָך? האַמלעט, דאָקטאָר פאוסטוס, דער קעניג ליר, דער לעבעדיקער מת, אָדער האַנס קרעמער? האַנס, האַנס ווער ביסטו? ווער ביסטו הער קרעמער? הער קרעמער? אַ שוישפּילער, אָדער...

**שטימען:**

ער ווייסט נישט ווער ער איז! אפשר וויקטאָר שליסעל? ווער איז ער?

**ברוך פאָזנער:**

ער איז אַ פאַרטריבענער ייִדה, דאָס איז ער! איינער פון די מיטגלידער אין נחס קאַסטן. פונוואַנעט קען ער וויסן ווער ער איז, אַז ער האָט אַזויפיל נעמען און אַזויפיל ראָלן!

**פלאָרענס קאַרמעל:**

אַז ער וועט קומען קיין אַמעריקע, וועט ער ווערן צוריק אַ מענטש!

**אפרים שטערן:**

זי וואָלט אַלע נעבעך געוואָלט נעמען קיין אַמעריקע! איך וואָלט אויך געוואָלט, און דער טאַקע, דער יעקע, מיט די יתרוס נעמען, וואָס ער האָט אויסגערעכנט, וואָלט אויך געוואָלט! ווו נעמט מען אַ שיף מיט וויזעס? און ווי פּאַקט מען דערווייל דעם וויקטאָר שליסעל?

**מאַטראָס** (מיט אַ טרובע ביים מויל):

**דער קאַפּיטאַן האָט געהייסן אייך דערמאָנען, אַז עס איז אַ האַלבע שעה אָפּגעלאָפן! זאָל זיך דער מאַן מיטן נאָמען וויקטאָר שליסעל, מעלדן צום קאַפּיטאַן! דער דייטשער סובמאַרין שווימט אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס אונדזער שיף.**

(ווידער הערן זיך בייזע אויסרופן. עס טומלט זיך. געשרייען, קרעכצן).

(דער פאָרהאַנג פאַלט. אויף דער זייט ביי דער בינע אין פאָדערגרונט קומט אַרויס ברוך פאָזנער. זיין רעקל איז צעשפּיליעט. זיין פנים בלייך. ערנסט).

**ברוך פאָזנער** (צום פובליקום מיט אַ דראַמאַטישער שטימע):

**נישטאָ קיין וויקטאָר שליסעל! נישטאָ אַזעלכער!**

(ער גייט לאַנגזאַם אַראָפּ פון דער בינע. עס הערט זיך אַ זינגען פון פאַר־בענקטע לידער אין עטלעכע שפּראַכן, ראָמאַנסן, לידער פון טרויער און געבעט).

## צווייטער אַקט

### בילד 1

אויפן דעק פון דער שיף „עספעראַנס":

די מענטשן געפינען זיך צווישן שרעק און — אַפּאַטיע, צווישן היס־טעריע און — פאַרגליווערטקייט. אַלעריידן, אַלע שרייען, באַוועגן מיט די הענט. דאָ און דאָרטן זענען צעוואָרפן מענטשן אין ליגנדיקע פּאָזעס.

הענט פון מענטשן הייבן זיך צום הימל מיט געבעט.

הענט פון מענטשן צלמן זיך מיט געבעט.

הענט פון מענטשן זענען אויסגעשטרעקט צו דער ווייטקייט פון ים, צו דעם סילועט פון דער דייטשער סובמאַרין.

הענט פון מענטשן ביילן זיך אין פויסטן, פאַרקרעמפּטע ביינערדיקע פינגער.

ביים פאַרענטש פון דער שיף מיט האַלבע קערפּערס איבערגעבויגן צום ים שטייען: אַנעט פעדער און ברוך פאַזנער.

די שיף גליטשט זיך צווישן בלויקייט, זילבער־כוואַליעס און גרין.

**אַנעט פעדער:**

אַלץ איז אַזוי שיין אַרום אונדז. אַזאַ ווונדערלעכער שפּיל פון קאָלירן פאַר די אויגן און מען טראַכט נאָר וועגן טויט און פאַרניכטונג. איך האָב אַזוי מורא, ברוך!

**ברוך פאַזנער:**

מען מוז זיין שטאַרק, אַנעט. דו ביסט אַזאַ ווונדערלעך קינד. איך האָב זעלטן באַגעגנט אַ מיידל מיט אַזאַ אינערלעכע און אויסערלעכע שיינקייט ווי דו. איך זע דיין ליכטיק פּנים, דיינע גרינלעכע אויגן.

**אַנעט פעדער:**

פאַרוואָס דאַרף עס געשען גראָד אין די טעג, ווען איך האָב דיך באַקענט, ברוך? איך לעב איבער אַן אויסערגעוויינלעכע פרייד, און דאָ שטייען מיר פאַר אַזאַ אומגליק. די צוויי שעה זענען שוין באַלד פאַריבער, וואָס וועט זיין, אַז דער

וויקטאָר שליסעל וועט זיך נישט אַרויסגעבן? מיר וועלן דאָך אַלע אומקומען! ווי מעג אַ מענטש אויף זיך נעמען אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַז צוליב אים זאָלן אומקומען פיר הונדערט לעבנס? ווי אַזוי מעג ער?

**ברוך פּאַזנער:**

עס איז נישט פאַראַן אַזעלכער! עס איז נישטאָ קיין וויקטאָר שליסעל אויף דער שיף!

**אַנעט פעדער** (דערשראָקן רוקט זיך אָפּ אויף אַ טריט פון אים):

וואָס רעדסטו, ברוך? פונוואַנעט ווייסטו דאָס? צוויי ראַדיאָגראַמעס זענען דאָך שוין אָנגעקומען פון דער דייטשער סובמאַרין. זיי פאָדערן אומבאַדינגט דעם פאַר־ברעכער און שפּיאָן, וויקטאָר שליסעל!

**ברוך פּאַזנער:**

די דייטשן מיינען נישט קיין וויקטאָר שליסעל, מיין טייערע אַנעט!

**אַנעט פעדער:**

דו רעדסט עפּעס אַזוי פאַרשטעלט, ברוך! גאָט מיינער! אַלע אויף דער שיף זוכן וויקטאָר שליסעל און דו זאָגסט, אַז עס איז נישטאָ אַזעלכער!

**ברוך פּאַזנער:**

די דייטשן וואָלטן זיך נישט נאָכגעיאָגט מיט אַ סובמאַרין נאָך איין איינציקן ייִד, אַפילו ער זאָל זיין אַ שפּיאָן, אַ מערדער. זיי מיינען די גאַנצע שיף! עס פאַר־דריסט זיי, וואָס עטלעכע הונדערט ייִדן האָבן זיך אַרויסגעקראָגן פון אונטער זייער נאָז, אַנטלאָפן פון זייערן אַ באַזעצטן פאָרט, האָבן זיי דעריבער אַרויסגעשיקט אַ סובמאַרין. עס איז אַ בלויזער אויסרייד. אַ טעאַטראַלישע געשיכטע מיט אַ וויק־טאָר שליסעל.

**אַנעט פעדער:**

אַן אויסרייד? און דער וויקטאָר שליסעל... דער מערדער, וועמען זיי זוכן? איך קען עס נישט גלייבן. מיר זענען דאָך אויף דער שיף אומשולדיקע מענטשן. וועמען האָבן מיר שלעכטס געטון. מיין פאָטער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין פּאָ־ליטיק. ער האָט געפירט געשעפטן, געפירט אַ פייַן הויז. מיר זענען דאָך אַלע אומשולדיקע מענטשן אויף דער שיף.

**ברוך פּאַזנער** (ביטער):

אָבער ייִדן זענען מיר, מיין טייערע אַנעט. דו, דיין פאָטער, איך, און כמעט אַלע אויף דער שיף זענען ייִדן. אונדז ווילן די דייטשן. די ייִדן פון דער „עספּע־ראַנס״! נישט קיין וויקטאָר שליסעל!

**אַנעט פעדער:**

דו שרעקסט מיך מיט דיינע רייד, ברוך! ווערסט אַזוי געהיימניספול. דיינע

אויגן גלײַען. דו זעסט אויס אַזוי שטאַרק, אַזוי ווירדיק און אַזוי טרויעריק. און דער וויקטאָר שליסעל. ווו איז ער? דו איינער אַליין מיינסט, אַז ער איז נישטאָ. אַלע אויף דער שיף זענען זיכער, אַז וויקטאָר איז דאָ מיט אונדז.

**ברוך פאָזנער:**

די דייטשן מיינען נישט אים. זיי ווילן בלויז אַ קרבן און איידער זיי וועלן דעם קרבן אויפפרעסן, ווילן זיי זיך מיט אונדז אַ שפּיל טון. אַ טיוואָלאַנישער שפּיל: אַ שלאַכט אויפן ים צווישן אַ באַוואָפנטער סובמאַרין און אַ לאַסטשיף מיט אומ־באַוואָפנטע, אומבאַהאָלפענע מענער, פרויען און קינדער. קיין פאַרנונפטיקער מענטש קען אַזאַ זאַך נישט צוטראַכטן, בלויז די דייטשן קענען עס!

**אַנעט פעדער:**

ביסט אַזוי מאָדנע ברוך. איך האָב מורא. דיינע רייד שרעקן מיך! איך קען דיך בלויז צען טעג, אַזאַ קליינע צייט. ברוך, איך שרעק זיך פאַר מיינע אייגענע געדאַנקען. מיינע פיס ברעכן מיר צוזאַמען. ווער ביסטו? אפשר, אפשר?... ניין עס איז נישט מעגלעך! זאָג מיר, ווער דו ביסט.

**האַנס קרעמער** (שרייט):

די סובמאַרין דערנענטערט זיך! אָט איז דער פעריסקאָפּ, זי באַהאַלט זיך, די בעסטיע.

**אפרים שטערן:**

ווידער אַ בשורה! זאָל ער שוין אויפהערן, דער יעקע, מיט זיינע בשורות. מיט זיינע זעענישן! אָט איז ער געווען אַ האַמלעט, אַ פאַוסט, אַ לעבעדיקער מת. וואָס ער איז אַלץ נישט געווען, און איצטער האָט ער איין מיסיע, אונדז צו פאַר־קירצן דאָס ביסל חיות.

**גאָדל בערגמאַן:**

וואָס העלפט דאָס שרייען און זידלען זיך? גאָט וועט נישט פאַרלאָזן! אין דער לעצטער רגע קומט זיין הילף. עס וועט געשען אַ נס! מיר וועלן געראַטעוועט ווערן!

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

נסים וועלן שוין זיכער נישט געשען! די סובמאַרין איז צו נאָענט, אַז עס זאָלן געשען נסים! מען מוז זיך אַ נעם טון און געפינען דעם וויקטאָר שליסעל! לאָמיר גיין צום קאַפּיטאַן! ער מוז, צוזאַמען מיט די מאַטראָסן, אויסגעפינען דעם שפּיאָן. וואָס וואַרט מען?

**שטימען:**

ווו איז ער, דער מערדער? דער שפּיאָן? דער... דער...

**אַנעט פעדער** (רעדט צו ברוך פאָזנער. אינעם געמיש פון די געוואַלדן און געזאַנגען):

איך בין געווען אַ צעבאַלעוועט מיידל. איך האָב געלעבט אין אַ וועלט פון חלום. אַלץ אַרום מיר האָט געפלאָטערט מיט צאַרטקייט, מיט גוטסקייט, מיט ווײילטיק. איך האָב געקענט האָבן אַלץ, וואָס איך האָב נאָר געגלוסט. מיין וועלט איז געווען: מוזיק, קונסט, טאַנץ. מען זאָגט, אַז איך בין רייצנדיק. איך האָב געוואַרט אויף מיין אויסגעחלומטן פרינץ. איך בין געגאַנגען אויפן אוניווערזיטעט און שטודירט געשיכטע. וואָס איז געשיכטע? זאָל דאָס זיין, אַז אין איין מינוט, קען מען צעשיסן און אומברענגען פיר הונדערט מענטשן? זאָל דאָס זיין העלדישקייט פון די דייטשן? אפשר גאָר מיינט מען די העלדישקייט פון קאַפּיטאַן לעבלאַן? איך האָב געלעבט אין חלום און וויניק געקומען אין באַרירונג מיט דערווירקלעכקייט.

## ברוך פּאָזנער:

דו ביסט נישט געווען איין און איינציק, אַנעט.

## אַנעט פּעדער:

ערשט דאָ, אויף דער שיף, האָב איך דערזען די וועלט פון גרויזאַמער ווירקלעכקייט. איך בין אַרויס פון מיין חלום, באַקענט דיך, ברוך, און עפּעס אַזאַ וווּנדערלעך געזאַנג פלאַטערט אַרום מיר און אין מיר. דאָס איז ווייל דו ביסט פאַראַן... אָבער אין די לעצטע מינוטן האָב איך מורא געקראָגן פאַר דיר. אַלץ פאַלט איין אַרום מיר. עס ווערט פינצטער. דאָס וווּנדערלעכע געזאַנג לעשט זיך. איך שטיי פאַר אַן אָפּגרונט. דו זעסט אויס ווי דו וואָלסט געטראָגן פיל מאַסקעס. איך קען נישט זען דיין אמתדיק פּנים. אפשר ביסטו?...

## ברוך פּאָזנער:

שרעק דיך נישט אַנעט! איך בין נישט דער, ווער דו מיינסט. דו ביסט פאַר מיר צו הייליק, איך זאָל זיך מאַסקירן. ווער איך בין? אָט בין איך אַ טרעמפּ, אַ קלאָשאַר. געוואַלגערט זיך אין אַלע שטעט פון דער וועלט. איך בין געווען אַ פאָטאָגראַפיסט, אַ לערער, אַ מאָלער, אַ מוזיקער, אַ קוילן־גרעבער, אַ רייזנדער, אַ צירק־קלאָון. איך האָב קיינמאָל נישט פאַרדינט גענוג פאַר מיין אויסקומעניש. פאַר מיר איז געווען גענוג אַ גלעזל וויין, פּלוידערן מיט אַ גוטן ברודער, זיצן אין קאַפע, וואַנדערן פון איין לאַנד אינעם אַנדערן, שלאָפן אויף אַ באַנק אין פּאַרק, אָדער הינטער די בריקן אין פּאַריז, לאָנדאָן, רוים. איך האָב געהאַט די גאַנצע וועלט אין דר׳ערד. איך האָב זיך קיינמאָל נישט געזאָרגט פאַר די וועלט און די וועלט האָט זיך נישט געזאָרגט וועגן מיר; איך האָב קיינמאָל נישט געוואָלט חתונה האָבן, זיך נישט פאַרליבט. איך בין געווען אַ „פריילעכע לונג־און־לעבער" אַזוי האָט מען מיך נאָך גערופן אין מיין היים־שטעטל. פּרויען האָבן מיך ליב געהאַט פאַר מיין באַהעמישקייט און איך האָב פון זיי געווייכט. דאָ אויף דער

שיף איז מיט מיר פאַרגעקומען אַן איבערקערעניש. איך האָב דיך באַקענט, געזען דעם טיפסטן מענטשלעכן עלנט און מענטשלעכע דערהייבנקייט...

### האַנס קרעמער:

דער קאַפּיטאַן קומט אויפן דעק!

### אַלעקסאַנדער זאַפּט:

מיר טאָרן נישט שווייגן! מיט יעדער מינוט דערנענטערט זיך אונדזער סוף!

### קאַרלאָס ראָדריגעז:

וואָס האָב איך געדאַרפט אַנטלויפן פון דער שפּאַנישער גרענעץ, כדי צו פּגרן פון אַ טאָרפּעדאָ. אַזויפיל שיינע מיידלעך דאָ אויף דער שיף, דאַרף מען גאָר שטאַרבן צוליב איינעם אַ מערדער וויקטאָר שליסעל!

### קאַרל באַלזאַם:

באַווייז אַ נס, הייליקער דערלייזער! באַווייז דיין רחמנות! ראַטעווע דיינע גלויביקע. זאָלן אַלע זען דיין פּראַכט, אַזוי ווי איך קאַרל האָב עס געזען!

### אפרים שטערן:

אַ מיסיאָנער האָבן מיר אויך צום רומל! נאָך אַ חיה האָט געפעלט אין נחס תיבה, האָט זי זיך געיאַוועט. אַ מיסיאָנער מיטן קנאַק, הער באַלזאַם קאַרל, באַרימטער ווינער זינגער!

### פלאָרענס קאַרמעל:

מיר ווילן אומקומען אין אַטלאַנטיק, אַז קיין טייוול וועט אונדז נישט העלפן, גוט אַזוי אויף אונדז אַלעמען! מען האָט נישט געטאָרט דערלאָזן!

### מאַטראָס:

זאָל זיין שטיל! דער קאַפּיטאַן וויל ריידן!

### קאַפּיטאַן לעבלאַן:

צוויי שעה זענען שוין באַלד אָפּגעלאָפן און קיין וויקטאָר שליסעל האָט זיך נאָך נישט געווענדט צו מיר. איך בין געווען פול מיט האָפענונג, אַז עס וועט אָנקומען הילף פון דער ענגלישער פעסטונג גיבראַלטאַר, אָבער ביז איצטער איז נישטאָ קיין צייכן פון הילף. מיר מוזן געפינען דעם מאַן וויקטאָר שליסעל! און שוין!

### אַלעקסאַנדער זאַפּט:

וואָס וואַרט איר, קאַפּיטאַן! איר זענט אויך אין געפאַר! מיט אייער שיף!

### קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איך ווייס עס!

### גאָדל בערגמאַן:

איר האָט אונדז איינמאָל געראַטעוועט פונעם דייטש!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך װעל טון אַלץ װאָס איז מעגלעך! מיר האָבן נאָך דרײַ פֿולע שעה! עס קענען נאָך פֿיל זאַכן פּאַסירן! מיר טאָרן אָבער נישט װאַרטן. די דײַטשע סובמאַ־רין איז נאָענט פֿון אונדז. איר אַלײן קענט זיך ראַטעװען!

**ברוך פֿאָזנער** (שטיל):

אױך ער גלײבט אין דעם אומזין! און אפֿשר נישט! ער איז צו קלוג! ער װײסט װאָס די דײַטשן װילן. זײ װילן אױך זײַן קאָפּ! ער איז פֿאַרמשפּט צום טױט!

**אַנעט פֿעדער:**

ברוך! איך האָב מורא פֿאַר דיר. דו ביסט נישט! זאָג מיר! דו ביסט נישט! איך װעל עס נישט איבערהאַלטן!

**ברוך פֿאָזנער:**

דײַנע הענט זענען אַזױ קאַלט, אַנעט! שטאַרק דיך! דו װעסט געראַטעװעט װערן, האָב נישט מורא. דו ציטערסט, דײַנע אױגן זענען צעשראָקן װי בײַ אַ געפּלאָגטן הירש.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

זאָל דער מאַן װיקטאָר שליסעל זיך אַרױסגעבן! זאָל ער האַנדלען װי אַ מענטש! איז ער שולדיק, װעט ער מיט זײַן האַנדלונג אָפּװאַשן די זינד. ער װעט ראַטעװען פֿיר הונדערט לעבנס! איז ער אומשולדיק, װעט ער זײַן אַ הײליקער מאַרטירער, מען װעט אים געדענקען אײביק! ער װעט זײַן אַ מוסטער פֿון מענטשלעכער גרױס־קײט. אױך איך האָב מײַן לעבן אײַנגעשטעלט בלױז פֿאַר אײַך...

(אױפֿן דעק קומט אַרױף אַן אומרויִקער דער אָפֿיציר זשאַן קלאָדעל. ער גײט האַסטיק צו צום קאַפּיטאַן):

**זשאַן קלאָדעל:**

די דײַטשע סובמאַרין, האָט געלאָזט װיסן, אַז עס קומען אַרױף צו אונדז צװײ אָפֿיצירן אױסצוגעפֿינען װיקטאָר שליסעל. זײ האָבן געהײסן דאָס איבערגעבן קאַ־פּיטאַן לעבלאַן פֿון דער שיף „עספּעראַנס״! זי איז װידער אױפֿן אױבערפֿלאַך!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (גיט זיך אַ װאַקל און כאַפּט זיך אָן בײַ אַ שטיק אײַזן):

מאָן דיע! זײ װײסן װער איך בין!

**זשאַן קלאָדעל:**

יאָ, קאַפּיטאַן! נישטאָ קײן באַהעלטענישן! װאָס טוט מען? עס איז דאָ אײן עצה: מען מוז װי אַמשנעלסטן אױסגעפֿונען דעם װיקטאָר שליסעל, אױסליפֿערן אים צו דער סובמאַרין, אַזױ אַרום װעלן מיר זיך ראַטעװען, אָדער װײַניקסטנס...

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**גענווינען צייט? איך צווייפל!**

(עס הערט זיך אַ האַסטיקער שטויס).

**האַנס קרעמער:**

**אַ שיפל, אַ שטריק־לייטער!**

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

**צוויי דייטשע אָפיצירן קומען אַרויף אויף אונדזער שיף!**

**אפרים שטערן:**

**האָב רחמנות גאָט. הונדערטער ייִדן שטייען אין קאָן! זאָל אַ פאַרבלענדעניש קומען אויף זייערע אויגן.**

**גאָדל בערגמאַן:**

**רבונו־של־עולם, פאַרשליס נישט דאָס טויער פון רחמים!**

**קאַרלאָס ראָדריגעז:**

**אַנטלאָפן פון מיין היימלאַנד. אַפילו דעם שפייער האָב איך נישט! קיין מעסער האָב איך נישט! אַ קליין מעסער האָב איך יאָ אין טאַש, ניין נישט אין טאַש נאָר אין אַ שוך פון פוס.**

**ליזאַ:**

**מיר וועלן אומקומען! איך וויל נישט! איך וויל נישט!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**איך אַפּעליר צו אייך, צו פאַרהאַלטן זיך ווירדיק!**

(עס קומען אַרויף צוויי דייטשע ים־אָפיצירן. זייער גאַנג איז שטייף, פאַררייסן. זיי קוקן מיט פאַראַכטונג אויף דער מענטשן־מאַסע. גייען האַסטיק צו צום קאַפּיטאַן סאַלוטירן מיליטעריש).

**ערשטער דייטשער אָפיציר** (מיט שטרענגן קול):

**מיר זענען פון דער דייטשער סובמאַרין סי מ.־3. זענט איר קאַפּיטאַן פון דער „עספּעראַנס“?**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**איך בין דער קאַפּיטאַן פון דער שיף „עספּעראַנס!“ וואָס האָב איך דעם כבוד...**

**צווייטער דייטשער אָפיציר** (האַקט איבער האַסטיק דעם קאַפּיטאַנס רייד):

**קאַפּיטאַן לעבלאַן? אַנטלאָפן פון פאָרט באַיאָן, נאָכדעם ווי עס איז געוואָרן אונטערגעשריבן דער אָפּמאַך צווישן פראַנקרייך און דעם רייך!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**איך בין נישט אַנטלאָפן! איך האָב אויפגענומען פליכטלינגע, וועלכע האָבן געוואָלט אָפּפאָרן פון פראַנקרייך.**

**ערשטער דייטשער אָפיציר:**

יידן! פאַרברעכער, שפּיאָנען! מערדער! זיי האָט איר אויפגענומען אויף דער שיף און אָן דער דערלויבעניש פון דער מאַכט אַנטלאָפן.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך האָב נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן מיינע פּאַסאַזשירן. איך האָב ביי קיינעם נישט געפרעגט זיין אָפּשטאַם, רעליגיע, נאַציאָנאַליטעט.

**צווייטער דייטשער אָפיציר:**

דאָס איז אַ פרעכהייט! באַמיט זיך נישט צו זיין אַזוי נאַבעל, הער קאַפּיטאַן לעבלאַן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

פּיליכט ווערן מיינע געסט דערלויבן אַריינצוגיין אין דער קאַיוטע. די איינציקע אויף דער „עספּעראַנס!"

**ערשטער דייטשער אָפיציר:**

מיר קענען דאָ, אויפן דעק, אייך איבערגעבן אונדזערע באַדינגונגען!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

באַדינגונגען? וואָס פאַר אַ באַדינגונגען קענען זיין. אָט זעט איר! די לאַדונג פון מיין שיף באַשטייט פון בלויז פליכטלינגען!

**צווייטער דייטשער אָפיציר:**

קאַפּיטאַן לעבלאַן, איר ווייסט שוין זיכער אַליין, אַז איר זענט פאַראורטיילט צום טויט!

(שרעקלעכע באַוועגונג און שרעק צווישן די מענטשן. זיי רייסן זיך אויף פון פאַרגליווערטקייט. עס הערט זיך אַ קרעכצן, אַ געוויין, פאַרשטיקטע געשרייען).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך ווייס עס! איך קען זיך אָבער פריִער נישט איבערגעבן אין די הענט פון די וואָס האָבן מיך פאַראורטיילט, ביז איך וועל געפונען אַ פּאָרט וווּ צו לאַנדן מיט די פּאַסאַזשירן פון מיין שיף!

**ערשטער דייטשער אָפיציר:**

דאָס גייט אונדז נישט אָן. איר זענט פאַראורטיילט פון דער פראַנצויזישער מאַכט. מיר ווילן בלויז, איר זאָלט אונדז אַרויסליפערן אַ מאַן מיטן נאָמען...

(בייגט זיך צו צום אַנדערן אָפיציר און פרעגט אים. יענער רוימט אים איין אין אויער).

מיטן נאָמען: וויקטאָר שליסעל. ער איז אַ פּוילישער ייד, אַ מערדער, אַ שפּיאָן. ער מוז אויסגעליפערט ווערן ביז זעקס פאַרנאַכט. איר האָט נישט קיין פולע דריי שטונדן. האָט איר אים שוין געפונען, קאַפּיטאַן לעבלאַן?

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

מיר זוכן אים צווישן די פּאַסאַזשירן. ביז איצטער האָבן מיר אים נאָך נישט געפונען. מיר וועלן גלייך מאַכן אַ שטרענגע אונטערזוכונג. אַלע וועלן מוזן ווייזן די פּעסער און דאָקומענטן! מיר וועלן אים געפינען און אים פּונקטלעך אויסליפערן!

**צווייטער דייטשער אָפיציר:**

אויף וועמען האָט איר אַ פאַרדאַכט?

(דער קאַפּיטאַן, זשאַן קלאָדעל, די צוויי דייטשע אָפיצירן קוקן זיך אום איבער דער מענטשן־מאַסע. עס איז אַ דראַמאַטישער־פּיינטלעכער מאָמענט).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

מיר וועלן דעם מאַן געפינען! איך גאַראַנטיר!

**ערשטער דייטשער אָפיציר** (ווייזט מיט דער האַנט איבער אַלע קעפּ פון דער דעק):

מיט דעם געזינדל, און מיט דער שיף! קאַפּיטאַן לעבלאַן! אויב וועלן מיר פּונקט זעקס אַזייגער נישט האָבן אויף אונדזער שיף דעם ייִד וויקטאָר שליסעל, וועלן מיר פינף מינוט נאָך זעקס צעשיסן די „עספּעראַנס!"

**ליזאַ:**

ניין! ניין! איך בין נישט שולדיק! ניין!

**צווייטער דייטשער אָפיציר:**

אויב געפינט איר דעם וויקטאָר שליסעל, וועט קיינעם גאָרנישט געשען!

**ליזאַ:**

נישט וואָר! נישט וואָר!

**זשאַן קלאָדעל** (צום מאַטראָס):

נעם זי אַראָפּ פון דעק!

**מאַטראָס:**

שריי נישט, שיין מיידל, עס וועט נישט העלפן! מיר זענען אַלע אין זעלבן פּעסל! קום!

(מאַטראָס נעמט זי אַראָפּ פון דעק).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך בעט אַנטשולדיקונג! דאָס איז אַ היסטערישע פרוי, אַ קראַנקע!

**ערשטער דייטשער אָפיציר:**

איר האָט אויף דער שיף אַ גאַנצן זאָאָלאָגישן גאָרטן, קאַפּיטאַן לעבלאַן! זעט איר זאָלט זיין פּונקטלעך. עס איז אַ שאָד אַ טאָרפּעדאָ פאַר דעם געזינדל! מיר

וואַלטן זיך נישט מיט אייך געשפּילט, נאָר איר האָט דאָ אויך נישט־ייִדישע פּאַסאַ־זשירן. זעקס אַזייגער פאַרנאַכט. איר קענט אונדז געבן אַ סיגנאַל! מיר וועלן זיין גרייט אים אויפצונעמען! אַרום פינף אַזייגער וועלן מיר אַרויפשיקן מאַטראָסן זאָלן אונטערזוכן אויב עס איז דאָ נישטאָ ביי אייך קיין געווער. רעכנט אויך נישט אויף קיין הילף פון ענגלישע שיפן. מיר וועלן נישט צולאָזן קיין שום ענגלישע שיף! נעמט זיך דאָס אין זינען אַריין, קאַפּיטאַן לעבלאַן! אויף ווידערזען!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (סאַלוטירט):

**מיר האָבן נישט געבעטן קיין הילף! מיר זענען אומבאַוואָפנטע מענטשן!**

(ביידע אָפיצירן לאָזן זיך אַראָפּ אויפן שטריק־לייטער. אַלע אויף דער שיף שטייען פאַרגליווערט, אומבאַוועגלעך. טייל מיט אָפענע מיילער, טייל מיט אויפגעהויבענע הענט, טייל מיט אויסגעגלאָצטע אויגן).

(פאָרהאַנג פאַלט).

## ב י ל ד 2

אויפן דעק פון דער שיף. עס איז 3 אזייגער בייטאג.

מענער, פרויען, אלטע־לייט שטייען צונויפגעפרעסט. אין זייערע הענט האלטן זיי פעסער, פאפירן, אלערליי דאקומענטן. אין פארשידענע ווינקלען פון דעם דעק שטייען מענטשן אין פארגליווערטע פאזעס און בעטן יעדער צו זיין גאט. אנדערע מענטשן שטייען אויפגערעגטע, צעיאכמערטע, צע־ברויזט פון צארן, ווייטיק און מוראדיקער איבערלעבונג. איינער ברומט א געזאנג, איינער פייפט א ליד, איינער רעדט צו זיך אליין.

א מאטראס גייט ארום און באזוכט יעדן אויב ער האט נישט קיין געווער ביי זיך. ביי דעם נעמט ער צו א מעסער, ביי דעם א רעוואלווער,ווארפט אלץ אין א זאק אריין.

הארט ביים קאפיטאנס קאיוטע שטייט א טיש מיט טעלעכע בענקלעך.

פון זיין קאיוטע קומט ארויס דער קאפיטאן לעבלאן און דער שיפס־אפיציר זשאן קלאדעל. זיי זעצן זיך ביים טיש. די געזיכטער זייערע זענען ערנסטע. צום טיש קומט צו דער מאטראס מיטן זאק אין האנט און גיט עס איבער דעם קאפיטאן.

די שיף וויגט זיך שטיל, רויק. דער הימל איז בלוי. דער ים־שוים איז זילבער־ווייס.

**קאפיטאן לעבלאן** (צום מאטראס):

אלעמען דורכגעזוכט, אלע מענער אויף דער שיף?

**מאטראס:**

יא, קאפיטאן! אלעמען ווידער דורכגעזוכט און דורכגענישטערט. עס זענען דא טעלעכע פעק און קעסטלעך מיט געווער. רעוואלוורן, ביקסן און מעסערס. די שפאניער און די פוילישע האבן געהאט ביי זיך מעסערס. א גרויסער צאל פון די יידן האבן געהאט ביי זיך רעוואלווערן! איך בין געווען זיכער, אז איך האב פריער אלץ צוגענומען, האט זיך ארויסגעוויזן, אז עס איז געווען נאך וואפן. זיי באהאלטן אין די שיך, אויפן בויך. וואס זאל מען דערמיט טון?

**קאפיטאן לעבלאן:**

זאל עס ליגן גרייט אין דער מאשין־שטוב. טעלעכע פון דער מאנשאפט זאלן

עס היטן. מיר װעלן װאַרטן ביז דער לעצטער מינוט! (צו זשאַן קלאַדעל): שנעל אַװעקשטעלן אַ װאַך, װאָס זאָל באַאָבאַכטן יעדן באַװעג פֿון דער סובמאַריק, זי איז אַלץ אויפֿן אויבערפֿלאַך.

## זשאַן קלאַדעל:

װאָס זאָל מען טון מיט די צװײ מיטראַיעזן (מאַשין־געװער), װאָס מיר האָבן? װײניקסטנס דאָס מוזן מיר האָבן, טאָמער קומט אויס זיך צו פֿאַרטײדיקן אויף דער „עספּעראַנס“!

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

אויך װאַרטן ביז דער לעצטער מינוט! (מאַטראָס אָפּ).

## זשאַן קלאַדעל:

װאָס פֿאַר אַ שװידערלעכע אַװאַנטורע, קאַפּיטאַן! זעט צו װאָס עס איז געקומען! איך האָב מורא, אַז אונדזערע מאַטראָסן װעלן יעדע מינוט אויסברעכן אין אַ רעװואָלט! זײ װילן נישט שטאַרבן. זײ װײסן, אַז איר זענט פֿאַראורטײלט צום טויט, אַז די דײטשן זוכן אײער קאָפּ צוזאַמען מיט די הונדערטער ײדן אויף דער שיף! אַ גליק איז, װאָס די מאַטראָסן האָבן אײך ליב. דאָס װעט זײ אפֿשר אָפּהאַלטן ביז דער לעצטער מינוט.

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

זשאַן, עס פּאַסט נישט פֿאַר אײך! מיר זענען אין מלחמה מיט די דײטשן און אַלץ מוז װערן געשטעלט אין קאָן. פֿאַרלירט נישט קײן איבעריקע מינוט. מיר האָבן גאַנצע דרײ שעה צײט. דורך דער צײט קען אויך קומען הילף פֿון גיבראַלטאַר.

## זשאַן קלאַדעל:

די דײטשן װײסן אָבער אויך, אַז פֿראַנצױזישע שיפֿן האָבן מיט עטלעכע טעג צוריק פֿאַרפֿירט אַ שלאַכט מיט ענגלישע שיפֿן אין די װאַסערן פֿון אַלזשיר. װער װײסט אויב ענגלישע קרײצערס װעלן דאָ פֿאַרפֿירן אַ שלאַכט מיט אַ דײטשער סובמאַרין צוליב עטלעכע הונדערט פּליטלינגע. װאָס פֿאַר אַ װערט האָבן פֿיר הונדערט מענטשן?

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

זײ װעלן עס טון, זשאַן! דאָס געװיסן איז נאָך נישט געװאָרן אויסגעלאָשן בײ אַלעמען. נישט אַלע זענען שוין פֿאַרװאַנדלט געװאָרן אין בעסטיעס. נישט אַלע! אויב עס זאָל אַזױ זײן, װאָלט איך דער ערשטער געװאָלט הײַנט אומקומען. פֿאַרצװײפֿלט נישט! זעט װי די מענטשן האַלטן אויס!

## זשאַן קלאַדעל:

האַלטן אויס! (סאַרקאַסטיש): רײסן זיך בײ די נערװן. אײנער פֿאַרדעכטיקט

דעם אַנדערן, אַז ער איז דאָס וויקטאָר שליסעל! אַ ברודער פּאַרדעכטיקט אַ ברו־דער, אַ זון — דעם טאַטן.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

הייסט אַלעמען איינציקווייז צוקומען צום טיש. מיר וועלן דורכקוקן אַלע דאָקומענטן. פּרויען און קינדער דאַרף מען נישט באַאומרויִקן! זשאַן, הייסט אויך גלייך צוקומען צום טיש דעם מאַן ברוך פּאָזנער. ער קען אונדז פיל בייהילפיק זיין. ער איז אַ בראַוווער מאַן! אינטעליגענט, קלוג און מוטיק. ער קען אַלעמען פון דער שיף!

**זשאַן קלאָדעל** (הייבט זיך אויף פון טיש, נעמט אַ טרובע און גייט אין מיטן פון דעק):

אַלע מענער פון דער שיף אין עלטער פון זעכצן יאָר אָן, זאָלן גלייך איינציק־ווייז צוקומען מיט זייערע דאָקומענטן צום טיש, וווּ עס זיצט דער קאַפּיטאַן! (וואַרט אַפּ עטלעכע סעקונדן): מעסיע פּאָזנער! ברוך פּאָזנער, ווערט געבעטן שוין צוקומען צום טיש!

**אַנעט פּעדער** (אין אַנגסטן־שרעק):

ברוך, מען רופט דיך דעם ערשטן! פּאַרוואָס! עפּעס אַזאַ געהיימעניש אַרום דיך פּערזאָן! ווער ביסטו ברוך? נעם מיך אַרום, מיר איז עס אַלץ איינס. איך האָב דיך ליב. האָסט מיר נישט געענדיקט דערציילן ווער דו ביסט! וואָס טראַכסטו?

**ברוך פּאָזנער:**

פּאַרצווייפל נישט, מיין טייערע אַנעט! איך וועל באַלד זיין צוריק! מיר וועלן זיין צוזאַמען! איך בין נישט דער, וואָס דו טראַכסט...

(גייט צו מיט זשאַן קלאָדעלן צום טיש, וווּ עס זיצט דער קאַפּיטאַן. באַגריסט זיך מיטן קאַפּיטאַן און זעצט זיך ביים טיש. עס קומט אויך צוריק דער מאַטראָס. בלייבט שטיין ביים טיש).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (צו ברוך פּאָזנער):

מעסיע פּאָזנער, איר קענט דאָך זיכער אַלעמען אויף דער שיף. איר וועט אונדז בייהילפיק זיין ביים איבערקוקן די דאָקומענטן!

**ברוך פּאָזנער:**

איך? איך דאַנק אייך קאַפּיטאַן פּאַר אייער צוטרוי. איר האָט דאָך מיינע דאָקומענטן נישט איבערגעקוקט!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איר וועט זיין דער לעצטער, מעסיע פּאָזנער!

**מאַטראָס**( רופט אויס):

זאָל דער ערשטער צוקומען!

**האַנס קרעמער** (גייט צו צום טיש):

אָט זענען מיינע דאָקומענטן! איך בין געבוירן אין קאָבלענץ, דייטשלאַנד. מיינע עלטערן זענען געבוירן אין דער שטאָט קראָקע! פופציק יאָר אַלט, פון פאַך אַ שוישפילער. קיינמאָל זיך נישט געמישט אין פּאָליטיק. קיינמאָל פון דייטשלאַנד נישט אַרויסגעפאָרן!

**אפרים שטערן** (גייט צו צום טיש):

איר האָט געהערט דעם גאַנצן יחוס פון דעם יעקע. אַז ער איז אַ ייד דאָס זאָגט ער נישט מען דאַרף אים בלויז גלייבן אויפן וואָרט, אַז ער איז נישט וויקטאָר שליסעל!

(צום קאַפּיטאַן):

איך בין געבוירן אין גאַליציע. איך בין אַ ייד. פופציק יאָר אַלט. דימענטן־סוחר. אין פּאַס שטייט דייטלעך מיין נאָמען!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

קיינמאָל נישט געהאַט צו טון מיט פּאָליטיק? נישט געשלאָגן זיך מיט קיי־נעם? נישט געמאָרדעט קיין דייטשן?

**אפרים שטערן:**

הלוואי וואָלט איך געקענט דערהרגענען כאָטש איין דייטש!

**אַלעקסאַנדער זאַפּט** (גייט צו צום טיש):

איך בין געבוירן אין רומעניע. איך בין אַ ייד. פינף און צוואַנציק יאָר אַלט. בין אַ סטודענט פון מעדיצין. שטודירט אויף דער סאָרבאָן אין פּאַריז.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

ווען זענט איר געקומען קיין פראַנקרייך? און מיט וואָס זיך דאָרט פּאַרנומען, אויסער שטודירן?

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

מיט פינף יאָר צוריק. פּאַרנומען זיך מיט שטודירן, ליבן שיינע מיידלעך, שרייבן פּאָעזיע.

**קאַרל באַלזאַם** (גייט צו צום טיש מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ):

איך בין געבוירן אין ווין. איך בין אַ באַרימטער אָפּערע זינגער. פינף און פערציק יאָר אַלט. איך בין אַ מיסיאָנער, היינט.

**ברוך פּאָזנער** (צום קאַפּיטאַן):

ער קען דערציילן עפּעס מער וועגן זיך.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

מעסיע קאַרל באַלזאַם. אין אייער פּאַס זאָגט זיך, אַז איר הייסט קאַרל באַלזאַם

און אין אַ צווייטן דאָקומענט פון ווין אויך, זאָגט זיך, אַז איר הייסט אַרטור פּינק, דערקלערט דאָס!

## קאַרל באַלזאַם:

איך בין געבוירן אין ווין. מיין נאָמען איז קאַרל באַלזאַם. איך גלייב, אַז דער דערלייזער יעזוס קען אונדז העלפן, נישט קיין אַנדערער. ער איז אונדזער משיח. מיר דאַרפן גלייבן אין אַ נס, וואָס ער וועט באַווייזן. איך האָב פון אַלע וואַסערן געטרונקען און בין געקומען צום אמתן קוואַל. פאָלגט מיך און קערט אייערע פּנימער צום דערלייזער!

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

מיר דאַנקען אייך פאַר דער עצה, מעסיע באַלזאַם־פּינק! אונדז גייט אָבער נישט אָן אייער גלויבן. ביי אונדז אויף דער שיף זענען אַלע גלייך! ווי האָט פּאָזנער געזאָגט: „נחס תיבה!" אַלע חיות זענען גלייך. זאָגט אונדז בעסער פאַרוואָס איר האָט צוויי נעמען?

(קאַרל באַלזאַם שווייגט. פּאָזנער מאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט).

## ברוך פּאָזנער:

אויב ער ענטפערט נישט, מעג איך ענטפערן, קאַפּיטאַן?

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

זיכער. אָבער שנעלער, מיר האָבן ווייניק צייט!

## ברוך פּאָזנער:

ער איז אַ ייִד! זיין אמתער נאָמען איז אַרטור פּינק, אָבער ער האָט זיין נאָמען געטוישט, זיין גלויבן געטוישט און דערגאַנגען אָט צו וואָס. איך קען אים. איך האָב אים באַגעגנט אין ווין, אין פּאַריז. ער האָט אַפילו חתונה געהאַט מיט אַ דייטשער שוישפּילערין פאַר קאַריערע. אַזוי אַרום האָט ער געוואָלט אָפּווישן זיין ייִדישקייט און ווערן אַ ריינער „אַריער". עס האָט נישט געהאָלפן!

## קאַרל באַלזאַם:

נאָר צום דערלייזער דאַרפן מיר ווענדן אונדזערע אויגן. ער איז דאָס ליכט פון לעבן! די טרייסט פאַר אונדזערע ווונדן!

## קאַפּיטאַן לעבלאַן (אומגעדולדיק):

מעסיע באַלזאַם, מיר ווילן נישט הערן קיין רעליגיעזע דרשות! דאָס איז אייער פּערזענלעכע זאַך. מיר ווילן וויסן ווער איר זענט! אויב האָט איר צוויי נעמען קענט איר אויך זיין וויקטאָר שליסעל! אויב וועלן מיר אין עטלעכע מינוט נישט וויסן ווער איר זענט, וועלן מיר אייך אויסליפערן צו דער דייטשער סובמאַרין אַלס וויקטאָר שליסעל!

פלאָרענס קאַרמעל:

זאָל מען אים אויסליפערן. ער וויל נישט זאָגן ווער ער איז. ער שפּילט זיך מיט הונדערטער מענטשלעכע לעבנס!

קאַרלאָס ראָדריגעז (גייט צו צום טיש):

איך בין אַ שפּאַניער! אָט זענען מיינע פּאַפּירן. געקעמפט קעגן פאַשיזם! לאָמיר עס מאַכן שנעל! אויב דאַרף מען פגרן, זאָל מען כאַטש אַ הוליע טון פאַרן טויט!

(נעמט אַרויס די האַרמאָניקע פון טאַש און הייבט אָן שפּילן).

קאַפּיטאַן לעבלאַן (צו אַלעמען):

מיט דעם, וואָס איר פאַרדעכטיקט איינער דעם אַנדערן, אַ ברודער זיין ברודער, אַ פריינט זיין — פריינט, וועט איר גאָרנישט דערגיין! (צו פּאָזנערן): אויב איר ווייסט מער וועגן קאַרל באַלזאַם זאָגט עס גלייך, מעסיע פּאָזנער!

ברוך פּאָזנער:

ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ דייטשער שוישפּילערין, ווייל ער האָט געוואָלט אָפּווישן פון זיך דעם נאָמען ייד. איר נאָמען איז גערטרוד פרידריך! ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען וויך, זענען ביידע אַנטלאָפן קיין פּאַריז. אין פּאַריז האָט אַרטור פינק, קאַרל באַלזאַם, נישט געהאַט קיין דערפּאָלג. ער איז אַלעמאָל געווען אַ דריט־ראַנגיקער זינגער. זי האָט אים גענומען אויסלאַכן, ווייל ער איז געוואָרן אַן אויסגעלאָשענער שטערן. ווען די דייטשן זענען געקומען קיין פראַנקרייך איז זי אַוועק פון אים. זי האָט אים אַלעמאָל פיינט געהאַט, ווייל ער איז אַ ייד!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

איז ער וויקטאָר שליסעל, אָדער נישט?

ברוך פּאָזנער:

ער איז זיכער נישט וויקטאָר שליסעל. ער איז נישט פעיִק אויף העלדישקייט. ער איז אַן אָרעמער נאַר, אַ דריט־ראַנגיקער זינגער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געקענט זיך אויפהייבן אויפן שטאַפּל פון דערפּאָלג, איז ער געוואָרן אַ מיסיאָגנער. פאַרלייקנט זיך אַליין. פּרעדיקט דרשות און וויל זיך נאָך אַליין ראַטעווען אונטערן מאַנטל פון נישט־ייד. די גאַנצע צען טעג, איז ער געווען אַ ייד מיט אַלעמען גלייך, הייַנט, ווען ער האָט דערשמעקט געפאַר, איז ער געוואָרן אַ מיסיאָגנער. וואָס עס קען אפשר יאָ העלפן און פאַרלייכטערן אונדזער טראַגישער סיטואַציע, איז זיין פרוי גערטרוד פרידריך, וועלכע איז אויך אויף דער „עספּעראַנס“. זי איז אַוועק פון אים אין פּאַריז, אָבער זיך באַלד דערשראָקן, אַז די דייטשן וועלן זי באַשטראָפן, ווייל זי האָט געוווינט מיט אַ ייד, איז זי צוריק געקומען צו אים. ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זי נעמען קיין אַמעריקע. זי איז אַ ריינע אַריערין.

מען קען דורך איר, פּילייכט, אָפּראַטעווען עטלעכע לעבנס. אויסטוישן, אָדער אַ משכון. דאָס וועט איר באַשליסן, קאַפּיטאַן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

גערטרוד פרידריך זאָל זיך גלייך מעלדן צום טיש!

**גערטרוד פרידריך** (שיינע, יונגע פרוי, בלאָנדע, הויכע קומט מיט פאַמעלעכע טריט און פאַרריסן ציניש געזיכט צו צום טיש):

קאַרל באַלזאַם איז נישט מיין מאַן! איך האָב גאָרנישט צו טון מיט יידן! זיי זענען פאַרהאַסט פון אַלעמען! (שרייט, רופט) ווער עס איז נישט קיין ייד אויף דער שיף זאָל צוקומען צו מיר! איך האָב געוואַרט אויף דער געלעגנהייט. די דייטשן פון דער סובמאַרין מיינען בלויז די יידן, נישט אונדז, אַריער! אונדז וועט גאָרנישט געשען!

**ברוך פאָזנער:**

קאַפּיטאַן! דאָס האָב איך געמיינט! מיר קענען מעלדן דער סובמאַרין, אַז מיר האָבן אויף דער שיף גערטרוד פרידריך, אַ ריינע אַריערין. מיר האָבן גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן!

**גערטרוד פרידריך:**

עס וועט נישט העלפן! זיי זענען קליגער פון אייך!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (צו זשאַן קלאָדעל):

זשאַן, שיק איבער אַ ראַדיאָגראַמע צו דער סובמאַרין, וועגן גערטרוד פריד־ריך. מיר וועלן ווייטער אָנגיין מיט איבערקוקן די פּאַפּירן! (זשאַן קלאָדעל אָפּ).

(אַרום גערטרוד פרידריך פאַרזאַמלען זיך עטלעכע מענער און פרויען).

**ברוך פאָזנער** (צו די וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום גערטרוד פרידריך):

איר זענט זייער אַ קליינע צאָל! איך גלייב נישט, אַז עס וועט אייך העלפן. איר זענט אַזוי איינגעזאַלצן ווי מיר אַלע!

**גערטרוד פרידריך:**

און ווער זענט איר, הער פאָזנער! איר זענט וויקטאָר שליסעל! איר זענט אַ ייד! איר זענט פעיק צו מאָרדן דייטשן! איר זענט גוט צוגעפּאַסט פאַר אַ שפּיאָן, פאַר אַ פאַרברעכער!

**שטימען:**

זאָל ער ווייזן די פּאַפּירן! ניין! ער איז אַ פיינער מאַן! ער איז די גאַנצע צייט מיט אונדז! ער איז זיך מקריב פאַר יעדן! ער איז אַ טרעמפּ! אַ קלאָשאַר! אַן אַוואַנטוריסט! מען קען אים פאַר אַן אַוואַנטוריסט אין פיל לענדער! ניין!

**ברוך פאָזנער:**

אָט זענען מיינע פּאַפּירן, קאַפּיטאַן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (לייענט אויפן קול):

ברוך פאָזנער, געבוירן אין בענדין, פּוילן! אַכט און דרייסיק יאָר אַלט! וועגט הונדערט און זיבעציק פונט, ברוינע אויגן, ברוינלעכע האָר. פון משהס גלויבן. פּראָפעסיע — קונסט־מאָלער. אינעם פּאַס זענען אויך דאָ וויזעס פון אַ סך אייראָפּעיִשע לענדער, אויך יאַפּאַן, אינדיע, פּאַלעסטינע. עס איז אויך דאָ אַ פאָטאָגראַפיע פון אים! זעט! (ווייזט דעם פּאַס איבער אַלעמענס קעפּ).

**ברוך פאָזנער:**

אַ דאַנק קאַפּיטאַן.

**גאָדל בערגמאַן** (קומט צו צום טיש):

אָט איז מיין פּאַס! געבוירן אין פּוילן. געוווינט אין אָפּאָטשנע, אין קאַטאָוויץ, בערלין, פּאַריז און ווו נישט. פינף און פופציק יאָר אַלט. פון פאַך אַ — גלעזער. דאָס איז אַלץ. מיין אָרעמער גוף און דאָס ביסל לעבן געהערט נישט מיר נאָר גאָט. גאָט וועט דערהערן אונדזער געשריי און וועט אונדז העלפן.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

בעט גאָט, מעסיע בערגמאַן! בעט.

**גאָדל בערגמאַן:**

אין אַן אַלט ספר שטייט פאַרשריבן, אַז אויב אַלע טויערן פון הימל זענען פאַרשלאָסן, איז אָבער דאָס טויער פון רחמים שטענדיק אָפן. גאָט וועט רחמנות האָבן אויף אונדז. מען דאַרף זיך נאָר נישט אַרומרייסן. אין אַזאַ ביטערער שעה דאַרף איינער מיטן אַנדערן זיין אין שלום...

**הענרי פעדער** (גייט צו צום טיש):

אָט איז מיין פּאַס: איך בין אַ פראַנצויזישער ייִד. אַכט און פופציק יאָר אַלט. איך בין געבוירן אין באָרדאָ. מיין פּראָפעסיע: וויין־סוחר. מיין טאָכטער אַנעט איז אויך דאָ אויף דער שיף!

(זשאַן קלאָדעל קומט צו צום טיש):

**זשאַן קלאָדעל:**

איך האָב איבערגעשיקט די ראַדיאָגראַמע צו דער סובמאַרין. דער ענטפער פון זיי איז: מען זאָל איבערשיקן ביז זעקס אַזייגער וויקטאָר שליסעל און אויך גערטרוד פרידריך!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

זיי ווילן בײדע האָבן מיט אַמאָל. דערווייל האָבן מיר נישט געפונען וויקטאָר שליסעל. איך צווייפל אויב עס איז דאָ אַזעלכער. עס איז שוין דער זייגער האַלב

נאָך פיר. נאָך אַ שעה מיט אַ האַלבע. גערטרוד פרידריך וועלן מיר האַלטן ביז דער לעצטער מינוט, אַזוי גוט ווי מיר האַלטן די מיטראַיעזן מיטן געווער. מיר וועלן אפשר דורך איר קענען ראַטעווען עטלעכע לעבנס. עס איז געווען אַ פיינער איינפאַל פון ברוך פאַזנערן.

זשאַן קלאָדעל:

זאָלן מיר ווייטער אָנגיין מיטן אונטערזוכן די פאַפירן, קאַפּיטאַן?

(עס הערט זיך אַ האַסטיק גערודער. גערטרוד פרידריך רייסט זיך צום פאַרענטש פון דער שיף, בייגט זיך אַריבער און וויל אַריינשפרינגען אין וואַסער עטלעכע הענט נעמען זי צוריק).

גערטרוד פרידריך:

איר וועט דורך מיר קיינעם נישט ראַטעווען! מיך וועלן מיינע גענאָסן נישט אומברענגען, און איר אַלע, צוזאַמען מיט דעם העסלעכן קאַרל באַלזאַם, וועלן פגרן ווי מייז. איר האָט נישט וויקטאָר שליסעל! ווייל אַלע אויף דער שיף, אַלע זענען ייִדן, שפּיאָנען, פאַרברעכער! אַלע זענען וויקטאָר שליסעלס.

שטימען:

וואַרפט זי אין ים אַריין, די בעסטיע!

שטימען:

ניין! האַלטן זי פאַר אַ משכון! נישט געבן איר קיין לייכטן טויט. זי האָט דאָס איבערגעגעבן צו דער דייטשער סובמאַרין, אַז מיר זענען אויף דער שיף!

מאַטראָס:

עס איז ריכטיק, קאַפּיטאַן! ביינאַכט האָב איך באַמערקט ווי די פרוי האָט זיך אַרויסגעשלייכט פון דער מאַשינען אָפּטיילונג. זי איז אַ שיינע, אַ צוגעלאָזענע. זי איז געלעגן מיט דעם פון דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג. זיי האָבן זיך געקושט. ער האָט מיר צומאָרגנס געזאָגט, אַז איר לייב איז ווי זייד און זי איז הייסבלוטיק. זי האָט אים פאַרכישופט און האָט אין דער זעלבער צייט איבערגעשיקט אַ ראַדיאָ־גראַמע צו דער סובמאַרין, אַז דער גרעסטער צאָל אויף דער שיף זענען ייִדן. זי האָט עס געטון, אַזאַ זונה!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

זאָל מען זי האַלטן אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג און היטן. נישט אָפּלאָזן פון אויג.

(צוויי באַוואָפנטע מאַטראָסן גייען צו צו גערטרוד פרידריך און נאָך עטלעכע מענטשן אַרום איר און שטופּן זיי צום אַריינגאַנג אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג).

**גערטרוד פרידריך:**

**צו שפּעט! איר וועט מוזן גלייך אויסליפערן דעם וויקטאָר שליסעלן! כי־כי־כי!**

(אַנעט פעדער לויפט צו צו ברוך פּאָזנערן).

**אַנעט פעדער:**

**איך בין אַזוי גליקלעך, אַז דו ביסט נישט דער! איך וועל זיך נישט שענקען, פּאַר דער מינוט, ווען אין מיין מוח איז אַ געדאַנק דורכגעלאָפן, אַז דו, ברוך, דו ביסט אפשר וויקטאָר שליסעל! זיי מיר מוחל, מיין טייערער. נעם מיך אַרום! איצט איז מיר שוין אַלץ איינס. אויב מיר וועלן שטאַרבן, אָדער לעבן! מיר וועלן זיין צוזאַמען! עס איז מיין גליקלעכסטע מינוט, ברוך! דו ביסט אַזאַ בראַווער מאַן! דו רעדסט אַזוי שיין! קיין זאַך אין דער וועלט וועט אונדז נישט שיידן!**

**ברוך פּאָזנער** (זאָגט נאָך מעכאַניש):

**קיין זאַך אין דער וועלט וועט אונדז נישט שיידן, אַנעט! טייערע מיידל. קוש מיך נישט איצטער! אַזויפיל טרויער איבער אַלעמענס קעפּ! נישטאָ קיין טרייסט פון ערגעץ, פון ערגעץ נישט. נחס תיבה האַלט אין זינקען!...**

(פּאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 3

עס איז פופצן מינוט צו פינף.
אויפן דעק פון דער שיף:

אין צעוואָרפענע פּאָזעס זיצן מענטשן, ליגן, קניען, שטייען ביים פּאָרענטש. די זון הייבט אָן זיך נייגן צו מערב־זייט. דער ים איז גלעטנדיק שטיל. קאַרלאָס ראָדריגעז שפּילט אויף אַ האַרמאָניקע אַ פּאַרבענקטן ניגון. אַלעקסאַנדער זאַפּט שטייט ביי ליזאַן און גלעט אירע האָר. קאַרל באַלזאַם קניט אין אַ ווינקל פון שיף. די טיר פון קאַפּיטאַנס קאַיוטע איז אָפן. מען זעט דעם קאַפּיטאַן און זשאַן קלאָדעל געבויגן איבער אַ מאַפּע. אויך די טיר פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג איז אָפן. מען זעט מאַטראָסן מיט פלעשער וויין אין די הענט. זיי זענען פריילעך און זינגען לידער. דאָס געזאַנג רייסט זיך אַרויס פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג.

איין מאַטראָס קאָלערט אַ פעסל. אַ צווייטער רייסט פון זיך אַראָפּ די קליידער. אַ דריטער ציט אַרויס פון ערגעץ אַ רעוואָלווער.

אַנעט פעדער און ברוך פּאָזנער שטייען אָנגעלענטע אויפן פּאָרענטש פון דער שיף. ער האַלט די פינגער פון אירע הענט. זי קוקט אים אין די אויגן מיט ליבשאַפט. זי שמייכלט און ער איז פאַרטראַכט, בלייך. איין אויג צוקט ביי אים פון אויפרעגונג. ער איז אין אַן אומרויקער, צערודערטער שטימונג.

אויפן האָריזאָנט באַוועגט זיך דער פעריסקאָפּ פון דעם סובמאַרין. עס זעט אויס ווי אַ שוואַרצער פאַרשפּיצטער שטאַנג אויפן פאָן פון העלבלויען הימל.

(אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג. עס רייסן זיך אַרויס געשרייען, געלעכטערן, פאַרשייטע רייד, שלוקערצן פון אַ שיכור און געזאַנג).

**ערשטער מאַטראָס** (האַלט אַ פלאַש רויטן וויין און טרינקט פון איר):

איך וועל דעם באָש (פּאַסקודנעם דייטש) נישט אָוועקגעבן מיין וויין! צען טעג שלעפּט מען זיך און קיין איבעריקן טרונק קען מען נישט קריגן. קוים אַ גלעזעלע פּאָר אַ גאַנצן טאָג. דרעקיק לעבן! עס איז דאָס לעצטע פלעשל, וואָס איך האָב געפונען. אַלטער וויין. זעט נאָר חברה: באָרדאָ 1922, כע־כע־כע! אַזאַ ביסל וויין קען דיר די נשמה צעוואַרעמען.

**צווייטער מאַטראָס** (האַלט אויך אַ פלאַש אין האַנט און טרינקט):

מיינער איז שאַבלי 1929. מיר האָבן נישט געדאַרפט וואַרטן אַזוי לאַנג. ווער עס וויל פּגרן מיט אַ ניכטערן מאָגן דער קען עס טון. נישט איך, קלאַד, און ווייב־לעך זענען דאָ ביי אונדז: בלאָנדע, גאָלדיקע, ברונעטע. און אויגן: גרינע, ברוינע, בלויע, וואַרעמע...

**דריטער מאַטראָס:**

פּעטע היפטן און שלאַנקע פיסלעך. זיי גייען ווי פּאַוועס. זיי חלשן נאָך אַ יונג, נאַר דער קאַפּיטאַן, ער לאָזט נישט! ער אַליין טרינקט נישט, קוקט נישט אויף די ווייבער און לאָזט אונדז נישט!

**ערשטער מאַטראָס:**

אָבער פּגרן דאַרף יאָ. זעקס אַזייגער און אַ סוף וועט זיין מיט אונדז. מיין מיידל אין נאָרמאַנדי, וועט נאָך מיר טרויערן, אַנרייסן אַ פּאָר בלומען און וועט זיך קושן מיט ראָבערטן און מיט אים חתונה האָבן!

**צווייטער מאַטראָס:**

זי איז דאָ די גערטרוד. האָט אַ האַלדז ווי זייד. און בריסט ווי עפּל ביי אונדז אין גאָרטן אין בורגאָן. אירע ליפּן קענען דיר דאָס ביסל בלוט אויסזויגן. קומט חברה! זי וועט זיך נישט אָפּזאָגן. איך וויל נישט מער אויפכאַפּן ראַדיאָגראַמעס פון דעם באָש, וועגן וויקטאָר שליסעל, נאָכדעם וועט אַ טאָרפּעדאָ אונדז צעשמעטערן. איך וויל נישט פּגרן! העי גערטרוד, ווילסט אַביסל וויין? וועסט דיר דיין בויך דערוואַרעמען כי־כי־כי!

**דריטער מאַטראָס** (עפנט אויף אַ פעסל וויין):

מיר ווען אַלע פּגרן. נאָך אַ שטונדע און אַ סוף! די מלחמה האָט זיך געענ־דיקט און מיר דאַרפן זיך שלעפּן איבערן ים און מען ווייסט נישט ווו אַהין. אויך דער קאַפּיטאַן ווייסט נישט! איר האָט געהערט, וואָס די דייטשע אָפיצירן האָבן געזאָגט, אַז מען האָט דעם קאַפּיטאַן פאַרמשפּט צום טויט! פאַרוואָס קומט עס אים?

**ערשטער מאַטראָס:**

ער האָט זיך באַנאַרישט. איבער צוואַנציק יערעלעך בין איך אונטער זיין דינסט. לאָמיר חברה אָפּשטעלן די שיף. מיר טאָרן נישט דערלאָזן ער זאָל אומ־קומען. לאָמיר נעמען די רעוואָלווערן און די מיטראַיעזן. זיי וועלן שוין אויסזאָגן ווער עס איז וויקטאָר שליסעל.

**צווייטער מאַטראָס:**

אַ שטיק אין נאַכט איז זי מיט מיר געלעגן, די דייטשע צויג. געגלעט און געקושט. נאָכדעם האָט זי זיך געבאַבערעט דאָרט ביי דער ראַדיאָ. אָבער מיך אַרט עס נישט. מיר וועלן סיי ווי סיי היינט ליגן מיטן פּופּיק אין ים. איך וועל נאָר

צוערשט מיין שאַבלי־וויין אויסטרינקען! איר נעמט די מיטראַיעזן. מיר גיט אַ רעוואָלווער!

(פון זיין קאַיוטע קומט אַרויס קאַפּיטאַן לעבלאַן און זשאַן קלאָדעל. זיי גייען אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג. די טיר פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג פאַרהאַקט זיך הינטער זיי).

(אויפן דעק).

## גאָדל בערגמאַן:

פאַרלאָז אונדז נישט רבונו־של־עולם! ראַטעווע אונדז. אויב עס איז אַ שעה פון דין, בעטן מיר דיך רחמים! רחמנות! מיר זענען דאָך אַלע אין דיין געשטאַלט באַשאַפן, לאָז אונדז נישט אומקומען אין די טיפענישן פון ים.

## האַנס קרעמער:

וואָס העלפט דאָס בעטן. מיר האָבן נאָך איין שעה צו לעבן. דער טויטאורטייל איז פאַרזיגלט. איר זעט נישט ווי די סובמאַרין שפילט זיך מיט אונדז, אַ קאַץ און מויז־שפיל.

## הענרי פעדער:

מיין אָרעם קינד. ווו נעמט מען כוחות אויסצוהאַלטן? פאַרוואָס אַזוי פיל צרות. ווען מען האָבן מיר שלעכטס געטון? פאַרוואָס לעבט מען אין אַזאַ פינצטערן דור?

## קאַרלאָס ראָדריגעז:

איך האָב קיינמאָל ביי גאָט גאָרנישט געבעטן. ער איז קיינמאָל נישט געווען גוט צו מיר. מיין טאַטע איז געשטאָרבן אין דער ערשטער מלחמה. מיינע צוויי ברידער זענען אומגעקומען אין בירגער־קריג. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין איבעריק ביסל וויין און קיין איבעריקן סענט פאַר אַ מיידל. (שפּילט אויף דער האַרמאָניקע שטיל און פאַרבענקט).

## פלאָרענס קאַרמעל:

גאָט אין הימל! פאַרוואָס דאַרפן מיר שטאַרבן? העלף אונדז גאָט! איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל אָנקומען אַהיים וועל איך אַלץ אַוועקגעבן פאַר טשאַריטי. איך וועל געבן פאַר אַלע קאָנגרעגיישאָנס, טעמפּלען און קירכעס. העלף אונדז גאָט!

## אַלעקסאַנדער זאַפּט:

דער טאַטע מיינער פלעגט אין אַזאַ צרה זאָגן תהילים, קלאַפּן זיך „על חטא". איך קען עס נישט, נאָר אויב, גאָט, דו קענסט דערהערן דאָס דינסטע געוויין פון אַ קראַנק קינד אין דער טיפער נאַכט, דערהער אויך אונדזער געוויין, אונדזער צער.

## ליזאַ:

בלויז דאָס איינע מאָל העלף אונדז גאָט. בלויז היינט. מיר ווילן נישט שטאַרבן!

קאַרל באַלזאַם:

דערלייזער ליכטיקער! איך האָב ערשט דיך ליכט דערזען, דערזע מיך אויך אין מיין טרויער. (נעמט זינגען שובערטס „אַווע מאַריאַ”).

אפרים שטערן (הויך מיט אַ ניגון, כדי צו שטערן קאַרל באַלזאַמס אַווע מאַריאַ):

ובכן תן פחדך י׳ אלהינו על כל מעשיך, ואימתך על כל מה שבראת, וייראוך כל המעשים...

פרוי געהילט אין שוואַרצן:

באָזשע מאָי, באָזשע מאָי! (צלמט זיך).

פרוי אין גרינע קליידער:

מאָן דיע, פיטיעי! סאָוועי־נו... (צלמט זיך).

אַנעט פעדער (קוקט ברוכן אין אויגן):

וואָס שווייגסטו, ברוך? ביסט דאָך אַלעמאָל אַזאַ מונטערער!

ברוך פאָזנער:

איך טראַכט, ווי וווּנדערלעך דו ביסט. ביסט אַזוי שיין אין דעם ליכט.

אַנעט פעדער:

אָבער, פאַרוואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט פּלוצלינג דו הערסט נישט...

ברוך פאָזנער:

איך הער דאָס קלאַפּן פון דיין האַרץ, אַנעט. איך קען אַפילו לייענען דיינע געדאַנקען. דו טראַכסט ווי גוט עס איז, וואָס איך בין נישט וויקטאָר שליסעל. דו טראַכסט אויך, אַז דאָס אומקומען וועט נישט זיין אַזוי שרעקלעך, ווייל וועסט זיין מיט מיר פאַראייניקט אויף אייביק.

אַנעט פעדער:

יאָ, ברוך, איך טראַכט טאַקע וועגן דעם.

ברוך פאָזנער:

איך וועל דיך נישט פאַרגעסן, אַנעט. איך וועל אין דער אייביקייט אַריין מיטנעמען דעם וווּנדער פון דיין געשטאַלט, דעם שעפּטש פון דיינע ליפּן.

אַנעט פעדער:

איך וועל דיך אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ברוך פאָזנער:

זאָג נישט אַזוי, אַנעט. דו טאָרסט אַזוי נישט ריידן.

אַנעט פעדער:

וואָס מיינסטו, ברוך? ביסט שוין ווידער אַזוי געהיימניספול.

(עס הערן זיך געשרייען פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג. עס זעט אויס ווי אַ

רעוואָלט. אַ מאַטראָס קומט פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג מיט אַ מאַשין־ביקס. אַ צווייטער מיט אַ מעסער אין האַנט).

**ברוך פּאָזנער:**

די מאַטראָסן מאַכן אַ רעוואָלט, הער!

**שטימען פון די מאַטראָסן, שיכורע, זינגעוודיקע:**

מיר ווילן וויקטאָר שליסעל! מיר ווילן נישט פּגרן!

**ברוך פּאָזנער:**

אַ רעוואָלט!

**אַנעט פּעדער:**

דער קאַפּיטאַן! אַזאַ אידעלער מענטש.

**ברוך פּאָזנער:**

איינער פון די העלדישסטע, מוטיקסטע מענטשן, וואָס איך האָב באַגעגנט, אין אַזאַ אַכזריותדיקע צייט, ווען איינער וויל דעם אַנדערן אויפפרעסן. איצטער איז די גרעסטע סכנה. די מאַטראָסן וועלן אָפּשטעלן די שיף. די דייטשן וועלן אַפילו נישט וואַרטן ביז זעקס אַזייגער. זיי וועלן באַשיסן די שיף! די דייטשן ווילן ווייזן דער וועלט, אַז זיי האָבן נישט געמיינט די פּליכטלינגע, נאָר אַ שפּיאָן.

**אַנעט פּעדער:**

עס איז נאָך צייט אַ גאַנצע שעה. דו זאָגסט דאָך, אַז עס קען קומען הילף פון גיבראַלטאַר, פון דער ענגלישער פעסטונג!

**ברוך פּאָזנער** (שטיל דראַמאַטיש):

הער אויס אַנעט. איך וויל דיר עפּעס זאָגן. דו וועסט מיך פאַרשטיין. איך... איך...

**אַנעט פּעדער:**

דו שרעקסט מיך ווידער, אָבער איך האָב נישט קיין מורא. איך האָב געזען דיין פּאָטאָגראַפיע אין פּאַס, דו ביסט ברוך פּאָזנער...

**ברוך פּאָזנער:**

אַנעט, ניין. איך בין... וויקטאָר שליסעל.

(זי האַלט זיך קוים אָן ביים פּאַרענטש. די פיס אירע ברעכן זיך צוזאַמען. זי וואַקלט זיך. ער כאַפּט זי אין זיינע אָרעמס):

באַרויק דיך אַנעט! אַנעט! (זי קוקט אויף).

**אַנעט פּעדער:**

וואָס האָסטו געזאָגט, ברוך?

**ברוך פּאָזנער:**

איך וועל רופן דיין פאָטער. מעסיע העגרי פּעדער, מעסיע פּעדער!

**אַנעט פּעדער:**

ניין, ניין! וואָס האָסטו געזאָגט?

**ברוך פּאָזנער:**

שריי נישט. דאַרפסט זיין בראַוו. ווערסט מיך געדענקען. בלויז געדענקען, אַנעט. וויין נישט. האַלט זיך מוטיק. איך האָב דערמאָרדעט אין בעלגיע דריי דייטשן. איך האָב זיי דערשאָסן, איידער איך בין אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך. זיי זענען געקומען אויף מיינע שפּורן. איך האָב אין בעלגיע געוווינט אונטער דעם נאָמען וויקטאָר שליסעל. איך בין אַ ייד. דאָס איז אַלץ!

**אַנעט פּעדער:**

עס איז נישט אמת! האָסט נישט געקענט אין אַזאַ קורצער צייט באַקומען נייע דאָקומענטן. דו האָסט אַ פּוילישן פּאַס, איך האָב געזען. דו ביסט ברוך פּאָזנער...

**ברוך פּאָזנער:**

ניין, אַנעט! איך האָב זיך אַמאָל געמאַכט פאַלשע פּאַפּירן. איך טאָר מער נישט וואַרטן. מיר האָבן נאָך פופציק מינוט. אַלע פיר הונדערט מענטשן שטייען אין קאָן. שוועבן צווישן לעבן און טויט. דער קאַפּיטאַן, דיין פאָטער, דו!

**אַנעט פּעדער:**

דו ביסט נישט דער...

**ברוך פּאָזנער:**

ווילסט, אַז צוליב מיר זאָלן אומקומען פיר הונדערט מענטשן, פרויען און קינדער?

**אַנעט פּעדער:**

דו ביסט דאָך אָבער נישט דער... דו האָסט מיך ליב.

**ברוך פּאָזנער:**

ווייל איך האָב דיך ליב.

**אַנעט פּעדער:**

בלייב מיט מיר ברוך!

**ברוך פּאָזנער:**

וועלן מיר אַלע אומקומען?

**הענרי פּעדער:**

וועגן וואָס אַמפּערט מען זיך דאָ? קום מיין קינד לייג זיך צו, דו שטייסט קוים.

**אַנעט פּעדער** (מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע):

גיי פאָטער, צו דער מאַשינען־אָפּטיילונג און דערוויס זיך וועגן די געשרייען דאָרט!

(הענרי פּעדער אָפּ).

**ברוך פאָזנער:**

זיי געזונט אַנעט.

**אַנעט פעדער:**

דו האָסט געזאָגט, אַז די דייטשן מיינען נישט קיין וויקטאָר שליסעל. עס איז נישטאָ אַזאַ איינער און איצטער, ווערסטו אַ קרבן. דו ביסט דאָך נישט דער. קענסט מיך נישט איבערלאָזן אַליין אין אַזאַ שלעכטער וועלט. דו טאָרסט נישט שטאַרבן פאַר אַנדערע. קיינער וועט עס נישט טון פאַר דיר. ברוך!

**ברוך פאָזנער:**

איך וועל זיך איבערגעבן צו קאַפּיטאַן לעבלאַן. ער וועט זען, אַז איך און וויקטאָר שליסעל זענען די אייגענע פּערזאָן. אפשר וועט מען געווינען צייט? אפשר וועט מען אָפּראַטעווען די אַלע לעבנס. זיי גליקלעך, אַנעט. אפשר וועסטו דערלעבן אַ שענערע וועלט!

**אַנעט פעדער:**

איך וועל גיין מיט דיר.

**ברוך פאָזנער:**

בלייב מיט דיין פאָטער.

(ער נעמט זי אַרום, קושט איר אויף די באַקן. זי בלייבט שטיין מיט אויסגע־שטרעקטע אָרעמס. כאַפּט זיך אָן אין דעם אייזערנעם שטאַנג פון דער באַריערע. אַלץ אַרום איר ווערט טויב. פּלוצלינג גיט זי זיך אַ ריס פון אָרט און נעמט שרייען מיט געהארישע געוואַלדן).

**אַנעט פעדער:**

ניין, ניין! ער איז נישט וויקטאָר שליסעל! ניין, ער איז ברוך פאָזנער!

(פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג קומען אַרויס דער קאַפּיטאַן לעבלאַן און זשאַן קלאָדעל).

**שטימען פון די שיכורע מאַטראָסן:**

מיר ווילן ווייַן, פרויען און וויקטאָר שליסעל!

מיר ווילן נישט פגרן פון אַ דייטשע טאָרפּעדאָ!

אַלע פרויען אויף דער שיף זענען צנועות און זונות.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

אַ רעוואָלט פון די מאַטראָסן. מיר מוזן דערשטיקן יעדן אויפשטאַנד. ווייל מיר זענען פאַרלוירן!

**זשאַן קלאָדעל:**

**וואָס קען מען טון, קאַפּיטאַן? זיי האָבן געפֿונען וויין, דעם לעצטן וויין. זיי האָבן דאָרט געטרונקען פֿרײַנדלעך און נאָך עטלעכע פֿראַוען. זיי זענען ווילד, פֿאַר־שיכורט, עקזאַלטירט פֿון איבערלעבענישן, פֿון דער דראָאונג פֿון אומקום, טויט! מען וועט זיי נישט קענען איינשטילן. זיי האָבן די מאַשין־ביקסן, רעוואָלווערן. ווען מען קען האָבן אַ וויקטאָר שליסעל, דאָס וואָלט געווירקט!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (שטרענג):

**מיט מײַנע הענט וועל איך דערשטיקן דעם אויפשטאַנד. זיי טאָרן דאָס נישט טון צו מיר.** (כאַפּט אַרויס אַ רעוואָלווער פֿון טאַש און שיסט אויס דריי מאָל אין דער לופֿט. עס בלײַבט אַ טויבע שטילקייט). **איך וויל נישט קיין רעוואָלט אויף מײַן שיף! עס איז מלחמה־צײַט! איר מוזט מיך אויספֿאָלגן! שוין אָנוועקלייגן די מאַשין־ביקס, דאָס מעסער, שוין!** (ביידע מאַטראָסן גייען מעכאַניש צו צו דער מאַשינען־אָפּטיילונג).

**שטימען פֿון שיכורע מאַטראָסן:**

**מיר ווילן נישט פּגרן!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**מיר וועלן וואַרטן ביז זעקס. מיר האָבן נאָך פֿינף און פֿערציק מינוט. וויקטאָר שליסעל איז נישטאָ אויף אונדזער שיף. עס איז בלויז אַ ווילדער אויסרייד פֿון די דײַטשן!**

(ברוך פּאָזנער גייט האַסטיק צו צום קאַפּיטאַן, כאַפּט אים אָן ביי די הענט).

**ברוך פּאָזנער:**

**איך בין וויקטאָר שליסעל, קאַפּיטאַן!**

(דער קאַפּיטאַן און זשאַן קלאָדעל בלײַבן שטיין מוראדיק איבערראַשט. אַזוי אויך דער גאַנצער עולם אויף דער שיף. עס הערן זיך די געשרייען פֿון אַנעט פּעדער).

**אַנעט פּעדער:**

**ניין! מאַן דיע, ניין! ער איז ברוך פּאָזנער! ער זאָגט אַ ליגנט! ער וויל זיך מקריב זײַן פֿאַר אַלעמען!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**וואָס האָט איר געזאָגט, מעסיע פּאָזנער?**

**ברוך פּאָזנער:**

**איך בין וויקטאָר שליסעל, קאַפּיטאַן!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

עס איז איצטער נישט קיין צייט פון שפּאַסן. די מאַטראָסן פון „עספּעראַנס" זענען אין רעוואָלט. מיר האָבן פינף און פערציק מינוט צו זעקס. און איר שפּאַסט!

**ברוך פּאָזנער** (מיט אַ שטאַרקן קול):

איך שפּאַס נישט, קאַפּיטאַן! איך בין וויקטאָר שליסעל!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

ווייזט מיר אייערע פּאַפּירן, מעסיע...

**ברוך פּאָזנער:**

אָט איז נאָכאַמאָל מיין פּאַס. איר האָט אים ערשט געלייענט!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

אייער פּאַס זאָגט נישט, אַז איר זענט וויקטאָר שליסעל! איר זענט...

**אַנעט פעדער** (היסטעריש):

ער איז ברוך פּאָזנער. אַ ייִד פון פוילן! לאָזט אים נישט שטאַרבן!

**ברוך פּאָזנער:**

קאַפּיטאַן! די דייטשן קענען מיך אונטער יענעם נאָמען. איך בין וויקטאָר שליסעל. איך האָב אין בעלגיע דערמאָרדעט דריי דייטשן, מיט מיין רעוואָלווער זיי דערשאָסן, מיט דעם רעוואָלווער, וואָס אייערער אַ מאַטראָס האָט היינט צוגענומען. זיי באַשולדיקן מיך אין מאָרד. עס איז אמת! איך קען אָנגעבן סימנים, ווו דאָס איז געשען. אין שאַרללערואַ, בעלגיע, דעם 14טן מאַי, פון יאָר 1940!

**זשאַן קלאָדעל:**

די צייטונגען האָבן וועגן דעם געשריבן, אָבער נישט אָנגעגעבן קיין נאָמען, ווער עס האָט דאָס געטון.

**ברוך פּאָזנער** (מיט שטאָלץ):

איך האָב עס געטון! זיי באַשולדיקן מיך אין שפּיאָנאַזש. אויך דאָס איז אמת, אָבער איך קען עס איצטער נישט באַווייזן. זיי זאָגן, אַז איך בין אַ ייִד, דאָס קענען אַלע אויף דער שיף באַווייזן! וואָס נאָך פאַר אַ דאָקומענטן און סימנים דאַרף איך אָנגעבן?

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

עס איז קעגן געזעץ, מעסיע! מיר האָבן נישט קיין באַווייזן קעגן אייך. דאָס וואָס איר זאָגט איז נישט גענוג, אַז מיר זאָלן אייך איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן!

**אַנעט פעדער:**

ער האָט אויסגעטראַכט. ער איז דער וווּנדערבאַרסטער מאַן. גלייבט אים נישט!

**ברוך פֿאַזנער:**

קאַפּיטאַן, איר ווייסט דאָך יאָ, אַז די דייטשן ווילן נישט קיין וויקטאָר שלי־לעסל זיי ווילן די ייִדן פֿון דער „עספּעראַנס“, זיי ווילן אייער קאָפּ. איך בין וויקטאָר שליסעל, גיט מיך איבער דער סובמאַרין. אפֿשר וועט איר קענען אָפּציִען עטלעכע שעה צייט! אפֿשר וועט מען קענען ראַטעווען, הונדערטער לעבנס. עס איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איר זענט זייער בראַוו. איך האָב נישט געוווּסט, אַז אויף מיין שיף געפֿינען זיך אַזעלכע העלדישע מענער. איך בין די גאַנצע צייט פֿאַרצווייפֿלט, בייז אויף זיך אַליין, פֿאַרוואָס איך האָב אונטערגענומען אַזאַ ריזיקאַלישן שריט, צו ראַטעווען אומבאַקאַנטע מענטשן. איצטער האָב איך מיין באַלוינונג.

**ברוך פֿאַזנער:**

מיר מוזן זיך צושיילן.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איר האָט אַ פֿרוי, קינדער?

**ברוך פֿאַזנער:**

איך האָב נישט קיינעם אין דער וועלט, בלויז זייער אַ נאָענטן מענטשן אויף דער שיף, דאָס מיידל אַנעט פֿעדער. זעט עס זאָל איר נישט געשען קיין שלעכטס!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (מיט אַ פֿאַרשטיקטער שטימע. שטאַרק גערירט):

זשאַן! לאָזט אַלעמען וויסן, אַז עס האָט זיך געפֿונען וויקטאָר שליסעל!

**זשאַן קלאָדעל** (רופֿט אויס מיט אַ שטאַרקער שטימע):

וויקטאָר שליסעל האָט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פֿון אונדזער קאַפּיטאַן. מיר וועלן אים איבערגעבן צו דער דייטשער סובמאַרין!

(עטלעכע רגעס אַ טויבע שטילקייט. באַלד ברעכט אויס אַ פֿרייד־געשריי).

**שטימען פֿון דעק און פֿון די שיכורע מאַטראָסן:**

הוראַ! מיר זענען געראַטעוועט! וואָס האָט ער אַזוי לאַנג געוואַרט? רייסט אים די בעבעכעס אַרויס! די ביינער אים ברעכן!

(דער קאַפּיטאַן, ברוך פֿאַזנער, זשאַן קלאָדעל שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ).

**אַנעט פֿעדער:**

איר באַגייט אַ מאָרד, קאַפּיטאַן! ער איז נישט...

**שטימען:**

שווייג! דו ביסט זיין געליבטע. רייסטו זיך ווי אַ הונט אויף דער קייט! שווייג!

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

ער? פּאָזנער? ניין! ער איז נישט וויקטאָר שליסעל. עס איז אַ שרעקלעכער טעות! מען טאָר נישט לאָזן!

**אפרים שטערן:**

פּאָזנער? ער האָט געהרגעט עטלעכע דייטשן? הלוואי וואָלט עס איך געקענט באַווייזן. ער איז אָבער נישט וויקטאָר שליסעל!

**האַנס קרעמער:**

האָט זיך ענדלעך געפונען דער וויקטאָר שליסעל! איך האָב באַלד געוווסט, אַז דער טרעמפּ...

**אפרים שטערן:**

שווייגט! איר אומווירדיקער נפש! ברוך פּאָזנער איז אַ הייליקער, אַ צדיק!

**גאָדל בערגמאַן:**

אַ למד־וואָווניק! אויף אַזעלכע מענטשן ווי ער, שטייט די וועלט. אין זייער זכות לעבן מיר. אין זייער זכות גיט גאָט רעגן, שפּייז, לעבן. אַלץ אין זייער זכות!

**ליזאַ:**

מען טאָר נישט דערלאָזן. עס וועט זיין אַ פּאַטאַלער מאָרד! פּאָזנער, איז פּאָזנער, נישט שליסעל!

**קאַרלאָס ראָדריגעז:**

ער לאָזט איבער אַזאַ שיין מיידל! איך וואָלט דאָס נישט געקענט. ער איז אַ הייליקער, פּאָזנער. דער שענסטער און איידלסטער פון אונדז אַלעמען. הורראַ פּאָזנער! מיר וועלן דיין נאָמען איינקריצן אין אונדזערע הערצער!

**פלאָרענס קאַרמעל:**

איך שעם זיך פאַר מיר אַליין! איך האָב נישט געגלייבט, אַז היינט זענען דאָ אַזעלכע בראַווע מענטשן. אַן אומבאַקאַנטער גרויסער העלד. (צעוויינט זיך). מען טאָר נישט דערלאָזן, אַז אַן אומשולדיקער מענטש זאָל שטאַרבן פאַר אונדז!

**אַנעט פעדער:**

טוט עס נישט, קאַפּיטאַן לעבלאַן! ער האָט וועגן איך גערעדט ווי וועגן דעם מוטיקסטן און איידלסטן מענטש. באַגייט נישט קיין מאָרד! ער איז נישט וויקטאָר שליסעל! ברוך!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

מאַדעמואַזעל פעדער, עס איז מיט זיין אייגענעם ווילן. זיי מיר מוחל גאָט, וואָס איך טו איצט!

(רעדט פאַרשטיקט צו אַלע):

אָט שטייט פאַר איך מעסיע פּאָז... וויקטאָר שליסעל! ער ווערט באַשולדיקט

פון דער דייטשער מאַכט פאַר שפּיאָנאַזש און מאָרד. ער האָט אונדז איבערגעגעבן געוויסע צייכנס, ווו ער האָט דערמאָרדעט דריי דייטשן אין אַן אַקט פון... נקמה. וויקטאָר שליסעל איז אַ ייִד. ער האָט זיך פרייוויליק איבערגעגעבן צו מיר. מיר האָבן שוין איבערגעשיקט אַ ראַדיאָגראַמע צו דער סובמאַרין, אַז מיר גיבן זיי איבער וויקטאָר שליסעל!

(ער איז פאַרגאַנגען אין אַ שלוכץ. געמוזט איבעררהאַקן אין מיטן).

**גערטרוד פרידריך** (פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג):

ענדלעך געפונען דעם מערדער! ער וועט שוין מער נישט מאָרדן, שענדן, דער ייִד! עס וועט אייך נישט העלפן. אַלע אויף דער שיף, זענען מערדער! עס איז די לעצטע שטונדע אייערע. איר וועט באַלד אַלע אַנטקעגנטאַנצן דעם טויט!

**צווייטער מאַטראָס:**

שווייג, דו זונה! מען וועט דיך אויך איבערשיקן אויף יענער וועלט! שווייג!

**אפרים שטערן:**

ברענען זאָל אַזאַ וועלט, מיט נחס תיבה צוזאַמען! זאָל נחס תיבה אונטערגייען! זאָל די גאַנצע וועלט אונטערגייען! מיר ווילן נישט אַזאַ קרבן!

(פאָרהאַנג פאַלט).

# דריטער אַקט

## בילד 1

דער פֿאָרהאַנג איז אַראָפּגעלאָזט. עס איז דער זייגער 5.30.

פֿון אַ זייט קומט אַרויס ברוך פֿאָזנער, באַגלייט פֿון אַ מאַטראָס פֿון דער „עספּעראַנס". זיין הויך געשטאַלט איז אַביסל וואַקלדיק. זיינע אויגן זעען אויס ווי זיי וואָלטן פֿלוצלינג אַרייַן טיף אין די לעכער. זיין פּנים איז שטאַרק בלייך און איז באַלויכטן פֿון אַ שטאַרקן רעפֿלעקטאָר, וואָס פֿאַלט אויף אים פֿון אונטן אַרויף. זיין רעקל איז צעשפּיליעט און דאָס העמד אונטערן רעקל איז צעשפּיליעט. ער קוקט אויפֿן פּובליקום מיט אַ מינע, וואָס דריקט אויס טרויער און פֿאַראַכטונג. ער בלייבט שטיין אין מיטן דער סצענע. הינטער אים אָפּגערוקט אויף דריי טריט בלייבט אויך שטיין דער מאַטראָס, וואָס האַלט אין האַנט אַ ביקס.

פֿון הינטער דעם פֿאָרהאַנג הערט זיך אַ שלוכצן, געזאַנגען פֿון טרויער און געבעט, פּסוקים פֿון תּהילים און תּפֿילה צו גאָט אין פֿראַנצויזיש, ענג־ליש, פּויליש.

די סצענע פֿון פֿאָזנערס שטיין דויערט עטלעכע רגעס. מען זעט ווי אויף זיין פּנים שפּילט זיך אָפּ אַ ביטערער קאַמף צווישן פֿאַרצווייפֿלונג, שטאָלץ און פֿאַראַכטונג.

**מאַטראָס** (באַרירט לייכט פֿאָזנערס אָרעם):

מיר האָבן בלויז געציילטע מינוטן, מעסיע פֿאָזנער!

**ברוך פֿאָזנער:**

אַנטשולדיקט מיין טייערער, איך בין וויקטאָר שליסעל, פֿאַרגעסט דאָס נישט! אויב איר מאַכט אַזאַ טעות אין דער עפֿנטלעכקייט, קען עס אייך זייער טייער קאָסטן. חזרט עס זיך איין אין מוח: ברוך פֿאָזנער עקזיסטירט נישט מער! איך הייס וויקטאָר שליסעל. איך בין אַ מערדער, אַ שפּיאָן, אַ ייִד!

**מאַטראָס:**

מעסיע... שליסעל, מיר מוזן זיך צעזיילן! דאָס איינציקע רעטונגס־שיפֿל וואָס

מיר האָבן איז שוין אַראָפּגעלאָזט און איז גרייט אונדז אויפצונעמען. מיר האָבן בלויז צוואַנציק מינוט. איר האָט נאָך אַ גליק, וואָס דער ים איז רויק.

**ברוך פּאָזנער:**

בלייבט מיר נאָך אַלץ גאַנצע פינף מינוט פאַר אַ ווידוי און איר ווייסט, אַז עס איז דערלויבט יעדן מענטשן, סיי אַן אומשולדיקן צו זאָגן ווידוי פאַרן טויט. גייט איינער צו דער תליה, אָדער דערשאָסן צו ווערן דערלויבט מען אים זיך מתוודה צו זיין פאַר אַ רב, פאַר אַ גלח. ווערט אַ זעלנער פאַרמשפּט פון אַ מיליטערישן געריכט צום טויט, איז אים דערלויבט צו זאָגן עטלעכע ווער־טער צו זיינע ריכטער און צו די פאַרטיידיקער, אַ מענטש אין מינוטן פאַרן טויט רופט גאָט און זיין גאַנץ לעבן שוועבט פאַר אים פאַרביי, ווי דער שוועב פון אַ פויגל אינעם ווינט. איך ווייס נישט צו וועלכע קאַטעגאָריע צום טויט־פאַרמשפּטע איך געהער, איך ווייס נישט ווער איך בין, איך ווייס נישט וועמען צו בעטן מיט מוחל זיין, וועסטו דעריבער, מיין פריינט, מיר געבן עטלעכע מינוט צו ריידן צו זיך אַליין.

**מאַטראָס:**

מעסיע... שליסעל, אַלע אויף דער שיף וואַרטן. הערט, זיי בעטן גאָט, וויינען.

**ברוך פּאָזנער:**

נישט אַלע, נישט אַלע!

**מאַטראָס:**

בלויז פינף מינוט!

**ברוך פּאָזנער:**

מיין טאַטע שמואל־הערש, אַ קליין אויסגעדאַרט ייִדעלע, האָט געצויגן חיונה פאַר זיך און פאַר זיין גרויס הויזגעזינט פון דעם, וואָס ער פלעגט שמייסן ייִדן אין שוויץ־באָד מיט בעזעמלעך. ער האָט זיך זעלטן מצער געווען, קיינמאָל נישט געוויינט בפרהסיה, נישט געזיפצט. ער האָט זיך אַרויסגעפּלאָנטערט פון אַלע צרות, חולאתן, הונגער, נויט מיט אַ זמרל, אַ ניגונדל, אָדער ער האָט געטון אַ טרונק בראָנפן, האָט ער נישט געהאַט אַביסל בראָנפן אין שטוב, האָט ער אויסגעבאָרגט ביי אַ שכן, אויב נישט האָט ער זיך באַנוגנט מיט אַ שעפּ וואַסער, אָדער גאָר אַריינגעכאַפּט עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים. בלויז צוויי מאָל האָב איך אים געזען אַ פאַרדאַגהטן, אַ פאַרזאָרגטן ווי די גאַנצע וועלט וואָלט אים אונטערגעגאַנגען. איינמאָל אין אַ פרייטיק, ווען עס איז געווען אַ ביטערער פראָסט. ער האָט נישט געקענט באַקומען קיין בעזעמלעך אינערגעץ. ער האָט נישט געוווסט, וואָס ער וועט היינט, פרייטיק, טון. עס איז נישט קיין קלייניקייט: קהל אָן בעזעמלעך אין

שוויץ־באָד. ער האָט געזאָרגט, געזאָרגט און געפאַלן אויף אַן המצאה: ער וועט זיי שמייסן מיט זיינע, דאַרינקע, שוואַכע הענט. אַזוי האָט ער געטון: ער האָט זיינע הענט אָפּגעגעבן פאַר אַ קרבן, אַבי ייִדן זאָלן הנאה האָבן. ער איז דעם פרייטיק פאַרנאַכט אַהיים געקומען אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, מיט געשוואָלענע הענט, אַז ער האָט ביים קידוש־מאַכן קוים געקענט האַלטן דאָס בעכערל ווייַן אין די הענט.

## מאַטראַס:

מיר האָבן געציילטע מינוטן. אונדזער שיף איז אין געפאַר. נאָך צוויי מינוט!

## ברוך פאָזנער:

אַ צווייט מאָל, האָב איך געזען דעם טאַטן אַ פאַרטרויערטן. אין אַן ערב יום־כיפּור איז עס געווען. ער האָט נישט געהאַט קיין האָן צו שלאָגן כפּרות. אַ שווער יאָר געווען. דעם טאַטנס הענט האָבן נישט געטויגט צו שמייסן און נישט צו פּאַטשן מיט זיי איבער ייִדנס לייבער. ער האָט זיך געדרייט אין אַלע זייטן און נישט געוווסט וואָס צו טון. פּלוצלינג האָט ער אויפגעהויבן זיינע דאַרע הענט צום הימל און אויסגערופן: „רבונו־של־עולם! אָט בין איך גרייט פאַר דיר, איך שמואל־הערש בן שפּרינצע! איך אַליין וועל זיין די כפּרה! איך וועל שלאָגן מיט זיך אַליין און נעם מיך אָן פאַר אַ כפּרה! וואָס בין איך ערגער, ווי אַ בידנע הענדל? איך בין דער זעלבער מיוחס״.

דאָס איז געווען מיין טאַטע. איך אָבער, ווייס נישט ווער איך בין. אַ בראָ־דיאַגע, אַ קלאָשאַר, אַ באַלעבאַטישער מענטש, אַ העלד, אַ גלגול. ווער אייגנטלעך בין איך? ברוך פאָזנער בין איך שוין זיכער נישט. ברוך פאָזנער איז געשטאָרבן מיט אַ האַלבע שעה צוריק אויף דער שיף „עספּעראַנס!״ איצטער בין איך וויקטאָר שליסעל. ווער בין איך?

## מאַטראַס (גלייכט אויס די ביקס און באַרירט ווידער גאַנץ לייכט פאָזנערס אָרעם):

מיר מוזן גיין, מעסיע שליסעל! די פינף מינוט זענען אָפּגעלאָפן. דאָס שיפל וואַרט!

## ברוך פאָזנער:

די ביקס! איר טאָרט נישט האָבן קיין וואָפן אויף דער „עספּעראַנס״!

## מאַטראַס (עפנט דעם שלאָס פון דער ביקס):

די ביקס איז נישט געלאָדנט.

## ברוך פאָזנער:

קומט! מיר טאָרן נישט פאַרשפּעטיקן!

(צום פּובליקום):

געלעבט אַ ברוך פאָזנער, מגולגל געוואָרן אין אַ וויקטאָר שליסעל. אין גע־

**ציילטע מינוטן, אָדער שעהן וועלןביידע נישט זיין! יעדעס דור, האָט אירע זינגער, אירע נביאים, אירע מערדער, אירע קרבנות און כפרות. היינט איז עס קאַפּיטאַן לעבלאַן, ברוך פאָזנער, וויקטאָר שליסעל! דער שענסטער און מענטשלעכסטער פון אַלעמען איז קאַפּיטאַן לעבלאַן!**

(ברוך פאָזנער גייט אַראָפּ פון דער בינע, נאָך אים — דער מאַטראָס. דער רעפלעקטאָר באַגלייט זיי, ביז זיי פאַרשווינדן. עס עפנט זיך דער פאָרהאַנג).

(דער דעק פון דער „עספּעראַנס". האַרט ביי דער שיף אינעם ים, וויגט זיך אַ קליין רעטונגס־שיפל. פונדערווייטנס זעט מען אין די בלוילעך־זילבערנע כוואַליעס, וויגט זיך דער סילועט פון דער דייטשער סובמאַרין. דער מאַטראָס מיט דער ביקס אין האַנט פירט ברוך פאָזנערן איבערן דעק צו דעם שיפל.

אַ צווייטער מאַטראָס פאַרוואַרפט אַ שטריק־לייטער, וואָס גרייכט דאָס שיפל.

אויפן דעק זעט מען:

קאַפּיטאַן שאַרל לעבלאַן. ער איז געקליידט אין זיינע מלבושים אַלס קאַפּיטאַן פון אַ פראַנצויזישער שיף. זיין געזיכט איז געקנייטשט. ערנסט און פייערלעך. לעבן אים שטייט אויך אין פייערלעכע קליידונג — זשאַן קלאָדעל. לעבן ביידן אַ מאַטראָס אין ערן־וואַך.

אַ פרוי אין שוואַרצן קניט.

אַ פרוי אין גרינעם ברעכט די הענט צום הימל.

אַנעט פעדער שטייט אַ פאַרגליווערטע אין שווייגן. איר פנים איז זייער בלייך. אירע אויגן קוקן אין דער ווייטקייט, ווי זיי וואָלטן דאָ גאָרנישט געזען. לעבן איר שטייט ליזאַ און העשעט. אַלעקסאַנדער זאַפּט, זעט אויס ווילד, אויפגערעגט צעשטרייט.

גאָדל בערגמאַן האַלט מיט אַ האַנט־פלאַך פאַרשטעלט די אויגן און זיינע ליפּן שעפּטשען תהילים.

אפרים שטערן צופּט זיך די באַוואַקסענע גאָמבע. ער איז נערוועז, צאַפּלט זיך און האַלט ביי אַ צוזאַמענברוך.

האַנס קרעמער שטייט אין אַ האַמלעט־פּאָזע.

הענרי פעדער ברעכט זיך די הענט.

קאַרלאָס ראָדריגעז ווישט זיך די אויגן. האַלט אין האַנט זיין האַרמאָניקע.

קאַרל באַלזאַם ליגט אין אַ ווינקל אַ צוזאַמענגעקנוילטער.

פלאָרענס קאַרמעל, וויינט, ברעכט זיך די הענט.

פון דער מאַשין־אָפּטיילונג זעט מען אַרויסקומען גערטרוד פרידריך. זי לאַכט און הייבט די הענט צו דער ווייטקייט פון ים).

**פרוי אין שוואַרצן** (קניט מיטן גאַנצן קערפּער געבויגן צום דיל):
**באָזשע קאָכאַני, באָזשע מילאָשני, באַווייז אַ נס! אַ נס!**

**קאַראַלאָס ראַדריגעז** (אַ העמדל און אַ פּאָר אַלטע הויזן הילן זיין דאַר לייב):
**איך האָב דיר נישט וואָס מיטצוגעבן, מיין טייערער פּאַזנער. ביסט דער בראַווסטער מאַן אויף דער וועלט. איך גיב דיר אַוועק מיין אָרעם געזאַנג. אַ ליבע־ליד, אַ ליד, וואָס דערציילט אונדז, ווי אַן אָרעמער יונג האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן פאַר דער געליבטער** (שפּילט אויף דער האַרמאַניקע אַ רירנדיקן ראָמאַנס, מעלאַ־דיש). **דאָס איז דאָס איינציקע וואָס איך קען דיר אָפּצאָלן פאַר מיין דרעקיק לעבן, וואָס דו ראַטעוועסט אָפּ.** (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אין טרויער).

**גאָדל בערגמאַן:**
**ווייל איז דער מאַמען און טאַטן, וואָס האָבן אַזאַ צדיק דערצויגן הלוואי וואָלט איך דאָס געקענט באַווייזן, מקדש־השם צו זיין ברבים, דאָס לעבן אַוועק־געבן, פאַרן כלל! עס איז די גרעסטע מדרגה צו וועלכער אַ מענטש קען זיך אויפהייבן!**

**האַנס קרעמער:**
**איך מוז מודה זיין, אַז אויב איז דער פּאַזנער נישט וויקטאָר שליסעל, איז עס אַ העראָישער אַקט. קיין העלד אויף דער בינע איז קיינמאָל נישט געווען דערהוי־בענער ווי דער...**

**אַנעט פעדער** (וואַכט אויף):
**ברוך פּאַזנער! נעם מיך מיט!** (רייסט זיך פון די הענט פון אַלעקסאַנדער זאַפּט). **נעם מיך מיט זיך!**

(דער מאַטראָס פירט צו ברוך פּאַזנערן צום קאַפּיטאַן און זשאַן קלאָדעל).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (נעמט אַרום פּאַזנערן):
**אָט איז אַ מענטש! מיר וועלן עס אייך נישט פאַרגעסן, מעסיע שליסעל.** (אויפן קול) **אָט דער מאַן גיט אַוועק זיין לעבן פאַר אַלעמען אויף דער שיף.**

**ברוך פּאַזנער** (באַטראַכט די גאַנצע מאַסע. זיין בליק פּאַראַליזירט אַלעמענס אויגן און מיילער. אַלע בלייבן ווי פאַרגליווערט אין שווייגן).

**עס איז נישט קיין שום העלדישקייט, קאַפּיטאַן! איך בין וויקטאָר שליסעל. איך האָב דערמאָרדעט עטלעכע דייטשן. איר ליפערט מיך אַרויס מיט אַ ריינעם געוויסן, איך בעט אַלעמען מיך נישט צו מאַכן פאַר קיין העלד. איך בין אַן אָרעמער וואַנדערער, אַ ייִד ווי אַלע דאָ אויף דער שיף. איר, קאַפּיטאַן לעבלאַן, זענט דער העלד. איר וועט דאַרפן דערפירן צום סוף אייער ווונדערלעכע אונטער־נעמונג! איך טאָר נישט פאַרשפּעטיקן. נאָך אַמאָל אַ דאַנק אייך, קאַפּיטאַן!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

יעדער זיין ריי! יעדער אין זיין צייט. היינט פּאָזנער, מאָרגן איך. אפשר נאָך היינט.

(ברוך פּאָזנער ווערט צוגעפירט צום שטריק־לייטער. ער לאָזט זיך אַראָפּ צום שיפל. נאָך אים דער מאַטראָס מיט דער ביקס. דאָס שיפל שווימט אָפּ פון דער „עספּעראַנס" און לאָזט זיך אין דער ריכטונג פון דער סובמאַרין. אַלעמענס אויגן באַגלייטן אים).

**אַנעט פּעדער:**

ברוך, ברוך, פּאָזנער, פּאָז־נע־ר!

**גערטרוד פרידריך** (פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג):

איצטער וועט ער באַקומען דער מערדער דאָס זייניקע! וויקטאָר שליסעל כע־כע־כע! מיט אייך אַלעמען וועט אַזוי זיין!

**צווייטער מאַטראָס** (אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג):

דו געמיינע צויג! שווייג! איך האָב דיך געזען יענע נאַכט, ווי דו האָט זיך געבאָברעט אין דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג! דו זונה! דו וועסט אויך כאַפּן דיין פּעקל, נישט בלויז וויקטאָר שליסעל!

(עס איז מוראדיק שטיל. מען הערט דאָס פּליעסקען פון דעם מאָטאָר־שיפל אין ים. דער קאַפּיטאַן, זשאַן קלאָדעל און דער מאַטראָס שטייען אין פּאָזעס אויף סאַלוט. די פינגער ביי די היטן).

**קאַפּיטן לעבלאַן** (צו זשאַן קלאָדעל):

עס איז דער געהויבנסטער מאָמענט אין מיין לעבן. אַ פרעמדער מענטש האָט אַלעמען אָפּגעראַטעוועט. איר קענט דאָס פאַרשטיין, זשאַן?

**זשאַן קלאָדעל:**

אַזוי ווי איך קען נישט פאַרשטיין אייער האַנדלונג פון דער ערשטער מינוט אָן...

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

עס זענען פאַראַן ביי מענטשן אויסברוכן פון דערהויבנקייט, אַזוי גוט ווי אויסברוכן פון פאַרברעכנס. ברוך פּאָזנער איז אַ ביישפּיל פון מענטשלעכער נאָבעלקייט.

**זשאַן קלאָדעל:**

דער בעסטער ביישפּיל זענט איר, קאַפּיטאַן לעבלאַן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

די נאָענטסטע שעה איז די אַנטשיידנדיקסטע פאַרן לעבן פון די פיר הונדערט מענטשן אויף מיין שיף. מען וועט זען ווי די דייטשן וועלן האַנדלען. אַלנפאַלס,

מאָרגן פרי, קענען מיר זיין ביים פעלדז פון דער גיבראַלטאַר פעסטונג. מיר האָבן קוילן און אויל פּונקט פאַר אַזאַ שטרעקע.

(די שיף שווימט אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס די סובמאַרין. ביי אַלעמען קלאַפּן די הערצער פון אויפרעגונג. די זון נייגט זיך צו מערב־זייט. אויף דער „עספּעראַנס" איז מוראדיק שטיל).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (קוקט אויפן זייגער. צו זשאַן קלאַדעלן):

מיר מוזן פאַרשנעלערן די קראַפט. אַלע מאַטראָסן מוזן זיין אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג. מיר טאָרן נישט פאַרלירן קיין איבעריקע מינוט. די בעסטיע איז אויפן אויבערפלאַך.

**קאַרלאָס ראָדריגעז:**

אַ ליד פאַר ברוך פאָזנער! הוראַ פאַר ברוך פאָזנער!

(שפּילט. אַנדערע העלפן אים אונטער. אַנעט פעדער רייסט זיך פון אַלעקסאַנדערס הענט. פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג קומט אָן צו לויפן אַ מאַטראָס מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט, גיט עס איבער דעם קאַפּיטאַן).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (לייענט דאָס פּאַפּיר. זיין פּנים צוקט פון אויפרעגונג, צו זשאַן קלאַדעלן):

הערט, זשאַן! די דייטשן מעלדן אונדז, אַז זיי האָבן דערהאַלטן די איבערשיקונג. זיי וועלן באַלד נאָכזען אויב די ליפערונג איז נישט קיין געפעלשטע. זיי פאָדערן אויך אויף דער „עספּעראַנס" גלייך צו נעמען די ריכטונג פון פּאָרטוגאַל. דאָס הייסט, מיר דאַרפן נעמען דעם וועג צוריק. עס איז אַ טייוולאָניש שפּיל, מיין ליבער זשאַן. דאָס שפּיל הייבט זיך ערשט אָן!

**זשאַן קלאַדעל:**

מיר האָבן געקענט פאָרויסזען, אַז עס וועט אַזוי זיין. זיי באַנוגענען זיך נישט מיט דעם קרבן, וואָס מיר האָבן זיי צוגעוואָרפן. זיי ווילן די עטלעכע הונדערט מענטשן אויף דער שיף. מיר וועלן זיי מוזן אַלץ געבן.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

זשאַן, רופט צונויף די גאַנצע מאַנשאַפט! אַרויפברענגען אויפן דעק דאָס גאַנצע געווער וואָס מיר האָבן און אויך די צוויי מיטראַיעזן!

(אין עטלעכע מינוטן פאַרזאַמלען זיך אַלע מאַטראָסן אַרום דעם קאַפּיטאַן! מען ברענגט אַרויס די פּעק און זעק מיט געווער און די צוויי מיטראַיעזן).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

יעדער זאָל זיך באַוואָפענען!

**זשאַן קלאָדעל:**

זאָל מען די פּאַסאַזשירן אויך באַוואָפּענען? צוריק געבן זיי די מעסערס און רעוואָלווערן?

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

ניין! אָפּוואַרטן, ביז דאָס שיפל מיט דעם מאַטראָס וועט צוריקקומען!

**זשאַן קלאָדעל:**

אין וועלכער ריכטונג, קאַפּיטאַן?

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

נישט ענדערן די ריכטונג! די סובמאַרין איז אונטערן וואַסער. דער פּעריסקאָפּ איז צו דרום!

(די מאַטראָסן באַוואָפּענען זיך. די מענטשן פון דער שיף שטייען אין שרעק, אַפּאַטיע און שרעקלעכער רעזיגנאַציע.

פון דערווייטנס זעט מען דאָס שיפל, וואָס האָט געפירט פּאַזנערן צו די דייטשן קומט צוריק. אינעם שיפל געפינט זיך בלויז דער מאַטראָס).

**האַנס קרעמער** (קוקט מיט אַ לאָרנעטע אין ים־ווייטקייט):

דאָס שיפל קומט צוריק. די סובמאַרין דערווייטערט זיך. זי נעמט אַן אַנדער ריכטונג! זי האָט זיך ווידער באַהאַלטן. בלויז דער פּעריסקאָפּ שניידט די בלויקייט פון ים.

**אפרים שטערן:**

אַ מענטש האָט אויף זיך אַ מיסיע אָנצוזאָגן בשורות! אַלץ זעט ער דער ערשטער. הערי האַנס, אפשר זעסטו פאַר אונדז ערגעץ אַ ישועה?

**אַנעט פעדער** (רייסט זיך פון פּאָטערס הענט און פון אַלעקסאַנדערס הענט. זי קוקט מיט אויפגעריסענע אויגן אינעם האָריזאָנט):

דאָס שיפל קומט צוריק אַ ליידיקס. נישטאָ מער ברוך פּאַזנער. זיי האָבן אים שוין דערמאָרדעט. נישטאָ מער ברוך. מיר אַלע האָבן אים דערמאָרדעט!

**פלאָרענס קאַרמעל:**

גאָט מיינער! וואָס רעדט זי? אַזאַ באַשולדיקונג! ער האָט זיך דאָך מיטן גוטן ווילן איבערגעגעבן!

**ליזאַ:**

מיר האָבן אים דערמאָרדעט! מיר האָבן אים נישט געטאָרט אויסליפערן צו די דייטשן!

(קאַפּיטאַן לעבלאַן, זשאַן קלאָדעל און צוויי מאַטראָסן שטייען ביים פאָרענטש פון דער דעק. דער קאַפּיטאַן קוקט מיט אַ פעלד־גלאָז).

משה דלוזשנאָווסקי

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

די בעסטיעס נעמען טאַקע די דיכטונג פון פּאָרטוגאַל! סאַל באַש! (קריצט מיט די ציינער פאַר אויפרעגונג, שרייט): מיר וועלן נישט אויספאָלגן! ניין! נישט איך! איך וועל נישט אויספירן דעם באַפעל פון דייטשן! איך בין דער קאַפּיטאַן פון דער שיף!

גערטרוד פרידריך (שרייט פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג):

איר לעבט נישט מער, קאַפּיטאַן לעבלאַן! איר זענט פאַראורטיילט צום טויט! עס איז נישט אייער שיף! דער טויט פירט אייער שיף! איר זענט אַ טויטער קאַפּיטאַן! איר לעבט נישט מער, כי־כי־כי!

זשאַן לעבלאַן (צו אַ מאַטראָס):

פאַרמאַך איר דעם פּיסק! נישט לאָזן זי ריידן!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

זשאַן, שיקט איבער אַ ראַדיאָגראַמע, אַז מיר וועלן אויסליפערן גערטרוד פרידריך. מיר וועלן דורך איר געווינען אַ שעה צייט. מיר מוזן געווינען צייט! עס איז אוממעגלעך, אַז די ענגלענדער זאָלן נישט האָבן אַרויסגעשיקט קיין הילף! מיר האָבן זיי איבערגעשיקט אַזויפיל הילף־רופן! עס איז אַן אוממעגלעכע זאַך!

(דאָס שיפל דערנענטערט זיך צו דער „עספּעראַנס". אַלעמענס אויגן זענען געווענדט צו דעם שיפל. מען קוקט דערויף מיט שרעק, ווי אויף אַ געשפּענסט. בלויז דער מאַטראָס שטייט דערין. ער קירעוועט דעם מאָטאָר).

אַנעט פעדער:

ער האָט זיך אָפּגעגעבן פאַר אַ קרבן! פאַר אונדז אַלעמען האָט ער דאָס געטון. דאָס שיפל איז ליידיק, מיין האַרץ איז ליידיק, מיין נשמה איז ליידיק. נישטאָ ער מער!

(אַלעקסאַנדער זאַפּט שטייט ביים פאַרענטש פון דער שיף. קוקט אין דער ווייטקייט. ער ברומט אַ געזאַנג, אַ ליד).

אַלעקסאַנדער זאַפּט:

שיפן גייען, שיפן שטייען
ווייט אין מיטן ים.
נישט מען זעט זיי,
נישט מען הערט זיי,
ווייט אין מיטן ים.
שווים אַרויס מיין איינזאַם שיפל
ווייט אין מיטן ים.

(בלייבט שטיל. אַ ווײלע שפּעטער):

**אַ ליד פון אַ ייִדישן דיכטער...**

(ווידער אַ מוראדיקע שטילקייט. אַלעמענס אויגן זענען איינגעשפּיזט אין דעם שיפל וואָס דערנענטערט זיך).

(פּלוצלינג האָט אַ דונערדיקער אויפרייס אַ טרייסל געטון די שיף. זי האָט זיך אַ בייג געטון אין אַ זייט).

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

**אַ טאָרפּעדאָ פון דער דייטשער סובמאַרין! עס איז אַ וואָרענונג צו אונדז, אַז די „עספּעראַנס" זאָל גיין אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס די סובמאַרין!**

## זשאַן קלאָדעל:

**פאַרוואָרפט די שטריק-לייטער! זאָל פּיער אַרויפקומען!**

## קאַפּיטאַן לעבלאַן (מיט אַ שטאַרק דראָענדיקער שטימע):

**מיר וועלן זייערע פאָדערונגען מער נישט נאָכגעבן! מיר שווימען אין דער ריכטונג פון גיבראַלטאַר!**

## האַנס קרעמער (שרייט):

**עס איז אַ טייוולאָנישער שפּיל! דער צווייטער אָקט האָט זיך אָנגעהויבן! די דייטשן האָבן גוט רעזשיסירט דאָס טייוולאָנישע שפּיל. דראַמאַטישער ווי „האַמ־לעט!" מעכטיקער ווי „מאַקבעט!" פאַרנעמלעכער ווי „עדיפּוס!" עס איז דאָס שפּיל פון מענטש און חיה! פון מענטש און דייטש! פון מענטש און — אוממענטש!**

## אפרים שטערן:

**עס רעדט דאָך גאָרנישט דער זעלבער יעקב! רבונו־של־עולם, ווי גרויס און דערהויבן איז דיין כוח, אַז האָסט געקענט פון דעם ווּעסט־יודע מאַכן אַ מענטש! מען קען דאָך נישט שאַצן קיין ייִדישע נשמה!**

## גאָדל בערגמאַן (רייסט איבער זיין בעטן):

**יסורים לייטערן אַ מענטשן! יסורים דערהויבן אַ מענטשן ביז דעם לעצטן שטאַפּל פון דער וועלט! רבונו־של־עולם פאַרוואָס קען איך נישט אויסהאַלטן קיין נסיון? פאַרוואָס קען איך נישט גיין אויף קידוש־השם?**

## אַלעקסאַנדער זאַפּט:

**ר' גאָדל, אַלע וועלן מיר גיין אויף קידוש־השם. די שעה אָדער די מינוט איז אפשר גאָרנישט וויט!**

## האַנס קרעמער:

**די שטאָלענע בעסטיע איז ווידער אונטערן וואַסער! בלויז איר איינציקער**

צאַן דראָט אונדז, דראָט דעם בלויען הימל! די בעסטיע לאַכט! הערט איר שוי־דערלעכן געלעכטער!

## אַנעט פּעדער:

די בעסטיע לאַכט! עס לאַכן די כוואַליעס! עס לאַכט דער ים! עס לאַכט דער הימל. עס לאַכט דער טויט! עס לאַכט די נשמה פון מיין געליבטן און חתן, ברוך פּאָזנער! ער איז שוין דערהמאָרדעט! איר אַלע האָט אים דערמאָרדעט! איר האָט געוואָלט אַ קרבן!

## הענרי פּעדער:

באַרויִק דיך טאַכטער מיינע! שריי נישט! קום מיט מיר! וועסט זיך צולייגן אין קעלער! דערבאַרעם דיך, טאָכטער מיינע! דיין חתן האָט זיך מקריב געווען פאַר הונדערטער מענטשן! ער איז דער מוטיקסטער פון אַלע, הלוואי וואָלט איך דאָס געקענט!

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

באַרויִקט אייך, מענטשן! איר גייט אַראָפּ פון זינען! ברוך פּאָזנער איז דער שענסטער און נאָבעלסטער מענטש! מיר דאַרפן דאַנקען גאָט! וואָס מיר האָבן געקענט אַרויסגעבן אַזאַ ווונדערלעכע פּערזענלעכקייט! איך בעט אייך פאַרצווייפלט נישט! עס איז נאָך אַלץ דאָ אַ האָפענונג. נישט פאַר־צווי־י־פ־ל־לען!

(עס הערט זיך אַ מוראדיקער אויפרייס. אַלץ אויף דער שיף — מענטשן און זאַכן טרייסלען זיך. אַ טייל פאַלן אויפן דיל, אויף דעם פּאַרענטש. קייטן וואַליזקעס, קאַסטנס פאַלן פון איין אָרט צום אַנדערן. דער אויפרייס זעט זיך ווי אַ בליץ, וואָלט דורכגעשניטן דעם הימל).

## פלאָרענס קאַרמעל:

די שיף ברענט! מיר וועלן אַלע פאַרברענט ווערן!

## קאַפּיטאַן לעבלאַן (מיט דראָענדיקער, צאַרנדיקער שטימע):

שווייגן! שווייגן! נעמט אַראָפּ די היסטערישע פרוי אין קעלער! פאַרשפּאַרט אַלע משוגעים! איך וועל אַרעסטירן יעדן פאַר מאַכן אַ פּאַניק אויף מיין שיף! עס ברענט נישט! עס איז נישטאָ קיין שפּור פון פייער אויף דער שיף! (כאַפּט אַרויס די טרובע פון זשאַן קלאָדעלס הענט און שרייט): די שיף ברענט נישט! די טאָר־פּעדאָס זענען געווענדט צו אונדז. עס איז נאָר אַ וואָרענונג פון די דייטשן! זיי ווילן אונדז אומברענגען, אָבער זיי וואַרטן נאָך. זיי האָבן צייט. איך האָב מיין לעבן איינגעשטעלט פאַר אייך, אומבאַקאַנטע, פרעמדע מענטשן! איך בין פאַר־אורטיילט צום טויט! ווייל איך האָב אייך אַרויסגעשלעפּט פון אַ פאַרזיגלטן פאָרט! מאַכט נישט קיין פּאַניק! מיר וועלן אויסטיילן רעטונגס־גאַרטלען וויפל עס זענען

**פאַראַן! מיר האָבן אַ קליינע צאָל רעטונגס־גאַרטלען. בלויז פאַר פרויען און קינדער וועלן מיר אויסטיילן!**

(איין מאַטראָס נעמט פלאַרענס קאַרמעל אונטערן אָרעם און פירט זי צום קעלער. אַ צווייטער קומט אָן צו לויפן. ער איז אויסגעשמירט מיט סאַזשע און אויל. ער זאָגט עפעס דעם קאַפּיטאַן. דער קאַפּיטאַן און זשאַן קלאָדעל לויפן אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג. איין מאַטראָס לאָזט זיך אַראָפּ אויפן שטריק־לייטער. קומט צוריק אין אַ קליינע ווײַלע אַרום. ער טראָגט אויף די פלייצעס פיערן, דעם מאַטראָס, וואָס האָט באַגלייט פאָזנערן צו דער סובמאַרין. פיער איז פאַרוואונדעט פון אַ שפּליטער פון דער טאָרפּעדאָ. ער ליגט אומבאַוועגלעך אויף די פלייצעס פון מאַטראָס. אַלעמענס אויגן שטעכן זיך איין אין דעם ליגנדיקן קערפּער).

**האַנס קרעמער:**

**די שטאָלענע בעסטיע שענקט אונדז קליינע פּרעזענטן דערווייל! מוסטערן פון טאָרפּעדאָס בלויז. מיר קענען זיך אויסקלייבן יעדן מאָדעל, וואָס מיר ווינטשן זיך נאָר אַליין!**

(פאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 2

אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג פון דער „עספּעראַנס". אַ מאַטראָס וואַרפט קוילן אין אַ אָפענעם קעסל. לעמפּעלעך באַלייכטן די מאַשינען, ווייזערס, אַלע אינסטרומענטן, זייגערס, באַראָמעטערס, קאָמפּאַסן. קאַפּיטאַן לעבלאַן און זשאַן קלאָדעל באַטראַכטן אַ פונקט אין דער אָפּטיילונג ביי אַ מאַשין.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

דער מאָטאָר פון דעם לופט־דרוק איז געשעדיקט פון שפּליטער. נישטאָ קיין שום געפאַר. מיר מוזן אַריינוואַרפן וויפל קוילן מיר האָבן און נעמען די גרעסטע שנעלקייט. אין פיר שעה קענען מיר זיין אין גיבראַלטאַר! עס איז לעכערלעך פון מיין זייט אַזוי צו טראַכטן. די סובמאַרין קען אונדז פאַרניכטן יעדע מינוט. מיר זענען ווי אַ פליג קעגן אַ העלפאַנט. אָבער איך גלייב, אַז אויך אויף דער סובמאַרין איילט מען זיך נישט. זיי האָבן דאָך מורא צו פאַרניכטן פיר הונדערט אומשולדיקע מענטשן! זיי פּרוּוון אויס יעדן מיטל, וואָס זאָל אויסזען באַרעכטיקט. צוערשט: וויקטאָר שליסעל, איצטער — דער וועג צוריק. אויב אַלץ וועט זיין אויסגעפּירט, וועלן זיי אונדז פאַרניכטן, ווייזן דער וועלט זייער גערעכטיקייט!

**זשאַן קלאָדעל:**

נעמט אַ רעטונגס־גאַרטל, קאַפּיטאַן לעבלאַן! מען טיילט אויס פאַר פרויען און קינדער. עס וועט נישט סטייען פאַר אַ פערטל פון די פרויען און קינדער אויף דער שיף! אָט איז אַ רעטונגס־גאַרטל, קאַפּיטאַן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך וועל עס נישט טון! איר קענט מיין רעטונגס־גאַרטל אַוועקגעבן!

**זשאַן קלאָדעל:**

קאַפּיטאַן! איר מוזט זיך ראַטעווען! איר קענט ברענגען נוצן אין יעדן פלאַץ! איר האָט אַ פרוי און צוויי קינדער! די פאָטאָגראַפיע פון אייער פרוי מיט די צוויי קינדער ביי די זייטן, שטייט אויפן טיש ביי אייך אין דער קאַיוטע. אייער פּנים איז שטענדיק געווענדט צו דער פאָטאָגראַפיע. איך האָב אייך געזען בעטן פאַר

זיי און אייערע אויגן האָבן געגליט מיט טרויער און בענקשאַפט. איר וועט זיך נישט לאָזן אומברענגען גלייך מיט אַלעמען! איר טאָרט נישט! מיר וועלן עס נישט לאָזן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

איך דאַנק אייך, זשאַן! איך וועל אויסשפּילן ביז צום סוף! איך בין געבוירן אין דער שטאָט מאַרסעי. קיין מאַרסעיעזער וועט נישט אויפגעבן אַ קאַמף. קיין איינער נישט. איך האָב דעם קאַמף אָנגעהויבן! איך האָב געשטעלט אין קאָן אַזעלכע מענטשן ווי ברוך פאָזנער! וועל איך אויפגעבן אין מיטן? ניין, מיין ליבער זשאַן!

**מאַטראָס** (שרייט פון דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג):

אַ ראַדיאָגראַמע, קאַפּיטאַן! (לייענט הויך): צו דער „עספּעראַנס"! שוין אויס־ליפערן געטרוד פרידריך! די ליפערונג פון דער „עספּעראַנס" איז געווען אַ גע־פעלשטע! (סטאָפּ). קאַפּיטאַן לעבלאַן איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איבערשיקן און אָפּנאַרן דעם דייטשן פלאָט. (סטאָפּ). עס איז נישט וויקטאָר שליסעל. דער איבער־געשיקטער מאַן האָט נישט קיין דאָקומענטן עס צו באַווייזן, אַז ער איז וויקטאָר שליסעל! מיר וועלן זיין קערפּער אַריינשליידערן אין ים.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (צום מאַטראָס ביי דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג):

שיקט איבער מיין ענטפער! צו דער סובמאַרין סי מ.־3. סטאָפּ. מיר האָבן נישט קיין שיפל איבערצושיקן געטרוד פרידריך. סטאָפּ! שיקט אַרויס אַ רעטונגס־שיפל. סטאָפּ! דער מאַן האָט זיך אָנגעגעבן פאַר וויקטאָר שליסעל! די „עספּע־ראַנס" האָט נישט אָפּגענאַרט. סטאָפּ. קאַפּיטאַן לעבלאַן.

(צו זשאַן קלאָדעל):

די בעסטיעס האָבן דעם ריכטיקן אויסרייד. מיר זענען אין געפאַר, זשאַן! די דייטשן וועלן זיך איצטער אַרויסווייזן פאַר די גערעכטע. וועלן פאַרניכטן די „עספּעראַנס" און ווייזן דער וועלט, אַז מיר זענען די שולדיקע. מיר האָבן אָפּגע־נאַרט. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט אונדז אומצוברענגען. פאַרברעכער! דער וויק־טאָר שליסעל־שפּיל, איז געווען אַ ווילדער שפּיל. זיי וועלן זיך ריינוואַשן פאַר דעם מאָרד פון פיר הונדערט מענטשן.

**מאַטראָס** (ביי דער ראַדיאָ־אַבטיילונג):

קאַפּיטאַן לעבלאַן, אַ נייע ראַדיאָגראַמע פון דער סובמאַרין, צו דער „עספּע־ראַנס". נעמט די ריכטונג פּאָרטוגאַל. מיר גיבן אייך צען מינוט צייט. אויב נישט וועט איר פאַרניכטעט ווערן. סטאָפּ!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

נישט ענטפערן מער! זשאַן, יאָגט די „עספּעראַנס" וויפל איר קענט! לאָזט אַלע מאַשינען אין גאַנג! איך וועל באַלד זיין צוריק!

(קאַפּיטאַן לעבלאַן גייט מיט האַסטיקע טריט אַרויף די טרעפּ צום דעק. ער האַלט אַ רעוואָלווער אין האַנט. די טיר פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג ווערט פאַר־האַקט. מיר זענען אויפן דעק.

עס איז פאַרנאַכטלעך. עס פאַלט אַ פאַנטאַסטיש ליכט. גרינלעך, בלוי און ברוין. די מענטשן זעען אויס ווי געשפּענסטער. זייערע באַוועגונגען זענען פון מענטשן פון נישט פון דער וועלט.

איינער קניט, איינער שטרעקט די הענט צום הימל, איינער לאַכט, איינער זינגט, איינער ברומט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

דאָס געזיכט פון קאַפּיטאַן לעבלאַן דריקט אויס אויסערגעוויינלעכן מוט. ענערגיע. ער קוקט אויף די מענטשן. ער היפּנאָטיזירט זיי מיט דער שטאַרקייט פון זיינע בליקן און מיט דעם רעוואָלווער אין האַנט.

איין מאַטראָס טיילט אויס רעטונגס־גאַרטלען צו אַנטע פּעדער, ליזאַ, און צו אַן אַלטן מאַן. די שיף גייט שנעל. שניידט דעם שוים און די גרינלעכע בלויקייט פון ים.

עס הערט זיך אַ געזאַנג. אין אָנהייב שטיל און נאָכדעם העכער און העכער.

האַנס קרעמער שטייט אין דער פּאָזע פון „האַמלעט". זיין געזיכט איז טראַ־גיש־גראָטעסק.

אפרים שטערן ברעכט זיך די הענט.

קאַרלאָס באַלזאַם נעמט ווידער זינגען „אַווע מאַריאַ", שובערטס.

אַלעקסאַנדער זאַפּט זינגט אַ פאַרבענקטן ניגון.

קאַרלאָס ראָדריגעז און נאָך צוויי מענער שפּילן אויף האַרמאָניקעס.

צוויי מאַטראָסן שטייען באַוואָפנטע מיט ביקסן. די צוויי מיטראַיעזן זענען אַנגעשטעלט אין דער ריכטונג פון דער סובמאַרין.

אין דעם האָריזאָנט וויגט זיך דער פּעריסקאָפּ פון דער סובמאַרין).

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

**מיר שווימען אין דער ריכטונג פון גיבראַלטאַר! מיר דאַרפן האָבן בלויז צוויי שעה וועלן מיר זיין אין דער ענגלישער זאָנע! עס איז אַלץ מעגלעך. עס קען געשען אַ נס! עס קען אויך געשען, אַז די סובמאַרין וועט אַוועק און ונדז מער נישט טשעפּען. זיי האָבן שוין דאָס זייעריקע: ברוך פאָזנער — וויקטאָר שליסעל און פּיער פון דער מאַנשאַפט! זאָל יעדער בעטן גאָט אָדער שווייגן. די בעסטע זאַך איז — שווייגן!**

(אין דער רגע הערט זיך אַ מוראדיקער אויפרייס. די שיף גיט זיך אַ בייג. מענטשן פאַלן. די כוואַליעס גיבן זיך אַ גאָס איבער דער שיף. עס הערן זיך גע־

שרייען און הילף־רופן. די ליכטער לעשן זיך פון גרין צו — רויט, פון רויט צו אַ פאַנטאַסטישן בלוי).

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

מיר זענען געטראָפן! זשאַן! זשאַן! וואָס איז מיטן רודער? (שרייט): נישט אָנמאַכן קיין פּאַניק! (שיסט אויס מיטן רעוואָלווער אין דער הויך): פאַרהאַלטן זיך רויק!

(זשאַן קלאָדעל קומט אַרויף אויפן דעק).

זשאַן קלאָדעל:

**דער מיטלסטער מאָטאָר איז באַשעדיקט. מיר ווערן פּאַראַליזירט!**

קאַפּיטאַן לעבלאַן (דראָענדיק, באַפעלעריש):

**אַרויסשיקן הילפס־רופן! אומעטום! ס.אָ.ס!**

(די מענטשן זענען פאַרגליווערטע. זיי האָבן נישט קיין כוח ווידערצושפּעניקן).

קאַרל באַלזאַם:

**ער האָט אונדז פאַרפירט! וואַרפט אים אין ים אַריין, דעם קאַפּיטאַן! ער איז דער שולדיקער! ער איז אונדזער מערדער!**

אַלעקסאַנדער זאַפּט:

שווייג, דו **אומווירדיקער נפש! בעט דיין בייעם גאָט! ליג אין ווינקל!**

אַנעט פעדער:

**נישט געהאָלפן! מיר זענען פאַרלוירן! מיר וועלן זיך נישט אויסקויפן.**

האַנס קרעמער:

**דער דריטער אַקט הייבט זיך אָן! די שטאָלענע בעסטיע וועט זיך נאָך איין מאָל אַ וואָרף טון אויף אונדז. דריי טאָרפּעדאָס פאַר אַ פאַרשפּיל, פאַר אַ מיטן־שפּיל פון די אַקטן! נחס קאָסטן וועט באַלד זינקען מיט אַלע חיות און מענטשן! אַ גיהנום־שפּיל! אין די גרעסטע דראַמעס האָב איך געשפּילט און קיינמאָל נישט געקענט דערגרייכן אַזאַ ראָלע. וואָס בין איך דער מענטש אָדער די חיה? דער מענטש, אָדער דער — אוממענטש!**

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

**אַלע זאָלן אַראָפּ אין קעלער און העלפן מיט זעק און קליידער פאַרשטאָפּן דאָס געשעדיקטע אָרט!**

(מענטשן לויפן צו דער טיר פון קעלער. די ליכטער בייטן זיך אין פאַנטאַסטישע קאָלירן. קאַפּיטאַן לעבלאַן האַלט אין איין האַנט אַ רעוואָלווער. אין דער צווייטער אַ פעלד־גלאָז אָנגעשטעלט צו דעם וויגענדיקן פעריסקאָפּ אין מיטן ים. עס שלייכט זיך צו אים צו אַנעט פעדער. איר געזיכט איז זייער בלייך. זי באַרירט דעם קאַפּיטאַנס האַנט).

**אַנעט פּעדער:**

**זייט מיר מוחל, קאַפּיטאַן לעבלאַן, פאַר מיין כעס אויף אייך! איך בין אַ נאַריש מיידל. אַט איז אונדזער סוף. באַלד וועל איך זיך פאַראייניקן מיט מיין געליבטן, מיט ברוכן.**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (ווייך):

**טאָכטער מיינע, אַזוי לאַנג ווי מען לעבט, מוז מען האָפן. לעבן מיינט — האָפענונג...**

**אַנעט פּעדער:**

**זאָגט מיר, קאַפּיטאַן לעבלאַן, פאַר וועמען האָט זיך ברוך פּאַזנער אָפּגעגעבן אַלס אַ קרבן, פאַר די אַלע מענטשן פון דער שיף, אָדער בלויז פאַר מיר?...**

(עס קומט אַרויס פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג אַ פּאַרסאָפּעטער מאַטראָס. ער קען קוים ריידן. ער האַלט אין האַנט אַ צעקנייטשטן פּאַפּיר).

**מאַטראָס:**

קאַפּיטאַן, קאַפּיטאַן! אַ ראַדיאָגראַמע פון די ענגלענדער, פון דעם ענגלישן קרייצער „אַדמיראַל נעלסאָן".

(הויך מיט דראַמאַטישער שטימע):

**צום קאַפּיטאַן לעבלאַן פון „עספּעראַנס". סטאָפּ! מיר זענען אין מערב־דרום אין אַטלאַנטיק צו די פּאָרטוגעזישע וואַסערן! אויסהאַלטן! צוויי עראָפּלאַנען יאָגן זיך נאָך דער סובמאַרין. קאַפּיטאַן טשעסטער פון קרייצער „אַדמיראַל נעלסאָן".**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (מיט אַ לייבן שטימע):

**מיר זענען געראַטעוועט! מיר זענען געראַטעוועט! אַרויסשיסן ראַקעטן און אויפהער. אַלע סיגנאַלן נאָך הילף! אַלע ראַקעטן! מיר זענען...**

(אין דער זעלבער רגע האָט ווידער אויפגעריסן אַרום דער שיף. די ליכטער בייטן זיך אין קאָלירן. דער קאַפּיטאַן לעבלאַן רייסט אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל, שיסט אויס מיטן רעוואָלווער. דריקט דאָס פעלד־גלאָז צו די אויגן).

(ראַקעטן אין פאַרשידענע קאָלירן בליצן אויף אין הימל).

**אַנעט פּעדער** (גלייכגילטיק):

**ברוך פּאַזנער האָט אונדז געראַטעוועט. פאַר וועמען האָט ער דאָס געטון?!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**אַן ענגלישער קרייצער איילט אונדז צו הילף! אויסהאַלטן! זעט! דער פּעריס־קאָפּ לויפט אין שנעלקייט! די סובמאַרין אַנטלויפט! זעט! מיר זענען געראַטעוועט!**

**שטימען** (אין פרייד און ענטוזיאַזם אויסרופן):

**הוררראַ! הוררראַ פאַר קאַפּיטאַן לעבלאַן און פאַר דער „עספּעראַנס"!**

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

הוררראַ פֿאַר ברוך פּאָזנער!

(עס הערט זיך אַ דונערן, וואָס קומט פֿון ווייט, ווייט. דאָס דונערן קייקלט זיך, ווי בערגער שטיינער וואָלטן זיך אָנגעשלאָגן איינע אין דער אַנדערער).

שטימען:

די סובמאַרין!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

דער ענגלישער קרייצער! דער קרייצער גיט צו וויסן דער סובמאַרין, אַז זיי זענען גרייט פֿאַר אַ שלאַכט!

האַנס קרעמער:

אַ שלאַכט צווישן דעם ענגלישן קרייצער „אַדמיראַל נעלסאָן" און אַ דייטשן סובמאַרין, און מיר, די צעשעדיקטע „עספּעראַנס", אין מיטן! אַ גאָר פֿיינער ספּעקטאַקל! דער עפּילאָג פֿון דעם דראַמאַטישן שפּיל. מיר אין מיטן פֿון טאָרפּעדאָס און פֿייער-שראַפּנעלן!

אפרים שטערן:

איך האָב געמיינט, אַז דעם יעקעס מויל איז שוין פֿאַרקרומט געוואָרן צום גוטן, איז ער אָבער ווי בלעמס אייזל אין אַ פֿאַרקערטער תּחינה! ער קען נישט בענטשן, נאָר שעלטן! שוין ווידער אַ בשורה! דער ענגלישער קרייצער, די דייטשע סובמאַרין און דער געלעכערטער מולטער „עספּעראַנס" נעבעך אין מיטן. נישט שלעכט פֿאַר אַ נאָכשפּיז!

(צעלאַכט זיך היסטעריש, ווילד אין געוויין).

גאָדל בערגמאַן:

דעם באַשעפֿערס אויג היט אונדז! ער וועט נישט לאָזן אונדז קיין שלעכטס טון!

קאַרלאָס ראָדריגעז:

דריי הענט פֿירן די שיף! גאָט, דער טייוול און דער בראַוער קאַפּיטאַן לעבלאַן!

אַלעקסאַנדער זאַפּט:

בראַוואָ, קאַרלאָס! דריי הענט! גאָט! דער טייוול און קאַפּיטאַן לעבלאַן!

קאַפּיטאַן לעבלאַן:

גאָטס האַנט פֿירט מיין קליינע פֿאַרשעמטע שיף, גאָטס האַנט!

(ווידער הערט זיך אַ דונערן, וואָס קומט פֿון ווייטן. אַ מעכטיקע שיסעריי, ווי טייזולאַנים וואָלטן אויפֿגעריסן די אָפּגרונטן פֿון ים. די ליכטער בייטן זיך אין פֿאַנטאַסטישע קאָלירן).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**די שלאַכט הייבט זיך אָן! דער קרייצער דערנענטערט זיך! גאָט גיב אונדז קראַפט אויסצוהאַלטן!**

**גאָדל בערגמאַן:**

**גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא... כי אתה עמדי... בידך אפקיד רוחי...**

(פאַרגייט אין געזאַנג).

(פאַרהאַנג פאַלט).

## בילד 3

עס איז אַכט אַזייגער.

די זון — אַ פלאַמיק־פייערדיקער, אַ גאָלדיקער באַלעם טונקט זיך אין טונקעלער בלויקייט פון ים.

דער אָוונט קומט אָן, ווי טונקעלע, טיולענע שאַלן וואָלטן זיך גע־וויקלט איבערן ים. יעדע ווילע פאַלט אַ שלייער, דעקט צו די זילבער־בלוילעכע ווייטקייט. די גאָלדיק־גרינלעכע כוואַליעס ווערן טונקעלער, בלויער.

די „עספעראַנס״ וואַקלט זיך. וויגט זיך. אַלע מענטשן אויף דער שיף זענען באַשעפטיקט ביים פאַרשטאָפן דאָ אַ לאָך און דאָ דאַרף מען וואַרפן קוילן אין קעסל. די מאַטאָרן און די מאַשינען אַרבעטן.

די ליכטער בייטן זיך אין אַ גאַמע פון קאָלירן.

מוזיק: פאַנטאַסטישע קלאַנגען, פאַרבענקטע קלאַנגען, וואָס וויגן זיך אַזוי ווי די געמיטער און די שטימונג פון די מענטשן.

עס הערן זיך כסדרדיקע אויפרייסן פון דער זייט פון קרייצער און פון דער דייטשער סובמאַרין „סי. מ.־3״. די אויפרייסן קומען ווי דונערן.

דער איינציקער אויפן דעק איז קאַפּיטאַן לעבלאַן. ער שטייט אויף אַ לייטער ביים קוימען. זיינע קליידער זענען צעכראַסטעטע. ביי די אויגן דאָס פעלד־גלאָז.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (מיט אַ פעסטער שטימע רעדט אין דער ווייטקייט): דער פּעריסקאָפּ וויגט זיך ווידער אומזיכער און פּאַמעלעך. די סובמאַרין איז זיכער געשעדיקט. זאָל איך גלייבן אין אַ נייעם נס? צען טעג שלעפּ איך אויף מיין קליינעם קאַרגאָ, פיר הונדערט לעבנס. איז עס אַ נס? איז עס אַ נאַטירלעכע דער־שיינונג? איז עס גאָט וואָס הערט דאָס געוויין פון די אומשולדיקע געפּלאָגטע מענטשן אויף מיין שיף? פאַרוואָס הערט ער נישט דאָס געוויין פון אַלע אומגליק־לעכע און פאַרשטויסענע? איז עס אפשר דער טייוול, וואָס פירט די שיף? באַלד וועט צופאַלן די נאַכט.. וועלן דאָס די מענטשן אויסהאַלטן? וועלן מיינע נערוון אויסהאַלטן? איך מוז דאָך שפּילן דעם העלד, דעם מוטיקן מאַן, דעם אייזערנעם מאַן. וואָס פעלט איך זאָל צוזאַמענברעכן? ווו און פון וואַנען שעפּ איך קרעפטן? פון דעם טאַט אַליין? פון דעם וואָס עס וואַרטן אויף מיר צוויי קינדער, אַ פרוי?

ווער בין איך? קאַפּיטאַן לעבלאַן! אַ נישט־באַדייטנדער קאַפּיטאַנדל פון אַ קליינעם קאַרגאָ, אַן אָרעמער טייוול! ווער האָט מיר געגעבן קראַפט, פאַרשטאַנד אזוי צו האַנדלען? וועלכע האַנט האָט מיך געשטויסן צו ראַטעווען הונדערטער אומבאַקאַנטע לעבנס? פאַרוואָס איך? מיין לאַנד האָט מיך פאַרמשפּט צום טויט. איך בין דאָך אַ פאַרמשפּטער! ווער דיריגירט מיט מיין ווילן?

**זשאַן קלאָדעל** (קומט אָן צו לויפן אַ צעכראַסטעטער):

קאַפּיטאַן לעבלאַן! אַ ראַדיאָגראַמע פון קרייצער! הערט! צו קאַפּיטאַן לעבלאַן פון דער „עספּעראַנס״! מיר האַלטן אין זינקען די דייטשע סובמאַרין סי מ.־3. האַלט אויס. סטאָפּ! צוויי עראָפּלאַנען קומען אייך צו הילף. סטאָפּ! מוט! אויסהאַלטן!

(קאַפּיטאַן לעבלאַן שטייט אויפן לייטער מיט די פעלד־גלעזער אין דער וייטקייט), !

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

די סובמאַרין קומט אויפן אויבערפלאַך! זי לעבט נאָך, אָבער זי מוז זיין זייער געשעדיקט.

(ווידער הערט זיך אַן אויפרייס, וואָס קומט נאָענט).

## זשאַן קלאָדעל:

בראַוואָ, קאַפּיטאַן לעבלאַן!

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

אַ שאָד, די נאַכט פאַלט צו. איך זע נאָך קוים אין דעם דעמערונג־ליכט.

## זשאַן קלאָדעל:

אונדזער שיפל טרייסלט זיך צוזאַמען מיט די פיר הונדערט מענטשלעכע הערצער! איך בין מודה, אַז עס איז אויסערגעוויינלעך, אומגלויבלעך, קאַפּיטאַן! מיר זענען אפשר געראַטעוועט. אַ גליק איז, וואָס די מאַשינען זענען נישט געשעדיקט געוואָרן.

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

נעמט איבער דעם רודער, זשאַן!

## זשאַן קלאָדעל:

יאָ, קאַפּיטאַן! (אָפּ).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (צו זיך):

די סובמאַרין זינקט! (שרייט הויך אויפן קול): די סובמאַרין ס. מ.־3 זינקט!

(עס קומען אַרויף איינצלנע מענטשן: האַנס קרעמער, קאַרלאָס ראָדריגעז, אפרים שטערן, אַלעקסאַנדער זאַפּט, קאַרל באַלזאַם, פלאָרענס קאַרמעל, ליזאַ, אַנעט פּעדער).

צוויי קליינע רעטונגס־שיפלעך פון דער סובמאַרין דערנעענטערן זיך צו אונדז! די דייטשע סובמאַרין זינקט פּאַמעלעך, לאָזט זיך אַראָפּ אונטער דעם אויבערפלאַך אַ געשעדיקטע!

(ווידער הערט זיך אַן אויפרייס. אַ טאָרפּעדאָ פון דער סובמאַרין. נאָכדעם קומען ווידער צוויי דונער־אויפרייסן פון ענגלישן קרייצער. עס קומט אָן צו לויפן אַ מאַטראָס מיט אַ פּאַפּירל אין האַנט).

**מאַטראָס:**

קאַפּיטאַן! אַ ראַדיאָגראַמע פון ענגלישן קרייצער! „מיר זינקען די דייטשע סובמאַרין סי. מ.־3. אויסהאַלטן! סטאָפּ. הילף איז נאָענט!

(ליכטער באַלויכטן די מענטשן, וואָס זעען אויס האַלב ווי מענטשן און האַלב ווי געשפּענסטער. דער קאַפּיטאַן גייט אַראָפּ פון לייטער. ער האַלט זיך קוים אויף די פיס. ער זאָגט צום מאַטראָס).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

אַראָפּלאָזן די שטריק־לייטערס און אַרויפנעמען די פון דער סובמאַרין! עס זענען זיכער דייטשע באַדינגונגס־ברענגערס.

**האַנס קרעמער:**

די העלדן פון דעם ספּעקטאַקל קומען זיך צונויף!

**אפרים שטערן:**

איך וואָלט אַראָפּגעלאָזט נאָך זיי שטריק, זיי זאָלן זיך הענגען איידער זיי קומען נאָך ארויף. וואָס זאָגט איר הער האַנס, מען זאָל אַרויפשלעפּן עטלעכע געהאָנגענע דייטשן, וויסטע כפּרות פאַר די ריינע הייליקע נשמה פון אונדזער ברוך פּאָזנער!

**האַנס קרעמער:**

איצטער בין איך איבערצייגט, אַז ברוך פּאָזנער איז געווען ברוך פּאָזנער!

**אַלעקסאַנדער זאַפּט:**

אַן אָסט־יודע, הער קרעמער, אונדזערס אַ פּוילישער ייִד איז געגאַנגען אויף דער עקידה!

**אפרים שטערן:**

און מען האָט אים געשאָכטן. אַ מלאך איז אים נישט געקומען ראַטעווען!

**גאָדל בערגמאַן:**

חוזקט נישט, ר' אפרים! דער רבונו־של־עולם האָט געשיקט אַ מלאך צו ראַטעווען די גאַנצע שיף מיט מענטשן. אין יעדן דור איז עס אַזוי. מענטשן גיבן זיך אָפּ פאַר קרבנות, שטרעקן אויס די העלדזער צו דער עקידה פאַר אַנדערע, פאַרן כלל!

**פלאָרענס קאַרמעל:**

**איך דאַרף פאַלן צו די פיס דעם קאַפּיטאַן און איבערבעטן אים, פאַר מיין ווייבלעכע שוואַכקייט, פאַר מיין צווייפלען, פאַר מיין היסטעריע. קאַפּיטאַן לעבלאַן, איז דער העלדישסטער מענטש, וואָס איך קען אין דער וועלט!**

(צוויי מאַטראָסן שטייען ביים פאָרענטש פון דער שיף מיט שטריק־לייטערס אין די הענט. זיי שלעפן אַרויף צוויי מענער. איין מאַטראָס רופט אויס):

**מאַטראָס:**

**קאַפּיטאַן! צוויי דייטשע שיפס־אָפיצירן! די זעלבע, וואָס זענען היינט דאָ געווען. דרעקיקע באַשעס! מיר שלעפּן זיי אַרויף!**

(אַלע אויף דער שיף קוקן צו דער סצענע, ווי עס קומען אַרויף אויפן דעק די צוויי דייטשע אָפיצירן. ביידע זענען אין נאַסע קליידער, צעקנייטשט, פון די האָר רינט זיי וואַסער. די פנימער זענען בלייכע, מידע. זיי האַלטן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. זיי גייען צו צום קאַפּיטאַן און סאַלוטירן מיליטעריש. אַ מאַטראָס באַזוכט זיי).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**וואָס פאַר אַ געסט! ווער האָב איך די ערע צו פאַרדאַנקען, וואָס איר זענט ווידער דאָ אויף מיין שיף? זיי האָבן נישט קיין געווער?**

**מאַטראָס:**

**זיי האָבן דאָס געווער געשליידערט אין ים אַריין!**

**ערשטער דייטשער אָפיציר** (מיט אַ געבראָכענער שטימע):

**מיר בעטן איך, קאַפּיטאַן לעבלאַן, אונדז אויפצונעמען אויף אייער שיף, ווי קריגס־געפאַנגענע! מיר האָבן געזאָלט צו איך קומען מיט נייע באַדינגונגס־פאַרשלאָגן.**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**איר ווייסט דאָך, אַז איך בין פאַראורטיילט צום טויט! איך האָב נישט קיין רעכט איך צו האַלטן אַלס געפאַנגענע און אויך נישט אַלס קריגס־געפאַנגענע!**

**צווייטער דייטשער אָפיציר** (מיט אַ נידעריקע שטימע):

**מיר בעטן נישט ביי איך קיין מיטלייד. מיר האָבן זיך געראַטעוועט פון אַ געזונקענער שיף, מוזט איר אונדז געבן שוץ!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**איך מוז? איר וואָלט אויך אַזוי געהאַנדלט? מערדער, פּחדנים, אויסוואורפן!**

**ערשטער דייטשער אָפיציר:**

**מיר זענען שיפס־אָפיצירן און מיר ווילן איר זאָלט אונדז באַהאַנדלען מיט רעספּעקט און ערע!**

**אפרים שטערן:**

גיב זיי רעספּעקט, ערע און אפשר אַ געבראָטענעם אינדיק אויך? און אפשר שאַמפּאַניער מיט מוזיק, מיט שיינע מיידלעך, זאָלן טאַנצן פאַר זיי?

**אַנעט פעדער** (ווילד):

וואָס האָט איר געטון מיט ברוך פאָזנערן? מערדער, פאַרברעכער!

**צווייטער דייטשער אָפיציר:**

פאָזנער? מיר קענען נישט אַזעלכן!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

וויקטאָר שליסעל! דעם מענטשן־פּאַקעט וואָס מיר האָבן אייך געליפערט!

**ערשטער דייטשער אָפיציר:**

אַך דער קערל, דער יודע שליסעל! ער איז אַ טייפל, נישט קיין מענטש. ער האָט עס געמאַכט מיר זאָלן זינקען. מיר האָבן אים געבראַכט צום קאַפּיטאַן פון דער סובמאַרין. מיר האָבן געוואָלט האָבן אַביסל שפּאַס. די גאַנצע געשיכטע איז דאָך געווען שפּאַס! קיינער האָט קיינמאָל פריִער נישט געהערט פון אַזאַ נאָמען, ווי וויקטאָר שליסעל! מיר האָבן צוגעטראַכט אַזאַ נאָמען, ווייל מיר האָבן געוואָלט טרייבן שפּאַס מיט דער „עספּעראַנס״ אײדער מיר האָבן זי געזאָלט זינקען מיט אַלע מענטשן אויף דער שיף!

**זשאַן קלאָדעל** (גיט אַ זעץ אין פּנים פון דעם דייטש):

נאַ דיר פאַר טרייבן שפּאַס!

(דער דייטש גיט זיך אַ ריס פון אָרט, אָבער דער מאַטראָס פון הינטן כאַפּט אָן זיינע הענט און קלעמט זיי איין ווי אין צוואַנגען. דער דייטש וואַרפט זיך ווי אַ שיכור).

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

וואָס איז געוואָרן מיט וויקטאָר שליסעל, מיינע הערן!

**צווייטער דייטשער אָפיציר:**

ער האָט זיך געוואָרפן שלאָגן אונדזער קאַפּיטאַן. דער קאַפּיטאַן האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער, נישט צו דערשיסן, בלויז אים אָנצושרעקן, מיר האָבן דעם קערל געוואָלט האַלטן אויף דער שיף, ווי אַ קלאָון, פריילעך צו מאַכן זיך איבער דעם אויסגעטראַכטן קאָמישן נאָמען. אָבער דער קערל האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַריין אין דער מאַשינען־אָפּטיילונג און ווי אַ ווילדער טיגער זיך געוואָרפן איבער די אינסטרומענטן. איידער מיר האָבן אים דערשאָסן האָט ער צעשעדיקט אַ טייל אינסטרומענטן און מעגלעך־געמאַכט מיר זאָלן זינקען! פאַרפלוכטער קערל!

**ערשטער דייטשער אָפיציר:**

וועז נישט דער באַנדיט, דער יודע מיטן קאָמישן נאָמען, וואָלטן מיר נישט געזונקען. דער ענגלישער קרייצער האָט אונדז צעשמעטערט, ווייל מיר האָבן נישט געקענט שטעלן קיין גרויסן ווידערשטאַנד!

**אַנעט פעדער:**

**איר האָט אים דערשאָסן! מייז! פחדנים! מערדער!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (דרייט אויס דאָס פּנים מיט פאַראַכטונג צו די דייטשן):

**שטעלן אַ וואַך אַרום זיי! היטן זיי! מיר וועלן זיי איבערגעבן דעם ענגלישן קרייצער. אויסוואורפן!**

(פון דער מאַשינען־אָפּטיילונג, הערט זיך אַ געשריי).

**גערטרוד פרידריך:**

**אַ שאַנדע! דייטשע אָפיצירן! איר האָט זיך געלאָזט פאַנגען! די יודען וועלן פון אייך לאַכן! טרוסען!**

(מען פירט די צוויי דייטשן אַוועק אין קעלער. אַ מאַטראָס מיט אַ געלאָדענער ביקס באַגלייט זיי. ווידער הערט זיך אַ געוואַלדיקער אויפרייס. און נאָך אַן אויפרייס. די „עספּעראַנס" טרייסלט זיך. די כוואַליעס שטורעמען מיט שוים. אין דער בלויער דורכזיכטיקער לופט זעט זיך רויך און אין דער בלויקייט פון הימל זעען זיך צוויי ענגלישע עראָפּלאַנען, וועלכע באָמבאַרדירן די סובמאַרין. די אויפרייסן זענען מוראדיקע).

**זשאַן קלאָדעל:**

**ענגלישע עראָפּלאַנען! זיי זינקען די סובמאַרין!**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (ביטער, סאַרקאַסטיש):

**געקומען מיט צוויי שעה צו שפּעט! ברוך פּאָזנער האָט געקענט זיין מיט אונדז!**

(עס איז שוין אָוונט. אויף דער שיף הערשט אַ געוואַלדיקע אויפרודערונג. מענטשן זענען פריילעך און טרויעריק, אַפּאַטיש און נערוועזיש, מיד, צעבראָכן, צעטרייסלט. די שיף איז באַלויכטן מיט אַ שאַרף גרינעם ליכט. די מענטשן זעען אויס, ווי זיי וואָלטן געווען געהילט אין מאַסקעס. די גרינע ליכט ברענגט אַרויס דעם שווידערלעכן עלנט. עס הערט זיך דאָס רוישן פון די עראָפּלאַנען און פון אַ מאַטאָר־שיפל).

**האַנס קרעמער:**

**אַ העלדישע ראָליע דורכגעפירט דער פּאָזנער!**

**גאָדל בערגמאַן:**

**אַ שליח ציבור. מיר דאַרפן זאָגן קדיש נאָך זיין פאַרשניטן לעבן! און ליכט**

**צינדן פאַר זיין נשמה! קיין ליכט האָבן מיר נישט, וועלן מיר יוצא זיין מיט זאָגן קדיש!**

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

**ערן זיין אָנדענק?**

## גאָדל בערגמאַן:

**מיר ייִדן פּירן זיך אַזוי. מיר זאָגן אַ געבעט נאָך דעם פאַרשטאָרבענעם לעבן.**

(גאָדל בערגמאַן גלייכט זיך אויס. אַזוי טוען אַלע. אויך דער קאַפּיטאַן גלייכט זיך אויס, לייגט אַריין דעם רעוואָלווער אין טאַש).

**יתגדל ויתקדש שמא רבא. בעלמא די ברא כרעותיה וימליך מלכותיה בחייכון וביומיכון ובחיי דכל בית ישראל...**

(אַלע זאָגן נאָך די ווערטער. דער קאַפּיטאַן, דער מאַטראָס סאַלוטירטן מיט די פינגער ביי די היטלען. עס הערט זיך אַ שלוכצן און אַ העשען).

(די ליכטער וואָס באַלויכטן די פּנימער בייטן זיך יעדע עטלעכע מינוט. פון ערגעץ הערן זיך שטילע טענער, ווי אַ טשעלאָ וואָלט געקרעכצט, ווי פידלען וואָלטן געוויינט. זשאַן קלאָדעל קומט צו צום קאַפּיטאַן).

## זשאַן קלאָדעל:

**אָט איז אַ ראַדיאָגראַמע פון ענגלישן קרייצער „אַדמיראַל נעלסאָן!"**

## קאַפּיטאַן לעבלאַן (לייענט אויפן קול):

**צום קאַפּיטאַן לעבלאַן פון דער „עספּעראַנס"; ענגלישע עראָפּלאַנען האָבן געזונקען די דייטשע סובמאַרין סי. מ.־3. מיט דער מאַנשאַפט! סטאָפּ! אייער בראַווקייט איז אַ מוסטער פון העלדישקייט!**

(צו זיך מיט אַ ביטערן שמייכל):

**אַלע ריידן זיי וועגן מיין בראַווקייט. איך בין אָבער נישט דער העלד! נישט איך! נישט איך!**

(אַ שיפל שווימט צו צו דער „עספּעראַנס". אַ מאַטראָס פון דער „עספּעראַנס" פאַרוואַרפט אַ שטריק־לייטער. עס קומען אַרויף אויף דער שיף אַן ענגלישער שיפס־אָפיציר און אַן ענגלישער מאַטראָס. דער אָפיציר איז הויך, דאַר מיט געלבלעכע האָר. טראָגט קורצע הויזן, אַן אויפגעשפיליעט העמד. אַ רעוואָלווער אין פּאַסיק. דער מאַטראָס טראָגט אויך קורצע הויזן, אַ מיטלוווקסיקער, געפּאַקטער מאַן).

## ענגלישער אָפיציר:

**האָב איך דעם כבוד צו זען קאַפּיטאַן לעבלאַן?**

## קאַפּיטאַן לעבלאַן:

**איך בין קאַפּיטאַן לעבלאַן פון דער „עספּעראַנס".**

**ענגלישער אָפיציר:**

איר וועט מיר דערלויבן אייך אויסצודריקן מיין פאַרוווּנדערונג פאַר אייער בראַווקייט און העלדישקייט. מיר ווייסן פון אייער אָדיסיי. צען טעג זענט איר אויפן וואַסער מיט פיר הונדערט מענטשלעכע לעבנס.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

צען טעג אַן שפּייז און אַן וואַסער! אַ צום טויט פאַראורטיילטער שיפס־קאַפּי־טאַן מיט אַ קליינע קאַרגאָ, מיט אַ לעבערלעכע קאַיוטע, מיט מענטשן פון קנאַפּע צוואַנציק נאַציאָנאַליטעטן, וואָס קריגן זיך איינער מיטן אַנדערן. צען טעג באַדראָט פון מינעס און טאָרפּעדאָס!

**ענגלישער אָפיציר:**

עס איז צו באַוווּנדערן. עס איז אומגלויבלעך. און די מענטשן האַלטן אויס און...

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

מיין שיף האַלט אויס! דער ווילן און די נערוון האָבן אויסגעהאַלטן!

**ענגלישער אָפיציר:**

מיר האָבן דערהאַלטן אייערע ראַדיאָגראַמעס וועגן די פיר הונדערט פּליכט־לינגע! מיר האָבן אייך נישט געקענט העלפן. אונדזער פלאָט איז פאַרנומען. די שיפן וואָס מיר האָבן אין גיבראַלטאַר פאָרט קענען נישט אַרויס אין אַ שלאַכט. היינט האָבן מיר אויך דערהערט אייערע הילפס־רופן. מיר האָבן אויך זיך דער־ווּוסט, אַז נאָך צוויי דייטשע סובמאַרינען געפינען זיך אין די פאָרטוגעזישע וואַסערן, האָבן מיר געאיילט צו פאַרפירן אַ שלאַכט מיט דער סובמאַרין סי. מ.־3.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

צוליב די צוויי סובמאַרינען, האָט איר געאיילט מיט הילף און אויך אַביסעלע צו שפּעט!

**ענגלישער אָפיציר:**

צו שפּעט? געזונקען די סובמאַרין סי. מ.־3! פאַרוואָס צו שפּעט, קאַפּיטאַן.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

עס וועט פאַרנעמען צו לאַנג צו דערציילן די אמתע געשיכטע פון דעם העלד פון דער „עספּעראַנס" און פאַר וואָס עס איז צו שפּעט. וואָס דאַרף מען עס דער־ציילן. די היינטיקע דראַמע איז פאַרענדיקט. מאָרגן הייבט זיך אָן אַ נייער טאָג! וואָס ווילט איר טון מיט די הונדערטער מענטשן אויף דער שיף, סער?

**ענגלישער אָפיציר:**

מיר וועלן אייך באַזאָרגן מיט שפּייז, טרינקוואַסער, קוילן, אויל און עסקאָר־

טירן אייך צו די נאָרד־אַפריקאַנישע ברעגן! און אייך קאַפּיטאַן דאַרפן מיר איבער־געבן אינעם ענגלישן פּלאַט.

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

דאָס איז אוממעגלעך! די מענטשן און מיין קליינע מאַנשאַפט זענען דערשעפּט. זיי קענען מער נישט אויסהאַלטן! מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן אויפגענומען אין דער גיבראַלטאַר־פעסטונג! איך וועל מיין שיף נישט פאַרלאָזן ביז די פיר הונדערט מענטשן וועלן נישט געפינען אַ שוץ און פאַרזיכערונג.

**ענגלישער אָפיציר:**

אַ באַפעל, קאַפּיטאַן לעבלאַן! אייער שיף מיט דעם לאַדונג צו עסקאָרטירן ביז די נאָרד־אַפריקאַנישע וואַסערן! דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען טון. אַ באַפעל!

(קאַפּיטאַן לעבלאַן בלייבט שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער ענגלישער אָפיציר זאָגט עפּעס צום ענגלישן מאַטראָס).

דזשימי! צושווימען צו דער פּראַכט־שיף און הייסן איבערפירן שפּייז, וואַסער, אויל! מאַך עס זייער שנעל!

**ענגלישער מאַטראָס:**

גוט, סער! די מענטשן זענען דאָ אויס ווי געשפּענסטער! גאָט מיינער, ווי האָבן זיי דאָס אויסגעהאַלטן. (צלמט זיך). (מאַטראָז אָפּ).

**קאַפּיטאַל לעבלאַן** (צום ענגלישן אָפיציר):

מיר האָבן אויף דער שיף צוויי אָפיצירן פון דער סי. מ.־3 און אַ פריילין, וואָס האָט געהאָלפן דער סובמאַרין, דורך איבערשיקן ראַדיאָ־ידיעות פון אונדז. מיר קענען זיי אויף דער שיף נישט האַלטן.

**ענגלישער אָפיציר:**

זיי וועלן מיר אַראָפּנעמען!

(עס הערט זיך דאָס רוישן פון שיפן און עראָפּלאַנען. עס איז פינצטער. אין הימל צינדן זיך שטערן).

**אפרים שטערן:**

אונדזערע צרות הייבן זיך ערשט אָן!

**האַנס קרעמער:**

ביז נאָרד־אַפריקע איז מינדעסטנס אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ טאָג. און אין די וואַסערן אַרום שפּאַצירן זיך נאָך צוויי סובמאַרינען, דייטשע סובמאַרינען! דאָס הייסט, מיר זענען געראַטעוועט בלויז פון וואָלף, אָבער נישט פונעם טיגערס מויל!

**ענגלישער אָפיציר:**

נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן! איר וועט ווערן באַגלייט פון אַ קרייצער און צוויי דעסטראָיערס. אַ גוטע וואַך! אַלזאָ, איר בלייבט דאָ, קאַפּיטאַן?

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**
איך בלייב אויף מיין שיף. (ענגלישער אָפיציר אָפּ).

**אפרים שטערן:**
אָן ערנוואַך! ווען האָט זיך מיר דאָס געחלומט, אַז אפרים שטערן זאָל ווערן באַגלייט פון אַן ענגלישן קרייצער און צוויי דעסטראָיערס. עס איז שוין איינמאָל אַ כבוד. נאָר איך וואָלט זיי דאָס מוחל געווען!

(אַנעט פעדער קומט צו צום קאַפּיטאַן לעבלאַן, קוקט אים אין די אויגן. איר פּנים דריקט אויס רוקייט און אַ הימלעשע זעליקייט).

**אַנעט פעדער:**
איר האָט מיר נישט געענטפערט, קאַפּיטאַן. פאַר וועמען האָט זיך ברוך פאָזנער אָפּגעגעבן פאַר אַ קרבן? צי פאַר מיר, אָדער פאַר אַלעמען אויף דער שיף?

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**
פאַר אַלעמען, מיין קינד.

**אַנעט פעדער:**
נישט פאַר אַלעמען, קאַפּיטאַן! בלויז פאַר אייך!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (דערשטוינט)
פאַר מיר? ניין! ער האָט דיך שטאַרק ליב געהאַט! ער האָט מיך געבעטן איך זאָל דיך אָפּהיטן ווי מיינע אויגן אין קאָפּ. זיין לעצטער געדאַנק איז געווען דו, אַנעט פעדער, זיין ליבשאַפט צו דיר האָט אונדז אַלעמען געראַטעוועט!

**אַנעט פעדער:**
איר זענט זיך טועה, קאַפּיטאַן! אַזאַ מענטש ווי פאָזנער קען זיך נישט מקריב זיין בלויז פאַר אַ פרוי. אויב ער וואָלט דאָס געטון, וואָלט ער געווען אַ פאַרליבטער נאַר. ער האָט זיך מקריב געווען פאַר דער דערהויבונג פון מענטש, פאַר דער שיינקייט, וואָס געפינט זיך נאָך אינעם מענטש, נישט פאַר מיר, נישט פאַר מיר!

**קאַפּיטאַן לעבלאַן** (נעמט איר האַנט אין זיינער):
ביסט גערעכט מיין קינד. איך האָב עס נישט געוואָלט זאָגן. מיר קענען נישט וויסן, וואָס עס באַוועגט אַ מענטשן צו אַזעלכע טאַטן. איך אַליין ווייס נישט. איך אַליין בין דאָס רעטעניש, דער אויספירער פון אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן אין אַ וווּנדערלעכער מינוט.

**אַנעט פעדער:**
איך בין גליקלעך, אַז איר זענט איינשטימיק מיט מיר, קאַפּיטאַן. עס איז מיר איצטער לייכטער, פיל לייכטער...

(עס הערט זיך אַ גוואַלדיק רוישן פון שיפן, מאָטאָרן, עראָפּלאַנען. די ליכ־טער אין דער נאַכט אויפן ים, אויף דער אָפענער שיף, זענען אין אַ שפּיל פון קאָלירן).

**ענגלישער אָפיציר** (רופט אויס צו אַ שיף, וואָס שווימט צו):

**צואיילן זיך. די דייטשע סובמאַרינען וועלן אונדז נאָכיאָגן!**

**אפרים שטערן:**

**נחס תיבה שווימט ווייטער! באַגלייט פון קרייצערס, דעסטראָיערס און אַנ־דערע צרווו!...**

**קאַפּיטאַן לעבלאַן:**

**מיר האָבן נאָך אויף דער „עספּעראַנס" אַנדערע וויקטאָר שליסעלס און אפשר אויך ברוך פּאָזנערס!**

**קאַרלאָס ראָדריגעז:**

**דריי הענט פירן די שיף: קאַפּיטאַן לעבלאַנס, דעם טייוולס און גאָטס האַנט!...**

(פּאָרהאַנג פאַלט).

ע נ ד ע

# פּערזאָנען:

1) **ראובן דער בשמים־סוחר** (מיטליעריקער מאַן).

2) **חליפה בענסוסאַן** (בעל־מקובל. אייגנטימער פון קראָם. אַ מאַן פון קרוב 60 יאָר אַלט).

3) **אפרים** (חליפהס זון. אַ בחור פון זיבעצן יאָר אַלט. הויך, שלאַנק).

4) **דן דער גלעזער** (אַכצן יאָר אַלט. מיטלוווקסיק־קרעפטיק).

5) **מולאַי־כאַקים** (אַראַבער. 55 יאָר אַלט. הינקט אויף איין פוס).

6) **כאַסין דער שדכן** (אַ דאַרער אַראַבער מיט וואָנצעס. מיטליעריק).

7) **קעמדאַן דער קאָסאָקער** (דיק, הויך, גוטמוטיק פנים. 50 יאָר אַלט).

8) **מוסטאַפאַ** (הויך, שלאַנק. זיבעצן יאָר אַלט).

9) **אַבדול־יאַזיד** (מוסטאַפאַס פאָטער. 57 יאָר אַלט. גוטמוטיק).

10) **מסעוד דער שניידער** (דאַרער, מיטליעריקער ייִד. מיט אַ שוואַרצער באָרד).

11) **אַראַבישער שופט** (גרוי, אַלט. בייז. פאַרביסן).

12) **סופר פון אַראַבישן בית־דין** (סריס־פּנים. מיטליעריקער מאַן. בייז. כיטרע).

13) **נעמי** (צווישן זעכצן און זיבעצן יאָר אַלט. שיין. שלאַנק. קלוג. מוטיק).

14) **סולימאַ** (זעכצן יאָר אַלט. זייער שיין. שלאַנק. צאַרט. זינגעוודיק־שטיפעריש).

15) **טרעפערקע** (מיטליעריקע פרוי. מען זעט בלויז די אויגן פון איר פּנים).

16) **זעלפאַ** (עלטערע. אויסגעמוטשעטע אַראַבישע פרוי).

17) **קאַרני** (יונגע, צאַרטע שיינע).

קול פון מזלה די משוגענע.

קול פון דער קראַנקער ציפּורה.

קולות פון המון, געלעכטערן, תהילים־זאָגער, חתונה־געסט.

קולות פון בשמים־פאַרקויפער, טעפּ־הענדלער, וויין־סוחרים, וואַסער־סוחרים.

טעפּיכער־פאַרקויפער, שלאַנגען־באַצווינגער, קמיעות־הענדלער.

אָ ר ט:

אַ מאַראָקאַנער שטעטל לעבן די אַטלאַס־בערג. געדיכט באַפעלקערט מיט יידן און אַראַבער.

רעכטס: אַן אַראַבישע דירה. די ווענט געקאַלכט אויף ווייס. אויף איין וואַנט הענגט אַ פאַרביק טעפּיכל. אויף דער צווייטער — אַ מעשענער טאַץ, צוויי קרומע שווערדן. אַ פענצטערל אין איין וואַנט, די גרויס פאַר אַריינשטעקן אַ קאָפּ. אין אַ ווינקל פון צימער: אַ טישל מיט טעפּעלעך פאַר טיי. אַ נידעריקע מאַטע צו ליגן, צו זיצן. אַ פאַרביק טעפּיכל אויפן דיל. אין ווינקל — אַ פייערטאָפּ.

לינקס: אַ יידישע דירה: צוויי מאַטעס פון ביידע ווינקלען פון צימער. אין מיט־צימער — אַ לענגלעכער טיש, בענקלעך. עס שטייט אַ פייערטאָפּ. אַ שענקל מיט ספרים. אויף די ווענט: אַ בילד פון רמב״ם און פון אַ מאַראָקאַנער בעל־מופת. עס הענגט אויך אויף דער וואַנט אַ טלית־זאַק. די ווענט זענען געקאַלכט אויף ווייס.

אין מיטן צווישן די צוויי וווינונגען: אַ שטויביקער וועג. דער הינטערגרונט — שפּיצן פון בערג. אַ רייטער אויף אַן אייזל, אַ געהויקערטער קעמל, אַ פּאַלמע־בוים. אַ מאַן מיט אַ טורבאַן אויפן קאָפּ, אַ פרוי — דער גאַנצער קערפּער געהילט אין אַ ווייסער פּלאַכטע. עס זעט זיך אויך אַ ווינקל פון דער אַלטער שול, מיט אַן אויפשריפט: „זה השער לה׳״. פון אַ צווייטער זייט זעט זיך אַ ווינקל פון אַראַבישן מעטשעט. דאָס טורעמל פון מינאַרעט.

צ יי ט: אָ מ אָ ל.

די אַקטן שפּילן זיך אָפּ אין פאַרשידענע שעהן פון טאָג און נאַכט.

# ערשטער אַקט

(איידער דער פֿאָרהאַנג הייבט זיך אויף, קומט אַרויס פֿון רעכטס פֿון דער פֿראָנט־זייט ראובן דער בשמים־סוחר. ער איז אַ הויכער מאַן, געקליידט אין אַ לאַנגער, שוואַרצער אַבאַיע (כאַלאַט); טראָגט סאַנדאַלן אויף די פֿיס, אויפֿן קאָפּ — אַ רונדיק שוואַרץ היטעלע. אויף איין פּלייצע איז ביי אים פֿאַרוואָרפֿן אַ הילצערן קעסטל מיט סחורה. ער פֿאַרנייגט זיך פֿאַרן אוידיטאָריום און הייבט אָן ריידן):

## ראובן דער בשמים־סוחר:

איך בין ראובן דער בשמים־סוחר פֿון שטעטל סאַפֿי. איך וואַנדער איבער וועגן און שטעגן מיט מיין סחורה אויף די פּלייצעס. איך פֿאַרקויף בשמים: אוילן, זאַלבן, פּאַרפֿיומען, וואָס זאַפּן זיך איין אין ווייבערישן לייב, מאַכן גלאַטיק איר הויט ווי זייד און די ריחות רופֿן אַרויס גלוסטונג ביים מאַנספֿאַרשוין! איך פֿאַרקויף נעגעלעך, בלעטער, געווירצן וואָס פֿאַרשמעקן די שטוב. איך פֿאַרקויף קרייטעכצער, פֿלאַנצן ביטערע און זיסע, רפֿואות פֿאַר אַלערליי חולאתן: בויך־גרימעניש, קאָפּ־ברעכעניש, ציינעניש, שטעכעניש! אַלץ פֿאַרקויף איך במקח־שווה!

(כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, גלייכט אויס דאָס קעסטל בשמים אויפֿן אַקסל און רעדט ווייטער):

מיינע אויגן זעען אַלץ און מיינע אויערן הערן אַלץ: יידן האַנדלען, וואַנדלען, אַרבעטן שווערער ווי דער אייזל אין פֿעלד, אַרויסצוקריגן אַ פּיטע ברויט מיט גריניעם טיי פֿאַר זיך און פֿאַר זייערע הויזגעזינטן. זיי דרייען זיך אין די גאַסן, שרייען אויס זייערע סחורות, שפּאַנען דעם אייזל און קעמל, מאַכן שיך, שמידן אייזנס, איינער רייסט ביים אַנדערן דעם ביסן פֿון מויל, איינער וויל דעם אַנדערן איינשלינגען. זיי זאַמלען אָן פּרוטות, האָבן אַ סך קינדער און שטאַרבן אין אָרעמקייט. זיי פּעדערן זיך אין די בלויע פֿרימאָרגנס אָפּצוגעבן גאָט דאָס פֿרימאָרגנגעבעט און אין די פֿאַרנאַכטן איילן זיי זיך אין די בתי־מדרשים אָפּצוגעבן גאָט זיין נאַכט־געבעט. זיי ווינען צו פּופּצן נפֿשות אין אַ חדר, גרויס ווי אַ שטייג פֿאַר הינער. די קינדער שרייען עסן. דער טאַטע יאָגט זיך נאָך דעם שאָטן פֿון געלט און דער שאָטן אַנטלויפֿט פֿון אים. די שכנים, אַראַבער, זיצן אין די קאַפֿיי־הייזער, רויכערן נאַרגילעס, דערציילן זיך מוראדיקע מעשיות וועגן שדים און ווייבער, גרימפּלען אויף פּייקעלעך און צימבעלעך, יאָגן זיך נאָך שיינע יידישע מיידלעך, גלוסטן צו זיי און פֿאַראומווירדיקן זייער מיידלשאַפֿט. די זון גייט אויף איבער די אַטלאַס־בערג אין רויטלעכע פֿאַרבן, צינדט אָן די באַשנייעטע שפּיצן

און אין די פאַרנאַכטן נידערט זי אונטער די בערג. די נאַכט הילט דעמאָלט איין יעדעס באַשעפעניש צוזאַמען מיטן שאָטן. זכריה דער פרוש זיצט אין רחמים מקובלס שול, אָפּגעשיידט פון דער וועלט, קיינער ציילט נישט זיינע טעג און נעכט, קיינער הערט נישט דאָס געוויין פון דעם פרוש פאַרבלאָנדזשעטער נשמה, דאָס געשריי פון זיין וויסטער איינזאַמקייט. די משוגענע מזלה גייט אַרום אין די נעכט איבערן שטעטל סאַפי, קלאַפּט אין די לאָדנס פון מידע, שלאָפנדיקע מענטשן, זינגט אַ וויינענדיקן ניגון און בעט אַ שטיקל צוקער און אַ ליכטל פאַר איר טויטן חתן שמאי, אָט אָ דער, וואָס איז אַנומלט אומגעקומען אין אַ געשלעג מיט די שכנים אַראַבער, ווייל ער האָט געהאָלפן טרייבן אַן אייזל, וואָס האָט געהערט צו אַ ייִד און דער הויקערדיקער אַכמעד האָט געזאָגט, אַז דער אייזל געהערט צו אים.

מיינע לעפצן האָבן שוין דערציילט פון שטעטל סאַפי. איצטער בייגט צו אייערע אויערן און אויגן און הערט, זעט די מעשה פון דער שיינער נעמי מיט אירע צוויי באַשערטע: דן דער גלעזער און אפרים דער גאָלדשמיד און אויך די מעשה פון דעם שיינער סולימאַ מיט איר געליבטן דעם אָדלער־ און יעגער־יונג מוסטאַפאַ. איך בין ראובן דער בשמים־סוחר. אויף מיינע ליפּן ליגן אַלע סודות רכילותן, מעשיות. איך קום געשווינד און פאַרשווינד מיטן ווינט!...

ראובן — אָפּ.

(פאָרהאַנג הייבט זיך אויף).

# בילד 1 פון ערשטן אַקט

(די ייִדישע שטוב איז באַלויכטן פון אַ נאַפּטלעמפּל, וואָס הענגט אַראָפּ פון באַלקן. שאָטנס טאַנצן אויף די ווענט. די אַראַבישע שטוב פון רעכטס און דער מיט־וועג זענען נישט באַלויכטן. בלויז פון דער ווינקל־שול און פון מינאַרעט צאַנקען אַרויס קליינינקע פלעמלעך. אין דער ייִדישער שטוב געפינט זיך דאָס יינגע מיידל נעמי. זי טראָגט אַ געפּאַסט שטוב־קליידל. איר געזיכט איז — בלייך, שיין. די נאָז איז ביי איר אַ געטאָקטע, די הויט פון פּנים — ברוינלעך, שיין. זי איז שלאַנק, מיטלוווקסיק, די האָר פון קאָפּ פאַלן אויף איר ווייסן נאַקן אין כוואַליעס. די אויגן זענען ביי איר שוואַרצע, גלאַיקע. זי שטייט ביי אַ פּיערטאָפּ, אויף וועלכן עס טליען ברענענדיקע קוילן. זי בלאָזט אויף די קוילן מיט אַ האַנט־בלאָזער, וואָס זעט אויס ווי אַ פעכער. זי זינגט אַ פאַרבענקטן אַריענטאַלישן ניגון).

(עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין דער טיר און עס קומט אַריין דן דער גלעזער. אַ נידעריקער, פעסטגעבויטער בחור, מיט אַ געדיכטע שוואַרצע טשופּרינע האָר, מיט אַ גוטמוטיקן פּנים און שוואַרץ־פּיערדיקע אויגן. ער איז געקליידט אין אַן אַרבעטס־העמד מיט צעקנייטשטע הויזן).

(נעמי רייסט איבער דעם ניגון, קוקט אַ רגע אויף דנען אַן איבעראַשטע. איר קול איז קלינגענדיק).

**נעמי:**

**דן? דן? וועלכער גוטער ווינט האָט דיך געבראַכט אַהער אין דער איצטיקער פאַרנאַכט־שעה? איך האָב זיך נישט געריכט אויף אַזאַ גאַסט!**

**דן** (מאַכט אַ טריט פאָרויס. זיין קול איז גוטמוטיק ווייך):

**איך בין היינט פרי פאַרטיק געוואָרן מיט אַריינשטעלן שויבן אין זכריהס פענצטער, האָבן מיך מיינע פיס געבראַכט דאָ אַהער. איך האָב דיך געוואָלט זען, נעמי!**

**נעמי** (לאַכנדיק):

**אויף דיין צונג ליגט שטענדיק אַ שאַרפער ענטפער, דן! עס איז נישט שיין אַריינצופאַלן אַזוי אין אַ פאַרנאַכט צו אַ פרעמדער מיידל אין הויז און זאָגן, אַז איך בין געקומען דיך זען!**

**דן:**

**דו ביסט נישט קיין פרעמדע, נעמי.**

**נעמי:**

**צו דיר בין איך אַ פרעמדע. דו טאָרסט אַפילו נישט זיין אין מיין שטוב, ווייל איך געהער צו מיין חתן אפרים דעם גאָלדשמיד, דעם זון פון חליפה בענסוסאַן!**

(זי מאַכט זיך צורעכט די האָר ביים קליינעם וואַנטשפיגל און קוקט זייטיק אויף דנען).

**דן** (העכערט דעם טאָן):

**אפרים דער גאָלדשמיד איז דאָך נאָך נישט דיין חתן!**

**נעמי:**

**מיר וועלן די טעג ווערן פאַרקנסט! זעסט דאָס זילבערנע פינגערל, וואָס ער האָט מיר שוין געגעבן פאַר כלה־מתנות? עס איז שיין. ער האָט אַליין אויסגע־קריצט צוויי בלימעלעך, אַ טויב אויף אַ צווייגעלע. ער זאַמלט שוין מטבעות אין זיין בייטל פאַר אַ דירהלע, אויף אַ נייער אַבאַיע פאַר אים, פאַר מיר אַ קלייד מיט שפיצן, אויך אַ ווייכע מאַטע צו שלאָפן!**

**דן** (סאַרקאַסטיש):

**זאָלסט קענען אין דיין שויס אויסוואַרעמען אַ סך קינדער!**

**נעמי** (מיט געלעכטער):

**ניין. אַזוי וויט גרייכן מיר נאָך נישט די געדאַנקען!**

**דן:**

**פאַרוואָס איז אפרים בעסער פון מיר? איך האָב דיך ליב! איך האָב ערשט אַריבערגעשפאַנט דעם עלטער פון זיבעצן יאָר. אויך אויף דיינע פלייצעס ליגן זיבעצן זומערס און ווינטערס. מיר זענען אַ גלייכע פּאָר!**

**נעמי** (אומגעדולדיק):

**איך ווייס דאָס אַלץ. דו ביסט אָבער נישט מיין באַשערטער!**

**דן:**

**איך בין יאָ דיין באַשערטער! האָסט אַמאָל געזאָגט, אַז אַ שטערן האָט דיר אַנטפּלעקט דעם סוד, אַז וועסט צו מיר געהערן.**

**נעמי** (דערשראָקן):

**עס זענען געווען בלויז רייד, וואָס מיינע ליפּן האָבן אַרויסגעבראַכט, כדי דיך אַנצוטרונקען מיט טרייסט, מיט האָפענונג. איך האָב דיך קיינמאָל נישט ליב געהאַט, דן!**

**דן:**

**דיינע רייד זענען געווען פון דער טיפעניש פון דיין האַרץ!**

**נעמי:**

**דן! איך האָב ליב אפרימען! אים האָב איך מיין האַרץ אַוועקגעשאָנקען! ער איז אַ שיינער, אַ שלאַנקער, אַ צאַרטער. זיינע ליפּן זענען פול מיט בענטשונג פאַר מיר.**

**דן:**

**פאַרוואָס טרייבסטו מיך פון דיר, נעמי? מיר קענען זיך אַזוי לאַנג.**

**נעמי** (ערנסט. דאָס קול מיט טרויער):

**דו האָסט דאָך אַ כלה, דינה, ניסים דעם בלעכערס טאָכטער.**

**דן** (ווערט בלייך. זיין קול ציטערט):

**דינה איז נישט מיין כלה. זי איז אַ באַשפּיגענע, זי איז פאַראומווירדיקט געוואָרן!**

**נעמי** (מיט ווייטיק אין קול):

**רייד נישט אַזוי, דן! זי איז דיין באַשערטע. דו ווייסט, אַז אַן אומגליק איז געשען. דער אַראַבער קעזאַב, דער קעמל־טרייבער, האָט זיך נאָך איר געיאָגט, איר שיינקייט געוואָלט אויסזויגן און ער האָט איר לייב פאַראומריייניקט. זי האָט זיך געווערט, דאָס פּנים אים צעריסן מיט אירע נעגל פון די פינגער. זי איז אָבער געווען צו שוואַך, קעגן דעם אַראַבישן יונג.**

**דן:**

**זי איז נישט מער מיין כלה. מיינע פיס האָבן די שוועל פון ניסימס הויז נישט איבערגעטראָטן פון יענעם טאָג אָן.**

**נעמי:**

**זי שוועבט צווישן לעבן און טויט. זי איז ביי דער שוועל פון משוגעת.**

**דן:**

**נאָר דיך האָב איך ליב נעמי! אַ געשלאָגענער בין איך. פאַריאָג מיט נישט פון דיין שוועל!** (די לעצטע ווערטער זאָגט ער אַרויסגייענדיק פון דער טטוב. עס הערט זיך אַן ווי אַן עכאָ אין די בערג. ער פאַרשווינדט אין דעם מיט־ווענ).

דן — אָפּ.

(נעמי גייט ווידער צו צום פּיערטאָפּ, אויף וועלכן עס קאָכט זיך אַ טעפּל עסן. זי פּרוּווט ווייטער זינגען דאָס איבערגעריסענע געזאַנג. זי קען נישט אַרויס־ברענגען דעם ניגון).

**נעמי** (צו זיך אַליין. שטייענדיק ביים פּיערטאָפּ):

**וואָס קענען זיך היינט נישט דערברענען די קוילן? דער טאַטע האָט שוין געדאַרפט דאָ זיין. אפרים האָט היינט געדאַרפט קומען. פון אַלע איז גאָר דן געקומען. וואָס וויל ער פון מיר? אפרים זאָל זיך נאָר נישט דערוויסן. ער וועט נאָך אַ קללה אויף מיר וואַרפן.**

(זינגט דעם ניגון אָן ווערטער. ווידער אַ קלאַפּ ביי דער טיר. עס קומט אַריין אַ הויכער שלאַנקער בחור. דאָס איז אפרים דער גאָלדשמיד. ער גייט געקליידט אין אַ טונקל־גרויער אַבאַיע, סאַנדאַלן אויף די פיס. זיין פנים איז לענגלעך, קנאָכיק, שיין. שוואַרצע הערעלעך שפּראָצן אויף די באַקן און ליפּן. ער האָט שוואַרצע אויגן, ער איז מונטער, פריילעך, גוטמוטיק).

**נעמי** (ווישט זיך שנעל אויס די אויגן, נעמט אָן אַ פריילעכע מינע):

**אָ, אפרים! איך וואַרט אויף דיר!**

## אפרים:

**אויב מיינע בליקן נאַרן מיך נישט, זע איך טרערן אין דיינע אויגן, נעמי. איז דאָ ווער געווען? האָט דיך ווער באַלעסטיקט?**

## נעמי:

**פון רויך פון פייערטאָפּ, טרערן אפשר מיינע אויגן. די קוילן ווילן עפּעס היינט נישט ברענען. איך האָב נישט געגלייבט, אַז דו וועסט שוין היינט קומען.**

## אפרים:

**איך בין דיר געקומען זאָגן, אַז מיין באַלעבאָס, לוי דער גאָלדשמיד, האָט מיר געלאָזט וויסן, דאָס איך קען שוין די מלאכה פון שמידן אַ האַלדזבאַנד, האַמערן אָן אָרעמבאַנד, אַ בראָסלעט, שמידן אַ פינגערל, קריצן אַ פּאָר אויערינגלעך. איך וועל איצטער פאַר די, נעמי, מיט מיינע אייגענע הענט, שמידן אַ זילבערנעם האַלדזבאַנד, אַ קנס־מתנה וועט עס זיין. נאָך די תנאים וועל איך פאַר דיר אויסהאַמערן אַ שיינעם קופּערנעם אָרעמבאַנד...**

**נעמי** (אויפגעלייגט גייט ווידער צו צום שפּיגל און קוקט זיך איין, מאַכט זיך גלייך די האָר):

**און צו דער חתונה וואָס פאַר אַ מתנה וועלן מיר דיינע הענט אַנטקעגן־טראָגן?**

## אפרים:

**איך וועל פאַר דיר אַ פּאָר זילבערנע אויערינגלעך אויסקריצן, מיט צוויי טייבעלעך אינמיטן. און אַ גאָלדן פינגערל וועל איך דיר מאַכן!**

## נעמי:

**ביסט אַ גוטער, אפרים. אפשר וועסטו היינט בלייבן אויף אָוונט־מאָלצייט?**

## אפרים:

**איך קען נישט היינט. די מאַמע איז עפּעס היינט זייער קראַנק. דו ווייסט דאָך, מיין טאַטע, חליפה, איז פאַרנומען אין קראָם און איז פאַרנומען מיט זיינע קבלה־ספרים!**

**נעמי:**

איך זע אים טאַקע אָפֿט זיצן אויף דער שוועל ביי זיין קראָם, פֿאַרטיפֿט אין אַ ספר און ער זעט גאָרנישט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים.

**אפרים:**

ער שוועבט אין די הויכע וועלטן. בייג צו דיינע אויערן וועל איך דיר דערציילן, וואָס עס האָט אים געטראָפֿן!

**נעמי:**

איך הער!

**אפרים:**

אַנומלט איז דער טאַטע געזעסן אויף דער שוועל פֿון זיין קרעמל פֿאַרטיפֿט אין אַ ספר, האָט זיך דערווייל גאַנץ פֿאַמעלעך צוגעשאַרט דעם בלינדן איבראַהימס שעפּס, אַריין אין דער קראָם, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אינעם זעקל מאַנדלען און געגעסן אָן אויפֿהער. זענען מענטשן דורכגעגאַנגען אין גאַס און געזען, וואָס דעם בלינדן איבראַהימס שעפּס טוט צו חליפֿהס זעקל מאַנדלען, האָבן זיי אויפֿגעהויבן אַ געשריי: חליפֿה! דער שעפּס פֿרעסט אויף דיין מי און מאַטער! האָט דער טאַטע אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ פֿון די הויכע וועלטן אַרויס. געקוקט אויפֿן שעפּס און אין אים גאָר געזען אַ גילגול פֿון אַ גרויסן צדיק, און ער, דער צדיק, קוויקט זיך און דערכאַפּט זיך דאָס האַרץ מיט זיינע מאַנדלען, האָט ער אַ שמייכל געטון, דער טאַטע, און זיך ווייטער פֿאַרטיפֿט אין ספר, האָט נחמן — דער שמיד — רחמנות געקראָגן אויף דעם אָרעמען חליפֿה, און מיט אַ שטעקן פֿאַרטריבן דעם שעפּס פֿון זעקל מאַנדלען.

**נעמי** (לאַכנדיק, קלינגענדיק):

אַזוי איז ער, דיין פֿאָטער!

**אפרים:**

מען וואָלט געדאַרפֿט אַריינעמען אַ דינסט אין הויז. איז אָבער נישטאָ קיין געלט. די מאַמע ליגט מיט געליימטע אברים, אירע טעג זענען געציילטע.

**נעמי:**

נאָך דער חתונה וועל איך אַלץ טון ביי אייך אין שטוב. אויפֿבלאָזן דעם פֿייערטאָפּ, פֿאַרקנעטן טייג פֿאַר פּיטעס־ברויט, פֿאַר־ריכטן די אַבאַיע, שפּאַנען דעם אייזל אין קאָמער און ברענגען שפּייז פֿון מאַרק.

**אפרים:**

דו ביסט אַ בענטשונג פֿאַר יעדן הויז. איך ווייס, אַז מיר וועלן זיין גליקלעך!

**נעמי:**

וועז וועט אונדזער קנס־מאָל פאַרקומען? איך וועל דיין פּאָטער, חליפה, פרעגן. איך וואָלט געוואָלט עס זאָל שוין זיין אַריבער און אויך נאָך דער חתונה זאָל עס שוין האַלטן. איך האָב מורא, אפרים!

**אפרים:**

פאַרוואָס? איך האָב דיר ליב. די בוסט צייטיק ווי אַן עפּל, פול מיט זאַפטן. דיין פּנים איז קלאָר, שיין ווי די שיינקייט פון דער ברענענדיקער זון איבער די שנייאיקע שפּיצן פון די בערג. דער חן פון גן־עדן ליגט אויף דיין פּנים, כלה מיינע!

**נעמי** (דערשראָקן, צאַרט):

זאָג נאָך נישט כלה מיינע, אפרים. מען טאָר נישט.

**אפרים:**

מען מעג! דאַרפסט זיך פאַר גאָרנישט שרעקן. איך וועל דיך אונטער מיינע פליגל נעמען און דיר זיין אַ באַשיצער...

**נעמי:**

האָסט געזען דנען? וואָס מאַכט זיין כלה, דינה, ניסים דעם בלעכערס טאָכטער?

**אפרים:**

אַ קללה פון גאָט. דן איז אַזאַ פיינער בחור. און ער איז אַזוי געשטראָפט געוואָרן. די כלה זיינע איז פאַראומגליקט געוואָרן פון דעם אַראַבישן יונג. פונקט אים, דנען, האָט עס געטראָפן. אַ קללה פון הימל!

**נעמי:**

וואָלסט מיך אויך אַוועקגעוואָרפן, ווען עס טרעפט מיך? זאָג מיר, אפרים!

**אפרים** (דערשראָקן. מאַכט אַ שריט אויף צוריק. ער קוקט לאַנג אויף נעמין):

פאַרוואָס פאַלן אַזעלכע רייד פון דיינע ליפּן, באַשערטע מיינע?

**נעמי:**

איך ווייס נישט! עפּעס האָב איך מורא. דער הולטיי, מוסטאַפאַ, אַבדול־יאַזיד, דעם אייזל־סוחרס זינדל, קוקט אויף מיר יעדעס מאָל, ווען איך גיי צום טייך וואַשן וועש, אָדער ווען איך שעפּ אָן פון דעם ברונעם וואַסער. זיינע בליקן זענען פול מיט גלוסטונג, ווי אַ מילגרוים מיט קערנער. דאָס בלוט ווערט אין מיר פאַרפרוירן.

**אפרים:**

דאַרפסט נישט מורא האָבן, נעמי! דו ביסט פאַר מיר באַשערט און גרייט.

**נעמי:**

אַזוי איז דינה געווען פאַר דנען. איצטער שטייט זי אויף דער שוועל פון דער אייביקער נאַכט. דן האָט זי אַוועקגעוואָרפן. און ביי ניסים דעם בלעכער

ווײַנט דאָס אומגליק אַרויס פון יעדן ווינקל. נאָך ווייניק איז דאָרט די אָרעמקייט גרויס. איר מאַמע איז בלינד, אפשר צען קינדער וואַלגערן זיך אויפן דיל, בעטן עסן. ניסים פאַרדינט נישט זיי צו שפּייזן. איצטער מיט דינהן איז דאָך דאָרט עק וועלט!

**אפרים:**

וואָס קען מען טון? אַן אומגליק!

**נעמי:**

מען דאַרף צווינגען דנען זיך מיט דינהן צו פאַרבונדן!

**אפרים** (דערשראָקן, פאַרוווּנדערט):

וואָס זענען דײַנע געדאַנקען אַזוי פול מיט דנען? ער וועט זיך מיט דינהן נישט פאַרבינדן. אַ פרעמדער האָט זיך צו איר לייב דערנענטערט. די גאַנצע שטאָט ווייסט פון דעם. ער וועט זיך פאַר חרפּה באַגראָבן. עס איז דאָך ביי אונדז אַן אַלטער מנהג, מיט אַזאַ איינער נישט חתונה צו האָבן.

**נעמי:**

זי איז דאָך אָבער זיין כלה! ווי מעג ער זי לאָזן פאַלן?

**אפרים:**

וואָס טראָגן דײַנע ליפּן כסדר דעם נאָמען פון דנען? דו טאָרסט נישט נעמי! דו וועסט צו מיר געהערן!

**נעמי** (שעפּטשעט עקזאַלטירט):

יאָ צו דיר געהערן.

**אפרים:**

איצטער מוזן מײַנע פיס שוין לויפן אַהיים. די מאַמע ליגט אַ פאַרשמאַכטע!

(עס הערט זיך אַ פרויען שטימע, ווי אַן אויסגייענדיק געזאַנג. עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. נעמי און אפרים בלייבן ביידע שטיין צוגעשמידטע צום אָרט. עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַן אַראַבישע פרוי געהילט אין אַ גרויער פּלאַכטע. דאָס פּנים פאַרשטעלט. עס זעען זיך בלויז אירע שוואַרצע אויגן און עס הערט זיך איר שטימע. זי שטייט ביי דער טיר).

**טרעפּערקע** (מיט אַ קלאָרער שטימע):

איך בין אַ טרעפּערקע. אין די שטערן קען איך זען דעם גורל פון יעדן מענטשן, פון די הענט קען איך לייענען, אויב עס דערוואַרט אייך אומגליק, אָדער גליק, רייכקייט, אָדער — נויט, פון קאָרטן קען איך ארויסלייענען אייער ביידנס מזל!

**נעמי** (אומגעדולדיק, אָבער נייגעריק):

איז וואָס ווילסטו מיט דײַנע טרעפּעכצן אין מיין הויז, פרעמדע?

**טרעפּערקע:**

**איך וואַנדער איבער בערג און טאָלן, איבער שטיינער, פעלדער און וועל־דער. איך קום אַריין אין אַלע שטובן. בלויז פּאָר עטלעכע פּרוטות, וועל איך דיר, שיינע מיידל, זאָגן, וואָס עס וועט מיט דיר זיך טרעפן און מיט דיין חתן!**

(זי וויזט אָן אויף אפרימען און נעמט אַראָפּ די פאַרהילונג פון קאָפּ).

**נעמי:**

**פונוואַנען ווייסטו, אַז ער איז מיין חתן? פרעמדע!**

**טרעפּערקע:**

**מיינע אויגן זענען שאַרפע, ווי ביי אַן אָדלער. מיטן ערשטן בליק האָבן זיי געזען, אַז ער קוקט אויף דיר מיט שטאַרקער ליבשאַפט, שיינע ייִדישע מיידל!**

**אפרים** (איילט זיך און בלייבט דאָך שטיין. זיין פּנים דריקט אויס אַ געוואַלטיקע נייגעריקייט):

**איך אייל זיך זייער, אָבער איך וועל נאָך דאָ בלייבן געציילטע מינוטן. איך וועל דיר געבן עטלעכע פּרוטות און זאָג מיין כלה, וואָס עס דערוואַרט איר!**

**טרעפּערקע** (שאָלט אַרויס אַ געלעכטער):

**מיינע שאַרפע אויגן האָבן מיך נישט גענאַרט. ער איז דיין באַשערטער. איצטער שיינע ייִדישע כלה, וויז מיר דיין האַנט און מיטן רצון פון אַללאַה וועל איך דיר געבן באַשייד.**

**נעמי** (דערשראָקן, אָבער נייגעריק שטרעקט אויס איר האַנט. די טרעפּערקע נעמט נעמיס האַנט אין אירע קוקט אויף די פלאַכן):

**אויב דיינע רייד זענען אמתע, זאָג וואָס דו זעסט!**

**טרעפּערקע:**

דו שטייסט אויף דער שוועל פון גליק און אומגליק. קענסט מיט דיינע איי־גענע הענט נעמען ביידע זאַכן. דיין האַרץ איז פול מיט ליבשאַפט צו... (הייבט אויף דעם קאָפּ און קוקט לאַנג אויף אפרימען) **דעם חתן. רייכטום און אוצרות זענען ווייט** פון דיר. **קענסט זיי נישט דערגרייכן איצט. אפשר שפּעטער?**

**נעמי** (דאָס פּנים ווערט ביי איר בלייך. זי איז דערשראָקן, פול מיט ווייבערשער נייגעריקייט. שטאַמלט):

**וואָס הייסט איך שטיי אויף דער שוועל פון אומגליק און גליק?**

**טרעפּערקע:**

ביידע שטרעקן זיך צו דיר. **אויב וועסט זיין קלוג און אָפּשטופן איינס, וועט עס נישט פאַלן אויף דיין קאָפּ. אויב וועסטו נישט האָבן קיין כוח און קיין ווילן עס צו טון, וועלן ביידע זאַכן פאַלן אויף דיין קאָפּ.**

**נעמי** (דערשראָקן, נייגעריק, צאַפּלט זיך צווישןביידע):

דו שרעקסט מיך האַרץ פרעמדע! האָסט נישט געדאַרפט דיינע ליפּן עפענען נישט צום גוטן, נישט צום בייזן!

**טרעפּערקע:**

קודם גיט מיר די קופּערנע פּרוטות. נאָכדעם וועל איך ווייטער ריידן!

**אפרים** (גיט איר אין האַנט עטלעכע מטבעות. עס הערט זיך אַ קלינג פון געלט. זי באַהאַלט דאָס געלט אין אַ שפּאַלט פון איר פּלאַכטע):

איל זיך צו און וואַרף שוין אַרויס דיינע אָפּגעווצטע רייד פון מויל!

**טרעפּערקע:**

איך זע פיל מענטשן, אַ געשלעג. איינער איז איינגעקנוילט אין אַנדערן. אַ קנויף פון בייזע מענטשן. בלוט... דיין חתן!

**נעמי** (ציטערט אויף):

וואָס רעדט דיין צונג. הער אויף צו שרעקן! וואָס נאָך זעסטו?

**טרעפּערקע:**

עס איז געוואָרן פאַרנעפּלט. איך זע נישט מער, כלה שיינע. איך זע בלויז דיין באַשערטער האָט דיך ליב... וואַרט, איך זע נאָך אַ געשטאַלט פון אַ יונגן מענטשן. איבער אים פלאַטערט דער טויט.

**אפרים** (דערשראָקן מאַכט זיך לאַכן):

נאַדיר נאָך דריי פּרוטות און זאָג עפּעס וועגן מיר!

(ער גיט איר עטלעכע מטבעות. עס הערט זיך אַ קלינג פון געלט).

**טרעפּערקע** (נעמט זיין האַנט אין אירער):

רייכטום און אומגליק וואַרטן אויף דיר. דיין האַרץ איז פול מיט ליבשאַפט צו דיין כלה.

**אפרים** (אומגעדולדיק):

איך ווייס עס אַליין. איך איל זיך!

**טרעפּערקע:**

לויפסט צו אַן אומגליק, וואָס שפּרייט זיך אַרום דיר און נעמט דיך אַרײַן ווי אין אַ נעץ. אַ ווייב מיט ברענענדיקע אויגן וועט דיין געשטאַלט פאַר אַן אַנדערס אָננעמען און בערג מיט טרויער וועלן זיך אַרום דיר פאַרשפּרייטן.

**אפרים** (אויפגערעגט):

גענוג מיט דיינע נאַרישע רייד, טרעפּערקע!

**טרעפּערקע** (ביז, גלייכט זיך אויס, פאַרוואַרפט דעם שלייער איבערן פּנים, לאָזט זיך צו דער טיר):

**זאָג נישט נאַרישע רייד, ייִדן! קיינער ווייסט נישט וווהין די קויל פון יעגער קען פאַרבלאָנדזשען. איך גיי מיך וועג ווייטער. פרידן אויף אייך!**

(טרעפּערקע אָפּ).

(די טרעפּערקע איז אַרויס. נעמי און אפרים זענען געבליבן שטיין פאַר־שטאַרטע, טלעכע רגעס, נישט געקענט קומען צו זיך. זיי האָבן זיך אָנגעקוקט דערשראָקן. באַלד געקומען צו זיך און אויפגעשאָלט אין אַ געלעכטער).

**נעמי** (לאַכענדיק):

**געהערט אירע ריידעלעך. גליק און אומגליק וואַרט אויף דיר! לעבן און טויט וואַרט אויף דיר! כי־כי־כי! רייכטום און אָרעמקייט וואַרט אויף דיר. ווי געפעלט דיר אַזאַ נביאות?** (ווערט ערנסט): עפּעס האָב איך מורא פאַר אירע רייד: בלוט... געשלעגן...

**אפרים** (לאַכט האַרציק. זיין פּנים איז צעפלאַמט):

**האָסט געהערט, וואָס זי האָט מיר געזאָגט. אַ יונגע פרוי, שפּרייט אַ נעץ פאַר מיר; זי וועט מיך געשטאַלט פאַר אַן אַנדערנס אָננעמען. כאַ־כאַ־כאַ! איך וועל מאָרגן פאַרנאַכט פאַרבייגיין דיין פענצטער און דיך רופן. די מאַמע מוז שוין זיין פאַרשמאַכט. איך האָב זיך פאַרזוימט!**

(אפרים אָפּ).

(אפרים גייט אַרויס. פאַרשווינדט אין מיטנוועג. עס הערט זיך דאָס קול פון דער טרעפּערקע, ווי אַן אויסגעייִענדיקער ניגון אין די בערג. נעמי לויפט צו צו דער טיר באַגלייט אפרימען מיט אירע וואַרעמע בליקן. זי פאַרמאַכט די טיר. בלייבט שטיין אין מיטן שטוב. זי איז דערשראָקן. קוקט זיך אַרום, ווי זי וואָלט דאָס ערשטע מאָל געווען אין דער שטוב. לויפט האַסטיק צו צום פייערטאָפּ, נעמט אויף אים בלאָזן. די קוילן גליִען אויף. דאָס טעפּל זופּ קאָכט זיך. מען הערט בלעז־לען קאָכעדיק וואַסער. פון דרויסן הערט זיך אַ קול, — אַ ברוסטיקע שטימע פון אַ מאַן).

## קול:

**אָט בין איך דאָ טאַכטער מיינע. געדאַרפט אָפּטראָגן אַ פאָר הויזן פאַר אַ רייכן אַראַבישן עפענדי. איך האָב פאַרדינט היינט אויף אַ פיטע ברויט, אַ גרינעם פעפער, צוויי קנאָבלס, געטריקנטע פלעצלעך, גרינע טיי און טייטלען. אַ פינצ־טערניש, מען זעט נישט די טיר. אָט בין איך דאָ, טאַכטער מיינע! איך מסעוד דער שניידער!**

**נעמי:**

**טאַטע, פּונקט געקומען אין צייט! דאָס געקעכטץ האָט זיך קוים אָפּגעקאָכט. אַן אָוונט היינט! איך עפֿן שוין די טיר!** (לויפֿט איבער דער שטוב. דערזעט אַ קאָרט אויפֿן דיל. הייבט עס אויף, בלייבט אַ רגע דערשראָקן. באַהאַלט די קאָרט אין בוזעם. שעפּטשעט):

**זי האָט דאָ עפּעס איבערגעלאָזט, די טרעפּערקע. זאָלן אירע רייד פֿאַלן אויפֿן ווינט און זאָל דער ווינט די רייד צעטראָגן אין אַלע פֿיר ווינקלען פֿון דער וועלט. דער טאַטע דאַרף נישט וויסן פֿון די אָנשיקענישן!**

(לויפֿט צו דער טיר).

(פֿאָרהאַנג פֿאַלט).

## בילד 2 פון ערשטן אַקט

(דעם זעלבן אָוונט. דער מיטנוועג איז פינצטער. עס זעען זיך נאָר די פלעמ־לעך פון דער שול און פון דעם מינאַרעט. די ייִדישע דירה איז פינצטער. די אַראַבישע דירה איז באַלויכטן פון עטלעכע אויל־לעמפלעך. אויפן דיל זיצט דער אַראַבער מולאַי־כאַקים. די פיס זענען אים אונטערגעלייגט אונטער זיך. ער רוי־כערט אַ דינע ליולקע. אויפן קליינעם טישל זענען צעשטעלט עטלעכע טיי־שאָלן. אַ סימן, אַז מען וואַרט אויף געסט. דער אַראַבער טראָגט אַ ווייסן טורבאַן, אַ לאַנגן גרויען כאַלאַט, מיט אַ גאַרטל, סאַנדאַלן אויף די פיס. ער זעט אויס אַלט. אינעם פענצטערל שטעקט אַ פרויען־קאָפּ. מען זעט די אויגן, נאָז און אַ שטיקל שטערן. די פרוי איז איינע פון מולאַי־כאַקימס צוויי ווייבער פון זיין האַרעם. איר נאָמען איז זעלפאַ).

**זעלפאַ** (אַ פאַרעלטערטע קויל, בייז און זויער):

**מיין האַר און מאַן מולאַי־כאַקים האָט באַוויליקט נאָך אַ ווייב זיך אַריינצו־נעמען אין זיין אָרעמער שטוב, אונטער זיין געלעכערטן דאַך, איבער וועלכן עס צינדן זיך די שטערן און לעשן זיך אויס. מיין האַר און מאַן גייט זיך אַ נייע חתונה לאָזן אויפשפּילן!**

**מולאַי־כאַקים** (ער איז הינקעדיק, פויל, מיטלוועקסיק, גרויע האָר, פאַרשפּיצטע נאָז. ער הייבט נישט אויף דעם קאָפּ. זיין קול איז דין, אַ ביסעלע זאַאיקעוואַטע):

**אינשאַ־אַללאַה! אויב אַללאַה וועט באַוויליקן!**

**זעלפאַ** (בייגט אַרויס טיפער דעם קאָפּ פון דער וואַנט־אויסהוילונג. איר קול איז אונטערטעניק):

**צי ווייסט מיין מאַן און האַר, מולאַי־כאַקים, אַז ער וועט שוין האָבן דריי ווייבער און עס וועט זיין ענג, ווי אין אַ שטייג פון הינער.**

**מולאַי־כאַקים** (רירט זיך נישט פון אָרט. ציט דעם רויך פון דער נאַרגילע):

**איך ווייס דאָס, זעלפאַ. איך וויל אַזוי! אַזוי איז דער רצון פון אַללאַה, איך זאָל אַריינקריגן אין מיין אָרעם הויז די בלום פון גן־עדן. קיינער וועט זיך מיר נישט אַנטקעגנשטעלן!**

**זעלפֿאַ:**
איך, זעלפֿאַ, האָב שוין מיט דיר, מולאַי־כּאַקים, מיין מאַן און האַר, פֿיל לאַגלען וואַסער צוזאַמען אויסגעטרונקען, פֿיל שעפּסן־ביינער פֿון דיין טיש אויפֿגעקליבן און אַ מחנה קינדער דיר געבוירן!

**מולאַי־כּאַקים** (הייבט אויף פֿויל דעם קאָפּ):
אַזוי ווי מיינע אויערן הערן, האָט זיך דאָס מויל פֿון דער זעקס־פֿינגערדיקער זעלפֿאַ ווידער אָנגעצונדן. זי וויל מיר מיין רו שטערן. ווערט אַ בעל־דרשנטע. וועגער בעט דיך? (אַ צערייצטער שטעלט ער זיך אויף): עס איז זיכער אַללאַס רצון, איך זאָל מיר אַ דריטע ווייב אין מיין אָרעמער שטוב אַריינעמען. אַ טעפּעלע זיסן עפּעל־זאַפֿט וועט זי מיר צוטראָגן, מיינע פֿאַרשמאַכטע ליפּן צו דערפֿרישן, אַ טעפּעלע זיסע טיי פֿאַר מיין קראַנק האַרץ!

**זעלפֿאַ** (מיט געבעט):
איך, זעלפֿאַ, בין דיין געטריי ווייב, מיין האַר און מאַן, מולאַי־כּאַקים. שוין אַ סך פֿולע לבנה־נעכט בין איך מיט דיר אונטער דעם דאַך. שוין אַ סך קאַרטאָפֿל־פֿעלדער ביי דיר אויסגעגראָבן, שוין אַ סך שעפּסן ביי דיר אָפּגעשוירן און דיר שוין אַ סך, אַ סך טעפּעלעך זיסן עפּל־זאַפֿט צו דיינע ליפּן צוגעטראָגן. איצטער גייט מיין מאַן און האַר מיך אומבייטן פֿאַר אַ יונגער ציג!

**מולאַי־כּאַקים** (בייז. לאָזט אַרויס די נאַרגילע פֿון מויל):
איך בין דער באַלעבאָס. מיש דיך נישט אין דעם מאַנס טועכצן. טו דיין אַרבעט אין פֿעלד, אין שייער, אין קאַמער און שווייג! מאַך באַלד צורעכט אַ גאַנץ זייטל שעפּסן־פֿלייש, בראָט עס אין אויל און קנאָבל, גרייט צו געטריקנטע פֿלעצלעך, אַ פֿעסעלע טיי, עפּל־זאַפֿט, טייטלען. אַ שטילע חתונה וועט מען אויפֿשפּילן. עס וועלן באַלד קומען קעמדאַן דער קאַסאַקער, כּאַסין דער שדכן און די כּלה סולימאַ, די פּרינצעסין, די רויז פֿון גן־עדן.

(זעלפֿאַ פֿאַרשווינדט פֿון וואַנט־פֿענצטערל. עס הערט זיך איר יאָמערן, ווי דאָס וואָיען פֿון אַ חיה ביינאַכט).

(זעלפֿאַ אָפּ).

(עס הערט זיך אַ קלאַפּ ביי דער טיר. עס קומען אַריין צוויי מענער. איינער אַ דיקער, אַ פֿולער מיט שוואַרצע וואָנצעס, געהילט אין אַ טורבאַן אויפֿן קאָפּ, מיט אַן אַבאַיע אויפֿן לייב, סאַנדאַלן אויף די פֿיס. דער צווייטער אַ דאַרער, אַ קליינער. אויך געקליידט אַראַביש. דער דיקער מאַן איז קעמדאַן דער קאַסאַקער, דער פֿאָטער פֿון דער כּלה סולימאַ. דער דאַרער איז כּאַסין דער שדכן).

**מולאַי־כּאַקים** (גייט אַנטקעגן די געסט, בוקט זיך ביז צום גאַרטל פֿאַר זיי. לייגט צו אַ פֿינגער צו דער נאָז און צום שטערן, אַ סימן פֿון באַגריסונג):

אַ גרויסע, דערהויבענע פריינט מיינע! וואָס האָבן באַוויליקט אַראָפּצונידערן פון זייערע רייכע היימען און מיר דעם פּראָסטן, דעם נידערגעשלאָגענעם מולאַי־כאַקים אָפּגעטון דעם גרויסן כבוד און באַשיינט זיין אָרעם הויז! געבענטשט זאָל זיין די שעה פון אייער איבערטרעטן מיין אויסגעטרעטענע שוועל. אַללאַהס גענאָד זאָל אויף אייך רוען אונטער דעם באַלקן פון מיין אָרעם הויז!

**קעמדאַן דער קאַסאַקער** (אַ גוטמוטיקער אַראַבער, מיט פריילעכע אויגן, מיט אַ ווייך אָנגענעם קול, לייגט אויך צו אַ פינגער צו דער נאָז און צום שטערן, אַזוי טוט אויך כאַסין דער שדכן):

געקומען זענען מיר ווי מחותנים. איך האָב שוין מיטגעבראַכט די כלה, מיין טאָכטער, די שענסטע ווייבערשע באַשעפעניש, וואָס גאָט האָט אונטער דער זון באַשאַפן, די אײדלסטע פלאַנץ פון אַללאַהס גאָרטן. זי האָט אַ זינגענדיק האַרץ, ווייניקע ליפּן. אַזוי ווי דער ווינט איז פריי און שפּילט אויףביימער און פלאַנצן, אַזוי איז איר געמיט, איר געזאַנג, איר צאַרטקייט.

**מולאַי־כאַקים** (מאַכט עטלעכע שפּרייז הינקענדיק איבערן צימער):

ווּ איז זי, די רויז פון גן־עדן? איך וויל מיינע בליקן מיט איר שיינקייט אַנטרינקען!

**כאַסין דער שדכן** (שפּרינגט אויף, רעדט מיט אַ דין, שפּיציק שטימעלע):

מיין האַר, מולאַי־כאַקים, דאַרף פאַרשטיין, אַז עס איז נאָך נישט געשלאָסן געוואָרן דער מקח־וממכר צווישן אייך, דעם חתן און דעם פאָטער פון דער כלה, קעמדאַן. אויך האָב איך נאָך נישט באַקומען מיין שדכנות. דעריבער קען מיין האַר נאָך נישט זען די כלה. זי איז אָבער אין זיכערע הענט. זי זיצט אינדרויסן אויפן אייזל און וואַרט אויף דעם באַדעקנס!

**מולאַי־כאַקים** (אויפגערעגט):

זיצט מיינע געהויבענע געסט! מיר וועלן נאָכאַמאָל איבעררעדן דעם מקח־וממכר, מען וועט אַריינברענגען געבראָטן שעפּסן־פלייש מיט קנאָבל, מיט קריגן טיי, עפּל־זאַפט, נאָכדעם וועט מען די כלה באַדעקן. איך וועל זי אין מיין פרינצ־לעכער דירה אַריינגעמען, נאָכדעם וועל איך באַצאָלן דעם מקח פאַר מיין ווייב, סולימאַ, און אויך דאָס צוגעזאָגטע שדכנות, וועל איך געבן!

**קעמדאַן דער קאַסאַקער** (הוסט זיך אויס, פאַררויכערט אַ ליולקע, ברומט אַ ניגונדל, זעצט זיך אויף דער מאַטע):

זאָל מולאַי־כאַקים אַביסעלע געדולד האָבן. צוערשט דאַרף מען האָבן מוזיק, געזאַנג. די פידל זאָל וויינען, די פּלייט זאָל קלאָגן, דער באַס זאָל יאָמערן און דאָס צימבעלע זאָל צימבלען. דאָס האָב איך ליב. איך האָב אָבער אויך ליב, אַז

מיין צוקונפֿטיקער איידעם, זאָל צוערשט, איידער ער זעט די כלה, סילוקן דעם פּרייז. אַלץ בשווה־מקח!

**כאַסין דער שדכן** (שפּרינגט אויף פֿון געזעס. קאָכט זיך):

שוין איצטער מוז אַלץ געסילוקט ווערן! און מיט אַללאַהס רצון, וועט מולאַי־כאַקים הייסן די קלעזמאָרים אויפֿשפּילן אַ פּריילעכס און אַ קלאָגעדיקס און ערשט דעמאָלט וועט ער זיין אויסדערוויילטע מיט זיינע אויגן זען!

**מולאַי־כאַקים** (זעצט זיך אויף דעם דיל, הוסט זיך אויס און הייבט אָן):

ווען איך האָב גענומען מיינע צוויי פֿרי־ערדיקע ווייבער, זעלפֿאַ און טעלמאַ, האָב איך נישט געדאַרפֿט צאָלן פֿרי־ער־אויס. איך שלעפּ זיי שוין אַ סך יאָרן אויף מיינע פּלייצעס. זיי אַרבעטן אין פֿעלד, אין שייער, אין קאַמער. איך קען מיר ליגן אין שאָטן פֿון מיין עפּל־בוים, דרימלען, רויכערן מיין נאַרגילע!

**כאַסין:**

אַנדערע צייטן געווען, מולאַי־כאַקים. היינט מוז מען מיט אַללאַהס רצון באַצאָלן פֿרי־ער־אויס. אויך שדכנות פֿרי־ער־אויס!

**מולאַי־כאַקים:**

דו, כאַסין, וואָס פֿאַרבינדסט יונגע און אַלטע פֿאַרלעך מיט אומגליק און גליק, ביסט אַנומלט אַריינגעקומען צו מיר אין הויז. דיינע אויגן האָבן ממזריש געווונקען. איך האָב דיך מכבד געווען מיט טיי, טייטלען, טרוקענע פֿלעצלעך. מיר האָבן גערעדט וועגן טריקעניש אין פֿעלד און אַז איך ווער אַלט.

**כאַסין:**

האָב איך געזאָגט: דו אויך מולאַי־כאַקים ווערסט מיר עפּעס איינגעטריקנט, די נאָז ווערט ביי דיר שפּיציקער, די ליפּן — דינער, די הויט — גערונצלט, ווי וואָלט געווען למשל, ווען דו נעמסט דיר אין הויז אַריין אַ פֿרישע, שמעקעדיקע בלום כע־כע־כע! ביי קעמדאַן דעם קאַסאַקן, איז פֿאַראַן אַ יונג מיידל, זוכט ער פֿאַר איר אַ מאַן. דו קענסט זי קויפֿן, נעמען אונטער דיינע פֿליגל, ווערן איר באַשיצער. זי וועט פֿאַר דיר אַרבעטן און זיין אַ ברכה אין הויז!

**מולאַי־כאַקים:**

ווען איך האָב געהערט די רייד, האָב איך געטראַכט, אַז אַללאַה האָט דאָך צוגעזען דעם צער פֿון זיין אָרעמען קנעכט מולאַי־כאַקים און וועט מיר פֿאַר מיין היינקענדיקן פֿוס פֿאַרגיטיקן מיט אַ שיינער מתנה. בין איך אַוועק צו דיר אין הויז, קעמדאַן, געזען דיין טאָכטער און בין פֿאַרבליפֿט געוואָרן פֿון איר שיינקייט. מיר האָבן דעמאָלט נאָך אָנגעהויבן דעם מקח און נישט דורכגעקומען. ביז היינט, עטלעכע מינוט פֿאַר דער חתונה, ציט עס זיך. איך האָב פֿאַרגעשלאָגן פֿאַר שכר־קניה אַ פֿעטן שעפּס, אַ גרויסן זאַק מעל. דו, קעמדאַן, האָסט פֿאַרלאַנגט אַ פֿעטן

שעפּס, אַ גרויסן זאַק מעל און אַ געזונטן אייזל. און דו, כאַסין, האָסט געוואָלט שדכנות: אַ פּעסעלע אויל, דריי קרענצלעך קנאָבל און אַ קעסטעלע טאַבאַק פאַר דיין נאַרגילע!

**קעמדאַן און כאַסין:**

יאָ! דאָס ווילן מיר און פון דעם וועט קיין שטויבעלע נישט אַראָפּפאַלן!

**מולאַי־כאַקים:**

איך בין גרייט צו קויפן סולימאַן, זי קרויגען פאַר אַ פּרינצעסין פון מיין הויז. איך וויל געבן אַ פעטן שעפּס, אַ קליינעם זאַק מעל, אַ קליינעם אייזל. זי וועט ביי מיר זיין אַ פּרינצעסין!

(עס הערט זיך אַ געלעכטער פון דער וואַנט, ווו דאָס פענצטערל איז. זעלפאַ שטעקט אַריין דעם קאָפּ).

**זעלפאַ** (בייז, סאַרקאַסטיש):

אַ פּרינצעסין...

**מולאַי־כאַקים** (בייז, שרייט):

שווייג! מיש דיך נישט, ווען מאַנספּערשוינען באַטראַכטן אַ שווערן ענין!

**זעלפאַ** (אונטערטעניק):

דאָס זייטל שעפּסן־פליישׂ איז אָפּגעבראָטן. די פּלעצלעך, דער קנאָבל, די פּעפּערס, די טייטלען, דער עפּל־זאָפט, אַלץ וואַרט!

**מולאַי־כאַקים:**

איך וועל דיר שוין צוויסן טון, ווען זאָלסט די סעודה דערלאַנגען.

(זעלפאַ פאַרשווינדט אין פענצטערל).

(מולאַי־כאַקים רעדט ווייטער צו די מענער): ווי האַלט איך מיטן מקח־וממכר?

**קעמדאַן:**

איך וויל אַ פעטן שעפּס, אַ גרויסן זאַק מעל און אַ גרויסן, געזונטן אייזל. קיין שטויבעלע נישט ווייניקער. מען דאַרף זיך צואיילן, ווייל באַלד וועט קרייען דער האָן.

**מולאַי־כאַקים** (מיט געבעט):

אפשר וועט גענוג זיין אַ קליינער אייזל?

**כאַסין:**

ניין! און אַלץ מוז זיין דאָ פאַר די אויגן!

**מולאַי־כאַקים:**

עס איז דער רצון פון אַללאַה. גיב איך דעריבער אַוועק מיין גאַנצן אָפּשפּאַר, מיין גאַנץ פאַרמעגן. אין דרויסן אין קאַמער, שטייט שוין גרייט אַלצדינג. אויך שדכנות פאַר כאַסינען איז גרייט. איך האָב געוווּסט, אַז איך וועל מוזן באַשטיין.

איך האָב זיך נאָר געוואָלט האַנדלען, אָבער איך זע דאָך, אַז מיינע הויכע געסט זענען איינגעשפּאַרט. דעריבער באַוויליק איך אויפן מקח. זאָל כאַסין אַרויסגיין אין קאַמער, וועט ער זען, אַז אַלץ איז גרייט!

(כאַסין אָפּ).

## קעמדאַן:

ווו זענען די קלעזמאָרים?

## מולאַי־כאַקים:

איך הער שוין זייערע שטימען אינדרויסן. עס איז דאָ יוסוף מיט דער פלייט, איזמאַאיל מיט דער פידל, בוזגאַ מיט דער פּויק.

(עס הערט זיך פון דרויסן אינסטרומענטן שפּילן אַן אָריענטאַלישן ניגון מיט אַ טרויעריקן מוסר־השכל. עס הערט זיך אויך דאָס הירזשען פון אַן אייזל, קולות פון מענער און פרויען, געלעכטערן, רייד).

## קעמדאַן:

מיין צוקונפטיקער איידעם, מולאַי־כאַקים, בייג צו דיינע אויערן! מיין טאָכטער, סולימאַ, איז מיין אויג אין קאָפּ. זי איז אַן אוצר, לאָז אַ שטויבעלע נישט פאַלן אויף איר! דו וועסט באַלד זיין געבענטשט מיט אַללאַהס רצון, מיטן בעסטן ווייבלעכן באַשעפעניש אונטער דער זון!

(כאַסין קומט צוריק אַ שמייכלענדיקער, אַ צופרידענער).

## כאַסין:

מולאַי־כאַקים האָט דאָס מאָל געזאָגט דעם אמת. אַלץ איז גרייט אין קאַמער פאַר אונדז. (ווענדט זיך צום אודיטאָריום): ער האָט מורא געהאַט, דער ממזרוק. ער זאָל נישט פאַרלירן דעם אוצר!

## קעמדאַן:

איך האָב נאָך נישט געענדיקט! בייג צו דיינע אויערן און הער ווייטער מיט קאָפּ. איך בין אַן אָרעמער אַראַבער. איך האָב נישט קיין ווייבער, נישט קיין גערטנער, נישט קיין אייזלען אין די שטאַלן. אַפילו נישט קיין איבעריק כזית ברויט אין מיין שפּייז־קאַמער. איך בין אָבער גליקלעך, ווען איך האָב טאַבאַק פאַר מיין ליולקע, עטלעכע בלעטלעך טיי, אַ פּיטע ברויט. דעמאָלסט איז ביי מיר יום־טוב!

## כאַסין:

אמתדיקע רייד!

## קעמדאַן:

אָרעם בין איך, אָבער אַ געזאַנג זינגט אין מיין האַרץ, אַ געזאַנג פון בענקשאַפט, פון גוטסקייט. איך האָב קיינעם נאָך נישט קיין שלעכטס געטון. איך

טרעט אָפּ דעם וועג פאַר יעדן פוסגייער. איך האָב ליב צו זינגען און צו זיין פריי. מיין טאָכטער, סולימאַ, איז אויך אַזוי. זי איז פול מיט ליבשאַפט. זי האָט אַ נשמה פון אַ טויב, זי איז שיין ווי דער רעגנבויגן נאָך אַ שלאַקס־רעגן. דעריבער, מולאַי־כאַקים, היט דעם אוצר. אויב זי וועט דיר ווידערשפּעניקן, נעם זי איין מיט גוטן!

## מולאַי־כאַקים:

איצטער וועל איך הייסן די קלעזמאָרים אויפשפּילן און מיר וועלן באַגעגענען די כלה. איר קאָפּ צודעקן און זי אין מיין הויז אַריינפירן! (שרייט): זעלפאַ! טעלמאַ! ברענגט אַריין דעם געבראָטענעם שעפּס און אַלע מאכלים, אַלע געטראַנקען, זאָל יעדער זיך אונטערלענען דאָס האַרץ! נישט צופיל געבן, ווייל די נאַכט שטייט נישט, נישטאָ פיל צייט!

**קעמדאַן** (זינגט):

פידל שפּיל — ווייַן די בענקשאַפט אויס!
פייקל־פּויק — ליבע איז אייביק, ליבע איז פרייד,
קלאָג און שטראָף, זינג און פלאַטער דו — פלייט!
די שטערן פירן די כלה פון איר מיידלשאַפט אַרויס!...

(אין די קולות אין דרויסן פון די קלעזמער און מענטשן פאַלט פלוצלינג אַריין אַ קלאָג־ליד, וואָס הערט זיך ווי אַ געוויין, אָדער ווי אַן אויסגייענדיקער ניגון אין די בערג. דאָס געוויין איז מיט ווערטער. דאָס געוויין מאָנט).

(אַלע דריי ציטערן אויף, ווען זיי הערן דאָס זינגענדיקע געוויין).

**מולאַי־כאַקים** (בייז, דערשראָקן, שפּרינגט אונטער אויף זיין הינקענדיקן פוס):

דאָס איז די יידישע משוגענע. דאָס איז די מזלה. זי גייט אַרום אין די נעכט ווייַנט און זינגט. זינט די אונדזעריקע האָבן אין אַ געשלעג אַוועקגעלייגט איר חתן שמאי און אים אין הימל געשיקט. צו אַלע אונדזעריקע חתונות קומט זי און זי ווייַנט און קלאָגט. (קריצט מיט די ציין): מיין שמחה פאַרשטערט זי! הערט!

## קול פון דער משוגענער מזלה:

מיין חתן שמאי זיצט אין הימל, זינגט און רופט מיך... אַלע וועט מען צו אים גיין טאַנצן אין אַ ראָד, כי־כי־כי! אַ ליכטל און צוקער זוך איך פאַר מיין חתן. איצטער וועלן אַ סך ליכטלעך פלאַקערן. מיין חתן וועט נישט זיין אַליין. סולימאַ וועט מיט דעם אַלטן מולאַי־כאַקים נישט שליסן קיין חתונה־בונד, כי־כי־כי! מוסטאַפאַ, דער אָדלער, האַלט זי אין צוים, מוסטאַפאַ איז שטאַרק און ווילד. כיכי־כי!

**מולאַי־כאַקים** (צאַפּלט זיך פאַר כעס):

**זי דערמאָנט מיין נאָמען, דעם נאָמען פון דער כלה, סולימאַ, און דעם הולטיי, אַבדול־יאַזידס זינדל, מוסטאַפאַ!**

**אַלע דריי:**

**דער נאָמען פון סולימאַ, סולימאַ! אַ שלעכטער סימן!**

**מולאַי־כאַקים** (גיט זיך אַ ריס פון אָרט):

**וואָס וואַרטן מיר? קומט אַרויס צו דער כלה. פון אייזל זי אַראָפּנעמען און צו דער סעודה זיך אַוועקזעצן!**

(עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין מוסטאַפאַ. הויך, שלאַנק, שיין, ער איז זייער ענלעך צו אפרימען).

**כאַסין:**

**דו, מוסטאַפאַ? ביסט אַ פאַרבעטענער גאַסט?**

**מוסטאַפאַ** (חוצפּהדיק):

**איך בין פאַרבייגעגאַנגען, געזען אַ חתונה, געהערט קלעזמאָרים שפּילן. געזען די יונגע, שיינע כלה, סולימאַ, בין איך אַריינגעקומען זען דעם חתן. מזל־טוב ווינטשן. כאַ־כאַ־כאַ!** (ווייזט אָן מיט אַ האַנט און מיט געלעכטער אויף מולאַי־כאַקים): **ער? כאַ־כאַ־כאַ!**

**מולאַי־כאַקים:**

**אַרויס פון מיין שטוב! דו וויסטער הולטיי! ווייבערניק. זאָלסט אויף סולימאַן דיינע אומריינע בליקן נישט וואַרפן! דו עזות־פּנים! פאַרשייטער יונג! טראָג זיך אָפּ פון דאַנען. איך וועל דיינע ביינער צערייבן!**

**מוסטאַפאַ** (חוצפּהדיק, ציניש, ווויליונגעריש):

**ער? דער הינקענדיקער טייוול! מיט דער שיינער סולימאַ! ער? כאַ־כאַ־כאַ!**

**כאַסין:**

**גיי אַוועק צום ווינט אין פעלד, מוסטאַפאַ! פאַרשטער נישט קיין גליק!**

(מוסטאַפאַ גייט אַרויס לאַכנדיק ווילד).

**מולאַי־כאַקים** (בייז, צעטראָגן, נערוועיש):

**קומט דער כלה אַנטקעגן!**

(אַלע דריי אָפּ).

(אַלע דריי גייען אַרויס. עס הערט זיך די מוזיק, געלעכטערן, געשרייען. דער אייזל הירזשעט. מען הערט פּרעפּלען אַ ברכה. עס הערט זיך מולאַי־כאַקימס קול).

**ביסט מיין אויסדערווייילטע, ביסט איצטער מיין ווייב כדת וכדין. אַ פּרינ־צעסין וועסטו ביי מיר זיין! די בלום פון גן־עדן!**

**זעלפאַ** (שטעקט אַריין דעם קאָפּ אין וואַנט־פענצטערל. מיט שאָדן־פרייד):

**שוין נאָך דער חתונה! דער אַלטער נאַר מולאַי־כאַקים יאָגט זיך נאָכן שאָטן פון יונגשאַפּט, ליבע, אַ זאַפּטיק־ציגעלע. אוי ווועט ער זיינע ציין צעברעכן ביי דעם ציגעלע! דער אַלטער נאַר יאָגט זיך נאָכן שאָטן פון יונגשאַפּט, ליבע, כי־כי־כי!**

(זעלפאַ אָפּ).

(עס קומען אַריין מולאַי־כאַקים, קעמדאַן, כאַסין).

**מולאַי־כאַקים** (אויפן קול, זאַאיקעוועט זיך):

**זעל—פּ—אַ! טעל—מאַ! גיב מיין יונג ווייב, סולימאַ, דאָס בעסטע חלק! גיב איר פון שענסטן און בעסטן! דערפריידט איר דאָס האַרץ!**

**זעלפאַ** (אין פענצטערל):

**יאָ, מיין מאַן און האַר!**

**מולאַי־כאַקים:**

**איצטער גיט אַהער די סעודה! די סעודה! די סעודה!** (ער נעמט עפּעס פון פענצטערל. זיי זעצן זיך צום טישל. עסן).

**קעמדאַן:**

**ווי אַן אוצר זאָלסטו מיין סולימאַן היטן, מולאַי־כאַקים!**

**כאַסין:**

**לאָמיר זיך צוויילן! אונדזער פריינט מולאַי־כאַקים, ווערט אומגעדולדיק. עס איז זיין חתונה־נאַכט! מיר וועלן אונדזער פרייז שוין נעמען פון דער קאַמער!**

(קעמדאַן און כאַסין אָפּ).

(דאָס אַראַבישע צימער ווערט טונקל. מען זעט דעם סילועט פון מולאַי־כאַקים, ווי ער דערוויטערט זיך. עטלעכע רגעס איז שטיל אויף דער בינע. פּלוצלינג הערן זיך געשרייען פון אַ יונג מיידלש קול: שטיפעריש, חוצפּהדיק און דראָענדיק).

**קול פון סולימאַ:**

**אַוועק פון מיר! איך וויל אייך נישט! מען האָט מיך אָפּגענאַרט! איך האָב אייך קיינמאָל פריער נישט געזען! איך וויל צו מיין געליבטן מוסטאַפאַ, דעם אָדלער, דעם פּרינץ! גייט אַוועק! אייער לייב איז זויער!**

**קול פון מולאַי־כאַקים** (מיט געבעט):

**דו ביסט מיין ווייב, סולימאַ! איך האָב פאַר דיר באַצאָלט אַ פעטן שעפּס, אַ זאַק מעל, אַ געזונטן אייזל! איך האָב דיך מקדש געווען פאַר די אויגן פון אַ סך מענטשן, פאַר די אויגן פון דיין פאָטער,קעמדאַן! דו וועסט ביי מיר זיין די אויסדערוויילטע פון מיין האַרץ, סולימאַ!**

(אין פענצטערל באַווייזט זיך סולימאַס קאָפּ. איר פּנים איז יונג, רייצנדיק־שיין, פאַרביסן, צעפּלאָנטט. די אויגן — שוואַרצע. כוואַליענדיקע שוואַרצע האָר. איר קול איז בייז, דראָענדיק, קלינגענדיק).

סולימאַ:

לאָזט מיך גייך! איך בין יונג! איך... וועל אייך די אויגן אויסקראַצן! אַוועק! אַוועק פון מיר!

(זי פאַרשווינדט פון פענצטערל. עס הערט זיך אַן אַמפּערן. באַלד זעט מען אין דער טונקעלער ליכט אַ פאַרשלייערטע פרויען געשטאַלט, וואָס לויפט אַרויס און פאַרשווינדט אין דער מיט־טיר. עס קומט אַריין דער הינקענדיקער מולאַי־כאַקים. ער איז בייז, צעשויבערט. ער רעדט צום עולם).

מולאַי־כאַקים:

נישט אַ בלום פון גן־עדן האָט מיר אַללאַה געשאָנקען, נאָר אַ גיפטיקע שלאַנג האָט ער אין מיין הויז געשיקט. זי האָט זיך געריסן ווי אַ הונט אויף דער קייט. אין דער חתונה־נאַכט אַנטלאָפן. אַזאַ בושה מיר אָנגעטון! איך וועל זי געפינען! איך האָב פאַר איר באַצאָלט מיט מטלטלין עובר־לסוחר. איך וועל די שלאַנג געפינען און איר רעכט טון. פון מולאַי־כאַקימס הויז, אַנטלויפט נישט אַ ווייב אין דער חתונה־נאַכט!

(עס הערט זיך אַ שטיקענדיק געלעכטער פון יענער זייט וואַנט. אין פענצ־טערל באַווייזט זיך דער קאָפּ פון זעלפאַ).

זעלפאַ:

מיין מאַן און האַר איז בייז, ווייל די זינדיקע ווייב איז פון אים אַנטלאָפן! באַשטראָפן קען מען זי! צו אַ משפט קענסטו זי פירן! מיין מאַן און האַר האָט באַצאָלט פאַר איר. אַזוי זענען אַלע פּרינצעסינס, אַלע גן־עדן בלימעלעך! סולימאַ דאַרף געמשפט ווערן!

(דער קאָפּ פאַרשווינדט פון פענצטערל).

מולאַי־כאַקים (ווי ער וואָלט דערוואַכט פון אַ טיפן שלאָף):

יאָ! צו אַ משפט זי נעמען! באַלד פרי וועל איך זי געפינען, מיט אַללאַהס רצון, זי נעמען צום טויער „דעם נביאס אויג״! גערעכטיקייט וועל איך פאַרלאַנגען און אַ שטראָף פאַר דער פאַרשייטער סולימאַ! גערעכטיקייט וויל איך!

(פאַרהאַנג פאַלט).

# צווייטער אַקט

איידער דער פאָרהאַנג שפּרייט זיך פונאַנדער קומט אַרויס פון רעכטס אין דער פּראָנט־זייט, ראובן דער בשמים־סוחר. ער איז געקליידט ווי אין ערשטן אַקט. אויף איין פּלייצע איז ביי אים פאַרוואָרפן דאָס קעסטעלע מיט סחורה. ער נעמט פונאַנדער די הענט. זיין קול איז ווייך, דראַמאַטיש, טרויעריק.

**ראובן דער בשמים־סוחר** (ווענדט זיך צום פּובליקום):

איך קום ווידער פון שטעטל סאַפי. איך בין דאָ פאַרבייגעגאַנגען מיט מיין קעסטל בשמים און קרייטעכצער, האָבן זיך מיינע פיס אָפּגעשטעלט. איך וויל ווייטער דערציילן די מעשה פון דער שיינער נעמי, מסעוד דעם שניידערס טאָכטער און איר הייסער ליבשאַפט צו אפרים דעם גאָלדשמיד, חליפה בענסוסאַנס זון. אויך וועגן דער זינדיקער ווייב סולימאַ וויל איך דערציילן.

עטלעכע פולע לבנה־נעכט זענען פאַריבער פון יענער נאַכט, ווען דן דער גלעזער האָט זיין בענקשאַפט אויסגעוויינט פאַר נעמין און זי האָט האַרטנעקיק איר פּנים אָפּגעוואָנדן פון אים. די זעלבע צייט איז אויך אָפּגעלאָפן פון יענער נאַכט, ווען סולימאַ איז אַנטלאָפן פון איר הינקענדיקן מאַן מולאַי־כאַקים. דער מאַן אין וועמען עס ברענט אַ גיהנום־פייער פון ליבשאַפט צו זיין יונגער, פאַרשייטער ווייב. ער האָט זי איבערגעזוכט, ווען זי איז געלאָפן צו איר געליבטן מוסטאַפאַ זוכן שוץ און אַנטרינונג. ער האָט זי געפונען אַ צעזויגענע, אַ שטיפערישע. ער האָט זי צוגעבונדן צו אַן אייזל און אין אַ פרימאָרגן, ווען די זון האָט אָנגעצונדן די שפּיצן פון די אַטלאַס־בערג, האָט ער זי געפירט צו אַ משפּט פאַרן אַראַבישן בית־דין, וואָס זיצט אונטער אַ בוים, ביים טויער פון „דעם נביאס אויג". דאָרט ביים טויער, מיט אונטערגעלייגטע פיס, זיצט דער סופר פון בית־דין, אַן איינגעשרומפּענער אַראַבער, ער האַלט אַ גענדזענע פעדער אין האַנט און שרייבט אויף ווייסע טאָוועלעך אַלע טענות און מענות, פון די באַליידיקטע און דערשלאָגענע. דער סופרל הייסט זיך באַצאָלן שכר־טירחא און זאָגט צו גערעכטיקייט אין אַ פולער מאָס. אויך מולאַי־כאַקים מיט זיינע ווייבער זענען

געקומען צו דעם סופרל. מולאַי־כאַקים האָט באַלייגט זיינע טענות. דאָס סופרל האָט זיך געהייסן באַצאָלן שכר־טירחה דריי זילבערנע מטבעות. מולאַי־כאַקים האָט אויפגעקניפּט אַ סך קניפּלעך, אַרויסגעשלעפּט עטלעכע מטבעות, געזיפּצט און דערלאַנגט דעם סופר די מטבעות אינאיינעם מיט די הכנעהדיקע ווערטער: „אויב אַזוי איז דער רצון פון נביא, גיב איך אַוועק מיין האַר און חכם, מיינע אָפּגעשפּאָרטע מטבעות, דאָס לעצטע שטויבעלע פון מיין פאַרמעגן און זאָל קומען פרידן אויף דיין ליכטיקן פּנים!" דאָס סופרל האָט באַהאַלטן די מטבעות אין אַ טיפער שפּאַלט פון זיין אַבאַיע און מיט אַ פרום קולכל געזאָגט צו מולאַי כאַקימען: „ווען די זון וועט שטיין אין מיטן הימל זאָלסטו קומען צו גיין, מיט־ברענגען דיין זינדיק ווייב און אויך עדות זאָלסטו ברענגען, אַ גערעכטער משפט וועט געטון ווערן צו דיר, און אַ שווערע שטראָף וועט פאַלן אויפן קאָפּ פון דער חצופה". מולאַי־כאַקים האָט פאַרנומען די רייד, איינגעבויגן זיין קאָפּ און מיט זיינע ווייבער געלאָזט זיך אין שטאָט אַריין איינקויפן ביי חליפה בענסוסאַן אין קראָם אַ ביסל שפּייז פאַר זיין הויזגעזינט.

(ראובן גייט פּאַמעלעך אַראָפּ פון דער בינע און רופט אויס):

**בשמים! נעגעלעך! אוילן! פּאַרפיומען! קרייטעכצער! קריי־טעב־צער!!**

(ראובן אָפּ).

# בילד 1 פון צווייטן אַקט

(עס איז מיטן טאָג. די קראָם פון חליפה בענסוסאָן אין מיטן מאַרק פון סאַפי. ביי דער שוועל זיצט חליפה בענסוסאָן דער קרעמער. ער איז געהילט אין אַ טונקעלן כאַלאַט, אויפן קאָפּ אַ רונדיק שוואַרץ היטל. זיין באָרד איז גרוי, דער שטערן אין ביי אים געקנייטשט. ער האָט אַ הדרת פנים פון אַ גאָטספאַרכטיקן מאַן. ער זיצט מיט די פיס אונטערגעלייגט דעם דיך. ער האַלט אַ ספר אויףביידע קניען און קוקט אַריין. פון דער גאַס און פון מאַרק הערן זיך קולות פון הענדלער, וואַסער־סוחרים, בשמים־פאַרקויפער, טעפּ־הענדלער, טעפּיך־סוחרים, שלאַנגען־באַצווינגער, פירות־הענדלער).

**קול פון בשמים־פאַרקויפער** (הערט זיך זינגענדיק, מיט האַלדז און נאָז־טענער):

**קרייטעכצער אַלערליי, בשמים, זאַלבן, פּאַרפיומען! נעגעלעך, געווירצן, אוילן צו שמירן די לייבער, פלאַנצן פאַר בויך־ווייטיק און שטעכענישן!**

**קול פון טעפּ־הענדלער** (זינגענדיק, צעצויגן, קלאַנגפול):

**טעפּ, ט־ע־פּ, טעפּ! ליימענע, שטיינערנע, ערדענע! טעפּ, וואָס לעבן אייביק. טעפּ! איר קענט אין זיי אַ גאַנצן שעפּס אָפּקאָכן!**

**קול פון וויין־סוחר** (זינגענדיק דין, צעצויגן):

**זיסער, זויערער, שטאַרקער וויין! צעגייט אין די גלידער, אין די לענדן. זידט און קאָכט אויף דאָס בלוט! וויין! וויין! פאַרשיכורט די גלידער, מאַכט פאַר־געסן די צרות, מאַכט לויפן די פיס צום טאַנץ! וו־וו־יין!**

**קול פון וואַסער־סוחר** (קינדערשע שטימע, אַראַביש צעצויגענע האַלדז־טענער):

**פריש־קוואַלענדיק וואַסער! וואַסער אָן ווערעמלעך! וואַסער פון רעגן־גרוב! וואַסער וואָס מאַכט יונג און שטאַרק! דריי טעפּלעך פאַר אַ קליינער פּרוטה! וואַ־ס־ער!**

**קול פון טעפּיך־סוחר** (ערנסטע צעצויגענע שטימע):

**טעפּיכער גרויסע און קליינע! האַריקע און גלאַטע! געוועבט אין אַלע פאַרבן,**

וואָס שפּילן מיט רייץ און שיינקייט פאַרן אויג! טעפּיכער פאַרן געלעגער! פאַר רו, פאַר שפּילן אין ליבע און געניוס! טע־פּי־כער!

**קול פון שלאַנגען־באַצווינגער** (פאַנפּענדיק אין אויסגעצויגענעם געזאַנג):

פאַר איין פּרוטה וויקל איך דעם שלאַנג אַרום מיין האַלדז, גלעט און קוש אים! פאַר איין פּרוטה נעם איך דעם גיפטיקן שלאַנג אין מיין בוזעם! צי דיך שלענגעלע, גלעט מיך האַלדז, שטרעק דיין קאָפּ, וויקל דיך אַרום מיין לייב!

**קול פון קמיעות־פאַרקויפער** (שרייט מיט געזאַנג):

וואַלף־ציינער! שלאַנגען־פעל! אָדלער־ביינער! קמיעות פאַר געזונט, פאַר לאַנג־לעבן, פאַר ליבע, פאַר גלוסטענישן! פאַר קינדער־האָבן, קמיעות אַלערליי! פאַרמעט־שטיקלעך! ביינדלעך, ביינדלעך!

(די קולות גייען־אָפּ, ווי ווייט אויסגייענדיקע עכאָס).

(חליפה שאָקלט זיך איבערן ספר. די ברילן אויף דער נאָז. זיין קול איז זינגעוודיק, טיף־ברוסטיק. דער ניגון, מיסטיש־פאַרדבקהט).

**חליפה בענסוסאַן:**

פון לויטער גינגאָלד איז דער היכל־השכינה. און נשמות פון גאַנצע וועלטן מיט מענטשן, וואָס דאַרפן ערשט געבוירן ווערן, שוועבן דאָרט אַרום. און אַ געזאַנג הערט זיך דאָרטן ווי דאָס וואָרקען פון אַ טויב.

(עס קומט אַן נעמי פון דער מיטר־טיר. זי צעשמייכלט זיך ווען זי זעט דעם אַלטן חליפה לערנען אין ספר. זי גייט צו נעענטער).

**נעמי:**

טיפע ווערטער, זינגט איר אויס חליפה! ווערטער, וואָס זענען צו קלוג פאַר דעם אָרעמען מוח פון אַ נאַריש מיידל!

**חליפה** (קוקט אַן נעמין מיט אַ פאַרוווּנדערטן בליק, ווי ער וואָלט ערשט דער־וואַכט פון אַ טיפן שלאָף):

די ליכטיקייט איז לויטער פייער. קיין מענטשלעך אויג וואָלט דאָס נישט געקענט דערבליקן, קיין מענטשלעכער מוח קען דאָס נישט משיג זיין. דאָס געזאַנג וואָלט קיין מענטשלעך אויער נישט געקענט פאַרנעמען. שטאַרקער ווי דאָס געזאַנג פון פלייטן און פידלען.

**נעמי** (הערט זיך איין. אירע אויגן אַראָפּגעלאָזטע, קוקן פרום צו דער ערד):

שיינע ווערטער. איך בין געקומען ריידן וועגן דעם זמן פון די תאָמים און דעם זמן פון דער חתונה צווישן מיר און אפרימען, הער איך גאָר ווערטער וועגן די נשמה פון מענטשן!

**חליפה** (האַלט אַן די זעלבע עקזאַלטירטקייט, ציט ווייטער דעם ניגון):

קומען אַן צרות אויפן מענטש אינעם עולם השפל, ווערט דאָס ליכט אינעם

היכל פאַרטונקלט. דאָס געזאַנג ווערט אַנגעזאַפּט מיט טרויער. און אַלע הימלען קלאָגן, אַלע הימלען ציטערן. גאָטס געשטאַלט, דער מענטש שטייט פאַר נסיונות און קען זיי נישט בייקומען.

**נעמי** (פרוווט אַרויסרייסן דעם אַלטן פון דער עקזאַלטירטקייט):

איז אפרים דאָ נישט געווען? ער איז פאַרביי מיין פענצטער אין געאייל. קיין באַגריסונג נישט אַריינגעשיקט.

**חליפה** (דערוואַכט, קוקט נאָכאַמאָל אַן נעמין, פאַרמאַכט דאָס ספר):

האַ? אפרים? עס איז דו, נעמי? וואָס האָבן דיינע לעפצן געוואָלט פרעגן, טאָכטער מיינע? און צי דאַרפסטו עפּעס פון מיר? דער קאָפּ מיינער איז אַביסל פאַרנומען.

**נעמי** (לאַכט האַרציק):

חליפה איז אין די הויכע וועלטן. איך אַ נאַריש מיידל קען דאָרט מיט מיין אָרעמען מוח נישט אָנשפּאַרן.

**חליפה:**

מען טאָר נישט זאָגן אויף זיך, אַז מען איז נאַריש. עס איז אַ זינד. דו, נעמי, ביסט אַ קלוגע. ווי איך האָב געהערט, און ווי אפרים זאָגט, ביסטו אַ חכמת. אפרים לאָזט דיין נאָמען נישט אַראָפּ פון זיינע ליפּן. ער בענטשט דיין נאָמען מיט גרויס ליבשאַפט.

**נעמי** (ווערט רויט, איר קול שטילער):

איך אויך, חליפה. ער איז דאָך מיין באַשערטער! איך בין געקומען מיט אייך דורכריידן זיך וועגן דעם זמן תנאים און דעם זמן פון אונדזער חתונה! אויך אפרים האָט געזאָלט דאָ זיין. אינאיינעם האָבן מיר געזאָלט די זאַך איבעררעדן!

**חליפה:**

איך ווייס. דו וועסט זיין פאַר אפרימען אַ געבענטשטער זיווג (פאַרטראַכט זיך אַ רגע) די תנאים וועט מען שרייבן אם־ירצה־השם פון דעם שבת אָונט אין פולע צוויי וואָכן. די חתונה וועט ווערן אויפגעשפּילט אם־ירצה־השם מיט פולע דריי חדשים שפּעטער!

**נעמי** (מיט פרייד):

איך וועל די רייד איבערגעבן צו מיין פאָטער. ער וועט אויך באַשטיין און די גוטע שעה וועט אויף אונדז אַראָפּנידערן. אָבער ווו איז אפרים?

**חליפה:**

ער איז שטאַרק פאַרנומען. לוי דער גאָלדשמיד מוז אויספּערטיקן אַן אָרעמ־באַנד פאַר גדעון דעם תבואה־סוחרס נייע כלה (פאַרגייט אין רעיונות) איי רבונו־של־עולם! זאָל נאָר מיין ווייב, ציפּורה, דערלעבן דעם נחת. זאָלן מיינע רייד

נישט געררעכנט ווערן פֿאַר אַ זינד. זי איז שווער קראַנק, ליגט אַ געליימטע. נישטאָ אין שטוב קיינער, וואָס זאָל דעם פֿייערטאָפּ אַנוואַרעמען. איך דאַרף אַ דינסט אין הויז, אָבער איך קען נישט באַצאָלן, נישטאָ קיין פּדיון!

**נעמי:**

דאַכט זיך אַ קונה גייט! איך וועל נאָך אַ פּאָר מינוט וואַרטן אויף אפרימען, נאָכדעם וועל איך אַרויפלויפן צו אייך אין הויז, מאַכן פֿאַר דער קראַנקער אַביסל שפּייז, דאָס קישן אונטערן קאָפּ אויסגלייכן!

**חליפה:**

זאָל דיך גאָט בענטשן, טאָכטער מיינע! יאָ. איך זע אַ קונה! מולאַי־כאַקים מיט זיינע ווייבער. אפשר וועט זיין עפּעס פּדיון? (קוקט אין דרויסן אַרויס): עפּעס האַלט ער אין אישה צוגעבונדן צום איזל. איי זיי האָבן לייכטע קעפּ, די גויים!

(פון מיט־וועג קומט אָן מולאַי־כאַקים. ער לאָזט דעם אייזל מיט די ווייבער אין דרויסן. ער דערנענטערט זיך צו חליפהס קראָם. זיין קול איז רוי).

**מולאַי־כאַקים:**

פרידן אויף דיר, ייִד חליפה! דיין קראָם ווערט פולער, געפּאַקטער מיט סחורות און דער בייטל דיינער מיט גאָלדענע מטבעות. איך בין דאָ היינט אין שטאָט, וויל איך עפּעס איינקויפן פאַרן הויז־געברויך!

**חליפה** (נייגט זיך פאַרן אַראַבער. לייגט אַוועק דאָס ספר פון האַנט):

פרידן אויף דיר, מולאַי־כאַקים, פון דאַרף קאַבזי! איך מיין, אַז דיינע אויגן ווערן גרעסער מיט יעדן טאָג, ווען דו קומסט אין שטאָט אַריין, גביר און חכם. דעריבער זעסטו מיין קראָם אַ געפּאַקטע און מיין בייטל פול מיט גאָלדענע מטבעות. וואָס האָט דיך געבראַכט היינט קיין סאַפי?

**מולאַי־כאַקים** (קווענקלט זיך מיט רייד. קוקט אויף נעמין):

שווער אויף דער צונג צו ברענגען!

**חליפה:**

קיין גאָלד־געשטיקטע סאַנדאַלן פאַר דיין יונג ווייב און שמעקנדיקע אוילן פאַר איר לייב דאַרפסטו דאָך נישט אין מיטן וואָך. זאַלץ מיט בוימאייל, שוועבעלעך און צוקער קריגסטו דאָך אין דיין דאָרף אויך!

**מולאַי־כאַקים:**

נישט קיין גאָלד־געשטיקטע סאַנדאַלן און שמעקנדיקע אוילן בין איך געקומען קויפן. אַ גרויס אומגליק האָט מיך אַהערגעטראָגן. איך שעם זיך פאַר אַ ייִד צו דערציילן. דער ייִד וועט אין זיין האַרץ לאַכן פון נקמה און הנאה צוזאַמען!

**חליפה** (דערשראָקן):

אַן אומגליק צו מיין פריינט מולאַי־כאַקים מאַכט וויינען מיין האַרץ. אויב

האָסט מורא דײַן סוד מיר אָנצוטרויען, זאָל דיך צונג שטומען. דאַרפסט אָבער וויסן, אַז חליפה קען זאָגן אַ טרייסט־וואָרט, געבן אַ שטיקעלע עצה, אַ פונק־האָפע־נונג צעבלאָזן.

**מולאַי־כאַקים:**

דו רעדסט קלוג, חליפה. אַללאַה האָט זיין קנעכט מולאַי־כאַקים געשטראָפט. מײַן נשמה ברענט צווישן צוויי פײַערן. איך דאַרף זיין ביים טויער „דעם גביאס אויג" איידער די זון וועט שטיין אין מיטן הימל. גיב מיר צוויי פונט זאַלץ, אַ האַלב פונטעלע צוקער, טאַבאַק פאַר מײַן נאַרגילע, דריי ליכטלעך.

(חליפה נעמט אַראָפּ די סחורות פון אַ פּאָליצע. נעמי שטייט אין ווינקל).

**חליפה:**

אַ משפּט, האַ? מן הסתם מיט אַ שכן זיך צעקריגט; דאָס אמתע ווייב נישט פאַרקויפט, אָפּגענאַרט! די וואָל פון דײַנע שעפּסן אָפּגעשוירן אַן דײַן וויסן, האַ?

**מולאַי־כאַקים:**

ביסט אַ חכם, אָבער האָסט נישט געטראָפן! איך פיר מײַן יונג ווייב סולימאַ צו אַ משפּט. זי איז מיר ניט געטריי!

**נעמי** (דערשראָקן, קוקט אַרויס אין דרויסן, רעדט ווי צו זיך):

צו אַ משפּט? אַ יונג ווייב. אוי ווי צעשראָקן זי איז! עס איז דאָך שרעקלעך! מען וועט זי שווער באַשטראָפן!

**חליפה** (קוקט אַרויס צו די פאַרשלייערטע פרויען):

אָט אָ די מיטן נישט־פאַרדעקטן פּנים. די אויגן ביי איר זענען דאָך ווי ביי אַ הירש, וואָס לויפט פון קויל פון יעגער. איך קען איר פאָטער, קעמדאַן. אַן ערלעכער מאַן. וואָס פאַר אַ שטראָף קומט איר?

**מולאַי־כאַקים:**

מען וועט איר לייב מיט דינע ריטער שלאָגן, מיט לעדערנע פּאַסן באַשמירט מיט קנאָבל!

**חליפה:**

שלאָגן גאָטס באַשעפעניש?

**מולאַי־כאַקים:**

זי איז אַ שלאַנג אין געשטאַלט פון אַ ווייב. דער שטן איז זי, נישט אַ ציטערדיקער הירש! פאַר מײַן בושה מוז זי באַשטראָפט ווערן! איך האָב פאַר איר באַצאָלט: אַן אייזל, אַ שעפּס, אַ זאַק מעל, שדכנות־געלט און דריי זילבערנע מטבעות געגעבן דעם סופר פון בית־דין. זאָל זי באַשטראָפט ווערן איידער איר נשמה גייט אין גיהנום אַרײַן!

**חליפה:**

ווי מעגסטו אַזוי ריידן, פריינט מיינער? זי איז דאָך אַ מענטשלעך באַשעפעניש!

**מולאַי־כאַקים** (נעמט צו די סחורה פון חליפהס הענט, טראָגט צו צום איזלס רוקן):

וויפל קומט דיר פאַר דער סחורה?

**חליפה:**

זיבעצן קופּערנע מטבעות, מיין פריינט!

**מולאַי־כאַקים** (קוקט צום הימל):

די זון רוקט זיך צום מיטן פון הימל. איך מוז שוין גיין!

**חליפה:**

ביז דאָס בית־דין וועט זיך פאַרזאַמלען האָסטו נאָך צייט. אפשר זענען נאָך געבליבן רייד אין דיין מויל?

**מולאַי־כאַקים:**

אין דער חתונה־נאַכט, נאָכדעם ווי די געסט האָבן ביי מיין טיש אַ סעודה אָפּגעריכט, האָט די סולימאַ, וואָס איך האָב גענומען פאַר אַ ווייב כדת־וכדין, זיך געגומען וואַרפן, געיאָמערט ווי אַ שאַקאַל, געטריבן מיך פון זיך, ווי אַ קרעציקן מען טרייבט.

**חליפה:**

קיין פרינץ ביסטו דאָך נישט, מולאַי־כאַקים, לויטן קוק ביסטו מיט אַ סך זומערס און ווינטערס עלטער פון איר.

**מולאַי־כאַקים:**

יענעם פרימאָרגן בין איך אויפגעשטאַנען אַ דערשלאָגענער און געטראַכט: אפשר? אַ יונג ציגעלע, וועט זיך צוגעוווינען...

**חליפה:**

מיט געוואַלד טאָר מען דאָך נישט. אין אַלע הייליקע ספרים שטייט עס פאַרשריבן, אין אייערע אַזוי גוט ווי אין אונדזערע...

**מולאַי־כאַקים:**

מיר פירן זיך אַזוי פון גאַנץ אַלטע צייטן אָן!

**חליפה:**

אַנדערע צייטן היינט. די יאָרן האָבן זיך איבערגערוקט הינטער אונדזערע פלייצעס און לאַכן פון אונדז.

**נעמי** (גייט צו צו חליפהן און זאָגט צו אים):

מען דאַרף זי אויסלייזן פון תליונס הענט. עס איז שרעקלעך. מען מוז זיך

אויף איר דערבאַרעמען. איך וועל אַלץ אַוועקגעבן, מען זאָל זי אויסלייזן. זי איז יונג. זי וועט אַמאָל זײַן אַ מאַמע...

**חליפה** (צו נעמין):

איך טראַכט אויך אַזוי, מײַן טאַכטער. עפּעס אַ רחמנות האָט מיך אַרומגענומען. איך קען איר פּאָטער, קעמדאַן. ער האָט מיך אַמאָל פֿון אַ גרויסן אומגליק געראַטעוועט. איך מוז אים איצטער אָפּצאָלן. איך האָב אָבער נישט קיין געלט און נישט קיין סחורה.

**נעמי:**

נעמט דאָס זילבערנע פֿינגערל, וואָס אפרים האָט מיר געשאָנקען און לאָמיר ראַטעווען די זינדיקע ווײַב (ציט דאָס פֿינגערל פֿון פֿינגער): ראַטעוועט זי! איך האָב אויך ליגן אַ שטיקל סחורה אויף אַ קלייד, וועל איך עס פֿאַרקויפֿן!

**חליפה** (צו מולאַי־כאַקימען):

וואָס וואָלט געווען, למשל, ווען מען לייזט אויס גאָטס־באַשעפֿעניש פֿון תליונס הענט. זי קומט דאָך שוין אָפּ פֿאַר אירע זינד. פּירסט זי איבער דער שטאָט, זי ווערט צו שאַנד און שפּאָט!

**מולאַי־כאַקים** (שפּיצט זיך אָן):

וואָס מיינט דער ייִד, אויסלייז־געלט?

**חליפה:**

צוריקגעבן דיר דעם אייזל, דעם שעפּס און דעם זאַק קאָרן־מעל!

**מולאַי־כאַקים** (שפּרינגט אונטער אויף דעם הינקעדיקן פֿוס):

אויסלייז־געלט! וואָס וועסטו טון מיט דער סולימאַ?

**חליפה:**

מײַן ווײַב ליגט פּאַראַליזירט. איך דאַרף אַ דינסט אין הויז!

**מולאַי־כאַקים** (אויפֿגעלייגט):

ווו איז דאָס אויסלייז־געלט? לאָמיר עס זען!

**חליפה:**

איך וועל דיר צוריקגעבן אַ קליינעם אייזל, אַ זעקל מעל און אַ קליין שעפּסל!

**מולאַי־כאַקים:**

איך וויל צוויי אייזלען, צוויי שעפּסן און אַ זאַק מעל!

**חליפה:**

עס איז צופֿיל. איך קען נישט! איך בין אָרעם. איך לייז זי אויס פֿאַר רחמנות!

**מולאַי־כאַקים:**

גיב מיר צוויי קליינע אייזלען, אַ גרויסן שעפּס און אַ זאַק מעל!

**נעמי** (האַסטיק צו חליפהן):

גיב אים פּאַטער! נעמט מיין רינגל! איך וועל אויך דאָס געוואַנט פאַר מיין קלייד פּאַרקויפן. לאָמיר זי ראַטעווען!

**מולאַי־כאַקים:**

וואָס מישט זיך די ברוין־אויגיקע מיידל מיט רייד? עפּעס איז איר פּנים דערשראָקן!

**חליפה:**

זי איז נעמי, די טאָכטער פון מסעוד דעם שניידער און די צוקונפטיקע ווייב פון מיין זון אפרים. און איצטער האַלטן מיר מיטן ענין אַזוי: איך בין מסכים צו געבן דיר דעם פּרייז. גיי אַרויף מיט סולימאַן צו מיין ווייב. זאָל זי דאָרט אויפ־רוימען די שטוב, מאַכן דעם פּייערטאָפּ, מיין ווייב אַ לעפל וואַרעם וואַסער געבן!

**מולאַי־כאַקים** (שפּרינגט אינטער אויף זיין הינקענדיקן פוס):

דעם פּרייז קען איך איצט נישט נעמען. צוערשט מוז מען זי משפּטן. דריי זילבער־מטבעות באַצאָלט דעם סופר.

**חליפה:**

און שטראָפן?

**מולאַי־כאַקים:**

דאָס וועלן די שופטים ביים טויער באַשטימען!

**חליפה:**

גיב איך נישט קיין אויסלייז־געלט. מען טאָר נישט פּייניקן אַ לעבעדיק באַ־שעפעניש!

**מולאַי־כאַקים:**

מיינע טענות זענען שוין פאַרשריבן, פאַרן בית־דין אָנגעברייט!

**נעמי:**

איך וועל אַרויפגיין צו ציפורהן. ראַטעוועט סולימאַן! דער אַראַבער דורשט נאָך בלוט פון זיין אייגן ווייב. זעט ווי דערשראָקן זי איז!

(נעמי אָפּ).

**חליפה:**

אויב לאָזטו זי פאַרפּייניקטן וועסטו פאַרלירן צוויי קליינע אייזלען און אַ פעטן שעפּס! זי איז יונג, דער יצר־הרע האָט זי אָנגערעדט, וואָס מוזטו האָבן אַ משפּט?

**מולאַי־כאַקים:**

אַ פעטן שעפּס! חליפה איז דער איידלסטער ייִד אונטער דער זון! איך מוז שוין גיין און מיטשלעפּן די חצופה! באַלד נאָכן משפּט וועל איך קומען נאָכן פּרייז.

האָסט שוין זיכער אַלץ גרייט אין דיין שאַץ־קאַמער! קום צו צום טויער, דאָרט וועט געפּסקנט ווערן! (רעדט מיט פרייד, רייבט זיך די הענט): איך וועל צוריק־באַקומען מיין אָרעם פאַרמעגן!

(מולאַי־כאַקים אָפּ).

(עס קומט אָן צו גיין אפרים).

**חליפה:**

וועסט באַלד צוגיין צום טויער „דעם נביאס אויג״ און אויסלייזן די זינדיקע ווייב פון מולאַי־כאַקים. איך האָב געטראַכט און אויסגעפירט דעם רצון פון מיינע געדאַנקען. די מאַמע איז זייער קראַנק, איצטער וועט זיין אַ דינסט אין הויז. נעמי האָט מיר איר פינגערל געגעבן פאַר אַ צושטייער.

**אפרים:**

מיינע אויערן הערן עפּעס רייד, וואָס שלאָגן זיך אָן מיט פרעמדקייט. אויס־לייזן אַ זינדיקע ווייב. אַ דינסט אין הויז! נעמי? איך האָב עפּעס היינט געהערט וועגן אַ משפּט. איך האָב זי אויך געזען, די סולימאַ. זי איז דאָ געשטאַנען צוגע־בונדן צום אייזל. זי איז אַ שיינע, האָט ברענענדיקע אויגן, גאָר יונג, אַ יפת־תואר. אַזעלכע אויגן. דאָס פייער פון מדבר ברענט אין זיי.

**חליפה** (גיט זיך אַ צאַפּל. קוקט אויף אפרימען):

האַ? אַ יפת־תואר! אויגן? רייד נישט אַזוי. האָסט דאָך אַ כלה. נעמי האָט אויף דיר געוואַרט. זי איז אַרויף צו דער מאַמען. נעמי האָט אויך נישט געקענט צוזען דעם צער פון דער פאַרשייטער יונגער אשה.

**אפרים:**

נעמי! זי האָט געוואָלט מיר זאָלן דעם זמן פון תנאים און חתונה אָפּשמועסן!

**חליפה:**

מען האָט שוין באַשטימט די צייט. זאָל זיין מיט מזל! פאַרליר נישט קיין צייט! גיי צו צום טויער. איר נאָמען איז סולימאַ! איך קען איר פאָטער, אַן ערלע־כער מאַן! ער קוקט אַריין אין זייערע הייליקע ביכער, באַנוגנט זיך מיט וואָס גאָט גיט אים! ער האָט מיך אַמאָל פון אַן אומגליק אַרויסגעשלעפּט.

**אפרים** (עקזאַלטירט, פאַרטראַכט):

סולימאַ איז איר נאָמען. איך לויף שוין צום טויער! זאָג נעמין, אַז איך בין געגאַנגען אויסלייזן. די אָ! (גייט אַרויס; רעדט צו זיך): וואָס פאַר אַ שיינע צע־שראָקענע אויגן! ווי ביי אַ הירש, אַזאַ רייצנדיקע, ווי אַ פּרינצעסין זעט זי אויס! אַזוי יונג און ווערט שוין געפּייניקט. נעמי האָט זי געהייסן ראַטעווען... המ... סו־לימאַ איז איר נאָמען. ביי אונדז אין הויז וועט זי זיין? זי?...

(פאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 2 פון צווייטן אַקט

(איצטער איז באַלויכטן דער וועג. עס זיצן דריי שופטים. דריי אַלטע לייט, מיט טורבאַנען אויף די קעפּ. די פּנימער — צעקנייטשט ווי פּאַרמעט. ביי זייערע פיס אויף דער הוילער ערד, זיצט דאָס סופרל. ער האַלט אַ גענדזענע פעדער אין האַנט און שרייבט. עס קומט אָן פון רעכטס מולאַי־כאַקים. ער שלעפּט ביי אַ האַנט זיין זינדיקע ווייב סולימאַ. איר פּנים איז אָפּגעדעקט. זי טראָגט אַן אָפּגענוצט קליידל. די האָר זענען ביי איר כוואַליענדיקע. זי איז אַ שלאַנקע, אַ שיינע. די אויגן זענען ביי איר שוואַרצע, צעשראָקענע. זי לאָזט זיך נישט שלעפּן פון מולאַי־כאַקים. זי רייסט זיך צו אַנטלויפן. עס הערן זיך קולות פון יענער זייט, ווו די פּנימער פון די שופטים זענען געווענדט. עס הערן זיך געלעכטערן, געשרייען).

**קולות:**

נישט משפּטן! יאָ! זי איז זינדיק! עס קומט איר אַ פּסק! נישט פּייניקן! זי איז יונג! אַ שטיפעדקע! נישט משפּטן! יאָ, זי איז ווערט אַ שטראָף! (געלעכטערן).

**סולימאַ** (מיט אַ ספּאַזמאַטיש וויינענדיק קול):

לאָזט מיך אָפּ! איך וויל נישט געמשפּט ווערן. איך האָב נישט קיין שום שלעכטס געטון. איך וויל צוריק גיין אין מיין פאָטערס הויז! מיין האַרץ איז פול מיט ליבשאַפט צו אַן אַנדערן!

**מולאַי־כאַקים:**

שווייג חצופה! דרך־ארץ פאַרן בית־דין!

**סולימאַ:**

ער איז אין מיין פאָטערס הויז געקומען, ווי אַ גנב צו זיין האַרץ זיך צוגע־גנבעט. מיך אָפּגעקויפט פאַר אַ פּגרדיקן שעפּס, פאַר אַן אַלטן אייזל. איצטער וויל ער מיך משפּטן. לאָזט נישט גוטע מענטשן! רחמנות! איך טראָג ליבשאַפט פאַר אַן אַנדערן, פאַר אַ שיינעם יונגן אָדלער!

**סופר:**

שווייג, פאַרשייטע! האָסט נאָך צייט צו קלאָגן. און דו, מולאַי־כאַקים, גיב צו נאָך צוויי זילבער־מטבעות! אייל זיך צו. עס איז אַ שווערער משפּט.

**מולאַי־כאַקים:**

נאָך? איך האָב נישט! שוין אַלץ אָפּגעגעבן!

**סופר:**

גיב די מטבעות. דער משפּט הייבט זיך אָן! אין רצון פון אַללאַה!

(מולאַי־כאַקים שלעפּט פון דער טיף פון זיין כאַלאַט אַ מטבע, ציילט אויף דער האַנט פון סופר. יענער שאָקלט זיך וויל נעמען און נישט נעמען. מולאַי־כאַקים זוכט ווייטער. קרעכצט, שעלט אין דער שטיל, איז בייז און גיט דעם סופר נאָך צוויי מטבעות. דער סופר גיט זיך אַ וויש די נאָז און באַהאַלט דאָס געלט. איינער פון די דריי שופטים, דער מיטלסטער, גיט אַ שאַרפן ווונק צום סופר. דער משפּט הייבט זיך אָן).

**סופר** (שרייבט שנעל מיט דער גענדזענער פּער):

דיין געלט שווה כסף באַהאַלט איך און וועל עס מיט אַללאַהס רצון די שופטים געבן. דיין נאָמען?

**מולאַי־כאַקים:**

מולאַי־כאַקים, דער הינקענדיקער פון קאָבזי, דער זון פון אַבדול מאָכאַמעד, אַלי, קאַדיף!

**סופר:**

ווי אַלט ביסטו, מולאַי־כאַקים?

**מולאַי־כאַקים:**

מען קען זאָגן צווישן פופציק און זעכציק יאָר, אַ דאַנק אַללאַה!

**סופר:**

וויפל ווייבער האָסטו, מולאַי־כאַקים?

**מולאַי־כאַקים:**

מען קען זאָגן צוויי און מען קען זאָגן דריי. זעלפאַ, טעלמאַ און... סולימאַ.

**סולימאַ:**

ער האָט מיך ביי מיין טאַטן אויסגענאַרט. איצטער וויל ער זיין בייז האַרץ קילן, מיינע ליפּן גאַרן צאַרטקייט, ווי דער אייזל אין פעלד, ווי דער קעמל אין שפּאַן באַגערט אַ צאַרטע האַנט, אַ וואַרעם באַריר.

**סופר:**

שווייג, סולימאַ! זאָלן דיינע ליפּן זיין פאַרשלאָסן, ווען דאָס קול פון אַ דינער פון בית־דין לאָזט זיך הערן! (צו מולאַי־כאַקימען): סולימאַ איז די זינדיקע? וויפל זומערן און ווינטערס ליגן אויף אירע פּלייצעס? ענטפער מולאַי־כאַקים!

**מולאַי־כאַקים:**

שווער צו זאָגן! קעמדאַן, איר פאָטער, זאָגט, אַז זי איז צווישן פופצן און

זעכצן. לויט איר בריקען זיך און לויט דער צאַרטקייט פון איר הויט איז זי אין די יאָרן...

**סופר:**

וואָס זענען דײַנע טענות, מולאַי־כאַקים?

**מולאַי־כאַקים:**

איך, מולאַי־כאַקים, דער הינקענדיקער, דער באַליידיקטער, טו זיך בוקן פאַרן הויכן בית־דין, בין גרייט צו קושן דעם שטויב פון די פיס פון די הויכע בעלי־דינים, וואָס טיילן אויס גערעכטיקייט מיט אַ פולער האַנט.

**עלטסטער שופט** (רעדט מיט אַ שטרענג קול. איין אויג איז ביי אים אויס־גערונען):

איך בין דער עלטסטער שופט פון בית־דין פון דריי, וואָס זיצט ביים טויער „דעם נביאס אויג". אַלע רייד, וואָס וועלן דאָ געזאָגט ווערן, מוזן זיין קלאָר ווי גינגאָלד, מוזן אַרויסקומען פון טיפעניש פון האַרץ. מיר משפּטן לויט די געזעצן פון אַללאַה! יעדע טענה און עוולה ווערט געווויגן אויף די וואָגשאָלן פון יושר און אמת! מיר טיילן גערעכטיקייט צום — גערעכטן און שטראָף צום — זינדיקן!

**סופר:**

איך פאַרשרייב אַלע רייד. אַלץ ווערט פאַרשריבן לדורות מיטן פייערדיקן וואָרט פון אמת!

**שופט:**

וואָס איז דיין באַגער, מולאַי־כאַקים פון קאַבזי?

**מולאַי־כאַקים:**

דער באַגער פון מולאַי־כאַקים דעם באַליידיקטן און געשלאָגענעם איז, אַז מיין ווייב, סולימאַ, וועלכע איך האָב געקויפט פאַרן פּרייז פון אַן אייזל, אַ זאַק מעל, אַ שעפּס זאָל געמשפּט ווערן, ווייל זי איז מיר אומגעטריי!

**שופט:**

פונוואַנען דרינגסטו, אַז זי איז דיר אומגעטריי?

**מולאַי־כאַקים:**

זי איז אַנטלאָפן פון מיין הויז. מען האָט זי געפונען אין די אָרעמס פון מוסטאַפאַ, אַבדול יאַזידס זון און זי האָט געלאַכט!

**שופט:**

האָסטו עדות, מולאַי־כאַקים?

**מולאַי־כאַקים:**

איינע פון מיינע ווייבער, זעלפאַ, האָט מיט אירע אויגן געזען. זעלפאַס אויגן זענען קלאָר, ווי דער טייך אין אַ זומער פאַרנאַכט!

**שופט:**

אַ ווייב טויג נישט פאַר קיין עדות! ווי לאַנג איז שוין סולימאַ דײַן ווייב?

**מולאַי־כּאַקים:**

דרייסיק פולע לבנה־נעכט. זי אַנטלויפט בײַנאַכט, וויינט און יאָמערט ווי אַ שאַקאַל!

**שופט:**

זאָל סולימאַ געגעגענען!

(סולימאַ ווערט געשלעפּט פון מולאַי־כּאַקים און דעם סופר נאָענט צום בית־דין).

ביסט זיך מודה, סולימאַ, אין זיין אומגעטריי דײַן מאַן מולאַי־כּאַקים?

**סולימאַ** (מיט אַ וויינענדיקער שטימע. שטיל און העכער):

פאַרוואָס קוקן אַלע אויף מיר ווי אויף אַ זינדיקע? פאַרוואָס וויל מען מיר שלעכטס טון?

**שופט:**

ביסט אַנטלאָפן פון דײַן מאַן. נאָכדעם ווי ער האָט דיך גענומען פאַר אַ ווייב, פאַר די אויגן פון עדות, פאַר די אויגן פון אַללאַהס דינער האָט ער דיך מקדש געווען. האָסט ווידערשפּעניקט דײַן מאַן. מען האָט דיך געפונען אין די אָרעמס פון אַן אַנדערן מאַן, האָסט געלאַכט מיט אַלע דײַנע ווייבערשע פאַרפירונגען און גלוסטעניש?

**סולימאַ:**

איך האָב ליב מוסטאַפאַן, דעם זון פון אַבדול יאַזיד. ער איז דער בעסטער רייטער. ער קען מיט זיין פערד איבער די העכסטע בערג שוועבן, ווי אַן אָדלער!

**שופט** (שטרענג. בייז. פאַרביסן. קוקט זיך איין אין פּנים פון דער סולימאַ):

מולאַי־כּאַקים איז דײַן מאַן. ער האָט דיך געקויפט ביי דײַן פאָטער פאַרן פרייז פון עובר לסוחר!

**סולימאַ** (מיט געוויין):

דער טאַטע איז אָרעם, האָט ער מיך פאַרקויפט. דער הינקענדיקער טייוול וויל אין מײַנע געדיכטע האָר זײַנע פאַרטרוקנטע ליפּן טונקען. ער איז אַלט. זיין לייב איז זויער, ווי אָפּגעשטאַנענער עסיק!

**שופט** (שרייט):

שווייג! טאָרסט אַזוי נישט ריידן קעגן אַן אייגענעם מאַן! וועסט באַשטראָפט ווערן!

**סולימאַ:**

איך האָב אים פֿיינט. ער איז קאַרג! זיין נאָז איז שפּיציק. זיינע ציינער זענען געל און שוואַרץ!

(עס הערט זיך אַ ווילד געלעכטער. דער עלטסטער שופט בייגט צו זיין פּנים צו די צוויי שופטים פון רעכטס און לינקס. ביי אַלעמען זענען די פּנימער שטרענג, בייז, מיט כּעס. זיי שעפּטשען איינער צום אַ נדערן עטלעכע רגעס).

**שופט:**

דער פּסק־דין איז: סולימאַ, דאָס אומגעטרייע ווייב פון מולאַי־כאַקים, די וואָס ווידערשפּעניקט איר מאַן, מאַכט זיין נאָמען צו חרפּה און בושה! וויל אים נישט זיין אַ ווייב. ווייל די יאָרן שווערן אים אַראָפּ פון די פּלייצעס, דאַרף גע־שלאָגן ווערן מיט דינע ריטער.

**סולימאַ** (מיט געבעט):

ער איז נישט מיין מאַן. עס איז אַ פֿאַלשער משפּט! מולאַי־כאַקים האָט נאָך מיך נישט באַרירט. איך וויל גיין צו מיין פֿאָטער. איך וויל גיין צו מיין אָדלער מוסטאַפֿאַ, ווו איז ער, מוסטאַפֿאַ?

**שופט:**

אויב וועלן פון דיין מויל אַרויסקומען נאָך אַזעלכע רייד, וועט די שטראָף פאַרגרעסערט ווערן! דער פּסק־דין דאַרף אויסגעפֿירט ווערן, תּיכף ומיד. נעמט זי אַוועק פון דאַנען און זאָל קעזאַב דער תּליון זי באַשטראָפֿן אויף דער שטראָף־באַנק.

**קולות פון המון:**

נישט שטראָפֿן! נישט פּייניקן! יאָ שטראָפֿן! (געלעכטערן).

(דער סופר פירט אַרויס סולימאַן).

(עס הערט זיך דאָס קול פון תּליון).

**קול פון תּליון** (רוי, ווילד):

מיינע ריטער זענען דין. זיי שניידן זיך איין אין לייב גאָר ווייך. אין לויטערן בוימאייל האָב איך זיי געווייקט, כּי־כּי־כּי!

**קול פון סולימאַ:**

וואָס ווילסטו פון מיר? איך האָב נישט געזינדיקט! ווו איז דער יונגער ייִד, וואָס וויל מיך ראַטעווען פון דיינע הענט, תּליון?

**קול פון תּליון:**

דיין לייב זעט אויס ווי אַ גרויסע פֿידל, סולימאַ. די ווייסקייט, ווי מאַרמאָר אין פּאַלאַץ פון סולטאַן און גלאַטיק ווי קילער זייד!

**קול פון סולימאַ:**

עס טוט ווי! איך בין נישט שולדיק! די ריטער שניידן זיך איין אין מיין לייב! ווו איז דער אַדלער, מוסטאַפאַ?

(אפרים איז די גאַנצע צייט געשטאַנען באַהאַלטן אין אַ ווינקל. ער האָט מורא געהאַט צו ריידן. די געוואַלדן פון דער סולימאַ וועקן אים אויף. ער גייט צו האַס־טיק צו מולאַי־כאַקימען).

**אפרים** (מיט אַ וויינענדיק קול):

זאָגט די שופטים, אַז מיין פאָטער וויל געבן אויסלייז־געלט. טוט עס שוין, ווייל עס ווערט שפעט. זי וועט פאַרפייניקט ווערן!

**מולאַי־כאַקים** (פול מיט פרייד):

מיין לייב ווערט איצטער מיט זאַטקייט אַנגעגאָסן. מיינע אויגן ווערן ליכטי־קער. פאַר מיינע ביטערע נעכט. פאַר מיינע חרפות, צאָלט זי איצטער, די חצופה! און דאָ שטייט דער ייִד און וויינט. קען נישט זען קיין קלעפּ. כע־כע־כע! (ווענדט זיך צום שופט):

הויכער בית־דין, דורך וועמענס מיילער עס גייען אַרויס די רייד פון נביא. איך האָב היינט גערעדט מיט אַ ייִד פון סאַפי, וויל ער געבן אויסלייז־געלט און די סולימאַ נעמען פאַר אַ דינסט צו זיין קראַנק ווייב אין הויז. דער זון פון ייִד איז דאָ!

**שופט:**

תליון! שטעל אָפּ דאָס שלאָגן! לויטן דין קען מען סולימאַן אויסלייזן. זאָל דער ייִד געגעבען!

**אפרים:**

הויכער בית־דין, וועמענס רייד זענען קלאָר און לויטער ווי גינגאָלד. זאָלן די אויערן פון די שופטים פאַרנעמען מיינע רייד! מיין פאָטער, חליפה בענסוסאַן, וואָס האָט אַ קראָם אין סאָפי, איז גרייט אויסצולייזן די זינדיקע סולימאַ. ער האָט זיך אויסגערעדט מיט מולאַי־כאַקימען מען זאָל זי אויסלייזן פאַרן שטראָפן, אָבער ווייזט אויס, אַז מולאַי־כאַקימס האַרץ איז פול מיט נקמה, האָט ער געוואַרט. איצ־טער, אויב דאָס בית־דין באַוויליגט צו לאָזן סולימאַן פריי, וועט מיין פאָטער געבן דאָס אויסלייז־געלט.

**שופט:**

דיינע רייד זענען קלאָר, ייִד. קענסט מיר ענטפערן אויף מיינע שאלות?

**אפרים:**

מיינע אויערן וועלן צוערשט פאַרנעמען די רייד פון גרויסן שופט, דורכמאָלן אין מיין מוח און דעמאָלט ענטפערן!

**שופט** (מיט אַ קאַלטן שמייכל):

וועט דער ייִד אַכטונג געבן, עס זאָל נישט געשען קיין בייז ביי אים אין הויז צו אַ גלויביקער אַראַבישער טאָכטער, וואָס זוכט האָפענונג און טרייסט?

**אפרים:**

מיר וועלן טון אַלץ וואָס איז מעגלעך!

**שופט:**

וועט דער ייִד און זיין משפחה פאַרגעסן, אַז איר לייב איז געלעגן אויף דער שטראָף־באַנק.

**אפרים:**

דער ייִד חליפה און זיין משפחה וועלן וועגן דעם נישט טראַכטן!

**שופט:**

ווי הייסטו? וואָס איז דיין באַשעפטיקונג?

**אפרים:**

מיין נאָמען איז אפרים! איך בין אַ גאָלדשמיד!

**שופט:**

ווי אַלט ביסטו, אפרים?

**אפרים:**

איך שפּאַן אַריין אין זיבעצנטן יאָר!

**שופט:**

וועסט נישט גלוסטן צו אַ גלויביקער אַראַבישער טאָכטער, וואָס וועט זיך מיט דיר און דיין משפחה געפינען אונטער איין דאַך? קענסטו מיר אויף דעם ענטפערן?

**אפרים:**

זאָל דער הויכער בית־דין נישט באַלעסטיקן זיין קנעכט מיט אַ פראַגע אויף וועלכער ער קען נישט ברענגען קיין ענטפער אויף זיינע ליפּן?

**שופט:**

האָסט אַ סך חכמה, אפרים! מיר וועלן אייך מיט אַללאַהס רצון אָנטרויען סולימאַן פאַר אַ דינסט. איצט, מולאַי־כאַקים, דער באַליידיקטער, באַשטייט ער צו נעמען אויסלייז־געלט?

**מולאַי־כאַקים** (הויך אויפן קול):

איך בין גרייט צו נעמען אָדער מזומנים, אָדער אין ווערט־זאַכן!

**שופט:**

דעם בית־דין ביים טויער „דעם נביאס אויג" געהערט שכר־טירחה אַ העלפט פון אויסלייז־געלט!

**מולאַי־כאַקים** (שפּרינגט אויף דערשראָקן):

**איך האָב דאָך באַצאָלט פינף זילבער־מטבעות!**

**שופט:**

**מולאַי־כאַקים מוז אָן טענות מסכים זייַן! זאָל דער סופר שיקן אַ מענטש צו חליפה בענסוסאַן און נעמען דעם פולן מעשר! סולימאַ קען איר פּנים פאַרדעקן און גייַן צו חליפהן אין הויז און דאָרט אויספירן די אַרבעט פון אַ דינסט! דער משפט איז מיט אַללאַהס רצון פאַרענדיקט!**

**סולימאַ** (קומט אַרויס פון הינטער דער וואַנט. קרעכצט, בייגט זיך פאַר ווייטיק. גייט צו צו אפרימען. קוקט אויף אים לאַנג):

**עס טוט ווי! אַלע גלידער ברענען פאַר ווייטיק! דאָס ביסטו דער יונגער ייִד? דו ביסט ענלעך צו מוסטאַפאַן. ווי צוויי טראָפּן־וואַסער. האָסט מיך פון טויט צוריקגעבראַכט צום לעבן. ביסט אַ גוטער! פאַר דייַן רחמנות וועל איך דעם שטויב פון דייַנע פיס קושן!**

**אפרים:**

**איך הייס אפרים. מייַן פאָטער האָט פאַר דיר באַצאָלט צוויי אייזלען, צוויי שעפסן, אַ זאַק מעל! דאַרפסט איצטער קומען צו אונדז אין הויז, טון די אַרבעט פון אַ הויז־דינסט, אַזוי האָבן די שופטים געפסקנט! גיי אַרויף צו אונדז אין הויז, לייג דיר צו נאָסע האַנטעכער, וועט דיר בעסער ווערן! מייַן מאַמע איז קראַנק. העלף איר און באַדין זי!**

(עס קומט אָן האַסטיק נעמי. זי באַגעגנט זיך מיט די בליקן פון סולימאַן. ביידע קוקן זיך אָן אַ ווייַלע).

**נעמי:**

**מען האָט זי געראַטעוועט? גוט! איך האָב געמיינט מען וועט זי פאַרפּייניקן. עס וואָלט דאָך געווען שרעקלעך! איך האָב מייַן פינגערל אַוועקגעגעבן, זי אויס־צולייזן! אַ רחמנות האָט מיך אַרומגענומען!**

**אפרים:**

**איך ווייס עס. אַ שאָד. אַ שיין פינגערל. איך וועל דיר מאַכן אַן אַנדערס!**

**נעמי** (ווי אויפוואַכנדיק פון אַ בייזן חלום):

**זי וועט וווינען מיט דיר אין איין שטוב?**

**אפרים:**

**איך וועל זיך קענען מער אָפּגעבן מיט מייַן אַרבעט. זי וועט באַדינען מייַן מאַמען!**

**נעמי:**

**זע אירע אויגן! זי פרעסט דיך מיט די בליקן. אירע בליקן שפּיזלען אין די**

אויגן! איר געזאַנג און רייד וועסטו הערן! זע, אפרים, אירע ברענענדיקע אויגן. איך האָב מורא, אַז... אַז... אַ ווילדער אומגליק איז מיט די אייגענע הענט פאַר־שפּיגן געוואָרן!

**אפרים:**

פאַרוואָס רעדסטו אַזוי, נעמי? איך וועל אויף איר נישט קוקן. אירע אויגן וועלן מיינע בליקן נישט באַגעגענען. זי וועט זיין פאַרנומען מיט שטוב־אַרבעט. איך טראַכט נאָר פון דיר, נעמי! דו ביסט איינגעזונגען אין מיין לעבן. דו פאַרזייסט פרייד אונטער מיינע פיס. איך האָב דיך ליב, שטאַרק און אייביק...

**נעמי** (שעפּטשעט):

אייביק, אייביק, אפרים...

**סולימאַ** (מאַכט אויף זיך צורעכט דאָס קליידל, קורטשעט זיך פאַר ווייטיק, גייט צו נענטער צו אפרימען):

דער ייִד האָט געראַטעוועט מיין לעבן. איך וועל אים מיט געטריישאַפט דינען! איך גיי שוין צום הויז פון חליפה בענסוסאַן!

(גייט מיט פאַמעלעכע טריט, וויינט, לאַכט און זינגט).

**נעמי:**

זי קען אויף מיר נישט קוקן. אירע אויגן זענען אַזעלכע ברענענדיקע, ווילדע. פיל מיט האַס, ליבשאַפט, טרויער, בענקשאַפט, בענקשאַפט...

**אפרים:**

איך טראַכט אויך אַזוי: האַס, ליבשאַפט, בענקשאַפט...

(פאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 3 פון צווייטן אַקט

(דאָס ייִדישע צימער רעכטס איז באַלויכטן. סולימאַ גרייט צום טיש. שטעלט אַוועק פּרוכטן, קיכלעך, אַ קאַראַפֿקע וואַסער, גלייכט אויס דאָס טישטעך אויפֿן טיש. אין אַ ווינקל פֿון צימער זיצט אפֿרים און לייענט אין אַ בוך. סולימאַ קוקט אויף אים מיט פֿאַרליבטע פֿייערדיקע אויגן. זי זינגט אַ לידל, מען הערט נישט די ווערטער. אויף דער וואַנט הענגט אַ קליינער שפּיגל. זי כאַפּט אַ קוק אינעווייניק. פֿון יענער זייט וואַנט הערט מען אַ קרעכצן פֿון אַ קראַנקער פֿרוי. דאָס איז ציפּורה, אפֿרימס מאַמע).

**קול פֿון דער קראַנקער פֿרוי:**

**סו—לי—מאַ! סולי—מאַ! מאַך מיר אַ טעפּעלע טיי. דאָס האַרץ איז מיר אַוועק! סולי—מאַ!**

**סולימאַ** (בייז):

**וואָס האַלט זי אין איין בורטשען די אַלטע. נאָר זי קרעכצט און יאָמערט!**

**אפֿרים** (הייבט אויף דעם קאָפּ פֿון בוך):

**ווי אַזוי רעדסטו? עס איז דאָך מיין מאַמע!**

**סולימאַ:**

**דיין מאַמע, איז וואָס? אַ גאַנצן טאָג האַלט זי אין איין יאָמערן. גיב איר טיי, ברויט, טייטלען. מאַך איר דאָס קישן, גיב איר אַ הייסע ציגל. פֿאַרוואָס שלאָפֿט זי נישט, די אַלטע?**

**אפֿרים:**

**דו דאַרפֿסט טון אַלץ, וואָס מען הייסט דיך!**

**סולימאַ** (שרייט צו דער וואַנט, ווו די קראַנקע איז):

**איך וועל באַלד ברענגען!**

**קול פֿון דער קראַנקער:**

**איך וועל פּרובירן שלאָפֿן! ווען נעמי וועט קומען זאָל מען מיך אויפֿוועקן צו די תּנאָים!**

**אפֿרים:**

**גוט מאַמע, שלאָף. עס וועט דיר באַרויִקן די יסורים. שלאָף!**

**סולימאַ:**

זאָל זי שוין שלאָפן, די אַלטע, אויף גוט!

**אפרים:**

שווייג!

**סולימאַ:**

מיר איז דאָ ענג ביי אייך! דער ריח פון אייערע מאכלים שטיקט מיין אָטעם. די מאכלים אייערע זענען נישט געזאַלצן, נישט געפעפערט. קיין פלייש זעט מען נישט. געטריקנטע פלעצלעך זענען נישטאָ גענוג. דער טאַטע דיינער רעדט אַ גאַנצן טאָג פון זיינע הייליקע ביכער. ביינאַכט שלאָפט ער נישט. ער צינדט אָן אַ ליכט, לייענט פון אַ בוך אַרויס און וויינט, לאָזט נישט שלאָפן. די אַלטע קרעכצט. איך מוז רייניקן אירע אומריינע וועש!

**אפרים:**

מיר האָבן דיך געראַטעוועט פון טויט!

**סולימאַ** (גייט צו נענטער צו אפרימען):

ווען נישט דו, מיין אָדלער, וואָלט איך פון לאַנג אַוועק. דו האָסט ליב דיין כלה, אפרים?

**אפרים:**

פאַרוואָס פרעגן דאָס היינט דיינע ליפּן? נעמי דאַרף דאָך באַלד אַרויפקומען. תנאים וועלן מיר היינט שרייבן! נאָכדעם איין אַ צייט אַרום וועלן מיר חתונה האָבן!

**סולימאַ:**

איך האָב זי פיינט. איך וואָלט זי פון שטוב אַרויסגעטריבן!

**אפרים:**

שווייג! איך וועל דיך פון שטוב אַרויסטרייבן!

**סולימאַ:**

איך בין שענער פון איר. דער שפּיגל זאָגט דאָס מיר. זע מיינע כוואַליענדיקע האָר, מיין נאַקן, מיין גלאַטן האַלדז. מיינע אויגן שלינגען דיך איין. מיינע ליפּן ציִען זיך צו דיר מיט פייערדיקן דורשט. דו ביסט אַ שיינער, אַ שלאַנקער, ווי מוסטאַפאַ, ווען ער רייט אויף זיין פערד. איך בענק נאָך דעם שטאַרקן יונגן מוס־טאַפאַ. איך וויל זען ווי ער רייט אויף זיין פערד און שיסט ווילדע חיות. דו ביסט ענלעך צו אים. קוש מיך. נעם מיך אַרום!

(זי גייט צו נענטער צו אים און וויל אים אַרומנעמען).

**אפרים** (שטעלט זיך אויף; וויל זיך אַרויסרייסן און בלייבט שטיין):

גיי אַרויס פון אונדזער הויז! ווען צוריקקומען מאָרגן! איך וויל דיך נישט זען! גיי!

**סולימאַ:**

פאַרוואָס לאָזסטו זיך נישט קושן. האָסט מורא? דיין מאַמע שלאָפט שטאַרק. אַפילו אַ שטורעמווינט וועט זי נישט אויפוועקן. איך שטאַרב פאַר דיר. נאַ גלעט מיינע האָר! קום מיט מיר אפרים! סולימאַ וועט דיינע פיס וואַשן, דיינע האָרקעמען. זי וועט פאַר דיר אַרבעטן ביי טאָג און ביינאַכט. זי וועט דיר אַ ווייך געלעגער מאַכן. דו וועסט זיצן אין שאָטן פון אַ בוים און זינגען אַזוי ווי מיין פאָטער. איך בין פיל שענער און בייגעוודיקער פון נעמין. זע מיינע ציינער, בייס זיך איין אין זיי!

**אפרים** (מיט אַ ציטערדיקער שטימע. ער נעמט זי אַרום):

מען טאָר נישט. דו ביסט אַן אַראַבישע ווייב. אַ...

(ער רייסט זיך אַרויס פון איר. לויפט אין אַנדערן ווינקל).

**סולימאַ:**

אַ זינדיקע, ווילסטו זאָגן! יאָ. אַ זינדיקע. איך האָב דיך ליב. וואָס ציטערן אַזוי דיינע הענט. שטרעק זיי אויס, נעם מיך נאָך אַמאָל אַרום. איך וועל נעמין אַרויסטרייבן!

**אפרים** (היסטעריש):

דו ביסט לילית! וועסט ברענגען אַן אומגליק אויף אונדזער הויז. איך וועל אויפוועקן דער מאַמען! פאַרוואָס גייסטו נישט צו דיין געליבטן מוסטאַפאַ?

**סולימאַ** (לאַכט):

מוסטאַפאַ האָט מיך אַוועקגעוואָרפן. ער איז נישט געקומען מיך ראַטעווען, ווען דער תליון האָט מיך געשטראָפט. ער איז אַ פאַלשער! דו האָסט מיך געראַטעוועט. דו ביסט ענלעך ווי צוויי טראָפנס וואַסער צו אים. דיך האָב איך ליב. דיך! באַריר מיין לייב, אַזוי ווי זייד. אַלע בחורים גלוסטן נאָך מיר. אַפילו דער תליון האָט נישט אויסגעהאַלטן! לאָז זיך אפרים נאָך איין מאָל געבן אַ קוש! (זי דערנענטערט זיך צו אים. ער שטויסט זי אָפּ פון זיך).

**אפרים** (קייכט):

גיי אַרויס פון דאַנען, לילית, שלאַנג! ביסט אַ שלעכטס! איך וויל דיך נישט זען!

**סולימאַ** (אין צו להכעיס שפּיל):

דו האָסט מיך ליב. דו וועסט בענקען נאָך מיר, דו וועסט זיך צאַפּלען אין בענקשאַפט נאָך מיר. דו נאַרישער האָז! וואָס האָסטו מורא? זעסט נישט, איך שטרעק זיך צו דיר און דו פאַרטרייבסט מיך! אַלץ צוליב דער נאַרישער כלה דיינער! זעסט נישט מיינע אויגן, ווי זיי גליִען מיט ליבשאַפט צו דיר? זעסט

נישט ווי מיין ליבע איז פול, ווי דער שייער איז פול מיט עפל אין הערבסט־צייט? אַנטלויף נישט פון מיר. פאַרטרייב נעמין. קום צו מיר!

## קול פון דער קראַנקער:

אוי! אוי! אַ בייזן חלום געהאַט. אַ גרוב מיט שלאַנגען האָב איך געזען. איז נעמי שוין דאָ? ווו איז דער טאַטע? סולי—מאַ! אַ טעפּעלע טיי! וואָס נעמט עס אַזוי לאַנג, סולימאַ?

## אפרים:

מען וועט דיר באַלד ברענגען טיי, מאַמע!

(ער גייט אַרויס מיט אַ שאָלעכל טיי. סולימאַ בלייבט אַליין).

## סולימאַ (צו זיך):

איך וועל אַלעמען דערציילן, אַז ער האָט מיך ליב. ער איז דאָס זעלבע געשטאַלט וואָס מוסטאַפאַ. סולימאַ וועט אייביק אים זיין טריי מיט ליבשאַפט.

(זי ברומט אַ ניגון אַן ווערטער און גרייט פאַמעלעך דעם טיש).

(פון וועג קומט אַן צו גיין נעמי. עס באַגעגנט זי דן דער גלעזער, וועלכער קומט פון אַן אַנדער ווינקל אַרויס. זיי בלייבן שטיין פאַרן אַריינגאַנג צו דעם ייִדישן צימער).

## נעמי (אַביסל דערשראָקן ווען זי זעט דנען):

דו ביסט עס דן? ווי קומסטו אַהער?

## דן:

איך האָב אויף דיר געוואַרט. איך האָב געוווּסט, אַז דו דאַרפסט גיין צו חליפהן אין הויז. דיינע תנאים קומען היינט פאָר. גייסט זיך פאַרבינדן מיט אפרימען!

## נעמי (מיט פרייד):

יאָ! היינט איז מיין גליקלעכסטער טאָג. איך ווער אַ כלה צו מיין באַשערטן!

## דן (האַסטיק):

טו עס נישט, נעמי! אפרים איז נישט דיין באַשערטער. איך בין עס. איך האָב דיך ליב. איך גיי נאָך דיינע טריט שוין פולע לאַנגע חדשים. איך קען נישט קיין רו געפינען אָן דיר.

## נעמי (דערשראָקן):

דן, וואָס רעדסטו? דיין כלה איז דינה, ניסים דעם בלעכערס טאָכטער.

## דן:

ניין, זי איז נישט מיין כלה. איר מיידלשאַפט איז פאַראומווירדיקט. זי געפינט זיך אויף דער שוועל פון משוגעת!

**נעמי:**

**דו ביסט עס שולדיק! דו, דן! זי איז דיין כלה, דינה. וויש אָפּ אירע טרערן! טרייסט זי, וועט זי געזונט ווערן. זי האָט דיך ליב. דו האָסט זי אויך ליב. זי איז נישט שולדיק, אַז אַן אומגליק האָט זיך אויף איר דורכגעטראָגן, זי געפירט דורכ־צוגיין אַ לאַנגע נאַכט.**

**דן:**

**פאַרשטויס מיך נישט, נעמי! איך וועל פאַלן אין אָפּגרונט אַריין. איך האָב דיך ליב. דו געהערסט צו מיר.**

(וויל זי אַרומנעמען. זי שטויסט אים אָפּ).

**נעמי:**

**גיי מיר נישט נאָך, דן! איך קען דיר נישט העלפן. מיין באַשערטער וואַרט אויף מיר. גיי פון דאַנען. רייס אַרויס די ליבשאַפט און די בענקשאַפט צו מיר און גיב עס צו דינהן! איך וויל דיך מער נישט זען!**

**דן:**

**איך קען נישט! איך קען נישט! פאַרשטויס מיך נישט פון דיר. טאָרסט עס נישט טון, נעמי! נע־מי!**

(ער גייט אַוועק. פאַרשווינדט אין דעם מיטלוועג. עס הערט זיך דאָס קול פון דער משוגענער מזלה. נעמי גייט אַריין אין הויז פון חליפהן. זי באַגעגנט זיך מיט די בליקן פון סולימאַן. ביידע שווייגן אַ ווײַלע).

**קול פון דער משוגענער מזלה** (ווײנענדיק, זינגענדיק):

**אויך איך האָב געוואַרט אויף מיין באַשערטן. אויך ער, מיין באַשערטער חתן, שמאַי, וואַרט אויף מיר אין הימל. אַ ליכטל און אַ שטיקל צוקער זוך איך. אַ חתונה אין הימל. די שטערן לאַכן און פרייען זיך פון דער חתונה. כי־כי־כי! נעמי און אפרים וועלן טאַנצן... טאַנ־צע־ן!**

(נעמי שוידערט אויף. קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון מויל).

**סולימאַ** (לאַכט):

**די משוגענע מזלה לאַכט פון דיר, נעמי!**

**נעמי:**

**וואָס פּלאַפּלט דיין צונג!**

**סולימאַ:**

**ער איז נישט דיין חתן, אפרים!**

(אפרים אַ דערשראָקענער מיט אַ ליידיק שאָלעכל אין האַנט קומט אַריין).

**נעמי** (לויפט צו אפרימען. אירע אויגן זענען ווילד):

**הער וואָס זי רעדט! זע נאָר אירע ברענענדיקע בליקן. זי וויל דיך מיט די**

אויגן אויפפרעסן! איך קען זיי נישט זען! עפּעס אַ גרויזאַמע בענקשאַפט אין זיי! דו ביסט מײַן חתן, דאַרפסטו נישט זײַן אונטער איין באַלקן מיט איר!

**אפרים** (פאַמעלעך, דערשראָקן, קוקט בגנבה אויף סולימאַן):

מאַך דיר נישט פון אירע רייד. דו פאַרשטייסט, זי אַרבעט שווער. זי פאַרגינט אונדז נישט דאָס ביסל פרייד. זי וויל אויך פריי זײַן!

**נעמי:**

דאָס זענען נישט קיין בליקן פון ווען פריי זײַן. איך האָב מורא. זי וועט אַן אומגליק אויף אונדז ברענגען. די משוגענע מזלה, האָט ערשט פאַרביי דעם פענצטער געזונגען און אונדזערע ביידנס נעמען דערמאָנט! אפשר איר אָפּזאָגן די שטעל? איך וועל די אַרבעט טון. זאָל זי אַרויס פון הויז!

**אפרים:**

מיר קענען נישט! מיר האָבן געגעבן אַ וואָרט דעם אַראַבישן בית־דין, אַז קיין שטויבעלע וועט אויף איר ביי אונדז נישט פאַלן!

**נעמי:**

איך האָב מורא די רייד צו ברענגען פאַר מײַן מויל! זי האָט דיך ליב. קוק, זע, ווי זי צאַפּלט זיך, ווען איך רייד מיט דיר! זי פלאַמט פאַר כעס און איפערזוכט. איך וויל קיינמאָל נישט זען, אַז דו דערנענטערסט דיך צו איר. איך וועל דיך מיט דער שאַרף פון מײַנע פינגער דעם האַלדז דיינעם...

**אפרים:**

נעמי! וואָס רעדסטו?

**נעמי:**

איך ווייס נישט. איך בין ווילד. איך האָב דיך צו שטאַרק ליב.

**אפרים** (נעמט אַרויס אַ חפץ פון טאַש, ווײַזט עס נעמין):

נאַ, זע. אַ בראַסלעט האָב איך פאַר דיר געמאַכט, אַ זילבערנער. נאַ דיר פאַר כלה־מתנות, נעמי!

**נעמי:**

איך האָב פאַר דיר אָנגעקליבן געוואַנט אויף אַן אַבאַיע. איך וועל עס אויסשטיקן מיט גרויצן זייד.

(עס קומט אַריין חליפה).

**חליפה** (אויפגעלייגט):

לאָמיר זיך זעצן צום טיש. עס וועט באַלד קומען מסעוד און נאָך עטלעכע ייִדן, וועט מען זיך משמח זײַן. ציפורה! ציפורה!

**קול פון דער קראַנקער:**

האַ, וואָס?

**חליפה:**

מזל־טוב! מזל־טוב! די קינדער ווערן איצטער חתן־כלה. אַזוי ווי מסעוד, נעמיס טאַטע, וועט קומען, וועט מען שרייבן די תנאים. מזל־טוב, ציפּורה! זאָלסט דערלעבן נחת פון די קינדער! מזל־טוב!

**קול פון דער קראַנקער:**

אָמן! מזל־טוב!

(סולימאַ שטייט אַ ווײַלע ביים וואַנטשפּיגל און קוקט זיך איין).

**חליפה:**

סולימאַ! גיב צום טיש אַלע גוטע זאַכן, וואָס זענען דאָ אין הויז! טייטלען, מאַנדלען, עפּל, פלעצלעך, גרינע טיי, עפּלזאַפט, אַלץ!

(סולימאַ דערלאַנגט שווייגנדיק צום טיש).

(חליפה, נעמי, אפרים זיצן ביים טיש).

**נעמי:**

איך בין אַזוי גליקלעך!

**אפרים:**

אויף ווען שמועסט מען אָפּ די חתונה?

**חליפה:**

אין דריי חדשים אַרום. עס וועט אויספאַלן נאָך שבת נחמו! גוט?

**נעמי:**

איך וועל מיר אַ קליידל אויפנייען, דער טאַטע וועט זיך אַ ניי בגד מאַכן. מען וועט באַשטעלן די קלעזמאָרים, אַ דירהלע וועט מען דינגען!

**חליפה:**

אם ירצה השם! אם ירצה השם! זאָל דאָס מזל רוען אויף אייך!

(סולימאַ לאָזט אַרויס אַ גלאָז פון האַנט און שרייט אויס).

**סולימאַ** (אַנווייזנדיק אויף אפרימען):

נייך! ער וועט מיט איר נישט חתונה האָבן! איך האָב אים ליב! ער איז מיין אָדלער! ער איז מיינער!

(אַלע דריי בלייבן זיצן ביים טיש פאַרשטאַרטע. זיי קענען זיך נישט רירן פון די ערטער).

**חליפה** (דער ערשטער געקומען צו זיך פון דער שוידערלעכער איבעראַשונג):

אַ ווילד שטיק די אַראַבישע ווייב! געהערט רייד? קעמדאַנס טאָכטער? זי איז אַ קליפה, לילית, דער יצר־הרע רחמנא־ליצלן!

**אפרים:**

מען האָט זי אפשר נישט געטאָרט אַרײַננעמען פֿאַר אַ דינסט. זי איז ווילד, פֿאַרשייט!

(סולימאַ ברומט אַ לידל און גיסט טיי אין שאָלן אַרײַן).

**נעמי:**

ווײ, וואָס פֿאַר אַ ריידן! איך האָב איר געהאָלפֿן ראַטעווען, מײַן שענסטע מתנה אַוועקגעגעבן. איצטער... ווײ צו מײַנע אויערן. אפרים!...

**סולימאַ:**

ער האָט מיך ליב! פֿרעג אים! איך האָב אים ליב! ער איז שיין ווי מוסטאַפֿאַ, הויך שלאַנק.

**נעמי:**

רחמנות האָב איך אויף איר געהאַט. אָ, גאָט, האָב אויף מיר רחמנות!

**חליפה:**

אַ וואָרט געגעבן דעם אַראַבישן בית־דין! וואָס טוט מען? לאָמיר זיך נישט פֿאַרשטערן די שמחה! מזל־טוב, קינדער! אָט הער איך שוין די קולות פֿון נעמיס טאַטן, מסעוד און עטלעכע געסט! איך וועל נעמען אַ פּען מיט אַ פּאַפּיר און אָנ־הייבן שרייבן די תנאים אין אַ מזלדיקער שעה! און דו, אפרים (רעדט שטיל צו אפרימען), וועסט מאָרגן אַוועקפֿאָרן אין אַן אַנדערער שטאָט אויף עטלעכע טעג, ביז דאָס משוגעת וועט אַרויס פֿון איר קאָפּ. באַלד מאָרגן פֿרי, פֿאַרלאָז דאָס הויז! אַ קליפּה, לילית, רחמנא־ליצלן!

**נעמי** (פֿול מיט שרעק):

מיט די אייגענע הענט אַ פֿייער אָנגעצונדן!...

(פֿאָרהאַנג פֿאַלט).

# דריטער אַקט

איידער דער פֿאָרהאַנג הייבט זיך אויף קומט אַרויס אין פֿראָנט ראובן דער בשמים־סוחר. ער רעדט צום פּובליקום.

## ראובן דער בשמים־סוחר:

חליפה איז געווען זיכער, אַז ער איז געשטעלט געוואָרן פֿאַר אַ גרויסן נסיון און אַז די סיטראָ־אַחרא רחמנא־ליצלן האָט זיך אויף אים פֿאַרלייגט און וויל אים, מיט זיין געליבטן זון, אפֿרים, אַריינשלעפּן אין די מ״ט שערי־טומאה. דעריבער האָט לילית זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ שיינער אַראַבישער יונגער פֿרוי און דורך פֿאַרשיידענע וועגן געקומען צו אים אין הויז אַריין. ווייל ווי באַוווּסט איז דער סמאל־הרשע, לילית׳ס מאַן, אַ ממזרוק. ער קען אַלע וועגן און שטעגן ווי אַזוי צו־צוקומען צו אַן ערלעכן ייִד. די סולימאַ־לילית איז פֿול מיט תּאווה און אפֿרים האָט יונג בלוט. ער קען נאָך חלילה פֿאַרלירן ביידע וועלטן...

דעם זעלבן טאָג, וואָס אפֿרים איז אַוועק פֿון דער היים, איז אויך סולימאַ פֿאַרשוווּנדן פֿון חליפֿהס הויז.

באַלד האָט זיך אין די קרומע געסלעך פֿון סאַפֿי, וווּ אַראַבער וווינען מיט קינד און קייט, מיט אייזל, קעמל און הארעם — פֿאַרשפּרייט אַ ווילדער קלאַנג, אַז דער ייִד, אפֿרים, איז אַוועק מיט אַן אַראַבישער ווייב אין דער ווייטער וועלט אַריין. די אַראַבער האָבן אין די קאַפֿיי־הייזער געשמועסט וועגן דער זאַך בפּרטיות, געררויכערט די נאַרגילעס, געזופּט גרינעם מיצנטע־טיי, געקראַצט זיך אין די פּיאַ־טעס, נישט געקענט תּופֿס זיין, ווי אַזוי האָט אַ ייִד געוואַגט צו אַנטלויפֿן מיט אַן אַראַבישער טאָכטער, אַן אשת־איש. ער האָט דאָך געגעבן זיין וואָרט צו די שופֿטים ביים טויער „דעם נביאס אויג״, אַז קיין בייז וועט צו איר נישט געשען. זיי האָבן דעריבער אָנגעגורט די לענדן און אין דעם זעלבן טאָג מיט אַללאַהס רצון אַרויס אין אַ געשלעג קעגן די ייִדן. אין ייִדישע שטיבער, אין ייִדישע הערצער האָט די שרעק און מורא זיך באַזעצט. דן, דער גלעזער, מיט נאָך ייִדישע יונגעלייט, האָבן זיך נישט געלאָזט שלאָגן. זיי האָבן צוריקגעשלאָגן מיט פֿויסטן, מעסערס און

העק. די אַראַבער האָבן דעם בלבול צעטראָגן איבער דער שטאָט און אין די דערפער אַרום. דן האָבן דעם טאָג געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. איבער אַלעם האָט געהאָנגען אַ וויסטע אימה און אַ פינצטערער גזר. מען האָט געוואַרט אויף אַ נס די פאַרשייטע סולימאַ זאָל זיך אומקערן. ייִדן האָבן געזאָגט תהילים, באַהאַלטן זיך אין די בתי־מדרשים, געפּלאָטערט פאַר שרעק. סולימאַ איז אַלץ נישט צוריקגעקומען.

נעמי האָט געוויינט, אין איר האַרץ האָט זיך געצאַפּלט: שרעק, בושה, האַס, ליבע, רחמנות.

עס איז אַ שעה פון רחמים און דין. וועלכע וואָגשאָל וועט איבערוועגן?...

(ראובן אָפּ).

# בילד 1 פון דריטן אַקט

(דאָס אַראַבישע צימער רעכטס איז פינצטער. באַלויכטן איז דאָס יידישע צימער. אין יידישן צימער איז אַ שרעקלעכע אומאָרדענונג. דער טיש איז פאַרוואָרפן מיט שמאַטעס, דאָס בילד פון רמב״ם אויף דער וואַנט הענגט קרום. חליפה זיצט אויף אַ נידעריק בענקל. ער איז שטאַרק געהויקערט און שטאַרק גרוי. ער האַלט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און קרעכצט. עס קומט אַן נעמי. אירע האָר זענען צעשויבערט. די אויגן ביי איר — רויט פון וויינען. עטלעכע רגעס נאָך איר קומט אַן דן דער גלעזער. זיין קאָפּ איז פאַרבונדן מיט אַ פאַרבלוטיקט טוך. ער האַלט אין האַנט אַ דיקן שטעקן. זיין פנים איז רויט. דאָס רעקל — אויפגעקנעפּלט, דאָס העמד — צעכראַסטעט).

**נעמי** (דערשראָקן):

**דיין קאָפּ בלוטיקט. קום אַריין, איך וועל דיר די ווונד ריינוואַשן!**

**דן:**

**עס טוט נישט וויי. די ווונד איז אָפּגעוואַשן!**

**נעמי** (טרויעריק):

**אין איין טאָג ביסטו אויסגעוואָקסן פאַר אַ העלדישן מאַן. האָסט אויפגעהויבן דעם יידישן כבוד! דו און הילל דער פישער, שמעון דער פעל־שינדער, נחמיה דער שמיד, עזריה דער שוסטער, סעדיה דער קצב, בנימין דער שניידער. איך האָב געהערט, אַז דער רב האָט אין רחמים־מקובלס שול זיך געבייזערט אויפן פרוש, פאַרוואָס ער איז נישט אַרויס אין גאַס מקדש־השם זיין, אַזוי ווי איר אַלע האָט געטון. דער פרוש האָט געוויינט. ער האָט זיך אַליין געשלאָגן און געבענטשט אייערע הענט.**

**דן:**

**יעדער ייד דאַרף דאָס טון! מען טאָר זיך נישט לאָזן שלאָגן פון שכנים! זיי האָבן אונדז שוין גענוג געשפּיגן אין די פּנימער אַריין.**

**נעמי:**

**ווער ווייסט, וואָס מיט אונדז וואָלט געווען, ווען נישט איר אַלע! טאָמער**

וועלן אונדזערע שכנים ווידער אַרויס אין אַ געשלעג, וועל איך אויך נעמען אַ מעסער, דעם טאַטנס שניידערשע שער און וועל זיך שטעלן אויף אייער זייט. דעם טאַטנס שער איז זייער אַ שאַרפֿע!... האָסט אַ טיפֿע וווּנד?

**דן** (מיט היץ):

עס איז גאָרניש. די ווונד וועט זיך פֿאַרהיילן! זיי האָבן זיך ווי ווילדע חיות אַריינגעריסן אין אונדזערע הייזער. סולימאַן זוכען זיי — האָבן זיי געזאָגט — פֿאַר איר כבוד נעמען זיי זיך אָן, ווייל אַ ייד האָט זי פֿאַראומרייניקט.

**נעמי:**

עס איז אַ בלבול! אַ בלבול! אפרים איז אומשולדיק. ער איז ריין. ער האָט מיך ליב! ער האָט זיך נישט צוגערירט צו דער זינדיקער סולימאַ. ער איז מיין חתן, מיין באַשערטער! די אַראַבער האָבן בלויז אַן אויסרייד. עס איז געווען אַ צוגעגרייטער פּאָגראָם.

**דן** (מיט סאַרדאָנישן געלעכטער):

דיין באַשערטער! ווו איז ער איצטער, אפרים, ראובן דער בשמים־סוחר האָט אים געזען לויפֿן צו דער באַן אַ פֿאַרסאַפּעטן, אַ פֿאַרפּלאָנטערטן. אויך סולימאַ איז אויף דעם וועג געלאָפֿן! פֿאַרוואָס ביי־גסטו נישט אָפּ פֿון אים, נעמי? ער האָט זיינע בליקן געווענדט צו דער אַראַבישער, שיינער, זינדיקער ווייב!

**נעמי:**

פֿול מיט האַס צו אפרימען זענען דיינע רייד, פֿול ווי אַ מילגרוים מיט קערנער! דו האָסט ערשט דערהויבן דעם יידישן כבוד. מאַך נישט דיין מויל אומווירדיק מיט שלעכטע רייד אויף דיין חבר, אפרים!

**דן:**

איך קען מיר נישט העלפֿן. איך האָב דיך שטאַרק ליב, נעמי! אויך פֿאַר דיין כבוד האָב איך זיך געשלאָגן. פֿון דעם פּלאָנטער פֿון לייבער, גלידער, מעסערס און שטעקנס, האָסטו ווי אַ פֿייערדיקע שיינהייט אַרויסגעשטראַלט און מיר געגעבן מוט, כוח! פֿאַרטרייב מיך נישט פֿון דיר! גיי אַוועק פֿון דיין אפרימען! קום צו מיר! איך וועל דיך מקדש זיין! מיין ווייב ווערסטו זיין! איך וועל דעם שטויב פֿון דיינע פֿיס קושן זאָג מיר אַ גוט וואָרט! איך ווייס, דו האָסט מיך ליב!

**נעמי:**

פּייניק מיך נישט, דן! איך קען נישט! בייזע כוחות האָבן זיך פֿאַרלייגט אויף מיר און אויף אפרימען און ווילן אונדז פֿונאַנדערררייסן! איך געהער אינגאַנצן צו אפרימען! קיינער וועט אונדז נישט פֿונאַנדעררייסן, נישט ביים לעבן און נישט ביים טויט!

**דן:**

**זענען דאָס דיינע לעצטע ווערטער?**

**נעמי** (מיט טרויער):

**יאָ, דן! דו געהערסט צו דינהן ניסים דעם בלעכערס טאָכטער! דו זעסט דאָך, אַז צוליב אַן אומגליק שטייט זי ביי דער שוועל פון דער אייביקער נאַכט. דו קענסט איר העלפן, קענסט זי ראַטעווען. מוזט עס טון. זאָל מען נאָר סולימאַן געפינען! אפרים וועט צוריקקומען און דו וועסט גיין צו דיין באַשערטער!**

**דן:**

**אפרים וועט נישט צוריקקומען! ער איז מיט איר אַוועק!**

**נעמי:**

**אפרים וועט נאָך היינט זיין צוריק. אַ ידיעה איז געקומען צו זיין פאָטער, חליפה. אָט גיי איך אַריין צו חליפהן. און דו, דן, שלאָג דיר אַרויס פון קאָפּ דעם ווינט, וואָס טראָגט אין דיר אַן בייזע רייד! קום נישט מער צו מיר, מיט אומ־ווירדיקע רייד!**

**דן** (גייט אַוועק נידערגעשלאָגן):

פאַרטרייבסט מיך, נעמי. צו אַן אָפּגרונט טרייבסטו מיך (ברומט אַ ניגונדל)! (דן אָפּ).

(נעמי גייט אַריין אין דעם באַלויכטענעם ייִדישן צימער. קוקט אויף דער אומאָרדענונג, אויף דעם געבויגענעם חליפה).

(חליפה קוקט אויף איר מיט בליקן פון טרויער, אַפּאַטיע).

**חליפה:**

דו, נעמי! אין דער פינצטערער שעה?

**נעמי** (מיט טרייסט):

**איר? איר, חליפה, פאַרצווייפלט?**

**חליפה** (רעדט ווי אַ פאַרשטאַרטער):

**מיט אונדזערע אייגענע הענט האָבן מיר דאָס פייער אָנגעצונדן. דו ווייסט פאַרוואָס איך פאַל אַריין אין עצבות? ווייל צוליב דעם, וואָס מיר האָבן רחמנות געהאַט אויף גאָטס באַשעפעניש, כמעט פון טויט זי אויסגעלייזט, האָט זי אונדז מיט אומגליק, מיט שלעכטס באַצאָלט... היינט, ווי אַזוי קען איין מענטש אויפן אַנדערן רחמנות האָבן?**

**נעמי:**

**אַלע ווונדן וועלן זיך פאַרהיילן, פאָטער חליפה.**

**חליפה** (ווי אין אַ טראַנס הערט נישט וואָס זי זאָגט):

**אין אַן אַלטן ספר ווערט געבּרענגט, אַז אַלע וועגן פון דער וועלט ליגן אָפּן**

פאַרן מענטשנס אויגן און אָנגעברייט פאַר זיינע פיס. אויך אַלע אומגליקן שטייען אָפן פאַרן מענטשן. פאַראַן אַזעלכע וואָס מאַכן גרויסע שפּרייזן, גאָטס כוח פּירט זיי פאַר די הענט. גייען זיי אַריבער די אומגליקן, די יסורים און קומען אַרויס אויפן פרייען וועג. פאַראַן ווידער אַנדערע, וואָס פאַרפּלאָנטערן זיך אין אומגליקן, אין צער אין רחמנא־ליצלן אין אַזעלכע זאַכן, ווער קען דאָס אויסרעכענען?

**נעמי:**

צו שווערע און צו קלוגע רייד פאַר די אויערן פון אַ פשוטער יידיש מיידל. איך וועל דעם פייערטאָפּ אויפבלאָזן און אייך אַ טעפּל טיי געבן!

**חליפה:**

באַמי זיך נישט, טאָכטער. איך דאַרף גאָרנישט. איך בין פון דער שבעה אויפגעשטאַנען נאָך מיין ווייב ציפורה און צו אַ ניי אומגליק דערגאַנגען! אפרים האָט שוין געדאַרפט דאָ זיין. ער דאַרף שוין זיין צוריק. ער וועט מוזן שווערן, אַז ער איז ריין. מען דאַרף האָבן ניסים מען זאָל די לילית־סו—לי—מאָ געפינען...

**נעמי:**

ער איז ריין, פאָטער, אַפילו אָן זיין שבועה! ער איז ריין און אומשולדיק, אפרים, ווי דער שניי אויף די שפּיצן פון די בערג...

(עס הערן זיך טריט. פון מיטוועג קומט אָן אפרים. ער איז צעשראָקן, פאַר־ווירט. ער קוקט אויף חליפהן, אויף נעמין).

**אפרים:**

טאַטע! טאַטע!

**נעמי:**

אפרים, געליבטער מיינער, גוט וואָס דו ביסט געקומען. אַ בלוטיקער בלבול הענגט איבער אונדז, ווי אַ שאַרפע שווערד. דן, דער גלעזער, מיט נאָך יידן האָבן זיך איינגעשטעלט פאַרן יידישן כבוד...

**אפרים:**

צו וואָס עס איז געקומען. דן דער גלעזער האָט זיך פאַר מיר געשלאָגן!

**חליפה:**

זיי האָבן דעם יידישן כבוד דערהויבן. עס איז גוט מיין קינד, וואָס ביסט געקומען באַווייזן דיין אומשולד. די מאַמע דיינע האָט שוין נישט דערלעבט צו זען דיך צוריק. די יסורים האָבן זיך געשטאַרקט איבער איר צוליב דעם אומ־גליק פון דער לילית און זי איז פון דער וועלט אַוועק. וועסט מוזן זיצן שבעה. צוערשט וועסטו שווערן אין דער אַלטער שול פון רחמים מקובל. פאַר די אויגן פון דעם היגן מרא־דאתרא, און פאַר אַן עדה יידן, אַז דיינע געדאַנקען האָבן

אַפֿילו נישט געבראַכט דיך צו גלוסטונג, צו דער זינדיקער ווייב, ביי אונדז אין הויז...

**נעמי:**

איך ווייס, אַז דו האָסט דיינע בליקן אַפילו נישט געווענדט צו איר, דו האָסט מיך ליב. די אַראַבער האָבן אויסגעטראַכט אַ בלבול. זיי ווילן אונדזער האָב און גוטס צונעמען. זיי זענען צערייצט. פון דער סולימאַ איז נישטאָ קיין שאָטן. אַלע זאָגן, אַז דו ביסט מיט איר אַנטלאָפן, ווייל זי האָט דיך אָנגערעדט צו זינד.

**אפרים:**

איך בין צעבראָכן וועגן דער מאַמעס אַוועקגיין פון דער וועלט. מיין צער האָט גאָרנישט קיין גרענעץ. ווי איז מיר! איך האָב זיך צו דער זינדיקער נישט דערנענטערט. איר לייב נישט געגלעט, די בליקן אירע נישט געטרונקען. צעבראָכן איז מיין געמיט, פאַרפייניקט איז מיין לייב, אַז צוליב מיר האָט זיך פאַרשפרייט אַן אומגליק. און וואָס וועט שוין העלפן, אַז איך וועל שווערן? צי וועט מען דערמיט דעם גזר צערייסן? די זינדיקע סולימאַ איז דאָך נישטאָ! אַ פינצטערער כוח וויל אונדז פונאַנדערריסן, נעמי!

**נעמי** (דערנענטערט זיך צו אים, רירט אָן זיין אָרעם מיט דער האַנט):

פינצטערע כוחות, אפרים, ווילן אונדז צעשיידן. פון אַלע זייטן וואַרפן זיי זיך אויף אונדז.

**חליפה** (ווי אין טראַנס שאָקלט זיך און זיין קול איז מיט טרויער, מיט ניגון און געוויין):

מיר לערנען אין די הייליקע ספרים, אַז ווען די סיטרא־אחרא שטאַרקט זיך איבער דער קדושה, דאַרפן ייִדן גוזר־תענית זיין, האַלטן זיך צוזאַמען, בעטן דעם באַשעפער ער זאָל עפענען דאָס טויער פון רחמים. קיין רחמנות קומט נישט פון ערגעץ. דאָס וואָרט רחמנות וואַלגערט זיך אין אַש און מיסט רחמנא־ליצלן.

**אפרים:**

דו האָסט מיט מיר געלערנט, טאַטע, אַז אויב חס־וחלילה די טויערן פון רחמים זענען געשלאָסן, איז אָבער דאָ אַ שעה, ווען דאָס טויער פון טרערן איז אָפן. דיין בטחון וואַלגערט זיך ביי דיינע פיס און קענסט אים נישט אויפהייבן!

**חליפה** (הערט נישט אפרימס רייד. רעדט ווייטער מיט דעם ניגון פון געוויין):

נאָכדעם ווי דו וועסט אַ שבועה אָפּגעבן אין דער אַלטער שול, וועלן עטלעכע ייִדן מיטן רב בראש, צוגיין צו די אַראַבישע שופטים און זיי איבערגעבן, אַז דו ביסט ריין פון זינד. אפשר וועט עס העלפן. ווייל אַ גרויסע סכנה הענגט איבער אונדז. מולאַי־כאַקים פאָדערט אַ נייעם משפט. דאָס ייִדישע האָב און גוטס וויל

ער, אויב מען וועט נישט די סולימאַ געפינען. מולאַי־כאַקים האָט איצטער אַ שעת־הכושר פאַר זיינע געלט־גלוסטעניש, פאַר זיין תאווה. געשלאָגן איז ער, דער אַראַבער, פון גאָט מיט דריי זאַכן: ער איז אַ בעל־מום, אַ געלט־גייציקער און אַ בעל־תאווה.

**נעמי:**

אפרים, דאַרפסט שוין צוגיין אין שול אַריין! דן דער גלעזער מיט זיין מחנה היטן די גאַסן, עס זאָל ווידער קיין געשלעג נישט אויסברעכן. מוטיק און מיט קראַפט איז ער געבענטשט, דער דן!

**אפרים** (באַליידיקט):

שוין עטלעכע מאָל איז דנס נאָמען אויף דיינע ליפן דערמאָנט געוואָרן, נעמי! ער גייט נאָך דיין שאָטן. וואָס וויל ער פון דיר? וואָס?

**נעמי** (שטיל):

צעריסן איז זיין האַרץ צוליב זיין קראַנקער כלה, דינה. זוכט ער טרייסט.

**אפרים:**

ער דאַרף ביי דיר נישט זוכן קיין טרייסט.

**חליפה** (שטעלט זיך אויף. ער איז געבויגן):

אפרים, קום מיט מיר! אין דער אַלטער שול איז שוין פֿאַרזאַמלט אַן עדה ייִדן. זיי וואַרטן אויף דיין צוריקקומען. יעדע מינוט איז טייער. זאָלן דיינע ליפן נישט ציטערן, מיין קינד, זאָלן דיינע געדאַנקען זיין קלאָר, זאָל דיין קול זיין לויטער. פאַר גאָט וועסטו ריידן. אַ שבועה — דאָס זענען רייד צום באַשעפער!

**אפרים** (ציטערט):

העלף מיר גאָט אין דער פינצטערער שעה! העלף מיר!

(זיי גייען אַרויס. פון צווישן פובליקום גייען אַרויף אויף דער בינע עטלעכע ייִדן. עס אַנטפּלעקט זיך אַ פּרוכת איבער אַן ארון־קודש. עס הערט זיך אַ שטיל געזאַנג און דאָס שעפּטשען פון תהילים. אפרים גייט צום פּרוכת, גיט עס אַ קוש און הייבט אויף דעם קאָפּ צו די פאַרזאַמלטע).

**אפרים** (מיט אַ לויטער קול):

איך גיב אָפּ אַ שבועה פאַר גאָט, אַז איך בין אומשולדיק. איך האָב נישט געטון גענענען צו דער אַראַבישער ווייב, סולימאַ!

(ער ענדיקט נישט די שבועה. עס קומט האַסטיק אַרויף דער סופר פון אַראַ־בישן בית־דין. שטעלט זיך פאַר אפרימען און פאַר די ייִדן).

**סופר** (שניידיק מיט זיין דין קולכל):

**ווו איז סולימאַ? אויב זי לעבט זאָל זי קומען און באַווייזן דיין אומשולד! אויב זי לעבט זאָל מען זען, אַז איר האָט זי נישט אומגעבראַכט. זי איז נישטאָ! זי איז נישטאָ! איך וועל אפרימען וואַרפן אין תפיסה, ביז סולימאַ וועט זיך באַווייזן! קום מיט מיר!**

(אפרים בייגט אַראָפּ דעם קאָפּ. מען הערט נעמיס העשען).

(פאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 2 פון דריטן אַקט

(דאָס אַראַבישע צימער רעכטס איז באַלויכטן. עס איז די דירה פון דעם אייזל־סוחר אַבדול־יאַזיד. אויף אַן אויסגעריבן טעפּיכל זיצט מולאַי־כאַקים און אַבדול־יאַזיד. ביי זייער זייט שטייט אַ טישעלע מיט טעפּעלעך קאַווע. ביידע מענער זענען אויפגעלייגט. אינעם פענצטערל פון דער וואַנט באַווייזט זיך דער קאָפּ פון קאַרני, אַ יונגע שיינע פרוי, די שנור פון אַבדול־יאַזיד).

**קאַרני** (מיט אַ קלינגענדיק קול):

מעג מיין מויל פרעגן, אויב מיין שווער און האַר, אַבדול־יאַזיד, האָט נישט ערגעץ ווו געזען מיין מאַן מוסטאַפאַ?

**אַבדול־יאַזיד** (מיט אַ גראָב קול):

אויב מיינע געדאַנקען נאַרן מיך נישט, דאַרף מוסטאַפאַ זיין אין הויף ביי די אייזלען, אָדער אין קאַמער ביי זיין שוואַרצן פערד.

**קאַרני:**

איך האָב אין ביידע ערטער געזוכט און דעם שאָטן פון מיין מאַן, מוסטאַפאַ, נישט אָנגעטראָפן.

**אַבדול־יאַזיד:**

איז ער מן־הסתם אַוועק אויף יאַגד שיסן חיות, הירשן און פייגל!

**קאַרני:**

ער איז נישט אַוועק אין די בערג שיסן חיות. זיין פערד איז דאָ אין קאַמער. איך וויל לאָזן וויסן מיין האַר און שווער, אַז מיין מאַן, מוסטאַפאַ, איז מיר נישט געטריי. די פאַרשייטע ווייב האָט זיך דאָ באַוויזן.

**מולאַי־כאַקים** (שפּרינגט אויף):

אַ פאַרשייטע! ווער איז זי? ווער?

**אַבדול־יאַזיד:**

איך ווייס נישט. וויניק פאַרשייטע ווייבער זענען דאָ היינט! אַ נייעס!

**קאַרני** (דראָענדיק):

איך וועל מיין מאַן, מוסטאַפאַ, די אויגן אויסברענען. די ליפּן זיינע מיט סם איינשמירן.

**אַבדול־יאַזיד:**

דו, קאַרני, ביסט צו היציק מיט רייד. איך וועל דיינע פליגל צעברעכן אויב וועסט עס טון. ער איז מיין בלוט און פלייש. ער איז אַ סורר־ומורהניק, אַ הולטיי אָבער מיין זון!

**קאַרני:**

איך בין זיין ווייב. איך בין יונג, מיינע האָר שמעקן, מיין לייב איז בייגעוודיק. מיין בויך קען דעם שענסטן טאַנץ אויספירן, מיינע ליפּן זענען זאַפטיק און וואַרעם, פאַרוואָס לויפט ער צו דער צויג און מיך לאָזט ער אַ פאַרבענקטע וואַרטן אויף אים טעג און נעכט?

**אַבדול־יאַזיד** (שטרענג):

איך וועל די זאַך אויספאָרשן און איצט לאָז מיך ריידן צו מיין פריינט מולאַי־כאַקים!

(קאַרני אָפּ).

(זי פאַרשווינדט פון פענצטערל).

**מולאַי־כאַקים** (הייבט זיך אויף, רעדט מיט חניפה, זיס און שפּיציק):

איצטער, אַז מיר זענען אַליין, טו איך זיך בוקן צו דיר ליכטיקער האַר אַבדול־יאַזיד. איך, דער אָרעמסטער פון די אָרעמסטע, דער נידעריקסטער פון די נידעריקסטע, בייג זיך פאַר דיר ביז צו די לענדן און וואַרט צו הערן פון דיין מויל וואַרעמע רייד!

**אַבדול־יאַזיד** (מיט געמאַכטער פריינטלעכקייט):

זיי געבענטשט אין מיין הויז, פריינט און האַר מיינער מולאַי־כאַקים. וואָס האָט דיך געבראַכט צו מיר? אַלץ וואָס דו זעסט קענסטו פאַרלאַנגען און מיט אַללאַהס רצון וועסטו עס באַקומען!

**מולאַי־כאַקים:**

עס זענען נישטאָ קיין ווערטער אין מיין אָרעם מויל דיר צו דאַנקען. איך דאַרף האָבן צען אייזלען געזונטע, גוטע שטאַרקע! בלויז אויף עטלעכע טעג דאַרף איך זיי!

**אַבדול־יאַזיד** (שפּיצט זיך אָן):

וואָס דאַרפסטו פּלוצלינג צען אייזלען, מולאַי־כאַקים? עס איז איצטער נישט קיין צייט צו פירן תבואה אין שטאָט אַריין, אויך נישט קיין געשוואַנדענע פעלן, אפשר אַ נייַ ווייב אין הויז אַריינפירן. האַ? כע־כע־כע!

**מולאַי־כאַקים:**

נישט קיין תבואה דאַרף איך אין שטאָט אַריין פירן, אויך נישט קיין ניי ווייב! אין אַ קורצער צייט אַרום וועל איך אפשר אין מיין אָרעם הויז אַריינפירן אַ ניי

ווייב, דעמאָלט וועסטו ביי מיין טיש זיצן אויבנאָן, דעם בעסטן חלק פון אַ פּעטן שעפּס וועסטו באַקומען. אַ גרויסע שעה וועט באַלד שלאָגן פאַר מיר, פריינט מיינער!

**אַבדול־יאַזיד:**

אפשר קענען מיינע אויערן פאַרנעמען דעם סוד?

**מולאַי־כאַקים:**

דיר איז זיכער באַקאַנט, אַז איך האָב מיין אומגעטריי ווייב, די טאָכטער פון קעמדאַן דעם קאָסאַקן, צום משפט געבראַכט. אַ רייכער ייִד האָט זי אויסגע־לייזט, אָבער דער ייִד און זיין זון האָבן הייס בלוט, האָבן זיי פאַראומווירדיקט די דינסט און זי אומגעבראַכט. פאַרשלעפּט אין די בערג, אָדער אין אַ קעלער אי־ר טויט לייב אויסבאַהאַלטן. ווי נאָר איך האָב דאָס געהערט, האָב איך מיינע לענדן אָנגעגורט און געלאָפן געדעכטיקייט זוכן. אַ נייעם משפט האָב איך פאַרלאַנגט. מאָרגן פרי וועט דער משפט זיין. נאָכדעם וועט מען קענען די פאַרמעגנס ביי אַלע ייִדן פון סאפי צונעמען. דעריבער דאַרף איך צען געזונטע אייזלען, כדי אויף זיי אָנצולאָדן דאָס האָב און גוטס פון די ייִדן. גאָלד און זילבער וועט מען נעמען, טעפּיכער און מלבושים. דו קענסט אויך געניסן!

**אַבדול־יאַזיד:**

די ייִדן אין סאַפּי זענען דאָ אָרעם, זיי האָבן נישט די אַלע זאַכן, וואָס דיינע ליפּן האָבן אַרויסגעבראַכט!

**מולאַי־כאַקים:**

זיי האָבן! גרויסע רייכטימער וואַלגערן זיך אין זייערע קעלערס! איך וועל מיר צונעמען זאַק־רויב וויפל מיין האַרץ וועט גלוסטן! (אַביסל דערשראָקן): ווער איז די פאַרשייטע ווייב, וואָס קאַרני האָט דערמאָנט?

**אַבדול־יאַזיד** (זייטיק):

עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, די קאַרני. אירע אויגן זענען גרעסער ווי איר שכל און זי איז אויף איר מאַן בייז, מסרט זי אויף אים. רעדט נישט פאַר־גינערישע רייד! עס איז גאָרנישט. איצטער וועל איך הייסן מיינע יונגען דיר געבן די אייזלען!

(ער ווענדט זיין קול צום הויף).

העי! העי! יונגען! שפּאַנט איין צען פון מיינע בעסטע אייזלען און גיט זיי צו מולאַי־כאַקימען! אויך אַ פערטל געבראָטענעם שעפּס זאָל מען אים מיטגעבן אויפן וועג, זיין פאַרחלשט האַרץ צו דערקוויקן!

**מולאַי־כאַקים:**

איך בוק זיך פאַר מיין פריינט מיט גרויס הכנעה און דאַנק. דו ביסט אויף אַן אמת מיר אַ פריינט אין אַן עת־צרה, אַבדול־יאַזיד!

(מולאַי־כאַקים אָפּ).

(אַבדול־יאַזיד זיצט פאַרזונקען אין געדאַנקען. עס הערט זיך דאָס קול פון דער משוגענער מזלה).

**קול פון מזלה:**

סולימאַ איז נישט אין הימל געפלויגן. די שטערן האָבן נישט געלאָזט. מיין חתן, שמאַי, וואַרט אויף ליכטלעך און צוקער. אַ גרויסע סעודה וועט דאָרט זיין. מוסטאַפאַ, דער אָדלער, וועט צו מיין חתן אַרויף. סולימאַ וועט אין מאַרק מיט די שדים טאַנצן. כי־כי־כי!

**אַבדול־יאַזיד** (וואַכט אויף. שרייט):

מוסטאַפאַ! מוסטאַפאַ! מוסטאַ—פּ—אַ!!! פאַרטרייבט די משוגענע! יאָגט איר אין גיהנם אַריין! מוסטאַפאַ! מוס—טאַ—פּאַ!

(מיט האַסטיקע טריט קומט אַן אַ הויכער יונג. ענלעך שטאַרק צו אפרימען. ער איז געקליידט, אין אַן אָפּגעריבן רעקל. טשופּרינע האָר. נייגט זיך פאַר אַבדול־יאַזיד).

**מוסטאַפאַ** (מיט אַ שטיל קול):

איך האָב פאַרנומען מיין פאָטערס געשריי און איך בייג זיך טיף.

**אַבדול־יאַזיד:**

ווו שלעפסטו זיך אַרום גאַנצע טעג און נעכט. רייטסט אויף דיין פערד, פרעסט און טרינקסט און יאָגסט זיך נאָך פרעמדע ווייבער. זולל־וסובאניק! סורר־ומורה! הולטיי! פאַרוואָס פאַרטרייבסטו נישט די משוגענע פון דאַנען?

**מוסטאַפאַ:**

איך האָב שוין די משוגענע פאַרטריבן! וואָס איז מיין פאָטערס קול פול מיט גרימצאָרן?

**אַבדול־יאַזיד:**

מאַך נישט קיין פרום פנימל! זאָג מיר ווו באַהאַלסטו אויס סולימאַן? די פאַרשייטע סולימאַ? זאָלן דיינע ליפּן נישט לייקענען, מוסטאַפאַ!

**מוסטאַפאַ** (מיט אַ פרום פנים):

איך ווייס נישט פון קיין סולימאַ, פאָטער!

**אַבדול־יאַזיד:**

שווייג, הולטיי! ליידיקגייער! שוין זאָלסטו זאָגן! מען ווייסט, אַז זי איז ערגעץ

באַהאַלטן אין הויף אין די שטאַלן. דו האָסט זי באַהאַלטן, האָסט מורא פאַר דיין ווייב קאַרני! שוין זאָלסטו זי אַריינפירן פאַר מיינע אויגן!

**מוסטאַפאַ** (מיט אַ העכער קול):

מיין פאָטער שרייט און איך ווייס נישט וואָס צו זאָגן! איך האָב נישט געזען קיינמאָל סולימאַן, די טאָכטער פון קעמדאַן און דאָס אומגעטרייע ווייב פון מולאַי־באַקים.

**אַבדול־יאַזיד** (ווילד, בייז):

דו ווייסט שוין וועמען איך מיין! זאָג ווו זי איז! זאָג!

(מוסטאַפאַ שווייגט. אַבדול־יאַזיד געררייצט, וואַרפט זיך אויף אים מיט גע־ביילטע פויסטן, שלאָגט אים).

**מוסטאַפאַ** (מיט געבעט):

לאָז מיך אָפּ! דערהרגע מיך נישט! איך וועל זאָגן. זי וועט באַלד דאָ זיין!

**אַבדול־יאַזיד** (שטעלט זיך אויף, מאַכט זיך צורעכט דאָס פנים, די מלבושים און רעדט אַביסל ווייכער):

הער! מיט אַ ווײַלע צוריק איז דאָ געווען דער הונט, דער גרעסטער שונא מיינער, מולאַי־כאַקים, דער טייוול. ער זאָל אייביק ברענען אין גיהנום און זיין לייב זאָל געפרעסן ווערן פון הונגעריקע שאַקאַלן. ער האָט געמאַכט אַ פרומען פנים, מיט אַ פאַלש געבעט איז ער געקומען. ער האָט ביי מיר אויסגעבאָרגט צען אייזלען, ווייל ער וויל צונעמען דאָס האָב־און־גוטס פון די אָרעמע יידן אין סאַפי. איך האָב אים געבאָרגט די צען אייזלען, ווייל איך וויל דעם קרעציקן הונט אָנטאָן אַ שפּיצל, ער זאָל זיך האָבן צו קראַצן זיין גאַנץ לעבן. דער קאַרגער הונט! מיין שוועסטער איז אַמאָל געווען זיין ווייב, האָט ער מיט זיין קאַרגשאַפט זי פאַר־מוטשעט צום טויט!

**מוסטאַפאַ:**

וואָס אַרט מיך פאָטער, אַז מולאַי־כאַקים וועט צונעמען ביי יידן זייער האָב־און־גוטס? זיין ווייב איז דאָך פאַראומווירדיקט געוואָרן אין אַ יידיש הויז!

**אַבדול־יאַזיד** (בייז, שרייט):

שווייג, דו געמיינער הולטיי! דו נבזהניק! וואָס האָבן דיר יידן געטון שלעכטס, האַ? האָסט געקויפט אַן אָרעמבאַנד ביי לוי דעם גאָלדשמיד און ביז היינט נאָך נישט באַצאָלט! די יידן זענען אָרנטלעכע מענטשן. אַזוי ווי מיר! זיי האָרעווען שווער צו פאַרדינען אויף דעם אָרעם אויסקומעניש. אַללאַה הייסט נישט פיינט האָבן יענעם! שווייג און ברענגט אַריין סולימאַן!

(מוסטאַפאַ גייט אַרויס. זוימט זיך אַ קליינע ווײַלע און קומט צוריק מיט

סולימאַן. זי איז דערשראָקן. שיין און גערייצט. אַבדול־יאַזיד באַטראַכט זי פון אַלע זייטן. דרייט זיך די וואָנצעס.

**אַבדול־יאַזיד:**

**המ... הער סולימאַ! אַזוי ווי די זון וועט מאָרגן פרי אָנצונדן די שפּיצן פון די אַטלאַס־בערג, זאָלסטו זיך באַווייזן פאַר מיינע אויגן!**

**סולימאַ** (מיט אַ שטילן קול):

**יאָ מיין האַר!**

**אַבדול־יאַזיד:**

**איך וועל דיך אַרויפזעצן אויף אַן אייזל און מיר וועלן רייטן קיין סאַפי צום טויער „דעם נביאס אויג" און דאָרט וועסטו מיט אַללאַס רצון ריידן פאַר די שופטים פון בית־דין...**

**סולימאַ** (גיט זיך אַ צאַפּל):

**מען וועט מיך ווידער פייניקן? איך וויל נישט! איך וויל נישט!**

**אַבדול־יאַזיד** (בייז):

**שריי נישט, פאַרשייט שטיק! מען וועט דיר נישט טון קיין שלעכטס! איך וועל דיך באַשיצן. דאָרט וועט זיין אַ משפט קעגן דעם ייִד חליפה בענסוסאַן און זיין זון, אפרים!**

**סולימאַ:**

**אפרים? דער ייִדישער אָדלער? ער איז אַ שלעכטער! ער האָט מיך פאַרטריבן פון זיך!**

**אַבדול־יאַזיד:**

**פאַרוואָס האָט ער דיך פאַרטריבן?**

**סולימאַ:**

**ער איז ענלעך צו מוסטאַפאַן, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. אַזוי ווי מוסטאַפאַ האָט מיך נישט געוואָלט ראַטעווען פון דעם תליונס הענט. דער ייִד האָט מיך יאָ געראַטעוועט, האָב איך דעם ייִד ליב געקראָגן. אָבער, ער, האָט מיך אָפּגעשטופּט פון זיך. ער האָט אַ כלה!**

**מוסטאַפאַ:**

**ביסט אַ פאַלש שטיק!**

**אַבדול־יאַזיד:**

**שווייג, מוסטאַפאַ! און דו, סולימאַ, האָסט אויסגעטראַכט, אַז מען האָט דיר שלעכטס געטון. מען זאָגט, אַז די ייִדן האָבן דיך דערהרגעט. די גאַנצע שטאָט מיינט, אַז דו ביסט טויט! איז דאָס שיין? דאַרפסטו אַזוי האַנדלען קעגן דיין רעטער?**

**סולימאַ** (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ פֿאַר בושה):

סולימאַ וועט מער אַזוי נישט טון. סולימאַ איז אַ שלעכטע!

**אַבדול־יאַזיד** (שטרענג):

אַזוי ווי מען וועט מאָרגן משפּטן די צוויי ייִדן, פֿאַר דעם וואָס זיי האָבן דיך דערהרגעט, זאָלסטו דייַן פּנים אויפדעקן און אַ געשריי טון, אַז דו ביסט דאָ. און זאָלסט אַלץ דערציילן. דעם אמת זאָלסטו זאָגן!

**סולימאַ:**

דעם אמת...

**אַבדול־יאַזיד:**

הער! דער הינקענדיקער רשע, מולאַי־כאַקים, איז הייַנט דאָ געווען. אייזלען האָט ער געבאָרגט. ער וויל מאָרגן רייַך ווערן פון דעם ייִדישן האָב־און־גוטס, ווייל די ייִדן האָבן דאָך דיך דערהרגעט — זאָגט ער!

**סולימאַ:**

דער הינקענדיקער שד? ער וויל רייַך ווערן! ער? איך וועל מיט אייך, מייַן האַר, אַבדול־יאַזיד, מיטגיין מאָרגן פרי! איך וועל אַלץ דערציילן.

**אַבדול־יאַזיד:**

גוט! מיט אַללאַהס רצון. וועט אַלץ זייַן גוט! דער הינקענדיקער מולאַי־כאַקים וועט באַקומען אַ קרענק. ער וועט בלייבן מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג. די ביינער זאָלן אים צעריבן ווערן און דער ווינט זאָל זייער שטויב צעטראָגן אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט!

**סולימאַ:**

יאָ, מייַן האַר! קען איך שוין גיין? איך וועל דאָ זייַן מאָרגן פרי!

**אַבדול־יאַזיד** (שטרענג):

ניין! דאָ וועסטו נעכטיקן! איך וועל אַלע טירן פאַרשליסן און פאַרריגלען אויף זיבן ריגלען. דאָ בלייב! איך טרוי נישט קיינעם, אַפילו נישט דעם ווינט אין פעלד. ווען די אייזלען וועלן הירזשען, די הענער וועלן קרייען און די זון וועט אַריינשיקן די ערשטע שטראַלן, וועל איך דיך אויפוועקן. זייַ גרייט, סולימאַ! מיט אַללאַהס רצון, וועסטו מאָרגן פרי זאָגן דעם אמת. איצטער גייען מיר אַרויס! קום, מוסטאַפאַ! סולימאַ בלייבט אַליין! אויף זיבן ריגלען וועל איך זי פאַרשליסן!...

(פאָרהאַנג פאַלט).

## בילד 3 פון דריטן אַקט

(דאָס ייִדישע צימער — לינקס איז באַלויכטן. אין שטוב איז אַלץ אויפגע־רוימט. אויפן טיש ליגט אַ ווייס טישטעך. צוויי לייכטער שטייען מיט ברענענדיקע ליכט. ביים טיש זיצט חליפה בענסוסאַן, מסעוד דער שניידער, נעמיס פּאָטער, אפרים. נעמי זיצט אויף אַ שטול און נייט אויף אַ ווייס שטיקל געוואַנט).

**מסעוד דער שניידער** (אַ פרייִלעכער ייִד מיט אַ פּאַרלעגן שטימעלע):

**איך וועל מיין טאָכטער, נעמי, געבן נדן לויט דער רייכקייט, וואָס געפינט זיך אין מיין שאַצקאַמער. דהיינו: דריי ליילעכער געוואַשענע, אַ בעטצודעק, דריי העמדער. אויב מיינע הענט וועלן נישט ליגן אין גאַרטל, וועל איך איר אויך אַ קלייד געבן!**

**חליפה** (קוקט אַריין אין אַ ספר):

**האָסט דאָך בשעת דעם שרייבן די תנאים צוגעזאָגט פינף און צוואַנציק זיל־בער־מטבעות, מסעוד, כדי אפרים זאָל זיך קענען פאַרלייגן אַן אייגענעם אַרבעטס־טיש!**

**מסעוד** (פרייִלעך):

**איך האָב גראָד אַ נאַכט פאַר די תנאים געהאַט אַ גוטן חלום. עס האָט זיך מיר געחלומט ווי אַן אַראַבישער עפענדי ברענגט מיר אַן אַלטע אַבאַיע צו פאַר־ריכטן און פון די קעשענעס פאַלן אַרויס זילבערנע מטבעות, נייע, גלאַנציקע. איז האָב איך אָנגעהויבן ציילן און ציילן, ווען איך האָב געהאַלטן ביי דער פינף־און־צוואַנציקסטער מטבע, האָב איך געכאַפּט אַ שטורך אין דער זייט פון מיין יונג יששכר, ווען ער האָט זיך איבערגעדרייט. איר ווייסט דאָך, חליפה, מיר שלאָפן זעקס שטיק אויף דער מאַטע!**

**נעמי** (מיט אַ שמייכל):

**נו, נו, ווו זענען די מטבעות אַהינגעקומען?**

**מסעוד:**

**איך בין אויפגעקומען. געוואָלט פותר חלום זיין ביים כאַכאַם ר׳ דניאל, אָבער אין מיין שניידערשן קאָפּ בין איך געקומען צו דער הסכמה, אַז מיינען**

מײנט מען: איך דאַרף צוזאָגן פֿינף־און־צוואַנציק מטבעות נדן פֿאַר מײן טאָכטער נעמי, און איך האָב מקיים געװען! איך האָב צוגעזאָגט דעם גאַנצן אוצר. אפֿשר בין איך נישט קײן ערלעכער מאַן, בין איך נישט אַן ערלעכער שנײדער?

**חליפֿה:**

דאָס איז נישט קײן דרך. אַ חלום איז אַ חלום און נדן דאַרף זײן נדן!

**מסעוד:**

נו, על־כּן?

**אפֿרים:**

װאָס האָט מען זיך צערעדט װעגן נדן? מיר דאַרפֿן דאָך אַלע גומל־בענטשן, אַז מיר זענען געבליבן לעבן. אַז איך בין אַרויס פֿון דער תּפֿיסה. אַ נאַכט אַ גאַנצע בין איך דאָרט געװען, האָב איך געהאַט געװג, און אַז דער אמת האָט זיך באַװיזן װי בוימל אויפֿן װאַסער. איר האָט געדאַרפֿט זען, מסעוד, װי מיר האָבן אויסגעזען בײַם לעצטן משפּט! דער חלף איז געלעגן אויף אונדזערע העלדזער. איך האָב גוט געהערט, װי דער טאַטע האָט געזאָגט װידוי. זײַנע ליפּן האָבן געשעפּטשעט װאָרט בײַ װאָרט. איך האָב זיך געזעגנט מיט דער װעלט.

**חליפֿה:**

דאָס טויער פֿון טרערן איז געװען אָפֿן. גאָטס דערבאַרעמדיקע האַנט האָט זיך געשפּרײט איבער אונדז. װען דער אַראַבישער שופֿט האָט שוין געזאָלט אויף זײַנע ליפּן ברענגען דאָס װאָרט: שולדיק! און אונדז פֿאַרמשפּטן צום טויט, האָט זיך געהערט אַ געשרײ פֿון דער קלײנער חצופֿה: אַז זי איז דאָ! — האָט זי גע־שריגן! — זי לעבט! קײן שום ייִדישע האַנט האָט איר נישט שלעכטס געטון! איך האָב אָנגעהויבן קומען צו זיך, געזען דאָס נס פֿון הימל און געטראַכט: אַפֿילו אין אַ פֿאַרשײטע, אין אַ זונה, איז פֿאַראַן אַ גרויסע נשמה. אַ דערהויבענע נשמה! אויב דאָס לײַב איז נאָר נישט אָנגעגאָסן מיט רציחה, מיט גלוסטונג צו פֿאַרגיסן בלוט. זי איז נאָר געשטראָפֿט מיט שטיפֿערישקײט, מיט זינד, רחמנא־ליצלן, זי האָט אַ לויטערע נשמה!

**נעמי:**

אַפֿילו אַ זינדיקע, האָט אַ לויטערע נשמה? אַפֿילו סולימאַ?

**חליפֿה:**

יאָ. זעסט דאָך מײן טאָכטער! מיט איר אײגן מויל האָט זי געראַטעװעט די גאַנצע ייִדישע עדה פֿון דער גרעסטער סכּנה. אויך איר פֿאָטער, קעמדאַן, האָט זי געטריבן דערצו. ער איז אַן אָרנטלעכער אַראַבער, איר פֿאָטער, אַ זינגער, אַ פֿרײַער פֿויגל. ער האָט בשעת דעם פּאָגראָם נישט געלאָזט מאָרדן ייִדן.

**נעמי:**

סולימאַ. אַ הויכע נשמה, הערסט אפרים!

**אפרים:**

איך האָב עס געוווּסט. זי איז אַ שטיפערקע. הייס בלוט. זי קען נישט טון קיין שלעכטס. אירע אויגן זענען באַשאַפן צו ליבשאַפט, נישט צו קיין שלעכטס!

**נעמי** (דערשראָקן):

ווי אַזוי רעדסטו, אפרים, וועגן אַ זינדיקע ווייב? צוויי טעג פאַר אונדזער חתונה. איך האָב מורא, אַז דו טראַכסט וועגן איר!

**מסעוד:**

ביי אירע זיבעצן יערעלעך, איז זי נישקשה פון אַ ווייבל. אַ שטיק יפת־תואר. אירע אויגן ברענען מיט אַ פייער פון אַ הייסן מידבר־שטורעם!

**נעמי:**

דו רעדסט דאָך, טאַטע, ווי אַ פאַרכישופטער, אַ באַנומענער!

**אפרים:**

פאַרגעס אין איר, נעמי. רייס אַרויס פון דיין זכרון איר געשטאַלט!

**נעמי:**

און דו?

**אפרים:**

איך אויך...

**חליפה:**

היינט, וואָס זאָגט איר צו דעם „גערעכטן משפט" זייערן? נאָכדעם ווי זיי האָבן אונדז געפונען אומשולדיק. האָבן די שופטים געמשפט, אַז איך מוז אַוועקגעבן אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן זיי — די שופטים און סולימאַן, ווייל פאַרשעמט איז זי, סולימאַ, געוואָרן אין מיין הויז. באַלד האָבן זיי געשיקט אַ שאַצער און דער שאַצער האָט אין מיין אָרעמער קראָם צוגענומען אַ העלפט פון אַ נאָדל ביז מיין צעריסענעם טלית. אַלץ האָט ער גענומען. איצטער בין איך נאַקעט און באָרוועס.

**אפרים:**

האָסט געדאַרפט זען מולאַי־כאַקימען! ער האָט געחלשט. געשפרונגען אויף איין פוס. געקלאַפט דעם קאָפּ אויף דער ערד. און געשריגן, אַז די ייִדן האָבן אים בדלות געשטעלט. זיי האָבן זיך נישט געלאָזט צונעמען זייער האָב־און־גוטס. זיי האָבן זיך נישט געלאָזט באַרויבן. אַבדול־יאַזיד האָט געלאַכט און מולאַי־כאַקים האָט געשאָלטן זיין פינצטערן מזל. ער האָט שוין געהאַט אַ שעת־הכושר רייך צו ווערן מיט רויב, האָט די השגחה זיך אין אים נוקם געווען, אַ לאַנגע צונג איז אַרויסגעשטעקט. זעלפאַ — איינע פון זיינע ווייבער האָט גערעדט מיט גאַל און דער ווינט האָט צעטראָגן אירע רייד. זי האָט געזאָגט: „מולאַי־כאַקים, מולאַי־

כּאַקים! דיין גאַנץ לעבן יאָגסטו זיך נאָך דעם שאָטן פון געלט און גליק און דער שאָטן אַנטלויפט פון דיר, לאַכט פון דיר!"

**נעמי** (פאַרחלומט):

ווו איז איצטער סולימאַ?

**אפרים:**

פאַרוואָס רייסטו נישט אַרויס איר געשטאַלט פון דיין מוח?

**נעמי:**

עס איז אַ פינצטערער קאָשמאַר. זי האָט זיך פאַרליבט אין דיר, ווייל דו האָסט דאָס זעלבע געשטאַלט פון איר געליבטן, מוסטאַפאַ?

**אפרים:**

יאָ. אָבער מוסטאַפאַ האָט זיך צעשלאָגן מיט מולאַי־כּאַקימען, איבער דער סולימאַ.ביידע אַראַבער האָבן זי ליב געהאַט. איינער פון די צוויי איז שוין זיכער טויט. זיי האָבן זיך געשלאָגן מיט מעסערס, פויסטן און מיט די ציינער זיך איינ־געביסן איינער אינעם אַנדערנס ווּשט. טראַכט נישט מער, נעמי, פון זיי!

(גייט צו נאָענט צו נעמין, גלעט אירע האָר):

האָסט געלאָזט וויסן אַלע דיינע באַקאַנטע וועגן אונדזער חתונה, וואָס וועט אם־ירצה־השם פאָרקומען אין דריי טעג אַרום?

**נעמי:**

יאָ, אפרים!

(פּלוצלינג הערט זיך דאָס קול פון מזלה).

**קול פון דער משוגענער מזלה:**

פון מיין מויל פאַלט די בשורה. דן דער שטאַרקער איז אַרויף אין הימל צו מיין חתן, שמאי. כּי־כּי־כּי!

(אַלע אין שטוב ציטערן אויף. נעמי גיט זיך אַ צאַפּל. פאַלט אין חלשות).

**אפרים:**

וואַסער! וואַ—סער! מונטערט זי!

**נעמי** (קומט צו זיך, שוואַך):

מזלה זאָגט, אַז דן איז... טויט. טויט...

**קול פון דער משוגענער מזלה:**

דן איז געווען אַ שטאַרקער בוים, האָבן זיי אים אונטערגעשניטן... אין הויף ליגט ער, אין בלוט ווייקט ער זיך צווישן די שטיקער גלאָז פון זיינע שויבן־פענצטער... דינה, זיין כּלה, לאַכט און וויינט, זי איז שוין געלאָפן צו דנען... זי רופט מיך אין די נעכט... דן דער גלעזער האָט אַ סך ליכטלעך און צוקער פאַר מיין חתן, שמאי, מיטגענומען. כּי־כּי־כּי!

(אפרים רייסט זיך אויף פון אָרט, לויפט אַ צעקאָכטער אַרויס אין דרויסן. אַלע אין שטוב זענען שווייגענדיק, זיצן און שטייען פאַרגליווערט. מסעוד — ווי אַ פראַגעצייכן. נעמי זוכט וועמען מיט די אויגן. חליפה עפנט אויף אַ ספר. אין אַ ווײַלע אַרום קומט צוריק אפרים אַ צעשויבערטער. ער קען קוים אָפּעטעמען).

**אפרים:**

**דן דער גלעזער איז טויט. די אַראַבער האָבן אים דערהרגעט! איך בין שול־דיק. איך! צוליב מיר איז ער אומגעקומען! צוליב מיר! זיי האָבן זיך אין אים נוקם געווען פאַר זיין שטאַרקן ווידערשטאַנד.**

**חליפה:**

דן איז געפאַלן אַ קרבן. מקדש־השם געווען!

**קול פון דער משוגענער מזלה:**

**מולאַי־כאַקים און מוסטאַפאַ דער אָדלער האָבן זיך צעשלאָגן אויף טויט! זיי טאַנצן אין הימל אַריין צו מיין חתן, שמאַי. ער גרייט פאַר זיי אַ גרויסע סעודה. כיי־כיי־כיי!**

(איר געזאַנג דערווייטערט זיך. לעשט זיך ווי אַן עכאָ אין די בערג).

**נעמי** (ציטערט. איר קול איז געבראָכן):

**וואָס וועט איצטער זיין מיט דינהן?**

**מסעוד:**

**נאָך אַ משוגענע אין שטעטל!**

**אפרים:**

**דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז דן איז געפאַלן אַ קרבן. מקדש־השם געווען...**

**נעמי:**

**נישט דאָס מיין איך. ער... ער האָט מיך...**

**מסעוד** (רעדט. קיינער הערט אים נישט):

**עס ווערט שפעט. מיטן קריי פון האָן מוז איך אויפשטיין. דן... אַ פרישער קרבן. איך מוז שוין אַהיים גיין. מיין פאַרהאַרעוועט לייב אויסרוען. אפשר וועל איך די נאַכט אויך האָבן אַ גוטן חלום. ס'איז די איינציקע צייט, ווען מיר איז גוט, ווער שמועסט נאָך, אַז עס פאַלן זילבערנע מטבעות, אפילו אין חלום, איז עס גוט.**

(קיינער הערט אים נישט. אפרים און נעמי שטייען פאַרשטאַרטע. חליפה לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ אויפן ספר און שלאָפט איין. מסעוד גייט אַרויס).

**נעמי** (ווי אין אַ טראַנס):

**דן האָט מיך ליב געהאַט. ער האָט זיך פאַר אונדז מקריב געווען. אַ קרבן זיך אַליין געבראַכט, דאַרפן מיר אויך ברענגען אַ קרבן. איך... וועל אַוועקגיין פון דיר, אפרים.**

**אפרים** (גיט זיך אַ שטאַרקן צאַפּל):

**איך האָב אויך אַזוי געטראַכט, נעמי!**

**נעמי:**

**דו, אפרים, וועסט דנס כלה די טרערן פון די אויגן אויסווישן, טרייסט איר געבן. איר באַשיצער ווערן, אפשר וועט זי געגעזן ווערן און וועסט מיט איר חתונה האָבן... איך וועל דעם ווי אין מיין האַרץ איינשטילן.**

**אפרים:**

**איך וועל אָן דיר נישט קענען לעבן.**

**נעמי:**

**וועסט מוזן. וועסט דיין נשמה אויסקויפן. דו ביסט אפשר דער שולדיקער אין דנס טויט. דו... מיר אַלע. מיר האָבן רחמנות געהאַט.**

**אפרים:**

**איך וועל גיין צו דינהן, אונטער מיינע פליגל זי נעמען. חתונה האָבן מיט איר. פינצטער וועט זיין דער וועג.**

**נעמי:**

**מען קען נישט אַנדערש. נעם מיך אַרום, אפרים, איידער מיר גייען זיך צעשיידן.**

(נעמט זי אַרום).

**גיב מיר אַ קוש, אפרים! מיר ווען מוזן פאַרגעסן איינער דעם צווייטן. נישט באַגעגענען זיך.**

**אפרים:**

**אונדזערע נשמות וועלן זיך באַגעגענען. אַזוי לערנט דער טאַטע אין זיינע ספרים, אַז צוויי מענטשן האָבן זיך ליב מוזן זיי זיך צוזאַמענטרעפן...**

(ביידע אומגעאַרמט. פיינלעכע שטילקייט).

**קול פון דער משוגענער מזלה:**

**דינה, ניסים דעם בלעכערס טאָכטער, גייט אויך אין הימל אַריין; זי האָט געזען איר חתן, דן, איז טויט, האָט זי זיך, מיט אַ שויב פון זיינע פענצטער, איר האַלדז איבערגעשניטן! אויך זי ליגט אויפן הויף. מיין חתן, שמאי, וועט אַ גרויסע רייכע סעודה האָבן אין הימל. דינה און דן... חתן־כלה, מזל־טוב זיי. כי־כי־כי!**

(נעמי און אפרים צאַפּלען אויף. נעמי ציטערט. אפרים לויפט אַרויס אין דרויסן. חליפה וועקט זיך פון שלאָף. אַ קליינע ווילע שטילשווייגן. אפרים קומט צוריק).

**אפרים:**

דינה איז געגאַנגען צו דנען. מיט אירע אייגענע הענט האָט זי זיך געטויט. זיי האָבן זיך נישט געקענט שיידן.

**נעמי** (אין פאַרצווייפלונג, עקזאַלטירט):

איצטער האָבן זיי זיך געפונען. זיי וועלן זיך שוין מער נישט שיידן...

**אפרים:**

איך, איך בין אין דעם שולדיק!

**חליפה:**

ניין, מיין זון, דו ביסט נישט שולדיק, ביסט ריין פון וועלכער עס איז שולד. דן און דינה האָבן נישט געקענט צוליב גרויסע שטרויכלונגען צוזאַמענקומען ביים לעבן, וועלן זייערע נשמות איצטער זיין צוזאַמען. קינדער, וואָס קען מען טון! אַ ביטערער גזר געוועזן. אין יעדן דור, ווען עס קומט אַ גזירה, באַצלן די אומשולדיקע, די ריינע. היינט דאָ, איז עס געוועזן דן און דינה.

**קולות פון דרויסן:**

דן דער גלעזער און זיין כלה דינה, ביידע זענען טויט. אונדזערע שכנים, האָבן דנען דערהרגעט. ער איז געווען צו שטאַרק, פאַרן ידישן כבוד זיך צופיל אָנגענומען!

**נאָך קולות פון דרויסן:**

דן דער גלעזער און דינה ניסים דעם בלעכערס טאָכטער, האָבן מיט זייערע לעבנס באַצאָלט. וויי, וויי, וויי!

**נעמי:**

אין בענקשאַפט איז דנס נשמה איינגעהילט...

**אפרים** (צו נעמין):

באַשערטע מיינע.

**נעמי:**

באַשערטער מיינער...

(פאָרהאַנג פאַלט).

(אין פראָנט קומט אַרויס ראובן דער בשמים־סוחר מיט זיין קעסטל בשמים אויף די פלייצעס).

**ראובן דער בשמים־סוחר:**

די גאַנצע שטאָט האָט געטרויערט נאָך דנען דעם גלעזער און זיין כלה דינה, מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז מיט מזל פאָרגעקומען די חתונה פון אפרים מיט נעמין. ליכט האָבן געברענט. ביי דער שטול, ווו נעמי איז געזעסן, האָט מען אַ פּאַלמעבוים אַוועקגעשטעלט. אויך אַ הון מיט אַ האָן האָט מען ביי אירע פיס

אַוועקגעלייגט, דאָס ניי פּאָרפּאָלק זאָל זיך פּרוכפּערן און מערן. דריי קלעזמאָרים: עמוס מיט דער פידל, עמרם מיט דעם צימבל און יוסף מיט זיין פֿאַסטוך־פּלייט האָבן ניגונים געשפּילט און טרויעריקע און פריילעכע לידער געשאַלט. נעמי איז געווען בלייך און שיין. אפרים איז געווען פֿאַרטראַכט. די משוגענע מזלה האָט אין יענער נאַכט נישט געמאָנט קיין ליכטל, קיין צוקער פֿאַר איר טויטן חתן. דער פּרוש אין דער אַלטער שול איז געשטאַנען ביים פֿענצטער פון דער שול און לאַנגע שעהן געקוקט אין דער נאַכט אַריין. חליפה און מסעוד האָבן געטאַנצט אַ מצווה־טאַנץ. און...

סולימאַ איז געזעסן אין דער שטוב פון איר פֿאָטער קעמדאַן. ער האָט אויף זיין פּלייט ניגונים געזונגען, אָבער סולימאַן איז געווען טרויעריק. דער אָדלער אירער און איר חלום זענען געוואָרן פון איר צוגענומען. זי איז געבליבן אַליין. אינעם בלויען פּרימאָרגן האָט זי זיך אַרויסגעגנבעט פון פֿאָטערס הויז און אַוועק ווייט, ווייט אין די בערג, איר ברענענדיקע בענקשאַפֿט איינצושטילן.

איך, ראובן דער בשמים־סוחר, וואַנדער ווייטער איבער וועגן און שטעגן מיט מיין סחורה. איך פֿאַרקויף בשמים, אוילן, קרייטעכצער, שמעקנדיקע וואַסערן, זאַלבן, פּלאַנצן. איך קום מיטן ווינט און פֿאַרשווינד מיטן ווינט. בשורות גוטע טראָג איך אויף מיינע ליפּן. בשורות בייזע לאָז איך אַוועק מיטן ווינט!

בשמים! אוילן, קרייטעכצער! קרייטעכצער!...

ס ו ף

די דערציילונגען אינעם איצטיקן בוך זענען פריער גע־
ווען טיילווייז געדרוקט אין:

„צוקונפט" (ניו־יאָרק), „פאָרווערטס", (ניו־יאָרק), „ייִדי־
שער קעמפער", (ניו־יאָרק), „דרום־אַפריקע", (יאָהאַנעסבורג).

די דראַמע „דער בשמים־סוחר פון סאַפּי" איז געגאַנגען
אויף דער „פאָרווערטס"־שעה אין דער ייִדישער ראַדיאָ (אי.
ווי. די.) ניו־יאָרק, יעדן זונטיק, העכער אַ יאָר צייט, אונטער
דער רעזשי פון אָסיפּ דימאָוו.

## אין פאַרלאַג „יידבוך" זענען ביז איצט דערשינען:

1) י. ל. פּרץ — דריי חסידישע דערציילונגען
אַלבום־פּאַרמאַט, געכתיבהט פון קינסטלער משה פייגענבלום.
2) ח. ש. קאַזדאַן — מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור (אויספאַרקויפט)
3) י. י. טרונק — כעלעמער חכמים
4) שלמה סיימאָן — אַמאַליקע יידן (אויספאַרקויפט)
5) פּראָפ. ליבמאַן הערש — אויף דער גרעניץ פון צייטן
6) יצחק פּערלאָוו — אין אייגענעם לאַנד
7) י. י. טרונק — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט (אויספאַרקויפט)
8) ש. סיימאָן — תוך־יידישקייט
9) נ. ב. מינקאָוו — זעקס יידישע קריטיקער
פּרעמירט געוואָרן דורך דעם פאָנד פאַר יידישע ליטעראַטור
ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס.
10) אברהם זאַק — אין אומרו פון יאָרן
פּרעמירט געוואָרן דורך דער מ. סטאָלאַר־פּרעמיע
פון „די אידישע צייטונג", בוענאָס־איירעס.
11) יוסף רייך — וואַלד אין פלאַמען
12) מ. וו. בערנשטיין — אין לאַבירינטן פון תקופות (אויספאַרקויפט)
13) לעאָן קאָברין — מיינע 50 יאָר אין אַמעריקע (2 טיילן)
14) יצחק פּערלאָוו — דזשעבעליאַ (ראָמאַן)
15) ברוך ריווקין — ה. לייוויק — זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק
16) מלכה לי — דורך קינדערשע אויגן.
17) יעקב פּאַט — די לערערין אסתר
18) שלמה סיימאָן — וואָרצלען
19) משה דלוזשנאָווסקי — „האַרבסט אין ווינגאַרטן"
(דערציילונגען און דראַמעס)

## אין דרוק:

מנחם באָריישאָ — עסייען.
משה אייזענבוד — געלעבט הינטער קראַטן
ל. בערנשטיין — ערשטע שפּראַצונגען

## אין צוגרייטונג:

פּ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פראַנקרייך
מרדכי וו. בערנשטיין — ביים סוף פון 1000 יאָר אשכנז
דוד איגנאַטאָוו — דערציילונגען

## ביז איצט דערשינענע ווערק פון משה דלוזשנאָווסקי

„דאָס ראָד פון מזל"
דערציילונגען, „ציקאָ" ביכער־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1949.
(פּרעמירט פון צבי קעסעל ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע, 1949).

„אַ ברונעם ביים וועג"
דערציילונגען, פאַרלאַג „אונדזער בוך", בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע, 1953.

„בנות הקדר"
ראָמאַן אין העברעיִש, פאַרלאַג „אַחיאָסף", ירושלים — ישראל, 1954.

„האַרבסט אין וויינגאָרטן"
דערציילונגען און דראַמעס, פאַרלאַג „יִדבוך", ב.־איירעס, אַרגענטינע, 1956.

## עס ווערט צוגעגרייט צום דרוק פאָלגנדיקע ווערק:

„צעבראָכענע שטאַפּלען" ראָמאַן.

„דעם טעפּערס טעכטער" ראָמאַן פון ייִדישן לעבן אין צפון־אַמעריקע.

„ניו־יאָרקער פּייסאַזשן"

„דער רייטוואָגן אָן פערד" קינדער דערציילונגען.

„מעשהלעך און לעגענדעס" פון ייִדישן לעבן אין צפון־אַפריקע.

M. DLUZNOWSKY



# OTOÑO EN EL VIÑEDO

DRAMAS Y CUENTOS



Editorial
"IDBUJ"
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina
BUENOS AIRES — 1956